


ISBN:0-657-12629-2 

# שול בלעטער

צום 30־סטן אַניווערסאַר פון דער

צענטראַלער וועלטלעך־יִדישער שול אָרגאַניזאַציע

„צווישאָ“ — שלום עליכם שולן

# שול־בלעטער

## יובילײ־נומער

### צום 30סטן אניווערסאר פון דער
### „צווישא“ — שלום עליכם שולן

אַרויסגעגעבן פון דער

צענטראַלער וועלטלעך־יידישער שול־אָרגאַניזאַציע
„צווישאָ“ — שלום עליכם שולן

בוענאָס־איירעס, 1965

# נייע פּערספּעקטיוון
# פאַר דער ייִדישער דערציִונג

(רמת שלום — די ערשטע יידיש־העברעישע שול און קינדער־קאָלאָניע)

עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער צווישאָ, אַז נאָך איידער איין אַרבעט ווערט אָפּגעשלאָסן, ווערט אַ צווייטע באַנייט.

אָקאָרשט האָט די צווישאָ געפּייערט דעם דרייסיקסטן יובילײ פֿון איר אויפֿקום און זינט דעם אויפֿקום פֿון די שלום עליכם שולן, און שוין שטייט די צווישאָ — און צוזאַמען מיט איר דער גאַנצער ישוב — פֿאַר אַ נייער גרויסער געשעעניש — דער **חנוכּת־הבית פֿון רמת שלום.**

בעת די יובילײ־פֿייערונגען פֿון דער צווישאָ איז בולט געקומען צום אויסדרוק דער פּיאָנערישער גייסט פֿון דער דאָזיקער שול־באַוועגונג, וואָס ווערט נישט מיד אונטערצונעמען נאָכאַנאַנד נייע און כסדר איבערשטייגנדיקע פֿאַרמעסטן אויפֿן שטח פֿון דער ייִדישער דערציִונג. אין רעזולטאַט פֿון אָט דער פּיאָנערישער אונטערנעמערישקייט זענען אויפֿגעוואַקסן די באַרימטע געוואָרענע פּרעכטיקע חנוך־אַנשטאַלטן פֿון דער צווישאָ: די צענטראַלע שלום עליכם שול, די שלום עליכם שולן אין מאַטאַדעראָס, פֿלאָרידאַ, מאָנטעווידעאָ, די שלום עליכם מיטלשול, קינדערלאַנד און אַנדערע לערן־אינסטיטוציעס. און צוזאַמען דערמיט — ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער טרייב־קראַפֿט אין וועלכער די צווישאָ האָט זיך פֿאַרוואַנדלט — איז געוואַקסן דאָס גאַנצע ייִדישע חנוך־וועזן אין לאַנד.

נאָך אַזאַ שריט פֿון פּיאָנערישן כאַראַקטער, וואָס איז דער בעסטער באַווייז פֿונעם אומרו און דראַנג צו כסדרדיקער באַנייונג, איז דער אויפֿבוי פֿון רמת שלום.

רמת שלום איז נישט בלויז נאָך אַ ייִדיש־העברעיִשע שול. ווען עס וואָלט געווען אַזוי, וואָלט עס אויך געווען אַ גרויסער און וויכטיקער אויפֿטו. רמת שלום איז אָבער עפּעס אַנדערש. זי איז די **ערשטע ייִדיש־העברעיִשע אינטעגראַלע שול** ביי אונדז אין לאַנד. אַ שול, וווּ די קינדער וועלן פֿאַרברענגען צען שעה אַ טאָג; וווּ צוזאַמען מיט די אַלגעמיינע לימודים, אין הסכם מיט דער מלוכהשער שול־פּראָגראַם, וועלן די קינדער לערנען פֿון פֿיר ביז פֿינף שעה אַ טאָג ייִדישע לימודים, איןביידע אונדזערע שפּראַכן און וועלן אַריינגעוועבט ווערן אין די שענסטע קולטור־ווערטן און טראַדיציעס פֿון אונדזער פֿאָלק.

גלייכצייטיק וועט אין רמת שלום, בעת די זומער חדשים, זיין אַ קאָלאָניע פֿאַר קינדער און אַ קולטור־צענטער פֿאַר עלטערן. אויף דעם אופֿן וועט אין דעם נייעם חנוך־אַנשטאַלט געשאַפֿן ווערן אַ לעבעדיקע בריק צווישן דער שול מיט דער היים, **עלטערן לערער און טוער.**

רמת שלום איז געבויט וווּנדערלעך שיין און איז פֿאַרזען מיט די סאַמע מאָדערנסטע איינריכטונגען, וועלכע זענען נייטיק פֿאַר אַן אַנשטאַלט וועמענס ציל עס איז צו געבן די קינדער אַ גרינטלעכע און אַלזייטיקע בילדונג און דערציִונג. אינעם געבוי פֿון רמת שלום, און נאָך מער — אין דער פּראָגראַם פֿון די לימודים איז פֿאַרקערפּערט די אידייע פֿון דער נייער ייִדישער דערציִונג, אַ דורכגעדרונגענע מיט דער אחריות און ליבשאַפֿט צום פֿאָלק און צום קינד. דאָס לעצטע איז אַלע מאָל געווען דער יסוד פֿון דער חנוך־טעטיקייט פֿון דער צווישאָ. דאָס גייט דורך ווי אַ רויטער פֿאָדעם אין די לערן־פּראָגראַמען און אין אַלע דערציִעריִשע אַרבעטן. און נאַטירלעך איז עס אויך אַריינגעבויט געוואָרן אין אָט דעם נייעם אַנשטאַלט, וואָס האָט אַלע

אייגנשאַפֿטן צו ווערן אַ נייער און וויכטיקער ווענדפּונקט אין דער ייִדישער דערציִונג אין אַרגענטינע.

רמת שלום קומט ווי אַן ענטפֿער אויף צייטיק געוואָרענע באַדערפֿענישן אין אונדזער סביבה. די באַדערפֿענישן זענען — פֿון איין זייט — אַ פּראָדוקט פֿון דער סאָציאַלער און קולטור־עלער מעטאַמאָרפֿאָזע פֿון אונדזער ישוב, און פֿון דער צווייטער — אַ רעזולטאַט פֿון די אַנטוויקלונגען און דערשיינונגען אינעם אַלגעמיינעם שול־וועזן אין לאַנד.

עס איז קלאָר: די ייִדישע שול טאָר נישט בלייבן הינטערשטעליק לגבי די דער־גרייכונגען פֿון דער צייט. די פֿאָרשריט פֿון דער וויסנשאַפֿט, בפֿרט אויפֿן געביט פֿון דער דערציִונג, פֿאָדערן פֿון אונדז כסדרדיקע באַנייונג. נאָר אַזוי אַרום וועט די ייִדי־שע שול זיין אימשטאַנד צו פֿאַרטיפֿן די אייגענע און אייגנאַרטיקע ווערטן פֿון דער ייִדישער קולטור און דערציִונג.

אין דער הינזיכט ווערט מיט רמת שלום געמאַכט אַ גרויסער און געוואַגטער עקספּערימענט. דערויף זאָגן עדות, נישט בלויז די פּרעכטיקע בנינים און אויסער־לעכע איינריכטונגען, נאָר דער עיקר — די אָנגעצייכנטע צילן, די לערן־פּראָגראַמען, די ספּעציעל אויסגעשעלטע לערער, וואָס וועלן אונטערריכטן גלייכצייטיק די אַלגע־מיינע לימודים און די ייִדישע; די פֿאָרויסגעזעענע מעטאָדן, מכשירים, דידאַקטישע מאַטעריאַלן און אַזוי ווייטער.

דאָך איז נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז הגם אין דעם אויפֿבוי פֿון רמת שלום איז אַריינגעלייגט געוואָרן אַ וועלט מיט כוחות, ענערגיע און ליבשאַפֿט, טראַכט נישט די צווישאַ, אַז עס דאַרף צוליב דעם פֿאַרמינערט ווערן, אַפֿילו אויף אַ האָר, די באַ־ציִונג און אָנערקענונג פֿאַר די עקזיסטירנדיקע פּאַראַלעלע שולן, וועלכע האָבן במשך פֿון יאָרן געטרייער אַרבעט אויסגעפֿורעמט אַ באַשטימטן אייגענעם נוסח אין אונ־דזער חנוך־טעטיקייט.

אין אַרגענטינע איז היינט צו טאָג פֿאַראַן פּלאַץ פֿאַר ביידע טיפּן שולן, סיי פּאַראַלעלע און סיי אינטעגראַלע. פֿאַראַן אָבער אַ וויכטיקער תנאַי: די שולן — צו וועלכן מין זיי זאָלן נישט געהערן — זאָלן שטיין אויף אַ הויכן פּעדאַגאָגישן ניוואָ; אין אַלע שולן — אָן אויסנאַם — זאָלן געפֿלעגט ווערן מיט דרך־ארץ און ליבשאַפֿט די ווערטן פֿון דער ייִדישער קולטור, אין ביידע אונדזערע שפּראַכן — ייִדיש און העברעיִש; עס זאָל אַנטוויקלט ווערן אינטערעס און ליבשאַפֿט צום אַקטיוון ייִדישן לעבן און די פֿולסטע געטריישאַפֿט און צוגעבונדנקייט צום ייִדישן פֿאָלק און ייִדישן לאַנד.

אויף די דערמאָנטע פּרינציפּן זענען געבויט געוואָרן אַלע חנוך־אַנשטאַלטן פֿון דער צווישאַ. אויף די זעלבע פּרינציפּן איז געבויט רמת שלום און אַזוי וועלן זיכער געבויט ווערן נאָך אַ סך וויכטיקע ווערק פֿאַר דער ייִדישער קולטור און דערציִונג אין אַרגענטינע.

רמת שלום ווערט איצט געשטעלט אין רשות פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט און בעיקר — אין רשות פֿון ייִדישן קינד. ביי אַט דער וויכטיקער געלעגנהייט דריקט אויס די צווישאַ איר הייסטן ווונטש, אַז דער דאָזיקער נייער פֿאַרמעסט זאָל, ווי אַלע אירע ביז איצטיקע אויפֿטוען, גאָר גיך ווערן אַ סטימול צו נאָך ווייטערדיקע פֿאַרמעסטן און דערגרייכונגען פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג און פֿאַרן שאַפֿערישן ייִדישן לעבן בכלל.

חיים פינקעלשטיין

# דרייסיק יאָר „צווישאָ“

## א. — באַראַכאָוו־שולן — די פֿאָרגייער פֿון דער „צווישאָ“

די צווישאָ פֿייערט איצט איר דרייסיקסטן אַניווערסאַר. אייגנטלעך אָבער, איז די חינוך־טעטיקייט פֿון דער באַוועגונג, פֿון וועלעכר די צווישאָ איז אַרויסגעוואָקסן אַ סך עלטער פֿון דרייסיק יאָר. אָנגעהויבן האָט זיך די שול־אַרבעט אין 1920, אין יענעם יאָר האָט די פּועלי ציון אין אַרגענטינע געגרינדעט די ערשטע באַראָכאָוו־שול וואָס האָט מיט איר אויפֿקום פֿאַרלייגט דעם יסוד פֿאַר דער נאַציאָנאַלער וועלטלעכער דערציִונג אין אַרגענטינע. די גרינדונג פֿון דער באַראָכאָוו־שול איז אין יענער צייט געווען זייער אַ געוואַגטער שריט. ייִדישע שולן, ריכטיקער געזאָגט, תלמוד תורהס און חדרים זענען שוין געווען פֿון פֿריִער. עס איז שוין אפֿילו געווען אויך אַ געוויסער אָנהייב פֿון וועלטלעכער דערציִונג, אָבער אָן אַ קלאָר־פֿאָרמולירטער פּראָגראַם פֿון נאַציאָנאַל־וועלטלעכן כאַראַקטער. די באָראָכאָוו־שול האָט דעריבער מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אין גאַנצן אַ נייע ווענדונג אין דער היגער שולטעטיקייט. ניי אין איר אינהאַלט, אין איר כאַראַקטער און אין די דערציִערישע צילן וועלכע זי האָט זיך פֿאָרגענומען צו דערגרייכן.

שוין דעמאָלט, האָבן ייִדישע אַרבעטער, אַליין נאָך אימיגראַנטן נאָר וואָס געקומענע פֿון פּוילן, פֿון ליטע, רוסלאַנד און רומעניע און אַ באַדייטנדיקער טייל פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעזאַמלט אין יענע יאָרן דערפֿילט אַז די ייִדישע דערציִונג איז אין די נייע היימען דער יסוד פֿאַרן ייִדישן לעבן. ווי באַלד אַזוי — האָבן זיי פֿאַרשטאַנען — דאַרף אויך די אַרבעטערשאַפֿט האָבן אירע אייגענע שולן, כדי צו קענען איבערפֿלאַנצן אין די נייע דורות די קולטור־ווערטן און אידעאַלן וואָס זענען טייער דעם ייִדישן אַרבעטער קלאַס.

קיין דערפֿאַרונג אין דער שול אַרבעט איז נישט געווען. קיין אויסגעשולטע לערערס, קיין פּאַסיקע ביכער און מכשירים — אויך נישט. אָבער דערפֿאַר האָבן זיי אַלע פֿאַרמאָגט אַ וועלט מיט אידעאַליזם, מיט גלויבן און ליבשאַפֿט צו דער מאָדערנער ייִדישער קולטור און צו די ייִדיש סאָציאַליסטישע ווערטן, וואָס זענען געוואָרן דער אידעיִשער און פּראָגראַמאַטישער יסוד פֿון די שולן.

די באָראָכאָוו־שולן האָבן זיך שנעל אָנגענומען אויפֿן היגן באָדן און אין אַ גאַנץ קורצער צייט זיינען אויפֿגעקומען נאָך אַ שול און נאָך אַ שול. אין 1930, ווען די באָראָכאָוו־שולן האָבן געפֿייערט זייער 10־טן יובילײ, האָבן זיי שוין געציילט מיט פֿינף שולן אין דער הויפּטשטאָט. די מערסטע שולן זענען געווען פֿון איינעם אָדער צוויי קלאַסן מיט אַן ענלעכער צאָל לערער. אַזוי זענען דעמאָלט געווען אַלע ייִדישע שולן אין בוענאָס איירעס, אָן אונטערשייד פֿון אידעאָלאָגיע און ריכטונג. די באָראָכאָוו־שולן האָבן זיך אונטערשיידט פון די אַנדערע שולן מיט זייער פּראָגראַם, מיטן כאַראַקטער פֿון די לימודים און אין דער דערציִערישער טעטיקייט. אָבער טעכניש און פּעדאַגאָגיש איז נאָך קיין גרויסער אונטערשייד נישט געווען. נאָך אַלעמען, איז עס נאָך אַלץ געווען די צייט פֿון בראשית.

די טוערס פֿון די באָראָכאָוו־שולן האָבן פֿאַרשטאַנען אַז מ׳דאַרף די שולן אַרויספּירן פון זייערע באַגרענעצטע ד׳ אמות. אָט די אידייע פֿון אויסברייטערונג און באַנייונג איז געווען דער לייט־מאָטיוו פֿון די דערמאָנטע יובילײ־פֿייערונגען וואָס האָבן אָנגענומען אַ ברייטן געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער און האָבן באַשטעטיקט אַז די באָראָכאָוו שולן האָבן געשלאָגן טיפֿע וואָרצלען אין דעם היגן באָדן.

דערמוטיקטע פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן אָפּרוף און אָנערקענונג, האָבן זיך די אויסגעפּרוווטע אידעאַליסטישע עסקנים פֿון די באָראָכאָוו שולן אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען און אייפֿער וואָס איז פֿאַר זיי געווען כאַראַקטעריסטיש. אָבער גראָד דעמאָלט ווען די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן פֿונאַנדערוויקלען, ווען די שולן האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערוואַקסן אין איכות און אין כמות; ווען נייע איניציאַטיוועס אויפֿן שטח פֿון דער ייִדישער דערציִונג האָבן געהאַלטן ביים רעאַליזירט ווערן איז געקומען אַ שרעקלעכער קלאַפּ וואָס האָט

מיט איין מאָל, איבער נאַכט, ליקווידירט דאָס אַלץ וואָס איז דורך יאָרן געבויט געוואָרן מיט באמת מסירת־נפשדיקער טריישאַפּט און איבערגעגעבנקייט.

אין יאָר 1932 האָט די דעמאָלטיקע כוסטאַ־רעגירונג אָן קיין שום געריכטלעכן משפּט, נאָר בלויז אויף איר אייגענעם איינזען און פּראָוואָקאַציעס פון די אולטראַ־רעאַקציאָנערע עלעמענטן אונטער דער פּירערשאַפט פון סאַנטשעז סאָראָנדאָ, געשלאָסן די באָראָכאָוו־שולן צוזאַמען מיט פיל אַנדערע קולטור און חינוך־אינסטיטוציעס איבערן גאַנצן לאַנד.

אַזוי איז אויף אַ ווירקלעכן אופן צעשטערט געוואָרן אַ גרויס שעפעריש ווערק — די באָראָכאָוו־שולן, וואָס האָבן במשך פון צוועלף יאָר אַריינגעלויכטן אין די הערצער און מוחות פון הונדערטער ייִדישע קינדער דאָס וווּנדערלעכע ליכט פון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור, באַגלייט מיט די נאָבלסטע אידעאַלן און שטרעבונגען פון ייִדישן פאָלק.

צום גליק אָבער איז דאָס ליכט לאַנג נישט געבליבן פאַרלאָשן.

## ב. — דער אויפקום פון דער „צווישאַ"

די טוער פון די באָראָכאָוו־שולן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דעם באַשלוס פון דער רעאַקציע און אַפילו פאַר די אַרעסטן און דעפּאָרטאַציע־דראָונגען, וואָס זענען דעמאָלט געווען אין דער מאָדע. די ליבשאַפט צו דער קולטור און צום שעפערישן ייִדישן לעבן, די אחריות פאַרן פאָלק און פאַרן ייִדישן קינד, האָט די געטרייע און אויסגעפּרוּווטע שול־עסקנים ניט געלאָזט רוען, און ווי נאָר ס'איז אַריבער דער ערשטער פּיינלעכער איינדרוק פון דעם אומדערוואַרטן שווערן קלאַפּ, האָבן זיי די אַרבעט ווידער באַנייט.

אין ווילזשאַ קרעספּאָ איז געגרינדעט געוואָרן אַ שול לויטן מוסטער פון די באָראָכאָוו־שולן. דער לערער און פאַרוואַלטער פון דער שול איז געווען דער דיכטער משה דוד גיסער ע״ה. די שול האָט מען טאַקע גערופן אויף זיין נאָמען. אָבער מיט דעם האָט זיך די באַוועגונג נישט צופרידנגעשטעלט.

אויף דער איניציאַטיוו פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּועלי ציון פּאַרטיי, צוזאַמען מיט די טוער פון די געשלאָסענע באָראָכאָוו־שולן איז פאַררופן געוואָרן אַ שול צוזאַמענפאָר וואָס האָט באַוועגט צו באַנייען די חינוך אַרבעט און זי נאָך מער אויסצוברייטערן.

די איניציאַטיוו האָט אַרויסגערופן פאַרשיידענע מיינונגען, דיסקוסיעס און אַמפּערנישן צווישן אָנהענגער און קעגנער. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן די ענטוזיאַסטישע טוער אָנצוגיין מיט דער אַרבעט.

אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1934 איז אין בוענאָס איירעס פאָרגעקומען דער צוזאַמענפאָר. חוץ די פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי און טוער פון די באָראָכאָוו־שולן, האָבן זיך באַטייליקט אַ רייע אומפּאַרטייִישע שולן פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. עס זיינען אויך צוגעשטאַנען אַ באַדייטנדיקע גרופּע שרייבערס, זשורנאַליסטן, שוישפּילער, און סתם חסידים פון דער וועלטלעך־ייִדישער קולטור, וואָס האָבן געזען אין דער נייער איניציאַטיוו אַ וויכטיקן שריט לטובת דעם ייִדישן שול וועזן אין לאַנד.

אויף דעם צוזאַמענפאָר איז געבוירן געוואָרן די צענטראַלע וועלטלעך־ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע וואָס איז גאָר שנעל געוואָרן באַקאַנט און באַרימט מיט איר פאַרקירצטן נאָמען: צווישאַ.

איינער פון די וויכטיקסטע באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר איז געווען:

„דערעפענען אַ נעץ פון וועלטלעך־ייִדישע שולן און פאַרשפּרייטן די ייִדישע דערציִונג איבער דעם גאַנצן לאַנד".

דער באַשלוס האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן. עטלעכע חדשים נאָכן צוזאַמענפאָר, דעם 15־טן מאַי 1934, האָט די צווישאַ דערעפנט איר ערשטע שול אין סאַמע צענטער פון שטאָט, אויף סאַרמיענטאָ 2270. און היות דעמאָלט איז גראָד אויסגעפאַלן דער 75סטער אַניווערסאַר זינט דעם געבורט פון אומשטערבלעכן שלום עליכם האָט די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער צווישאַ אויף אַ ספּעציעל פייערלעכער זיצונג באַשלאָסן אַז די נייע שול זאָל הייסן שלום עליכם שול.

מיט דער גרינדונג פון דער צווישאַ און מיט דער דערעפענונג פון דער שלום עליכם שול הייבט זיך אָן אַ גאָר נייער עטאַפּ אין דער חינוך־אַרבעט, נישט בלויז פון דער פּועלי ציון־פּאַרטיי, וואָס איז געווען די פּיאָנערן פון דער וועלטלעך־ייִדישער דערציִונג אין לאַנד, נייערט פון גאַנצן ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע.

די צווישאַ איז דער ווירדיקער המשך פון די באָראָכאָוו־שולן. זי האָט פון זיי איבערגענומען דעם פּיאָנערישן כאַראַקטער, דעם גייסט, דעם אינהאַלט. אָבער זי האָט דאָס אַלץ געגעבן מער שווונג און פאַרנעם מער סיסטעם און פּלאַנמעסיקייט. זי האָט דעם אַלטן ווייַן אַריינגעגאָסן אין נייע כלים צוגעפּאַסטע צו די נייע באַדינגונגען און באַדערפענישן פון דער ייִדישער שול און פון דעם ייִדישן קינד.

ס'איז גאָר ניט איבערגעטריבן אויב מיר וועלן זאָגן אַז מיטן געבורט פון דער צווישאָ איז געבוירן געוואָרן דאָס מאָדערנע אַרגענטינע יידישע שול־וועזן. ביז דער צווישאָ זענען געווען אויך אַנדערע שולן. די מערסטע פון זיי זענען אָבער געווען קאָפּיעס פון יידישע אָדער העברעיִשע שולן פון אייראָפּע, וואָס האָבן זיך נישט געקענט צופּאַסן צו די היגע באַדינגונגען. די צווישאָ האָט געשאַפן אַן אַרגענטינער יידישע שול. דאָס הייסט, אַזאַ שול וואָס זאָל סיי אין איר אינהאַלט און אין דער פּראָגראַם, און סיי אויך אין איר געבוי, אין די פּעדאַגאָגישע דרכים און מעטאָדן פון דער אַרבעט, זיין באַרופן צו דערפילן די אויפגאַבן פון דער יידישער דערציִונג אינערהאַלב די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דער סביבה אין וועלכער מיר לעבן.

שוין אין דער ערשטער שלום עליכם שול איז געווען אָנגעצייכנט די גרונט־ליניעס פון אָט דער באַנייטער אַרבעט. די צווישאָ האָט דעריבער שנעל געוונען אַ סך אָנהענגער און פריינט צווישן די פּאַרשיידענע קרייזן און שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דערביישפּיל פון דער שלום עליכם שול אין צענטער האָט אָנגערעגט צו דערעפענען נאָך ענלעכע שולן. אַ האַלב יאָר שפּעטער, אין יאַנואַר 1935 איז טאַקע דערעפנט געוואָרן די צווייטע שלום עליכם שול אין ווילאַ קרעספּאָ, אויף גורוטשאַגאַ 185. אין אַ יאָר אַרום, אין מערץ 1936 איז געגרינדעט געוואָרן די דריטע שלום עליכם שול אין מאַטאַדעראָס, אַ קורצע צייט נאָך דעם, די פערטע שלום עליכם שול אין דוואָטאָ — טאַלאַר, דערנאָך די פינפטע שלום עליכם שול אויך אין ווילאַ קרעספּאָ, אויף קאַסטיזשאָ.

אין משך פון עטלעכע יאָר איז זיך די צווישאָ צעוואָקסן מיט אַ נעץ פון שולן. כמעט אַלע זיינען געווען פון דריי און פיר קלאַסן, אייניקע אויך מיט קינדער־גערטנער. אין יענער צייט איז אַ שול פון עטלעכע קלאַסן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גרויסע שול. קיין גרעסערע זיינען בכלל נישט געווען. און אַז דערצו נאָך האָט אַ שול זיך געפונען אין אַ באַזונדערן הויף, אַן שכנים, איז עס שוין אַוודאי געווען אַ גרויסער אויפטו.

די צווישאָ שולן האָבן זיך שוין דעמאָלט אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן אין לאַנד. דער פּאַרנעם — לויט די דעמאָלטיקע השגות — די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע; דער אידעאַליזם פון די לערער און טוער, און במילא — די דערגרייכונגען פון די תלמידים האָבן אַלעמען אימפּאָנירט. אָבער דאָס סאַמע פּאָזיטיווסטע איז באַשטאַנען דווקא דערין וואָס די צווישאָ האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט די אַלע דערגרייכונגען און אָנערקענונגען. דער פּיאָנערישער גייסט, וואָס דיקטירט צו זען נישט בלויז דאָס שוין פּאַראַנענע, נייערט אויך דאָס וואָס עס פעלט, וואָס עס דאַרף נאָך געשאַפן ווערן. אָט דער אומרו און דראַנג צו שאַפן אַלץ נייע ווערטן האָט נישט געלאָזט דער צווישאָ זיך פאַרוויגן מיטן זיסן ניגון פון די לויב־געזאַנגען.

די צווישאָ האָט געזען אויך די גוואַלדיקע בלויזן און שוועריקייטן סיי אין דער אייגענער אַרבעט און סיי אין דעם גאַנצן שול־וועזן וואָס האָט אין יענע יאָרן דורכגעמאַכט אַן ערנסטן פּילפּאַכיקן קריזיס. ס'לעצטע האָט נאָך מער גורם געווען אַן ערנסטע און גרינטלעכע איבערשאַצונג פון די וועגן און מעטאָדן פון דער יידישער חינוך־אַרבעט. די צווישאָ האָט פאַרשטאַנען אַז כדי צו קענען איבערוויינדן די פאַרשיידענע שוועריקייטן און מניעות וועלכע שטייען אין וועג פון דער יידישער דערציִונג מוז דאָס יידישע שולוועזן איבערגעבויט ווערן אויף גאָר נייע יסודות מיט נייע השגות און נייע פּעדאַגאָגישע ווערטן, וואָס זאָלן געבן אונדזער חינוך־אַרבעט אַ נייעם שוווּנג און כאַראַקטער.

גראָד אין זייער אַ שווערן מאָמענט, ווען די שולן האָבן דורכגעמאַכט אַן ערנסטן עקאָנאָמישן קריזיס, ווען ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן דאָס דירה־געלט פון די שולן, און די גאַנץ מאָגערע געהאַלטן פון די לערערס, איז די צווישאָ געקומען מיט דער איניציאַטיוו צו בויען אַן אייגענעם גרויסן בנין פאַר דער ש. עליכש־שול אין ווילאַ קרעספּאָ. די איניציאַטיוו האָט לכתחילה כמעט ביי אַלעמען אויסגעזען אַ פאַנטאַזיע; עפּעס אַ מין מנחם מענדלשער חלום, וואָס איז אַזוי ווייט פון די רעאַלע באַדינגונגען און פרעמד פאַר די השגות אפילו פון די בעסטע און געטרייסטע טוער. אָבער דווקא דער דאָזיקער מנחם מענדלשער פּלאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי דער סאַמע רעאַלסטער און האָט געבראַכט די סאַמע געבענטשטע פרוכטן פאַר דער חינוך אַרבעט פון דער צווישאָ און פאַרן גאַנצן יידישן שולוועזן אין לאַנד.

### ג. — דער בוי־פּראָצעס

די איניציאַטיוו אויפצובויען אַן אייגענעם בנין פאַר דער שלום עליכם שול האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אַ שיעור שוועריקייטן. קודם־כל, מאַטעריעלע, אָבער נישט ווייניקער האָבן דערביי געווירקט פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן.

— „ווי אַזוי וועט איר עס דערגרייכן?“ — איז געווען די פראַגע וואָס יעדער איינער האָט געשטעלט. דער אומגלויבן אַז אַזאַ זאַך איז בכלל מעגלעך צו דערגרייכן האָט צום אָנהייב אָפּגעהאַלטן אפילו די געטרייע און מער פאַרמעגלעכע פריינט צו געבן זייער צושטייער צו דער דאָזיקער אַרבעט.

דערצו איז צו שנעל אונטערגעקומען די צווייטע

וועלט־מלחמה. די איוב־בשורות וואָס זענען געקומען פֿון אייראָפּע האָבן געשאַפֿן אַ שרעקלעך־דעפּרעסיווע שטימונג.

— „פֿאַר וועמען בויט איר, אַז די גאַנצע וועלט שטייט ביים שוועל פֿון אונטערגאַנג?" — האָט מען געפֿרעגט פֿון אַלע זייטן.

דער ענטפֿער פֿון די צווישאָ־טוערס איז געווען אַ קלאָרער:

— אויב אַלץ וועט, חס וחלילה אונטערגיין, צוליב וואָס זשע מורא האָבן פֿאַר די עטלעכע פּעזעס וואָס יעדער איינער דאַרף בייטראָגן צום אויפֿבוי פֿון בנין? ווילן מיר ווידער בלייבן לעבן, מוזן מיר דאָך אַוודאי פֿאַרפֿילפֿאַכן אונדזער אַרבעט כדי צו קענען אין אונדזער שרעקלעכער פּאַריתומטקייט האַלטן אונדזערע קינדער ביי די אוצרות פֿון דער ייִדישער קולטור וואָס ווערן אַזוי מוראדיק פֿאַרניכטעט דורך די נאַצישע בעסטיעס.

דאָס אחריות־געפֿיל פֿאַרן נאַציאָנאַלן ייִדישן לעבן האָט נאָך מער געמוטיקט די צווישאָ טוערס אַריינצוּוואַרפֿן זיך מיט אַלע כוחות אין דער אויפֿבוי־אַרבעט פֿון דער שול.

טויזנטער הייזער זענען באַזוכט געוואָרן דורך די אַקטיוויסטן פֿון דער צווישאָ. אין יעדן הויז — אַ מיטינג. איין מאָל געערדט, און נאָך אַ מאָל ביז ייִדן האָבן דאָך דערהערט און אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין ווי וויכטיק עס איז די חינוך־אַרבעט אין דער דאָזיקער צייט.

בויען דעם בנין איז געווען וויכטיק. אָבער נאָך וויכטיקער איז געווען אויפֿצובויען דעם באַוווּסטזיין פֿאַר די נייע אויפֿגאַבן פֿון דער ייִדישער דערציִונג.

די באַדערפֿעניש צו שאַפֿן פֿינאַנציעלע מיטלען פֿאַר דער בוי־אַרבעט האָט פֿאַרפֿליכטעט צו גיין צו ייִדן, רעדן צו זיי; אויפֿקלערן, מאָנען. אַזוי אַרום איז צוזאַמען מיטן אויפֿבוי פֿון בנין אויפֿגעבויט געוואָרן אַ באַוווּסטזיין פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג. עס איז אויפֿגעבויט געוואָרן אַ מיטגלידערשאַפֿט פֿאַר דער שול, אַ פּעריפֿעריע פֿון טויזנטער פֿריינט און חסידים, וואָס האָבן אַ דאַנק זייער ביישטייער זיך געפֿילט ווי שותּפֿים צו אַ גרויסער אידייע און אַ גרויס אויפֿגייענדיק ווערק.

### ד. — די צענטראַלע שלום עליכם־שול

די רעזולטאַטן פֿון דעם אויפֿבוי־פּראָצעס האָבן זיך אַ לאַנגע צייט געלאָזט פֿילן אויפֿן גאַנג און אַנטוויקלונג פֿון דער שול. אַמבעסטן איז עס געקומען צום אויסדרוק בעת דער רעגיסטראַציע פֿון די תּלמידים, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. שוין דעם ערשטן יאָר זיינען געווען 635 תּלמידים. אָבער פֿון יאָר צו יאָר איז די צאָל שילערס געוואָקסן און איבערגעוואָקסן די אויפֿנעמלעכקייט פֿון דער שול.

דאָס האָט געצוווּנגען די טוערס פֿון דער צווישאָ צו קויפֿן נאָך פּלעצער און צו פֿאַרגרעסערן די שול איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז זי האָט דערגרייכט צו אַ קאַפּאַציטעט פֿון העכער צוויי טויזנט תּלמידים.

אָבער פּאַראַלעל מיטן בויען די בנינים איז אין דער שלום עליכם שול די גאַנצע צייט אָנגעגאַנגען אַ אינערלעכע בוי־אַרבעט: אַ פּראָגראַמאַטישע, אַ פּעדאַגאָגישע, אַ דידאַקטישע. די שול האָט זיך געבויט פֿון אינעווייניק נישט ווייניקער ווי פֿון דרויסן. דער זעלבער שווונג און פֿאַרנעם וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַלע טעטיקייטן פֿון דער צווישאָ, האָט געווירקט אויך אין אַלע אינערלעכע אַרבעטן פֿון דער שול, וואָס איז דעריבער גאָר שנעל פֿון אַלעמען אָנערקענט געוואָרן ווי דער מוסטער אַנשטאַלט פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג אין אַרגענטינע.

די שול האָט זיך לכתחילה איינגעשטעלט אַנדערש פֿון אַלע איבעריקע שולן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען בלויז די קורסן פֿאַר לערערס וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן, די פּעדאַגאָגישע סעסיעס, די דידאַקטישע מאַטעריאַלן וואָס זענען צוגעגרייט געוואָרן, דער פֿאַרלאַג פֿאַר שול־ליטעראַטור, דער פּסיכאָ־פּעדאַגאָגישער קאַבינעט, דאָס קינדער טעאַטער און כאָר, און ראַדיאָ־אודיציעס און נאָך פֿיל אַנדערע טעטיקייטן וואָס האָבן באַוויזן אַז די שול בלייבט נישט ביים אַלטן אַז זי איז כסדר פֿול מיט שעפֿערישן אומרו און שטרעבונג צו באַנייען זיך.

דער אינערלעכער בוי־פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען די גאַנצע צייט און גייט אָן אויך איצט. דאָס איז אפֿשר דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע פֿאַר דער צווישאָ.

גאָר בולט איז עס געקומען צום אויסדרוק בעת די צוויי וווּנדערלעכע אויסשטעלונגען וואָס די צענטראַלע שלום עליכם שול האָט איינגעאָרדנט צו איר צוואַנציקסטן און פֿינף און צוואַנציקסטן יובילײ. די דאָזיקע אויסשטעלונגען האָבן אַרויסגעבראַכט אַ וועלט מיט אַרבעט, מיט איניציאַטיוו, פֿלייס, איינפֿאַל און על כולם — ליבשאַפֿט צו דער שול מצד די לערערס און תּלמידים.

די אויסשטעלונג האָט געטריי אָפּגעשפּיגלט דעם אינהאַלט פֿון דער שול, די פּראָגראַם פֿון די לימודים, די שיטות און מעטאָדן פֿון דער אַרבעט. דאָס אַלץ איז געקומען צום אויסדרוק אין וואָרט און אין בילד אין טויזנטער עקספּאָנאַטן, בילדער, צייכענונגען טאַבעלן, דיאַגראַמעס, פֿאָטאָס, מאַקעטן, זשורנאַלן, ביכער, שריפֿטלעכע אַרבעטן און נאָך און נאָך פֿאַרשידענע מינים אַרבעטן פֿון די לערערס און תּלמידים פֿון דער שול.

דורך דער אויסשטעלונג האָט מען געקענט אַריינ־

קוקן אין דעם אינערלעכן געוועב פון דער שול, ווי דורך גלעזערנע ווענט. מ׳האָט אויך דערזען בע־סער דעם לערער און דעם תלמיד פון דער שול. מ׳האָט געזען קלאָר וואָס אים אינטערעסירט און וואָס ער קען. עס וואָלט פאַרנומען זייער אַ סך פּלאַץ אַפילו נאָר אויסצורעכענען אַלץ וואָס די צענ־טראַלע שלום עליכם שול האָט געשאַפן במשך פון די דרייסיק יאָר פון איר עקזיסטענץ.

די זעלבע פּראַפּאָרץ קומט צום אויסדרוק אויף אויף אַלע אַנדערע געביטן פון דאָזיקן גרויסן חינוך אַנשטאַלט וואָס איז מיט רעכט, פון אַ סך אויסלענ־דישע געסט — מומחים אין חינוך ענינים, באַצייכנט געוואָרן ניט ווי אַ שול בלויז, נאָר ווי אַ שול אימפּעריע.

## ה. — אינהאַלטלעכע ווערטן

אינהאַלטלעך און פּראַגראַמאַטיש האָט די צענ־טראַלע שלום עליכם שול, ווי אַלע אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן פון דער צווישאָ, איר אייגענעם נוסח.

מען האָט אָפט געפּרוווט פאַרגלייכן די צווישאָ מיט אַנדערע שול־באַוועגונגען אין פּוילן. געוויס זיינען פאַראַן אַ סך שותפותדיקע ווערטן. אָבער די מעלה פון דער צווישאָ באַשטייט טאַקע דערין וואָס זי איז נישט קיין קאָפּיע פון איינער אָדער אַ צוויי־טער שול־סיסטעם, מחמת נישט אַלץ וואָס איז גע־ווען גוט און צוגעפּאַסט צו די אַמאָליקע באַדינגונ־גען אין מזרח אייראָפּע איז ריכטיק און אָנווענד־באַר לגבי די היגע באַדינגונגען און לגבי דער היינ־טיקער צייט אין וועלכער מיר לעבן.

נעמט למשל די צוויי גרויסע שול־באַוועגונגען אין פּוילן — די „ציש״אָ״ און די „תרבות״. צווישן זיי איז געווען אַ בולטע צעשייד־ליניע אויף פאַרשי־דענע געביטן, בעיקר אָבער אין אַזעלכע פראַגן ווי יידיש און העברעיִש, אָדער אין דער באַציִונג צו ישראל און צום ייִדישן לעבן אויפן אָרט.

אין דער צווישאָ עקזיסטירט נישט קיין שפּראַכן־פּראָבלעם בנוגע יידיש אָדער העברעיִש און עס עקזיסטירט נישט דער ריס צווישן „דאָ״ און „דאָרט״. ביידע אונדזערע שפּראַכן ווערן געלערנט אין אַלע לערן־אַנשטאַלטן פון דער צווישאָ מיט דער זעלבער פּיעטעט און ליבשאַפט. די באַציִונג און פאַרבונדנקייט וואָס ווערט געשאַפן ביי די תלמידים סיי צו יידיש און סיי צו העברעיש איז אַן אָרגאַני־שע. זי וואַקסט אַרויס פון די נאַציאָנאַלע און קולטור־רעלע אינטערעסן פון אונדזער ישוב, און פון אונ־דזער פאָלק בכלל. און זי וואַקסט אַרויס פון דער איבערצייגונג אַז דאָס איז אויך אין די אינטערעסן פון דעם תלמיד וואָס ווערט אַזוי־אַרום טיפער און אינטימער פאַרבונדן מיט אַלע צווייגן פון אונדזער קולטור און מיטן אַקטיוון ייִדישן לעבן אין ישראל און איבער דער וועלט.

אונדזער שול שטייט מיטן פּנים צו ישראל. זי שאַפט ביי די קינדער ליבשאַפט צום לאַנד און צו די שענסטע ווערטן וואָס קומען דאָרט אויף און געפינען זייער ערנסטן אויסדרוק אינעם חלוצישן גייסט. זי שאַפט ליבשאַפט צו דער אַרבעט, צום אַרבעטס־מענטש; צום בויער און קעמפער פאַר דער יידישער און מענטשלעכער חשיבות, וואָס איז גע־פּאָרט מיט גרעאַנגל פאַר פרייהייט און זעלבסט־שטענדיקייט פון ייִדישן פאָלק אין זיין אייגענער היים — אין ישראל.

די שול שאַפט אָבער, גלייכצייטיק אויך אינטע־רעס און באַציִונג צום לעבן אויפן אָרט. די קינ־דער ווערט נאָענט דאָס אַקטיווע ייִדישע לעבן און די ייִדישע קולטור — די נייע ווי די אַלטע, אין יידיש ווי אין העברעיִש — אָן אונטערשייד ווי און ווען זי איז געשאַפן געוואָרן.

די שול אונדזערע איז אַ וועלטלעכע. אָבער דאָס איז אַזאַ וועלטלעכקייט וואָס שליסט איין אין זיך די שענסטע טראַדיציעס, זיטן און מנהגים פון ייִדי־שן פאָלק, וועלכע האָבן אַ טיף נאַציאָנאַלן סאָציאַלן און עטישן כאַראַקטער. דאָס איז אַ וועלטלעכקייט וואָס איז געפּאָרט מיט שבת און מיט דעם ייִדישן יום טוב; מיטן תנ״ך און מיט די גייסטיקע שאַפונ־גען פון אַלע דורות, אַ וועלטלעכקייט וואָס איז דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלן אינהאַלט, — מיט ציוניזם, מיט סאָציאַליזם, און דער עיקר — מיט אהבת ישראל.

אין סך הכל: די שלום עליכם שולן זענען וועלט־לעך, ציוניסטיש, חלוציש, יידיש, העברעיִש, פאָלקסטימלעך. דאָס אַלץ איז פאַרקערפּערט אין דער לערן־פּראָגראַם; אין די לימודים, אין די טעקס־טן, אין די יום טובים און פייערונגען. מיט איין וואָרט: אין אַלץ וואָס ווערט געטאָן מצד די לע־רער און תלמידים און בעיקר — אין דער אַטמאָס־פער פון דער שול.

אָט דער אינהאַלט, גלייבן מיר, איז געטריי צום נאַציאָנאַלן פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער פון אונדזער ישוב. ער איז געטריי צו די אינטערעסן פון אונ־דזער פאָלק; צו אונדזערע שענסטע קולטור־טראַ־דיציעס און צו דער תקופה פון נאַציאָנאַלן רענע־סאַנס אין וועלכן מיר לעבן. ער איז אויך געטריי, אָט דעם אינהאַלט, צו די אינטערעסן פון דעם תלמיד, וואָס ווערט באַוואָפנט מיט אונדזערע גייס־טיקע און עטישע ווערטן, און צוגעגרייט צו אַ באַ־וווסטזיניקן, שעפערישן און אַקטיוון ייִדישן לעבן.



פלענום פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער „צווישאָ״ — שלום עליכם שולן

### ו. — שלום עליכם־שולן אין מאַטאַדעראָס, פלאָרידאַ און מאָנטעווידעאָ

מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן אַז דער אויפקום פון דער צווישאָ און פון דער ערשטער שלום עליכם שול אין צענטער האָט באַווירקט דעם אויפקום פון נאָך אַ רייע שלום עליכם שולן אין שטאָט און אויך אויסער דער שטאָט. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיטן אויפבוי פון דער צענטראַלער שלום עליכם שול. ווי געזאָגט איז עס געווען אַן אויפבוי, נישט בלויז פון אַ גרויסן, ווונדערלעכן בנין. עס איז געווען דער אויפבוי פון אַ גרויסן ייִדישן לערן־אַנשטאַלט, אַזעלכן, וואָס דער ישוב האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט. די אָנשטרענגונג אויף אַלע געביטן: פינאַנציעל, אָרגאַניזאַציאָנעל, פעדאַגאָגיש, און אַזוי ווייטער, איז געווען אַ גוואַלדיק גרויסע. דערפאַר אָבער, איז אויך די השפעה פון אָט דער אַרבעט, סיי דירעקט, און סיי אומדירעקט, געווען אַ קאָלאָסאַלע.

מיטן אויפבוי פון דעם צענטראַלער שלום עליכם שול האָט זיך אָנגעהויבן אַ בוי־פּראָצעס אינעם גאַנצן שולוועזן. די ביאַליק־שול, די פּרץ־שול, די זשיטלאָווסקי־שול, די זלמן רייזין־שול, די הערצל־שול, די שול „מדינת ישראל", און פיל אַנדערע שולן, וועלטלעכע און רעליגיעזע, ייִדישע און העברעיִשע, האָבן אָנגעהויבן בויען נייע בנינים. דאָס זעלבע איז אויך געשען אויף דער פּראָווינץ און אויך אויסער די גרענעצן פון אַרגענטינע.

צווישן די ערשטע אויף דעם דאָזיקן געביט זענען געווען די שלום עליכם שולן פון דער צווישאָ אין מאַטאַדעראָס און אין פלאָרידאַ און דאָס זעלבע אויך די שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ. וואָס פאַרנעמט ביז היינט דעם אויבנאָן אין דער ייִדישער דערציִונג פון דער שכנותדיקער הויפּטשטאָט.

דעם זעלבן אידעאַליזם און געטריישאַפט וואָס האָט באַגלייט די אַרבעט פון די צווישאָ טוערס אין דער צענטראַלער שלום עליכם שול, האָט אויך באַגלייט די טוערס פון די דערמאָנטע שלום עליכם שולן. נאָך מער, די אַרבעט האָט אַרויסגערופן נייע כוחות און געוווּנען נייע פריינט. היינט צו טאָג איז יעדע איינע פון די שולן אויך אַ בית־עם; אַ צענטער פאַר ייִדישער קולטור טעטיקייט; אַ היים פאַר דער יוגנט און יונגע עלטערן; אַ פלאַץ פאַר אַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. אין צענטער פון דער אַרבעט שטייט די דערציִונג, וואָס ווערט באַקרעפטיקט אַ דאַנק דעם דירעקטן קאָנטאַקט מיט די עלטערן פון נייעם דור. דער פאַקט, וואָס די יונגע עלטערן זענען אויך די טוערס פון דער שול איז פון אויסערגעוויינלעכער באַטייטונג. דאָס מאַכט זיי נעענטער צו די דערציִערישע און קולטורעלע ווערטן פון דער שול און שאַפט אַ בריק צווישן דער שול און דער היים.

פאַראַן אויך פּראָבלעמען וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן איבערגאַנג פון דור צו דור. אונדזער זאָרג איז אַז דער איבערגאַנג פון איין דור צום צווייטן זאָל זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַן איבערברוך, נאָר אין אַ המשך. דער ציל איז, אַז דער נייער דור זאָל איבערנעמען נישט בלויז די שול, נאָר אויך די אינהאַלטלעכע ווערטן אירע, וואָס זענען דורך יאָרן און יאָרן אַריינגעבויט געוואָרן מצד דעם עלטערן דור עסקנים.

דאָס קען זיין מעגלעך צו דערגרייכן נאָר אין דעם פּראָצעס פון דער שותפותדיקער אַרבעט. און ס'איז נישטאָ קיין מער געוווּנטשענער און צוגעפּאַסטער געביט צו דערגרייכן אָט דעם ציל, ווי די ייִדישע שול.

אין אַלע שלום עליכם שולן פון דער צווישאָ: אין דער צענטראַלער שלום עליכם שול, אין די שלום עליכם שולן אין מאַטאַדעראָס און פלאָרידאַ, אין מאָנטעווידעאָ און אין אַלע אַנדערע חינוך אַנשטאַלטן ווערט די אַרבעט געטאָן מיטן געהעריקן באַוווּסטזיין און אַחריות, און דערפאַר אויך — מיט באַדייטנדיקע רעזולטאַטן, וואָס פילן אונדז אָן מיט גלויבן אין דעם נייעם דור און אין זיין הצלחהדיקער אַרבעט פאַר דער ייִדישער דערציִונג.

### ז. — שלום עליכם מיטלשול

מיט דרייצן יאָר צוריק, אין 1952, איז געשאַפן געוואָרן די שלום עליכם מיטלשול.

אָנגעהויבן מיט איין קלאַס, מיט אַ באַגרענעצטער צאָל תלמידים, האָט די שלום עליכם מיטלשול דערגרייכט צו 10 קלאַסן און אַ צאָל פון העכער הונדערט זעכציק תלמידים.

כמעט אַלע תלמידים פון דער מיטלשול קומען פון די שלום עליכם שולן, נאָך דעם ווי זיי מאַכן דורך די זיבן־יעריקע אָנפאַנג־שול און — די מערסטע פון זיי אויך צוויי אָדער דריי יאָר קינדער־גאָרטן. אין דער מיטלשול, ווערט בלויז פאַר די ייִדישע לימודים אָפּגעגעבן פון 18 ביז 24 שעה אַ וואָך במשך פון פינף יאָר. די לערן־פּראָגראַם נעמט אַרום: עברית, ייִדיש, געשיכטע, תנ"ך, ספרות, ייִדישע ליטעראַטור, אגדה, משנה, סאָציאָלאָגיע, ידיעת הארץ, פאָלק־קענטעניש, פּסיכאָלאָגיע, פּעדאַגאָגיע און מעטאָדיק.

די מערסטע תלמידים וואָס פאַרענדיקן דעם פינף־יעריקן ציקל פון דער מיטלשול, זעצן פאָר דעם השתלמות־קורס פאַר לערערס אין דעם גרינבערג־סעמינאַר ביי דער סוכנות אין ירושלים. ביז היינט, האָט די שלום עליכם מיטלשול שוין אַרויסגעגעבן ביי די הונדערט פופציק לערערס. אַ גאַר גרויסער טייל פון זיי אַרבעט אין די שולן פון דער



יצחק (אַנטעק) צוקערמאַן אויף אַ באַזוך אין דער צענטראַלער שלום עליכם שול



פרויען־קאָמיטעט פון דער צווישאָ מיט די פרעזידיום־מיטגלידער פון דער הויפט־פאַרוואַלטונג

צווישאַ, אַ סך אַנדערע אַרבעטן אין פֿאַרשיידענע אַנדערע שולן. עטלעכע צענדליק זענען עולה געווען קיין ישראל, 15 לערנען אין גרינבערג־סעמינאַר און אין דער העברעיִשער אוניווערזיטעט ווו זיי פֿאַרפֿולקאָמען זיך אַלס לערער פֿאַר די היגע שולן, מיטלשולן און סעמינאַרן.

מיט זעקס יאָר צוריק האָט די צווישאַ אויסגעבויט אַ ספּעציעלן בנין פֿאַר דעם שלום עליכם מיטלשול, אויף גורוטשאַגאַ 338. דער בנין איז אַ פּרעכטיקער און חוץ די קלאַסן פֿאַרמאָגט ער אויך אַ ביבליאָטעק, לייען־זאַל און אַ דידאַקטישע אָפּטיילונג. אין דעם בנין לערנען אויך די העכערע קלאַסן פֿון דער אָנפֿאַנג־שול. ער איז שוין דעריבער געוואָרן צו קליין פֿאַר דער צווישאַ און פֿאַר דער דירעקציע שטייט דעריבער אַ דרינגענדיקע פֿראַגע: ווי אַזוי צו פֿאַרגרעסערן דעם בנין כדי צו קענען עפֿענען נאָך קלאַסן פֿון דער שול און מיטלשול, וואָס וועלן זיין נייטיק צום נייעם לערן־יאָר. שוין היינט איז דאָס פּראָבלעם אַקטועל, מחמת צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ האָט מען געמוזט איינאָרדענען קלאַסן אין די לערער־צימערן, אין ביבליאָטעק, אין דער דידאַקטישער אָפּטיילונג אין פסיכאָ־פּעדאַגאָגישן דעפּאַרטאַמענט און אין אַנדערע אָפּטיילונגען פֿון דער שול און קינדער־גאָרטן.

די שלום עליכם־מיטלשול איז פֿאַרהעלטנישמעסיק נאָך אַ יונגער לערן־אַנשטאַלט. אָבער זי האָט באַוויזן צו שלאָגן טיפֿע וואָרצלען און ווערן איינע פֿון די וויכטיקסטע אַנשטאַלטן פֿאַר מיטעלער בילדונג און צוגרייטונג פֿון נייע קאַדרען לערערס. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דער ערנסטקייט פֿון די לימודים, אַ דאַנק דער גוט־קוואַליפֿיצירטער און איבערגעגעבענער אַרבעט פֿון דער לערערשאַפֿט; אַ דאַנק דעם איהאַלט און גייסט וואָס הערשט אין דער שול. די רעזולטאַטן פֿון אָט דער אַרבעט זעט מען שוין היינט זייער קלאָר. עדות דערפֿון זענען די תלמידים און די אַבסאָלווענטן פֿון דער מיטלשול, וואָס נעמען־מיט מיט זיך אַ פיינעם באַגאַזש ייִדיש וויסן, וואָס שליסט איין אין זיך די שענסטע ווערטן פֿון אונדזער פֿאָלק און צוזאַמען דערמיט דעם אומרו און באַגער צו אַ גאַנץ ווירדיק און שעפֿעריש ייִדיש לעבן.

### ח. — קינדערלאַנד

קינדערלאַנד איז דער נאָמען פֿון דער ערשטער קינדער־קאָלאָניע וואָס די צווישאַ האָט געשאַפֿן און איז די ערשטע קינדער־קאָלאָניע פֿון אונדזער ישוב בכלל.

אויך אויף דעם געביט איז דער אויפֿטו אַ דורכאויס פּיאָנערישער. אין דער ייִדישער וועלט זיינען שוין געווען קינדער־קאָלאָניעס אַ סך פֿריִער. אין אַרגענטינע נישט. סיי ווי אָבער איז קינדערלאַנד אַנדערש פֿון די עקסיסטירנדיקע קאָלאָניעס אין די פֿאַרשידענע לענדער און אַנדערש אויך פֿון די פֿיל־צאַליקע קאָלאָניעס וואָס האָבן זיך דערנאָך געשאַפֿן און שאַפֿן זיך כסדר אין אַרגענטינע.

די אַנדערשקייט איז אין דעם געבוי, אין פֿאַרנעם, אינעם שווונג. די אַנדערשקייט באַשטייט אויך אין דעם כאַראַקטער פֿון דער דערציִערישער אַרבעט; אין דעם אינהאַלט און גייסט וואָס הערשט אין דער קאָלאָניע. דאָס אַלץ ווירקט אויף דער דערציִונג פֿון די קינדער. די נאַטור־שיינקייט, די סביבה, די גלענצנדיקע אָרגאַניזאַציע, דער הויכער ניוואָ פֿון די לערערס און דערציִערס, די ליבשאַפֿט וואָס דרינגט דורך אַלץ און אַלעמען — אָט דאָס אַלץ פֿאַראייניקט מיט די שענסטע ווערטן פֿון דער מענטשלעכער און ייִדישער קולטור; פֿאַראייניקט שבת און ייִדישע ימים טובים, מיטן ייִדישן און העברעיִשן וואָרט און ליד, מיט ישראלדיקייט, מיט אַרגענטינישקייט, מיט שיינע ביישפּילן פֿון עטישן צוזאַמענלעבן פֿון מענטשן; מיט דער גרייטקייט פֿאַר קעגנזייטיקער הילף און ליבשאַפֿט צו אַרבעט, פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּרעכטיקער האַרמאָנישער גאַנצקייט וואָס באַווירקט די קינדער און פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ קאָלאָסאַלן פֿאַקטאָר אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג.

קינדערלאַנד טרעט איצט אַריין אין איר 12־טן לעבנסיאָר. אָבער זי האָט שוין באַוויזן צו שאַפֿן אַן אייגענעם נוסח אין דער דערציִערישער אַרבעט. זי האָט געעפֿנט אַ נייעם וועג פֿאַר דעם ייִדישן קינד, וואָס איז גלייכצייטיק אויך אַ וועג פֿאַר הונדערטער און טויזנטער קינדער צו זייער ייִדישקייט, צו זייער באַקענטשאַפֿט מיטן ייִדישן פֿאָלק און פֿאַרבונדנקייט מיטן ייִדישן לעבן.

### ט. — רמת שלום

די ייִנגסטע און נייסטע אינסטיטוציע פֿון דער צווישאַ איז רמת שלום. זי איז ניי אין אַלע הינזיכטן: אינעם פֿאַרנעם, געבוי, שווונג, פּראָגראַם, כאַראַקטער, אין די פּעדאַגאָגישע דרכים, דערציִערישע פּרינציפּן און אַזוי ווייטער. רמת שלום וועט זיין אויך דער סאַמע קאָמפּלעטסטער ייִדישער חינוך אַנטשטאַלט אין אַרגענטינע. דאָרט וועט זיין אי אַ קאָלאָניע און אי אַן אינטעגראַלע טאָגשול, ווו די קינדער וועלן לערנען אַרבעטן און פֿאַרברענגען, בערך צען שעה יעדן טאָג.

דערפֿאַר ווערט רמת שלום געבויט אין אַ וווּנדערלעכן פּאַרק, פֿול מיט ביימער און בלומען. אינעם פּאַרק געפֿינען זיך די ספּעציעל געבויטע בניי־

נים, באַזונדער פֿאַרן קינדער גאָרטן און באַזונדער פֿאַרן שול, באַזונדער פֿאַרן בית תרבות, ווו עס זיינען איינגעאָרדנט די ביבליאָטעק און די לייען־זאַלן און באַזונדער איז אויך דער פּרעכטיקער עס־זאַל, אינגאַנצן פֿון גלאָז און די קיך, און די טעראַסן פֿאַר שפּילערייען. פֿאַראַן אויך אין רמת שלום צוויי שווים־באַסיינען, אַן אַמפּיטעאַטער, ספּאָרט־פּלעצער און פֿאַרשיידענע אַנדערע איינריכטונגען, וואָס זיינען נייטיק פֿאַר דער גייסטיקער און פֿיזישער אַנטוויקלונג פון קינד.

רמת שלום איז אַרכיטעקטאָניש דער שענסטער חינוך־אַנשטאַלט. פּונקט אַזוי איז ער אויך פֿון פּעדאַגאָגיש־פֿונקציאָנעלן שטאַנדפּונקט. קיין זאַך איז נישט געמאַכט צופֿעליק. אַלץ האָט אַ צוועק און אַ ציל.

אַזוי איז אויך דער קוריקולום פֿון די לימודים און די לערן־פּראָגראַם וואָס שליסט איין אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט אַלע לימודים, די אַלגעמיינע און די ייִדישע. אַזוי זיינען אויך אַלע מינים אַרבעטן און דערציִערישע טעטיקייטן, וואָס האָבן אַ דירעקטן און אומדירעקטע השפּעה אויף דער גייסטיקער און פֿיזישער פֿאָרמירונג פֿון דעם קינד.

די כוונה פֿון רמת שלום ווי אַן אינטעגראַלע שול, איז נישט צו עלימינירן און פֿאַרבייטן די עקזיסטירנדיקע צוגאָבשולן, אָדער ריכטיקער געזאָגט — פּאַראַלעלע שולן. איר ציל איז צו עפֿענען אַ וועג פֿאַר נייע הונדערטער און — מיט דער צייט — טויזנטער קינדער, וואָס דאַרפֿן אַזאַ מין שול. היינט איז נאָך אין אַרגענטינע פֿאַראַן פּלאַץ פֿאַר ביידע מינים שולן: סיי אינטעגראַלע און סיי צוגאָבשולן. אָבער מען מוז איינזען אַז עס איז שוין היינט פֿאַראַן אַ גרויסער שיכט עלטערן וואָס זענען פֿאַראינטערעסירט אין אַן אינטעגראַלער שול, מחמת סאָציאַלע סיבות און פֿאַרשיידענע אַנדערע מאָטיוון פֿון דערציִערישן כאַראַקטער, וועלכע מען קען נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. די ייִדישע דערציִונג טאָר נישט פֿאַרמאַכן די אויגן פֿאַר דער נייער ווירקלעכקייט פון ישוב, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ רייע זייער ערנסטע אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פֿאַקטאָרן.

די וועלטלעך־ייִדישע שול טאָר ניט בלייבן אָן אַ זייט פֿון אָט דעם פּראָצעס. זי טאָר נישט פֿאַרשפּעטיקן די באַן. זי מוז אויך אויף דעם געביט פֿאַרנעמען דעם בכבודדיקן פּלאַץ און טאַקע ווייזן דעם וועג, ווי זי האָט עס געוויזן ביים אויספּלאַנירן, אויסבויען און אויספֿורעמען די גרויסע און פּרעכטיקע פּאַראַלעלע שולן.

ווי געזאָגט, איז פֿאַראַן אין אַרגענטינע פּלאַץ פֿאַר ביידע מינים שולן, סיי פּאַראַלעלע און סיי אינטעגראַלע. אין תנאי אָבער האָבן מיר: זיי זאָלן זיין גוטע שולן; גוט פֿון פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט, גוט אין דער באַציִונג צו די ייִדישע לימודים, און אין דער פֿאַרשטענדעניש לגבי די ייִדישע נאַציאָנאַלע צילן פֿון דער דערציִונג; זיי זאָלן זיין געטריי דעם נאַציאָנאַל פֿאָלקסטימלעכן כאַראַקטער פֿון אונדזער ישוב און זאָלן איינשליסן אינעם קוריקולום פֿון די לימודים און אין דער דערציִונג אַלע ווערטן, אין ייִדיש און אין העברעיִש, וואָס זענען אייגן און טײַער אונדזער פֿאָלק.

אינטעגראַלע שולן זיינען שוין נישט קיין נייעס דאָ אין לאַנד און אויפֿן קאָנטינענט בכלל. אָבער דער מין אינטעגראַלע שול, וואָס די צווישאָ וועט אין גיכן דערעפֿענען אין רמת שלום וועט זיין ניי אין אַלע הינזיכטן: אינעם פֿאַרנעם, אין די השגות, אין דער פּראָגראַם, אין דעם אינהאַלט און כאַראַקטער. דאָס איז דעריבער ווידער אַ נייער פּיאָנערישער אויפֿטו, וואָס איז געטריי דעם שטענדיקן פּיאָנערישן אומרו און גייסט פֿון דער צווישאָ. דאָס איז אַ נייער קאָלאָסאַלער נאָך ביז איצט נישט געוואַגטער און אַפֿילו נישט געטראַכטער פֿאַרמעסט אויף דעם שטח פֿון ייִדישער דערציִונג: אַ פֿאַרמעסט צו עפֿענען אַ נייעם וועג צום ייִדישן קינד, וועלכער האָט — ווי מיר האָפֿן — אַלע שאַנסן צו ווערן, נאָך אַ וועג וואָס זאָל ברענגען אַ סך דערווייטערטע און אָפּגעפֿרעמדטע ייִדישע קינדער צום ייִדישן לעבן.

אַזוי איז די צווישאָ ממשיך איר דערהויבענע פּיאָנערישע שליחות!

אַזוי פֿאַרוואַנדלט זי כסדר דעם אומרו און זאָרג פֿאַרן ייִדישן לעבן אין נייע און גרויסע שעפֿערישע מעשים פֿאַר דער ייִדישער קולטור און ייִדישער דערציִונג!

דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער צווישאָ. אַזוי איז זי געוועזן בעת איר בראשית, אַזוי איז זי געווען במשך אַלע יאָרן פון איר עקסיסטענץ און אַזוי איז זי — ווי מיר זעען — אויך איצט ווען זי פֿייערט איר דרייסיקסטן יובילײ.

אַנדערש קען נישט זיין ווייל אַזוי איז דער גייסט פֿון דער צווישאָ. אַזוי איז דער אינהאַלט, דער פּיאָנערישער כאַראַקטער, דער שווונג אירער, וואָס קען באַצייכנט ווערן בלויז מיט צוויי ווערטער:

נוסח צווישאָ!

י. זרבבל (תל־אביב)

# א וויכטיקער יובל פון יידישער דערציונג

## (ציש״אָ און צוויש״אָ)

א.

צוויש״אָ פייערט איצט אירע 30 יאָר אין אַרגענטינע, און אין שייכות מיט דער פייערונג דערמאָנט זיך אַן ענלעכער נאָמען: ציש״אָ אין פוילן.

ביידע נעמען זיינען אויסן יידישע שול־אָרגאַניזאַציעס, דערציִיונגס־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן אַרומגענומען טויזנטער קינדער און געהאַט די אויפגאַבע אויפצושטעלן א נייעם דור שטאָלצע און באַוווסטזיניקע יידישע מענטשן, וואָס זאָלן זיין גרייט און פעיִק איבערצואַנדערשן דאָס לעבן פון זייער פאָלק און מאַכן אים פאַר אַ ווירדיקן שותף אין קאַמף פאַר אַ פרייער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

פון ציש״אָ איז נישט געבליבן קיין לעבעדיקער זכר. היטלער האָט פאַרניכטעט יעטוועדן שפור פון דעם מאַטעריעל־פיזישן אויפטו פון ציש״אָ און פאַרטיליקט אַלע אָנשטרענגונגען פון אַ פאַר צענדליק יאָר ציש״אָ־טעטיקייט אינעם רחבותדיקן יידישן ישוב אין פוילן.

צוויש״אָ פייערט אין פולן פונאַנדערבלי די ערשטע דרייסיק יאָר פון איר טריומפאַלן גאַנג באַרגאַרויף אינעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע, בעת זי ווערט אין דער גאָרער יידישער וועלט אויפגענומען ווי דער שענסטער אויפטו און פראָדוקטיווסטע דערגרייכונג אויפן געביט פון מאָדערנעם יידישן שולוועזן.

כ׳דערמאָן זיך דאָס יאָר 1946. איך בין נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון מיין באַזוך אין באַפרייטן פוילן, ווו כ׳האָב מיט אייגענע אויגן געזען דעם שוידערלעכן אומקום פון יידישן ישוב. וואָכן נאָך אַ נאַנד האָב איך געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך און געזוכט סימנים פון אונדזער אַמאָליקן דריי־מיליאָניקן יידישן ישוב. עס האָט מיר אַנטקעגן געשטשירעט די פוסטקייט איר מאוימדיק־גרויליקן מער נישטאָ.

דער חורבן האָט זיך מאַניפעסטירט מער ווי אין אַלץ, אינעם פאַרשווינדן פון יידישע קינדער. אויס קינדער אויף דער געראַטעוועטער יידישער גאַס, נישטאָ מער דער קינדישער בליק, געקוילעט דאָס קינדישע געלעכטער, אָפגעהאַקט דאָס געוויין, איבערגעריסן אין גאַנצן די קינדער־שטים.

נאָר אַ מאַמע און אַ לערער קאָנען באַנעמען און מיטפילן מיין טרויער און אבלות נאָכן יידישן קינד אין פוילן, ווו איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין טעטיק קנאַפע צוואַנציק יאָר אַלס וויצע־פאָרזיצער פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש״אָ) און כסדר זיך טרעפן מיט טויזנטער קינדער, זאָרגן פאַר זייער היינט און מאָרגן, קוויקן זיך מיט זייער פרייד און וויטיקן מיט זייערע דאגות.

פון פוילן צוריק האָט מיך באַגלייט די אבלות נאָכן אומגעקומענעם יידישן שולוועזן, נאָכן אַכזריותדיק אומגעבראַכטן יידישן קינד, נאָך זיינע יסורים און פריידיקייטן.

ביז איך בין געקומען קיין בוענאָס איירעס. ס׳איז געווען אינעם חצר פון דער שלום עליכם שול, ווען העכער טויזנט קינדערלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט צו מקבל־פנים זיין דעם גאַסט פון ארץ־ישראל. פון אויבן אַ בלויער הימל און אונטן — אין ווייסן געקליידטע קינדער. הונדערטער קינדער־שטימען האָבן זיך פונאַנדערגעזונגען מיט יידישע און העברעיִשע לידער. די פנימלעך פריש, די אייגעלעך לייכטן און די מונטערע שטימעלעך טראָגן פונאַנדער געזאַנג פון יונגן גלויבן אין שיינעם מאָרגן.

איך האָב נישט אויסגעהאַלטן דעם אָנשטורעם און זיך היסטעריש פונאַנדערגעכליפּעט. דאָס איז געווען געוויין פון אַן אָבל צוליב די אומגעבראַכטע יידישע קינדער פון ציש״אָ אין פוילן. דאָס איז געווען געוויין פון אַ בעל־שמחה צוליב די אויפגעקומענע יידישע קינדער פון צוויש״אָ אין אַרגענטינע.

„זאָג נישט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלייענע
פאַרשטעלן בלויע טעג;
קומען וועט נאָך אונדזער
אויסגעבענקטע שעה,
ס׳וועט אַ פויק טאָן אונדזער
טראָט: מיר זיינען דאָ!״

אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט מיט אַלע מיינע חושים: פאַראַן דער יורש פאַר דער ציש״אָ. דער ניגון איז נאָר אַ רגע איבערגעהאַקט געוואָרן, אָבער אָט האָבן אים אונטערגעכאַפּט די יונגע שטימעלעך און — דער המשך איז געזיכערט. מיר גייען ווייטער אונדזער היסטאָרישן גאַנג.



זלמן שזר אויף אַ באַזוך אין די שלום עליכם־שולן



די מיניסטאַרין גאָלדע מאיר שרייבט איר דעדיקאַציע אין פּנקס פון דער שלום־עליכם־שול

אַזוי האָט מיר אונטערגעזאָגט דאָס געפיל. עס האָט געמוזט אויסגעפינען אַן אַנהאַלט, ווייל אַנדערש וואָלט דאָס האַרץ געפּלאַצט. האָבן מיר דאָך גע־לערנט פון אונדזער געשיכטע, ווי אַזוי איין ישוב אין איין לאַנד איז אונטערגעגאַנגען, און ס׳איז גלייך אויפגעקומען אַ צווייטער ישוב אין אַ צווייט לאַנד. דאָס יידישע לעבן ווייסט נישט פון קיין פולן אי־בערגרייס, פון אַ ליידיקן חלל. די קייט איז נישט אי־בערגעריסן און די רינגען מערן זיך און רינגלען זיך ווייטער.

אָבער אין מוח האָט געעגבערט אַ מחשבה: איז דען ווירקלעך מעגלעך אָט דער פאַרגלייך און קאָן מען דען באמת ריידן אין איין אָטעם וועגן ציש״אָ און צוויש״אָ?

ניין און יאָ.

ב.

פאַר וואָס ניין?

אין פוילן איז געווען אַן איינגעפונדעוועטער טויזנטיאָריקער יידישער ישוב. בערך דריי מיליאָן יידן. מיר נאַרן זיך נישט און נעמען אָן דעם אמת, אַז ווייט נישט די גרעסטע צאָל האָט זיך פול אויס־געלעבט אין דער יידישער שפּראַך. אָבער, אמת איז, אַז יידישקייט איז דאָרט געווען אַ נאַטירלעכע דער־שיינונג, וועגן מען האָט זי אַפילו נישט געפּלעגט מיט אַ כיוון. כ׳האָב אַנומלט געזאָגט: יידישקייט האָט זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, אין די הויפן. האָסט זי איינגעאָטעמט מיט דער לופט אין די לונגען, אין האַרץ, אין נשמה. האָסט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען כדי פון איר פּטור צו ווערן. ס׳איז געווען אַן אויפ־גאַבע, ווי זי צו פאַרמירן און אויסגעשטאַלטן. מען האָט געדאַרפט אויסקנעטן אַ באַשטימטע פאָרעם, וואָס זאָל זיין צום האַרצן און אַנטשפּרעכן די אינ־טימסטע פאַרלאַנגען. אָבער ס׳איז געווען דאָס טייג. אַ יידיש מאַסן־לעבן, דער איינגעשטעלטער שטיי־גער האָט געווירקט פון זיך, ממילא, אויטאָמאַטיש. יידיש לעבן האָט געשטראָמט אין די אָדערן פון די קינדער און די עלטערן האָבן זיך אָפּט באַמיט אַרויס־צוטרייבן אָט די יידישקייט פון זייערע קינדער, כדי זיי זאָלן זיך „אויסלייטישן״, אויסמענטשלען. די פון אַלע עקן וועלט דורך אַלע זיבן ימים און אויס־יידישע שול האָט געקעמפט קעגן דעם אָפּיציעלן דרויסנדיקן רעזשים, וואָס האָט נישט געוואָלט דער־לויבן די באַזונדערע יידישקייט, געשטרעבט צו אַסי־מילירן שפּראַכלעך די יידישע באַפעלקערונג, הגם ער האָט זי בשום אופן נישט געוואָלט איינגלידערן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אינעם מלוכהשן אָרגאַניזם. די יידישע שול האָט זיך געראַנגלט פאַר איר יו־רידישן געזעצלעכן זכות־הקיום און פאַר איר פינאַנ־ציעלער מעגלעכקייט צו עקסיסטירן. דערצו האָט זי געדאַרפט אָרגאַניזירן די אייגענע יידישע געזעל־שאַפטלעכקייט, קודם־כל די עלטערן, זיי זאָלן וועלן אָט די ספּעציעלע יידישע דערציִונג. מ׳האָט דאָך געטענהט, אַז יידיש וועלן די קינדער וויסן און קע־נען סיי ווי סיי. לערנען, דערציִען זיי איז נייטיק גריילעך צו פּויליש, צום אַרום, כדי מען זאָל זיי חלילה נישט פאָרוואַרפן זייער אָפּזונדערונג און באַ־וווסטזיניקע, כלומרשט, איזאָלירונג.

ציש״אָ האָט דערוועקט ביי יידן גופא דעם שטאָלץ אויף דער אייגענער יידישער שפּראַך און דעם ווילן צו אייגענער קולטור, וועלכע פאָדערט אַ בכבודיקע אויפמערקזאַמע פּלעגונג און זאָרג, פאַרשטענדעניש און אַכטונג צו אייגענע קולטור־ווערטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות און האָבן אַ באַדייטונג אַלס אומגעהייערער צושטייער צו דעם אַלגעמיין מענטשלעכן אוצר פון גייסטיקע אויפטוען און דערגרייכענישן.

ציש״אָ האָט געמוזט זיך ברעכן דעם קאָפּ און קראַצן מיט די נעגל די ערד כדי צו קאָנען איינ־קוואַרטירן די יידישע שול אין עפּעס אַ בנין, אַ דירה, וואָס זאָל האָבן אַ קולטורעלן אויסזען; דאָס קינד זאָל נישט באַרויבט ווערן פון זון און פון גרינס, פון פרישער לופט און פון שיינעם פּייזאַזש. אַדרבא, זאָל עס באַנעמען מיט אַלע זיינע חושים, אַז ס׳איז נישט קיין המשך פונעם פינצטערן אַלט־פרענקישן חדר, וועגן וועלכן ער האָט זיך אָנגע־הערט אַזוי פיל שוידערלעכע מעשיות, אַז זיי שלאָגן ביי אים אָפּ יעטוועדן חשק צו געניסן דאָרט עפּעס־וואָס.

די יידישע שולע האָט צוגעפירט דאָס קינד צו דער אייגענער יידישער ליטעראַטור, מיט וועלכער עס האָט זיך שנעל און אָן שום דרוק און צוואַנג פאַרהיימישט, ווייל עס האָט אין איר, אין אירע העלדן און ווירקנדיקע טיפּן דערקענט זיך און זיינע נאָענטע אָן אָנשטרענגונג, און עס האָט זי געקאָנט אויפנעמען אין זיין פּסיכיק און זיך אונטערגעבן איר באַפרוכפּערנדיקער השפעה.

ציש״אָ האָט געהאָלפן דעם קינד צו פאַרשטיין זיך און זיין סביבה, און אַזוי אַרום אינסטרויִרט אים און באַוואָפנט מיט וויסן און גייסטיקע כלי־זיין צו ווייטערדיקן גאַנג אין זיין יידישן לעבן, אין זיין סאָציאַלער אומגעבונג.

ציש״אָ האָט געהאַט נאָך איין אייגנאַרטיקע פּעולה אויפן תלמיד, וואָס זי האָט אים דערצויגן אַלס קינד פון יידישן אַרבעטס־פאָלק. דער עלעמענט פון אַר־בעט איז געלעגן אין יסוד פון דער דערציִונג. אַר־בעט, נישט בלויז אַלס מלאכה אין דעם זין, וואָס ס׳איז גוט צו האָבן אַ פאַך אין האַנט צוליב פּרנסה, אַ סך מער, ווי דאָס. אַרבעט, ווי דער דעצידירנדי־קער פאַקטאָר אין דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע,

ווי דער הויפּט־מאָטאָר פון דער מאָדערנער קולטור און יעטוועדן פּראָגראַם. פון דאַנען איז אַרויסגעדרונגען אַלס נאַטירלעכער פּועל־יוצא די פירנדיקע בכבודיקע ראָל פון דעם אַרבעטער־פאָלק ביים פאָרמירן די מאָדערנע מענטשלעכע געזעלשאַפט. די צוגרייטונג צום ווייטערדיקן לעבן האָט שוין ממילא נישט געקאָנט איבערהיפּערן די געהעריקע אָפּשאַצונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַלער לאַגע, אין וועלכער דאָס ייִדישע פאָלק אַנטוויקלט זיך זינט דורות.

ג.

אין דער ציש״אָ גופא זיינען געווען באַטייליקט געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס, וואָס האָבן אויף אַ פאַרשיידענעם אופן געטייטשט די דערשיינונגען אין דער ייִדישער געשיכטע און, מהאי טעמא, פאָרמולירט אַנדערש די אויפגאַבעס לגבי דער איבעראַנדערשונג און נאָרמאַליזירונג פון דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן. דאָ זיינען געווען גרינטלעכע חלוקי־דעות צווישן די הויפּט־שותפים אין ציש״אָ — די פּועלי־ציון און „בונד״.

אַזוי האָט פּועלי־ציון אין זייערע שולן באַטאָנט און אַרויסגעבראַכט מיט דער פולער קלאָרקייט נישט נאָר אין דעם עבר, נאָר אויך אין קעגנוואַרט דעם מאָמענט פון ארץ־ישראל און איר באַטייטונג פאַר ייִדישער נאַציאָנאַלער צוקונפט. דאָס האָט בשום אופן נישט געמיינט צו פּראָפּאַגאַנדירן ציוניזם אָדער פּועלי־ציוניזם, ווי פּאָליטישע וועלט־אָנשויונגען. דאָס האָט אָבער דורכויס יאָ געהאַט דעם צוועק צו געבן די קינדער אַ ריכטונג אין לעבן, אַן אידעאַל, צו וועלכן זיי זאָלן שטרעבן, וואָס אין הסכם מיט דעם זאָלן זיי זיך מכשיר זיין ביים אויסקלייבן פאַר זיך אַ וועג אין פּערזענלעכן לעבן. זיי זאָלן וויסן, וואָס עס דערוואַרט זיי בפירוש מחמת זייער ייִדישקייט, מיט וועלכע שטרעמונגען און אָפּהאַלטן זיי וועלן זיך צונויפטרעפן און וואָס זיי וועלן מוזן ביי־קומען און גובר זיין, כדי זיי זאָלן באַוויזן איינצואָרדענען פאַר זיך אַ מענטשלעך־ווירדיק שעפעריש לעבן.

די פּועלי־ציון האָבן געוואָלט פאַר זיי אויסמשלען אַ טיפּ פון אַ שטאָלצן נאָרמאַל־שאַפנדיקן ייִדיש פרייען אַרבעטס־מאַן, וואָס זיין אויפפירונג און ווירקונג איז נישט אין סתירה מיט זיין נאַציאָנאַלער סביבה, און אין האַרמאָניע מיט דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט. האָבן זיי פאַר אים געמוזט אויפוויקלען די פּערספּעקטיוו פון אַ נאָרמאַליזירטן ייִדישן נאַציאָנאַלן — מלוכהשן לעבן אין ארץ־ישראל.

האָבן זיי אים דערצויגן ווי אַ באַוווסטזיניקן בירגער פון זיין וווין־לאַנד און גלייכצייטיק, ווי אַ טרייען זון פון זיין ייִדישן פאָלק.

ארץ־ישראל — נישט נאָר פון אַמאָל האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ אין דער דערציִונג. זיי האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט אַ לידל וועגן די „קליינע ליכטעלעך״, וואָס „דערציילן געשיכטלעך, מעשיות פון אַמאָל״, ווען ייִדן האָבן „אַ לאַנד געהאַט״ און אַ „האַנט געהאַט״. זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרלייקענען דעם אמת פון היינט, אַז ייִדן מאַכן איבערמענטשלעכע אַנשטרענגונגען היינט, כדי זיך פון ס׳ניי צו דעראָבערן דורך אַרבעט און מי דאָס אייגענע פאָטערלאַנד, אַז איצט ווערט איבערגעבוירן און איבערגעאַנדערשט די ייִדישע פּסיכיק און אַז ער מערקט זיך אָן דער נייער גאַנג פונעם ייִדישן יחיד אין איין שפּאַן מיטן כלל צו אַ נאָרמאַל לעבן, וווהין עס וועלן זיך צוזאַמענעמען עדות און שבטים און שמידן אין שפּראַך, אין קולטור, אין שאַפנדיק לעבן.

העברעיִש האָט געהאַט אָן אָרט אין דער דערציִונג, נישט דווקא, ווי די שפּראַך פון דער ייִדישער קולטור אַמאָל, נישט ווי די שפּראַך פון תנ״ך, פון די נביאים. ס׳האָט געהאַט אַ ווערט אָט די שפּראַך, ווי די שפּראַך פונעם איצטיקן ארץ־ישראל, פון די בויערס און קעמפּערס דאָרט — היינט און מאָרגן, מיט וועלכע מיר זיינען אָרגאַניש באַהעפט און גורלדיק געקניפּט.

האָבן זיך אין יום־טובים פון דער שול אַריינגעפלאָכטן פייערונגען פון היינטיקן ארץ־ישראל און עס האָבן אויפגעשטראַלט פיגורן פון מאָדערנע העלדן פון ייִדישן נאַציאָנאַלן קאַמף. פון חשמונאים פּירט אַ געשלענגלטער וועג צו תל־חי, און פון די מכבייער — צום „השומר״.

אַזאַ איז געווען די דערציִונג־שיטה אין די שולן פון פּועלי־ציון. אָט די עלעמענטן האָבן געפעלט אין די שולן פון „בונד״, אָבער דאָך איז געווען דער עיקר אַ שותפותדיקער. די טריישאַפט צו דער אייגענער ייִדישער סביבה, צו דער ייִדישער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור. געווען אַ געמיינזאַמער קאַמף קעגן דעם איינפלוס פון אינערלעכן קלעריקאַליזם און דער האַרטנעקיקער ווידערשטאַנד קעגן דער פלייצנדיקער פון דרויסן אַסימילאַציע. עס איז געווען דער געמיינזאַמער איינשטעל בנוגע דער ראָל פון אַרבעטער אין נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן לעבן. דער „בונד״ האָט לײדער נישט געמאַכט די אויספירן און געבליבן געפּלעפּט שטיין אויף איין פּלאַץ, נישט פאַרמאַגנדיק קיין פּערספּעקטיוו פאַר דעם אויפגעהיטענעם נאַציאָנאַלן אינטערעס און ווילן.

אָבער דאָס געמיינזאַמע האָט פאַראייניקט און גובר געווען דאָס, וואָס האָט צעשיידט. דאָס, וואָס ס׳איז אוממעגלעך געווען לגבי דערוואַקסענע און אַפילו יוגנט, איז געווען אַ פליכט און מצוה לגבי דער שול און די שול־קינדער.

ד.

צוויש״אָ אין אַרגענטינע איז געגאַנגען מיט אַן אַנדער וועג, ווײַל איר ווירקונג־ספערע איז אין תּוך אַן אַנדערע. ס'האָט איר קודם־כּל געפעלט די טויזנט־יאָריקע ייִדישע פאַרוואָרצלטקייט, די מאַסן־האַפטיקייט פון ייִדישן לעבן. עס איז נאָך נישט גע־ווען דער איינגעפונדעוועטער שטייגער, און די ייִדי־שע גאַס איז נאָך נישט געווען אָפּגעגרענעצט. עס האָט געפעלט דער פּאַרקאַן, וועלכן מען האָט אין פּוילן געדאַרפט דורכברעכן און צעשטערן כּדי צו קאָנען צוקומען צום דרויסנדיקן נישט־ייִדישן לעבן. פּאַרקערט, עס איז געווען אָפן און פרײַ דער וועג אַהין, צו דער „וועלט". די „גאַס" האָט זיך עקשנות־דיק געריסן און געשפּאַרט אינעווייניק אין דער ייִדישער שטוב.

אַ גליק, וואָס די עמיגראַציע פון די לעצטע עט־לעכע צענדליק יאָר איז געווען אין עצם אַן אַנדערע, ווי די אַלטע עמיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, למשל. דאָ האָבן מיר געהאַט די לעצטע צייט אַ מער באַוווסטזיניקן עלעמענט, וואָס האָט אָט ערשט אַליין געקעמפט פאַר ייִדישע נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און געבראַכט מיט זיך אַ באַשטימטע טראַדיציע פון ייִדישער שפּראַך און קולטור. דאָס איז כּלל וכלל נישט געווען אויסגע־רעכנט אויפן נײַעם אָרט. עס איז אויסגעקומען אַ היפּש ביסל יוצא דופנדיק צו האַלטן זיך אָפּגעזונ־דערט, בעת מען איז, ווי עס שיינט, אַן אָנגעלייג־טער, געבעטענער אומעטום און מען דאַרף זיך לכן נישט האַלטן דערווײַטערט און אָפּגעזונדערט אין אייגענע ד' אמות.

די עלטערן האָבן זיך אינסטינקטיוו דערשראָקן פאַר דער עווענטואַליטעט צו פאַרלירן די קינדער פון שטוב, פון אייגנקייט. עס איז אָבער נישט גע־ווען, וואָס אַנטקעגנצושטעלן דער פרעמדער, נײַער גאַס. איז געווען אַ גליקלעכער אײַנפאַל פון דער צוויש״אָ, אויפצושטעלן די ייִדישע שול ווי אַ גלײַכ־ווערטיקע לגבי דער נישט־ייִדישער. אדרבא, זאָל די ייִדישע שול אימפּאָנירן נישט נאָר ייִדן, נאָר אַפילו גויִים. אָט דער פאַרמעסט האָט פאַרמאָגט אין זיך היסטאָרישע העזה און אין דעם איז געווען לכתחילה פאַרזייט דער קערן פון זײַן הצלחה. די אַמאָליקע באַראָכאָוו־שול, ווי די אַנדערע ייִדישע שולן אין פריִערדיקן „פּאַרהיסטאָרישן" פּעריאָד, האָבן נישט געצויגן קיין שום אויפמערקזאַמקייט, נישט אין דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, און אַוודאי נישט אין דער נישט־ייִדישער.

כ'דערמאָן זיך מײַן ערשטן באַזוך אין אַרגענטינע אין יאָר 1927. עס זײַנען אויך דאַן געווען ייִדישע שולן, אָבער איך, דער וויצע־פּאַרזיצער פון ציש״אָ אין פּוילן, האָב זיי געטראָפן אין זייער נעבעכדי־קייט און געזען זייער אָרעמקייט סײַ מאַטעריעל און אפשר נאָך מער — גייסטיק, פּעדאַגאָגיש. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ ייִדישע שול וועט בשום אופן נישט ציִען און נישט „קאָנקורירן" מיט דער אַרו־מיקער נישט־ייִדישער שול. עס וועט נישט אַפּעלירן צום קינד, נישט וועקן בײַ אים קיין רעספּעקט און נישט אַרויסרופן קיין אינערלעכע באַציִונג פון אינ־טערעס און דערוואַרטונג. אויך בײַ די עלטערן וועט אַזאַ שול נישט סטימולירן קיין ענטוזיאַזם. קיין „תּכלית" וועלן זיי אין איר נישט זען. נישט נאַציאָ־נאַל און נישט סאָציאַל. מילא, זאָלן קינדער גיין אין דער שול, כּל־זמן זיי זײַנען קליין. עלעהיי, זיי גייען אין חדר. זאָלן זיי כאָטש עפּעס וויסן פון ייִדישקייט, הערן אַ ייִדיש וואָרט. אפשר וועט זיי עפּעס בלײַבן אויף שפּעטער, ווי אַ דעראינערונג פון דער קינד־הייט. קיין גרויסע „זיבן זאַכן" האָבן די עלטערן מיט דער ייִדישער שול נישט פאַרבונדן. זי האָט זיי, די עלטערן, צו גאָרנישט מחויב געווען, זי האָט אייגנטלעך אין יענער צייט גאָרנישט פאַר־לאַנגט אויך פון די קינדער אַליין.

איך האָב דאַן געהאַט די זכיה צו זײַן אַ שליח פון דער ציש״אָ אין פּוילן, ווו די באָראָכאָוו־ריכ־טונג, די פּועלי־ציון האָבן פאַרנומען אַ גאָר בכבו־דיקן פּלאַץ סײַ אינעם שול־נעץ און סײַ אינעם געראַנגל פאַר די רעכט און מעגלעכקייט צו עקסיס־טירן און זיך אַנטוויקלען. איך האָב דעם רושם אַז אָט דער פאַקט האָט משפּיע געווען די חברים פון דער צוויש״אָ אין אַרגענטינע, און זיי האָבן געוווסט אויסצוניצן די אַטמאָספער פון אינטערעס און סימ־פּאַטיע צו דער ייִדישער שול און מאָדערנער וועלט־לעכער דערציִונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אַרגענטינע אַ דאַנק די באַזוכן פון די שליחים פון ציש״אָ — זלמן רייזען, איך, טאַבאַטשניק און ב. שעפנער — כּדי צו אויפנעמען דאָס גרויסע ווערק פון אַוועקשטעלן אַן אייגן ייִדיש שולוועזן אין אַר־גענטינע.

אַזוי איז אויפגעקומען די צוויש״אָ אין אַרגענטי־נע, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט שטיקלעך און ברעקלעך פונעם רײַכן ציש״אָ־טיש אין ווייטן פּוילן, נאָר אָנגעהויבן בויען גלײַך דאָס אייגענע שולוועזן אויף אַ פעסטן פונדאַמענט, פון קינדער־גאָרטן ביז צו דער מיטלשול, מיט דער קלאָרער אַנטשיידענער אויסזיכט אויף ווײַטער און העכער: אַ גאַנצע טאָג־שול! העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן.

פון יאָר 1936 ביזן נאָענטסטן באַזוך אין יאָר 1946, בין איך געווען דער עדות פונעם אויפשוווּנג פון צוויש״אָ, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע פּאַנ־

טאַציעס און געוואַגטסטע חלומות פון יידישע שול־טוערס אַפילו פון ציש״אָ אין פוילן.

איך האָב אין זינען נישט בלויז דעם פּרעכטיקן בנין און די אויסגעצייכנטע זאָרגעוודיקע איינאָרדענונג פון די קלאַסן און שפּיל־פּלעצער. דאָס, פאַר זיך, האָט אַ גרויסן ווערט און איז משפּיע סיי אויף די קינדער און אויך אויף די לערערס. ביידע קריגן מער חשיבות אין די אייגענע אויגן און הייבן אָן צו נעמען מער ערנסט דעם גאַנצן ענין יידישע שול. ס׳הערט אויף צו זיין אַ צוגאָב צו עפּעס עיקרדיקס, ווי אַ נעבן זאַך, אַ תפל, נאָר עס קריגט אַן אייגענעם ווערט אַלס עיקר, וואָס מען מוז זיין ראוי צו מטפּל זיין זיך מיט אים, צו געניסן פון אים.

ה.

די צוויש״אָ האָט דערהויבן דעם עצם געדאַנק וועגן אַ יידישער שול, ווי דער יסוד פון דער גאַנצער דערציִונג פונעם מאָדערנעם יידישן מענטש. דאָס מיינט נישט סתם לערנען יידישע שפּראַך, אַלף־בית און יידישע מעשהלעך. די שפּראַך און די מעשהלעך זיינען נישט קיין ציל פאַר זיך, נאָר אַ מיטל צום דערציִונגס־אידעאַל. צוויש״אָ האָט ביי זיך נישט געהאַט קיין פאַרטיקן מוסטער. זי קאָן נישט אָפּקומען און באַפרידיקן אירע באַדערפענישן מיט פאַרטיקע מוסטערן פון פוילן צי פון אַנדערע לענדער. קוים שטעלט מען אַוועק אין צענטער פונעם דערציִערישן אינטערעס דאָס קינד, ווי אַ לעבעדיק נפש מיט זיינע אייגענע עכטע און נאַטירלעכע נייגונגען און פעִיקייטן, מוז דער גאַנצער לערן־מאַטעריאַל זיין אויף דעם אויסגערעכנט, האָבן אין זינען די קאָנקרעטע סביבה פון אָט דעם לאַנד, פון אָט דער נאַטור, פון אָט די הימלען און פּרעריִעס, פון די מנהגים און התנהגות פון די מענטשן אַרום. ווי גרויס און ווי וויכטיק עס זאָלן נישט זיין מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, קאָן מען אַליין מיט זיי נישט אויספילן אין גאַנצן דעם תוכן פון דעם יידישן קינדס קונסט־איבערלעבונגען אין אַרגענטינע, עס מוז צוקומען דאָס ספּעציפישע אַרגענטינישע, דאָס אייגנאַרטיקע אינעם דאָרטיקן יידישן לעבן, וועלכעס איז פאָרט נישט געווען ענלעך צום אַמאָליקן לעבן אין רוסלאַנד צי אין פוילן.

צוויש״אָ האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אַליין אויפצואַקערן די נישט־געאַקערטע ערד פון אַרגענטינער יידישן ישוב. נישט, חלילה, אים אַוועקשטעלן אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער יידישער וועלט אין אַנדערע לענדער. אַדרבא, אויסגעפינען יענע טיפע געהיימע און ממשותדיקע רעאַלע פּעדעם און בענדער, וואָס פאַרבינדן דעם ישוב מיט דער גאָרער יידישער וועלט. אָבער טאַקע אויף אָט דעם סינטעטישן וועג פעסטצושטעלן און אָנצייכענען קלאָר און אומאָפּפרעגלעך דאָס אַלוועלטלעך יידיש פאָלק, נישט געקוקט אויף די פאַרשיידענע סאָציאַל־פּאָליטישע סביבות און רעזשימען, אין וועלכע זיינע טיילן לעבן און אַנטוויקלען זיך.

צוויש״אָ האָט דעריבער נישט געדאַרפט שווער „גיין צו קינד״ כדי אַריינצונעמען ארץ־ישראל, ווי אַ גרונט־עלעמענט אין איר דערציִונגס־שיטה. זי האָט געהאַט דאָס גליק, אַז אין אונדזער תקופה איז אויפגעקומען די מדינה ישראל אין רעזולטאַט פון דורות חלוצישער אַרבעט, פון העראָיִשן געראַנגל פון הגנה און פּלמ״ח און באַפרייונגס־מלחמה מיטן נצחון צה״ל. ווערט דער ארץ־ישראל־עלעמענט נישט קיין „פּונקט אין אַ פּראָגראַם״ — אַ טעמע פאַר רעדעס און לידער, נאָר עס איז די יידישע נאַציאָנאַלע פאָן, ס׳איז דער איינציקער יידישער נאַציאָנאַלער הימן.

דורך דעם האָט די גאַנצע דערציִונגס־שיטה באַקומען איר תיקון און איז אויפגעריכט געוואָרן, מחמת זי האָט איצט מיט איר פעדאַגאָגישער גאַנצקייט, מיט איר דערציִערישער שלימותדיקייט און פולקייט אין פּרט פון אַרומנעמען אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אינטערעסן־ספערע פון מאָדערנעם יידישן מענטש.

ו.

לוידער פעלט דער צוויש״אָ דער נאַטירלעכער אייגנטלעכער טרעגער פון איר דערציִונגס־אידעאַל — דער יידישער אַרבעטער און זיין מאַסנהאַפטיקייט אין אַרגענטינע.

פאַראַן יידישע פאַבריקן. זייער יידישקייט באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס זייערע אייגנטימערס זיינען יידן. קיין יידישע אַרבעטערס זיינען כמעט נישטאָ. דער אַרבעטער־אידעאַל האָט בכן נישט, פון וואָס זיך צו נערן דאָ אויפן אָרט, וואָס דאָס קינד באַגרייפט דירעקט מיט אייגענע חושים.

קומט צוהילף די מדינה ישראל. זי ראַטעוועט דאָס דערציִונגס־סיסטעם פון אַבסטראַקטקייט. דאָס יידישע גלות־לעבן איז טאַקע אומנאָרמאַל און די שענסטע אידעאַלן בלייבן אומרעאַלע אידייען, וואָס שוועבן אַרום אין פוסטן חלל פון ענטוזיאַזם־דערהויבענעם דמיון. אָבער די יידישע מדינה איז היינט צו טאָג אַ פאַקט, ס׳איז בלוט און פליייש, ס׳איז לופט, וואָס יידישקייט פילט זי אָן און פילט זי אויס. דער יידישער אַרבעטער — ער איז „דער כוח וואָס בויט״. דאָ איז אויפגעקומען די קאָנקרעטע סביבה, ווו יידן האָבן זיך צו ראַנגלען פאַר אַ נייער מענטשלעכער געזעלשאַפט, און דער רעזולטאַט פון דעם קאַמף וועט אָפּהענגען פון זיי, דער עיקר און, האָפנטלעך, אין גאַנצן נאָר פון זיי.

העברעיִש און יידיש הערן אויף צו זיין שטאָף

פאַר דיסקוסיעס און אַמפּערייען פון פּאָליטיקערס. ווער קאָן עס וואַגן ביי היינטיקן טאָג נישט אָנצונעמען, אַז ייִדיש איז דער שטאַרקסטער און דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין קאַמף קעגן קולטור־אַסימילאַציע אין אַרגענטינע פאַר פאַרוואָרצלטקייט אין ייִדישער נאַציאָנאַלער סביבה? העברעיִש קאָן איר פלאַץ בשום אופן נישט פאַרנעמען, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן מאַסן און וועגן שטראָמיקער, פולסירנדיקער טאָג־טעגלעכקייט.

דאָס נעמלעכע איז נישט שייך היינט צו טאָג אָפּצופרעגן די נאַטירלעכע אָרגאַנישע קראַפט פון העברעיִש אין דער מדינה ישראל, אַלס די איינציקע שפּראַך, וואָס פאַראייניקט און שמעלצט־צונויף אַלע טיילן, שבטים און עדות, וואָס זאַמלען זיך פון אַלע תפוצות ישראל אין איין איינהייטלעכער נאַציע, וואָס שמידט דעם אייגענעם גורל.

ייִדיש און העברעיִש אין אַ העכערן נאַציאָנאַל־שאַפערישן סינטעז איז דער פּרינציפּ פון צוויש״אָ. פונקט ווי די מדינה וועט נישט אָפּמעקן דאָס ייִדישע לעבן אין די תפוצות (און דאָס דאָזיקע לעבן וועט נאָך געשטאַרקט און דערהויבן ווערן דורך איר), פונקט ווי די מדינה אָריענטירט זיך אויף דער מיטאַרבעט און מיטשאַפן פון די ייִדן אין דער גאָרער וועלט. ס'איז דער העכערער סינטעז ווי עס האָט אים מיט אַ דור צוריק פאָרויסגעזען און פאָרמולירט בער באָראָכאָוו, דער גאונישער לערער פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער פאָנענטרעגער פון פּועלי־ציוניזם, וואָס אין זיינע וועגן וויל צוויש״אָ דערציִען און זיין אידעאַל רעאַליזירן.

צוויש״אָ איז אַ כשר קינד פון דער ייִדישער געשיכטע און זי פאַרקערפּערט אין איר ווערק די היסטאָרישע שליחות, וואָס דער ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע האָט אויסצופירן אין לעבן פון אונדזער פאָלק.

ס'איז דעריבער געווען נאַטירלעך, וואָס צוויש״אָ האָט כסדר אויסגעברייטערט איר ווערק. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַגנוגענען בלויז מיט לערנען די קינדער אין די חדשים פון אַזוי געראָפענעם צוואַנג־לערנען, נאָר גענומען דאָס קינד אויך אין די חדשים פון די וואַקאַציעס פון זיין אָפּרו און אים אַריינגעבראַכט אין „קינדערלאַנד״, וווּ זי שאַפט פאַר אים אַ פולע אַטמאָספער פון נאַטירלעכער מאָדערנער ייִדישקייט. דאָ איז פאַר אים אויפגעריכט אַ פולע היים, אַלע שעהען פון טאָג און נאַכט.

איצט, אין 30סטן יאָר פון איר קיום שטעלט אויף די צוויש״אָ די אינטעגראַלע שול, וואָס איז נישט מער קיין צוגאָב צו דער אַלגעמיינער, נאָר אַ פולע שול, ווו עס ווערן געלערנט סיי די ייִדישע און סיי די אַלגעמיינע לימודים, דערביי געפינען זיך די תלמידים אין אַ שול־אינטערנאַט. אמת, עס וועט פעלן דעם שילער זיין היים־סביבה. מעגלעך אָבער, אַז גראָד אין דעם וועט באַשטיין די מעלה פון דער דערציִונג, וואָס זי וועט נישט געשטערט ווערן דורך דער פרעמדקייט פון ייִדישקייט, וואָס די איצטיקע היים שאַפט אָפּט.

אָן ספק, אַז דאָס פּראָבלעם פון דערציִונג איז ביי היינטיקן טאָג די אָנגעוויטיקטסטע אינעם ייִדישן לעבן אין אַלע ישובים. פון דעם וועט אָפּהענגען אין אַ גרויסער מאָס דאָס געשטאַלט פון אונדזער צוקונפטיקן דור, די יורשים פון אונדזער גייסטיקן אוצר, וואָס דאָס פאָלק האָט אָנגעזאַמלט אין משך פון טויזנטער יאָרן דערפאַרונג, יסורים און געראַנגל.

דערפאַר באַטראַכטן מיר דעם איצטיקן יובילעי פון דער צוויש״אָ אין אַרגענטינע, ווי אַ יום־טוב פון ייִדישער קולטור אין דער גאָרער וועלט. אירע דערגרייכונגען אויף דעם געביט פון שול און דערציִונג טראָגן נישט קיין לאָקאַלן כאַראַקטער. זיי האָבן אַ ווערט, ווי אַ מוסטער און ביישפּיל אויך פאַר אַנדערע ישובים, וואָס אויסדויערן און עקשנות, טרייקייט און ליבע קאָנען אויפטאָן, אויב זיי ווערן קאָנטראָלירט דורך אַ קלאָרן ציל, אויב די טוערס און די געזעלשאַפטלעכקייט ווייסן, צו וואָס זיי ווילן דערציִען דעם יונגן דור אין ייִדישן לעבן.



אַ תלמידה באַגריסט דעם חבר זרבבל און פרוי בעת זייער באַזוך אין די שולן



אויף אַ געזעגענונגס־מסיבה מיטן חבר זרבבל

גרשון סאַפּאָזשניקאָוו

# די צווישאָ ווייזט דעם וועג

— א —

די צענטראַלע וועלטלעכע יידישע שול־אָרגאַני־זאַציע (צווישאָ — שלום עליכם־שול) האָט אַריינ־געשריבן איר נאָמען אין דער געשיכטע פון אונ־דזער ישוב ווי אַ פּאָרויסגייענדיקער און דינאַמיש־געזעלשאַפטלעכער כוח, וואָס האָט געעפנט נייע פּערספּעקטיוון און געשאַפן נייע מעגלעכקייטן פאַר דער יידישער דערציִונג אין לאַנד. אין דעם איז דער גרויסער היסטאָרישער פאַרדינסט פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס צייכנט זיך אויס מיט דער גע־וואַגטקייט פון איר פּיאָנערן־גייסט, און מיט דער רייכער פאָרשטעלונגס־קראַפט פון אירע טוער, אי־דעאַליסטן און וויזיאָנערן, וואָס זענען די ערשטע אין יעדן פאַרמעסט, און נאָך זיי גייען די אַלע אַנדערע אויפן וועג צו ווייטערדיקע און העכערע דערגריי־כונגען.

די נייע שול האָט אָנגעפילט מיט שטאָלץ און „צווישאָ" איז געווען דער אויפבוי פון אַן אייגענעם בנין פאַר דער צענטראַלער שלום עליכם־שול. מיט אַריבער צוואַנציק יאָר צוריק איז עס געווען אַ רע־וואָלוציאָנערער אויפטו. דער אימפּאָזאַנטער פאַרנעם פון דער געביידע, די מאָדערנע איינריכטונגען, די עלעגאַנץ און באַקוועמלעכקייטן מיט צענדליקער קלאַסן אויסגערעכנט אויף אַ פּאָר טויזנט קינדער, זענען אין יענער צייט געווען אַ גאָר נייע און ריזי־קאַלישע אונטערנעמונג, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אילוזיע, וואָס האָט נישט קיין רעאַלן באָדן.

דער נייער פּאַלאַץ פאַר דער שלום עליכם־שול האָט אויסגעזען ווי אַ מוטיקער אַרויסטריט קעגן דער פאַרגליווערטער רוטין, קעגן דער טראַדיציאָ־נעלער יידישער פאַראַרעמטקייט און נאַכלעסיקייט לגבי דעם שול־רעקוויזיט און שול־סביבה.

אָבער די „אילוזיע" האָט זיך גיך איינגעוואָרצלט אין באָדן און איז געוואָרן אַ פּריידיקע ווירקלעכ־קייט. די שלום עליכם־שול איז גלייך אין ערשטן יאָר אָנגעפילט געוואָרן מיט תלמידים, און אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט מען געדאַרפט צובויען קלאַ־סן און שטאָקן. אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטו־ציעס און גרופּן האָבן נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל, און אין פאַרשידענע געגנטן פון שטאָט און ישובים פון לאַנד, זענען אויסגעוואַקסן פּרעכטיקע, מאָדערנע און באַקוועמע שול־היימען פאַר יידישע קינדער.

די יידישע שול האָט באַקומען אַ הדרת־פּנים, האָט פאַרקערפּערט די חשיבות פון ישוב און די אַחריות פון עלטערן פאַר דער דערציִונג פון זייערע קינדער. די עלטערע דורות האָבן מיט ברייטהאַרציקייט און ליבשאַפט געבויט זייערע בתי־מדרשים, די יינגערע דורות בויען מיט דער זעלבער התלהבות און אָפּ־פערוויליקייט זייערע יידישע דערציִונגס־אינסטיטו־ציעס. עס איז אַן אויסדרוק פון דער זעלבער גלוי־בנס־ענערגיע, וואָס איז אויסן צו זיכערן דעם המשך פון אַ הויכער קולטור און דעם קיום פון אַן אַלט פאָלק.

די נייע שול האָט אָנגעפילט מיט שטאָלץ און דערהויבן דעם מוט. פאַרן קינד איז זיין יידישע שול שוין אין קיין שום זין נישט מינדערוויכטיקער ווי די רעגירונגס־שול. דער אייביקער יידישער גייסט האָט באַקומען אויך מער „קערפּער", מער פי־זישע מעגלעכקייטן צו געבן דעם קינד אַלע באַ־קוועמלעכקייטן, און דעם לערער אַלע מאָדערנסטע איינריכטונגען און פּעדאַגאָגישע עלעמענטן אויף בעסער צו דערפילן זיין דערציִונגס־אויפגאַבע.

די נייע, באַקוועמע, פיל־קלאַסיקע שול־בנינים, מיט אַ צענטראַליזירטער אָנפירונג, מיט אַ קוואַלי־פיצירטן לערער־פּערסאָנאַל, מיט איינהייטלעכע קלאַסן, זענען געוואָרן אַ מזל און ברכה פאַר דער יידישער שול־באַוועגונג אין לאַנד.

— ב —

די צווייטע און ווייטערדיקע איניציאַטיוו פון דער „צווישאָ" איז געווען די גרינדונג פון דער מיטלשול. אין יענער צייט איז עס געווען די ערשטע מיטל־שול ביי אַן עלעמענטאַר־שול, אַ מיטלשול, וואָס איז אָרגאַניש אויסגעוואַקסן פון קינדער־גאָרטן און פון דער אָנפאַנג־שול, ווי אַ קרוין־שפּיץ אויפן זעל־בן משפּחה־שטאַם.

די מיטלשול האָט באַטייט אַ נייער און העכערער עטאַפּ אין דעם גאַנצן דערציִונגס־וועזן אין לאַנד. נישט נאָר אַ העכערער עטאַפּ אין לימוד, נאָר אַ גאַנץ נייע באַציִונג פון די עלטערן און קינדער צו דער שול. מיטן אָפּלערנען די פינף־זעקס יאָר אין אָנ־פאַנג־שול, האָט עס שוין פאַרן קינד נישט געהייסן, אַז ער האָט „געענדיקט" די יידישע שול און פאַרן פאָטער — אַז ער האָט שוין זיין קינד געגעבן אַ



ישראל־מיניסטער, לוי אשכול און פרוי אויף אַ באַזוך אין דער שלום עליכם שול



ישראל־מיניסטער, לוי אשכול און פרוי באַגריסן די תלמידים

יידישע דערציִונג: אין דער זעלבער שול איז דאָך נאָך פאַראַן אַ יידישע מיטלשול...

די מיטלשול איז ווי אָרגאַניש אַריינגעוואַקסן אינעם ערשטלינג־קערפּער פון דער שול. דער קינדער־גאָרטן, עלעמענטאַר־שול און מיטלשול, זענען געוואָרן אַן אומצעטיילבאַרער איינס: די יידישע שול. און אַז אַ קינד איז אַריין אין קינדער־גאָרטן האָט ער שוין געלערנט זיינע צוועלף־דרייצן יאָר ביז ער האָט פאַרענדיקט אַלע דריי מדרגות. און אַז אַ פאָטער האָט געשיקט זיין קינד אין דער „יידישער שול“ האָט עס פאַר אים געמיינט אויך די מיטלשול.

און אַז עס איז אַזוי, באַווייזט דער דערפרייענדיקער פאַקט, וואָס אַריבער די ניינציק פּראָצענט שילער, וועלכע האָבן פאַרענדיקט די זעקס יאָר עלעמענטאַר־שול זעצן פאָר זייער בילדונג אין דער מיטלשול. ביי זיי איז עס אַ נאַטירלעכע פאָרזעצונג פון „גיין אין דער יידישער שול“ און ביי די עלטערן איז עס אַן אויסדרוק פון דעם לכתחילהדיקן פאַרלאַנג צו לאָזן די קינדער „ענדיקן“ די יידישע שול.

און אויך דער ביישפּיל פון דער מיטלשול האָט מצליח געווען. די גרעסערע יידישע שולן אין שטאָט און אויך אין דער פּראָווינץ, האָבן געמאַכט אַזאַ פּרוּוו — און מיט די בעסטע רעזולטאַטן. די מיטלשול האָט אַרויסגעהויבן די מדרגה פון דעם גאַנצן יידישן דערציִונגס־וועזן אין לאַנד, און האָט געשאַפן אַ נייעם באַוווסטזיין פאַר דער שול, אַ געפיל פון חשיבות פאַרן אויפטו און פון מער אחריות פאַרן יידישן קינד.

און אויך פאַר דער שלום עליכם־מיטלשול איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אייגענער דריי־שטאָקיקער בנין, וואָס שטייט האַרט ביים בנין פון דער מוטער־שול, אָבער וואָס שטייגט אים איבער אין אַרכיטעקטאָנישער שלימות און פּראַכט, ווי אַן אויסדרוק פון דער זאָרג און ליבשאַפט פון דער „צווישאָ“ פאַר איר פּעדאַגאָגישער קרוין־אינסטיטוציע.

— ג —

דער וויטערדיקער און דריטער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער „צווישאָ“ און פון דער שול־באַוועגונג אין לאַנד, אין דעראָבערן נייע פּאָזיציעס פון איינפלוס אויפן יידישן קינד, איז די גרינדונג פון דער קאָלאָניע „קינדערלאַנד“.

די אַרגענטינער קינדער האָבן די לענגסטע זומער־וואַקאַציעס. פון דריי אַ האַלבן ביז פיר מאָנאַטן. אַ פּריווילעגיע, וואָס ווערט אויך אַ שטראָף, וועלכע פאַרקירצט שטאַרק דעם זמן פון די לימודים. אַ שול־קאָלאָניע, וואָס זאָל געבן דעם קינד אַן אָפּרו אויפן שויס פון דער נאַטור און אויך פאַר אים שאַפן אַ לערן־סביבה — דאָס איז אַן אידעאַל, וועלכן עס האָט אין דער פולער מאָס באַוויזן צו פאַרווירקלעכן „קינדערלאַנד“.

און טריי דער טראַדיציע פון דער „צווישאָ“ איז די קאָלאָניע אויסגעשטאַט געוואָרן מיט דעם בעסטן און שענסטן. דאָס איז דער שטענדיקער אַרבעטס־סטיל פון דער שול־אָרגאַניזאַציע: נעמט מען אונטער אַן אונטערנעמונג שפּאָרט מען נישט אין קיין אויסגאַבן. דער ציל איז: סאָלידע בנינים, מאָדערנע אַרכיטעקטור, באַקוועמלעכקייטן צוגעפּאַסט פאַר די ספּעציפישע אויפגאַבן און די מאָדערנסטע איינריכטונג. און אַזוי איז געבויט געוואָרן „קינדערלאַנד“: עסטעטיש, באַקוועם, פּעדאַגאָגיש און סאָליד.

אין אַ גרין־צעבליטן פּאַרק מיט באַאָרטע ביימער און פלאַנצן, זענען אין אַ סימעטרישן סדר אויסגעשטעלט די בנינים, שפּיל־פּלעצער, אַ שווים־באַסיין; אָפּרו־ביידלעך איינגעהילטע אין בלעטערנדיקן גרינס און דופט פון פאַרשידנפאַרביקע בלומען. עס זעט אויס ווי אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע צו אַ קינדער־מעשהלע. אַ שיינער טרוים, וואָס איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט, אַ פאַנטאַסטיש קינדערלאַנד.

מיט „קינדערלאַנד“ איז איינגעפירט געוואָרן אַ נייער מעטאָד אין דער דערציִונג. עס ווערט געלערנט שפּילנדיק און עס ווערט געשפּילט לערנענדיק. דאָס „פאָלק“ פון קינדערלאַנד איז איינגעטיילט אין קבוצות און יעדע קבוצה האָט איר באָדן ווו מען גראָבט, מען זייט און מען פלאַנצט. נאָך דער אַרבעט זינגט מען יידישע און העברעיִשע לידער, מען טאַנצט ישראלדיקע טענץ, מען פּראַוועט יידישע ימים־טובים און מען הערט שיינע מעשיות, וואָס די לערער דערציילן פון ליטעראַטור און פון יידישער געשיכטע. די קינדער־גרופּן זענען איינגעטיילט לויטן עלטער און יעדע גרופּע האָט אירע לערער און דערציִער. דאָס קינדערלאַנד ווערט רעגירט לויט די דעמאָקראַטישסטע פּרינציפּן פון אַ פּעדאַגאָגישער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט נישט קיין אַנדער ציל ווי נאָר דעם וווילשטאַנד פון זיינע יונגע בירגער, וועלכע פאַרברענגען גליקלעך דעם זומער אויפן שויס פון דער נאַטור און אין אַ סביבה פון לויטערער יידישקייט.

אויך דער ביישפּיל פון „קינדערלאַנד“ האָט געהאַט זיינע נאָכפאָלגער און הלוואַי זאָלן זיך מערן אַזעלכע וווּנדערבאַרע יידישע אַנשטאַלטן. וואָס מער אַ קינד וועט זיין אונטערן דאַך פון אַ יידישער שול און אונטערן הימל פון אַ יידישער קאָלאָניע, אַלץ בעסער וועט זיין פאַרן קינד, פאַר די עלטערן און פאַרן ישוב.

— ד —

די „צווישאָ“ האָט אויף זיך גענומען די גאַנצע לאַסט פון „כל התחלות קשות“, פון אַלע אָנהייבן זענען שווער, און האָט אין איר פּערמאַנענטער שטרעבונג צום „אויב נישט נאָך העכער“ אויפן געביט פון שול־וועזן, זיך פּאַרמאָסטן צו גרינדן די ערשטע פולע אינטעגראַל־שול אין לאַנד: „רמת שלום“. אַן אינטעגראַל־שול, די ערשטע און איינציקע אין איר מין, וואָס וועט פאַראייניקן אַ קאָלאָניע, אַ קינדערגאָרטן און עלעמענטאַר־שול אין יידיש, העברעיש און שפּאַניש, מיט אַלע רעכט פון אַן אָפיציעלן דערציִונגס־אַנשטאַלט.

אַ שול און קאָלאָניע, אין דעם זין איז עס דער ערשטער פּרווו און גרויסער פּאַרמעסט אויפן געביט פון דער יידישער דערציִונג. אַ שול אויפן שויס פון דער נאַטור אין אַ פּרעכטיקן פּאַרק אויסער דער שטאָט און דאָך נישט ווייט פון שטאָטישן צענטער.

אַ קאָלאָניע און אַ שול, אין וועלכער אַ קינד וועט קענען לערנען און פאַרברענגען, געניסן פון שול און פון נאַטור, דעם גאַנצן טאָג און אין פאַרלויף פון אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר.

רמת שלום ברענגט אַריין אַ גאַנץ נייעם קאָנצעפּט אין דער קינדער־דערציִונג און שאַפט נייע מעגלעכקייטן. אין דער אַרבעט וועלן זיכער די מעגלעכקייטן אויסגענוצט ווערן אַזוי אין פּראָגראַם פון די לימודים ווי אויך אינעם אויסלעבן זיך פון קינד דעם גאַנצן טאָג אין אַזאַ הערלעכער קינדישער מלוכה.

און ווידער אַ מאָל: טריי איר טראַדיציע צו בויען אַ שול מיט דער גאַנצער פּראַכט, ווי אַ מקום קדוש, וואָס ווערט געשאַפן מיט הייליקן ציטער, שפּאָרט די „צווישאָ“ נישט קיין מי און געלט, אַז די שול זאָל זיין אַ מוסטער און אַ שטאָלץ פאַרן ישוב. עס ווערט אויפגעשטעלט אַ פּאַלאַץ אין אַן אַלטן פריצישן פּאַרק, וואָס וועט זיין די ערשטע וועלטלעכע אינטעגראַל־שול פאַר יידישע קינדער.

מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דעם אונטערנעמונגסגייסט פון דער „צווישאָ“, אויף איר דינאַמישן אימפּעט און פּראָגרעסיוון דראַנג צו שטענדיקער באַנייונג, וואָס שלאָגט טיפע וואָרצלען אין יידישן באָדן און שטעלט זיך די העכסטע פּעדאַגאָגישע צילן. די „צווישאָ“ וואַקסט אויך אין דער ברייט. אויך די צווייטע שלום עליכם־שול אין מאַטאַדעראָס, אין אַ דריי־שטאָקיקער מאָדערנער געביידע, איז אַ וויכטיקער קולטור־צענטער אין איר געגנט. דאָס זעלבע איז אויך די שול אין פלאָרידאַ, וועלכע בילדן אַלע צוזאַמען די זאַמל־פּונקטן און באַוועג־קרעפטן פון אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג אין לאַנד אונטערן נאָמען „צענטראַלע וועלטלעכע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע — צווישאָ שלום עליכם־שולן אין אַרגענטינע“.



אין לייען־זאַל פון דער צענטראַלער שלום עליכם שול

**חיים וואַרזאַגער** (מאָנטעווידעאָ)

# 30 יאָר צווישאָ אין אַרגענטינע – אַ נצחון פון יידישן פאָלקס־זשעני

די צווישאָ אין אַרגענטינע פייערט איצט 30 יאָר לעבן און שאַפן. דאָס איז אַ גרויס קאַפּיטל געשיכטע נישט נאָר פון דעם האַלבן מיליאָניקן יידישן ישוב, נייערט אַ קאַפּיטל, וואָס וועט אַריין, מיט גאָלדענע אותיות, אין די אַנאַלן פון דער יידישער וועלט־געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט.

מיר זענען צו נאָענט אין צייט און, מן־הסתם, סוביעקטיוו צוליב אידעאָלאָגישער נאָענטקייט, צו דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש כדי צו זיין פאַרהיט פון איבעריקע סופּערלאַטיוון. אָבער דער גייסט פון היסטאָרישער גערעכטיקייט, וואָס נעסטעט אין אונדז וועט זיין דער „קאָמפּאַס" אַרויסצונעמען דעם קרן־היסוד פון דעם וואָס צווישאָ באַטייט פאַרן יידישן חינוך אין אַרגענטינע, אויפן קאָנטינענט און — ווייט, ווייט אויסער דעם קאָנטינענט.

זאָלביים סאַמע אָנהייב געזאָגט ווערן, אַז דער וויכוח ווער עס שאַפט געשיכטע: דער יחיד אָדער דער כלל? איז נישט איבעריק ניי. זיכער איז דאָס פאָלק, דער כלל, דער טרעגער און פאַרווירקלעכער פון אידעען און אידעאַלן, אָבער אָן דעם שעפערישן יחיד, וואָס זאָל אי זייען און באַזוימען דעם באָדן, אי רעזומירן און פאָרמולירן אידעען און געדאַנקען, און ווער שמועסט נאָך, דורך פערזענלעכע ביישפּילן וויזן דעם וועג צו רעאַליזירונג — אָן דעם איז כמעט נישט מעגלעך צו שאַפן קיין גרויסע פאָלקסבאַוועגונג און אַ ווייט־דויערנדיק ווערק לטובת דעם כלל.

ווען מיר, דוכט זיך אונדז, נישט זינדיקן קעגן קיינעם ווען מיר וועלן דערמאָנען, אַז דער דאָזיקער שעפערישער יחיד ביים אויסטרוימען און פאָרמולירן די גרונט־פּרינציפּן פון דעם צווישאָווערק, איז נישט געווען קיין אַנדערער ווי דער באַשיידענער בריסקער יונגער פּועלי־ציוניסט, חיים פינקעלשטיין.

ער האָט עס דערשפּירט מיט אַלע זיינע אָפענע חושים, אַז געקומען איז די צייט אויפצוהייבן אַ גרויסע באַוועגונג אַרום דער יידישער דערציִונג. מן־הסתם זענען געווען אָנגערייפט באַדינגונגען. ערגעץ האָבן גענעסטעט מעגלעכקייטן אויך, אָבער דערפירן צו ממשותדיקער טאַט האָט געדאַרפט קו־

מען אַ פינקעלשטיין, אַזאַ פינקעלשטיין, וואָס זאָל פאַרמאָגן וויזיע, שווונג און — אַ ים מיט געדולד.

אין 1934 איז די צווישאָ געבוירן געוואָרן. דאָס איז געווען אַ יאָר נאָך דעם ווי היטלער האָט אָנגעהויבן באַהערשן דאָס לאַנד פון געטע און היינע און זיך פאַרמאָסטן צו פאַרשקלאַפן די גאַנצע וועלט און אויסראָטן דאָס פאָלק ישראל פון ערד־קיילעך.

אָן אימה האָט דער עסטרייכער שמירער אָנגעוואָרפן אויף דער וועלט — אָן יידן אויף דער וועלט — האָט מען געדאַרפט אָנהייבן זוכן וועגן ווי אַזוי, באַצייטנס, שאַפן נייע ראַמען און נייע פאָרמען אויפצוהאַלטן דאָס יידישע לעבן, ערב דעם שטורעם.

די גרונט־אידעע וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער צווישאָ איז דער אַלטער און אייביק־גילטיקער; בויען איידער עס ווערט צו שפּעט, איידער עס ווערט ווו חרוב, און בויען און אויפבויען דאָרטן ווו עס איז חרוב געוואָרן.

במשך פון די 30 יאָר זינט צווישאָ עקסיסטירט זענען וועגן אירע אויפטוען און אירע דערגרייכונגען געגרעדט און געשריבן געוואָרן אומעטום ווו יידן לעבן, און ווען דאָס אַלץ וואָלט אויפגעזאַמלט געוואָרן, וואָלט עס מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנצע ליטעראַטור. זי האָט געגאָסן און געניסט פון אַ פּאָפּולאַריטעט אין דער יידישער וועלט.

צווישאָ האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם און באַגייטן נוסח אין דעם יידישן חינוך און דער דאָזיקער נוסח ווערט און קען ווערן דער וועגווייזער פאַר דער יידישער דערציִונג.

אין וואָס באַשטייט דער נוסח פון דער צווישאָ? ער באַשטייט אין דעם סינטעז, אין דער האַרמאָניע, וואָס אַלע גייסטיקע ווערטן פון אַלע צייטן זענען אַריינגעוועבט אין די דערציִונגס־אידעאַלן, וואָס צווישאָ ווענדט אָן אין אירע דערציִונגס־אַנשטאַלטן.

נאָך אַ גרונט־שטריך פון דער צווישאָ איז כדאי צו באַטאָנען, ווייל צווישאָ שעפּט פון די אַלטע און נייע קוואַלן — פון אַלע יידישע אוצרות — איז זי נישט פאַרגליווערט; אײן מאָל פאָרמולירט די דערציִונגס־פּרינציפּן „מוזן זיי", דאַרפן זיי, שוין גילטן אויף אייביק — אויף שטענדיק.

דערציִונג, ווי יעדער גייסטיקע שאַפונג, דאַרף

זיך אָפּטער באַנייען, דאַרף זיך באַפרישן און באַ־זאַפטן מיט נייע שאַפונגען און נייע ווערטן, וואָס דער שעפערישער יידישער פאָלקס־זשעני הערט קיין מאָל נישט אויף. דערציִונג בכלל און יידישע בפרט קען אַוודאי נישט זיין אָפּגעריסן פון לעבן, פון אומשטאַנדן און באַדינגונגען, פון היסטאָרישע אמתן, וואָס זענען, אין תוך־גענומען, אייביק ווערטפול, אייביק ניי.

און ווען עס געלינגט אַ באַוועגונג דאָס אַלץ — סינטעטיזירן און האַרמאָניזירן די אייביקע יידישע ווערטן מיט די וועלכע ווערן געשאַפן ביי אַלע געענדערטע באַדינגונגען — דעמאָלט קען אַזאַ באַוועגונג דערגרייכן אומגעהייערע זאַכן, וואָרעם איר שאַפערישער גייסט טוט זיך פון איר קיין מאָל נישט אָפּ.

אַזאַ באַוועגונג איז נישט נאָר וואָס זי איז ביכולת צו ברענגען און רעאַליזירן נייע איניציאַטיוועס, נייערט זי ווערט אַ באַפרוכפּערדיקער פאַקטאָר פאַר אַ ברייטן אַרום. אירע זוימען פאַרשפּרייטן זיך אויף אַלע באָדנס און רעגן אָן צו מעשים, צו גרויסע דאַגאָגישע פראַגן, דאָס ליגט נישט אין אונדזער מעשים.

נאָר אַזוי איז צו פאַרשטיין אירע אייגענע, דער צווישאָס, קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען אויפן שטח פון דער יידישער נאַציאָנאַלער וועלטלעכער דערציִונג און איר סטימולירנדיקע ווירקונג און השפעה אויפן גאַנצן יידישן חינוך.

צווישאָ איז די איינציקע שול־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַ לערנאַנשטאַלט — די שלום עליכם־שול — וואָס האָט אַליין אַריבער 2.000 תלמידים, די גרעסטע אויף דער יידישער וועלט־מאַפּע.

צווישאָ האָט אויסגעבויט אַ „קינדערלאַנד“, וואָס איז אויך שוין געוואָרן אַ שם־דבר אויסער די גרענעצן פון אַרגענטינע. איצט בויט זי אַ אינטעגראַלע אינטערנאַט־שולע „רמת שלום“.

די סאַמע רייכסטע פאַנטאַזיע וועט דאָך זיך נישט קענען פאָרשטעלן און שאַפן זיך אַ בילד, וואָס עס מיינט אַ יידישע שול פון 2.000 קינדער, וואָס עס מיינט און שטעלט מיט זיך פאָר „קינדערלאַנד“ און וואָס עס וואַקסט אויס אין רמת־שלום, אויב מען האָט די אַלע זאַכן נישט געזען מיט די אייגענע אויגן.

דער עצם פאַקט פון קענען איינזאַמלען 2.000 יידישע קינדער אין איין שול איז דאָס נישט נאָר פון גרויס דערציִעריש ווערט. עס איז, פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, אַן אומגעהייערע אויפטו, ממש אַ גרויסע פאָלק־שליחות אויסגעפירט.

דאָס זעלביקע קען מען דאָך זאָגן וועגן „קינדערלאַנד“. וויפל שרייבער, דיכטער, קינסטלער יידישע האָבן באַזוכט „קינדערלאַנד“, האָט יעדער געפונען אַן אַנדער באַצייכענונג פאַר דעם אָרט אַוווּ, אויף דער פרייער נאַטור, ווערט דערצויגן אַ גאַנצער און שטאָלצער מענטש — אַ גאַנצער און שטאָלצער ייד. „קינדערלאַנד“ האָט היינט אַ „סך“ נעמען, „חלום־לאַנד“, „וווּנדערלאַנד“ — די אַלע באַצייכענונגען ווייזן וויפל התפעלות „קינדערלאַנד“ רופט אַרויס ביים באַזוכער.

די דריטע גרויסע איניציאַטיוו וואָס צווישאָ רעאַליזירט, איז די אינטעגראַלע אינטערנאַט־שול.

מען דאַרף זען מיט די אייגענע אויגן דעם צעמענטענעם סקעלעט וואָס הייבט זיך אַרויס אין דעם קליינעם פאַרשטעטל ראַמאָס מעכיאַ, וואָס ווערט געיידישט — געהייליקט — אין אַ רמת שלום. דער גייסטיקער אַרכיטעקט פון דעם נייעם דערציִונגס־ווערק איז ווידער חיים פינקעלשטיין. ער טרוימט אים אויס, אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט. און אין זיין דמיון זעט ער שוין, אין דעם גרויען סקעלעט, אַ קינדער־פּאַלאַץ אָנגעפילט מיט לעבן, מיט געזאַנג פון יידישע קינדער — מיטן ניגון פון יידישער תורה און יידישער חכמה.

דער שרייבער פון די שורות האָט דאָס אַלץ געזען און געזען נישט איין מאָל, און ווייס וויפל כוחות און וויפל געזונט מען דאַרף אַריינלייגן דאָס צו רעאַליזירן.

צוהילף דעם שעפערישן יחיד זענען געקומען חברים; חסידים און מיט לייב און לעבן, מיט ברען און באַגייסטערונג העלפן זיי בויען, טראָגן אַ ציגל צו אַ ציגל און די „וואָכעדיקע“ בוי־אַרבעט ווערט, ביי די אַלע בויערס און מיטבויערס, דער שבת פון זייער לעבן.

און אויב עס פאַרגנבעט זיך ערגעץ, אין די טיפעניש פונעם שעפערישן יחיד, צווייפלען וועגן דער דורכפירבאַרקייט פון די אָנגעהויבענע איניציאַטיוועס, ווערן זיי „געדעקט“ מיט דער התלהבות פון דעם אַרום.

אין טאָג פון גרויסן יום־טוב אייערן, חברים פון אַרגענטינע, שיקן מיר אייך איבער אונדזערע ברכות; זאָל אייער מי, אייער אָנשטרענג, קיין מאָל, און פון קיין שום בייזע כוחות, צעשטערט ווערן!

30 יאָר צווישאָ מיינט דרייסיק יאָר פון דערציִען דורות יידן, וואָס זאָלן ווערט זיין צו טראָגן הויך די פאָן פון אונדזערע פאָלק־אידעאַלן; די אידעאַלן פון דער פולער יידישער באַפרייונג — אַ גרויס שעפעריש פאָטערלאַנד, מדינת ישראל, און אַ נאַציאָנאַל־שעפעריש הינטערלאַנד, וואָס זאָל זיין דער קוואַליקער רעזערוואַר פאַר דער יידישער אייביקייט.

שניאור וואַסערמאַן

# די לאַבאָראַטאָריע צו שאַפן אַ ייִדישע אינטעליגענץ

די זאָרג פון די מנהיגים פון ייִדישן פאָלק אין די צוויי טויזנט יאָר גלות־געשיכטע איז אין זיין לעצטן סך־הכל געווען: אויפצוהאַלטן דאָס ייִדישע פאָלק אין זיין צעשפּרייטקייט.

שאַפן די גייסטיקע מלוכה, דעם גדר אַרום דער ייִדישער צעשפּרייטקייט. דער וויכטיקסטער צעמענטירונגס־כוח איז געווען: נערן דעם חלום פון צוריקקער אין אייגענעם לאַנד.

און די מענטשלעכע געשיכטע, וואָס „פירט זיך לויט אייזערנע, איינגעשטעלטע געזעצן“, האָט דאָך פאַרן ייִדישן פאָלק געמאַכט דעם אומדערקלערלעכן אויסנאַם, אַן „אָפּווייכונג“ פון איר געשיכט׳ ליניע, און דערהאַלטן די ייִדן צעשפּרייט איבער אַלע ימים און מדבריות, ווי אַ פאָלק גאַנצע צוויי טויזנט יאָר. דאָס רוב ייִדן פון אַלע לענדער און אונטער אַלע אומשטענדן האָבן זיך אין די דאָזיקע צוויי טויזנט יאָר נישט אויפגעהערט צו באַטראַכטן פאַר „צייטווייליק“־פאַרטריבענע פון זייער לאַנד, צו וועלכן זיי וועלן זיך בקרוב אומקערן.

כאָטש די מיטלען אויפצוהאַלטן די צוגעבונדנקייט צום אייגענעם פאָלק, זענען אין פאַרשידענע צייטן געווען פאַרשידן, האָט זיכער די הויפּט־ראָלע געשפּילט די דערציִונג.

ביזן 19טן יאָרהונדערט, ווען דער רענעסאַנס האָט אויך גענומען קלאַפּן אין די לאָדנס פון די ייִדישע געטאָ־געסלעך, האָט ייִדישע דערציִונג געמיינט אויסשליסלעך — רעליגיעזע דערציִונג.

די נייע רענעסאַנס־ווינטן האָבן אַריינגעבלאָזן אַ ביסל וועלטלעכקייט אין דער דערציִונג פון קינד.

דער טייטל מיטן קאַנטשיק האָבן אָפּגעטרעטן דעם פּלאַץ פאַר דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק; דער לערער האָט פאַרביטן דעם מלמד; אויפן אָרט פון דער אָנגעהעריקייט צו איין רעליגיע — איז אַריינגעטרעטן דער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזיין, די אָנגעהעריקייט צו איין פאָלק; דאָס וואַרטן אויפן איין און איינציקן דערלייזער איז פאַרביטן געוואָרן אויף דער טאַט פון דערלייזונג...

האָט זיך דערמיט אָנגעהויבן אַ נייע איבערגעשטאַלטונג פון ייִדישן יחיד און פון ייִדישן כלל. אין דער דאָזיקער איבערגעשטאַלטונג האָט די ייִדיש־וועלטלעכע שול גענומען שפּילן די הויפּט־ראָל. די ערשטע גרויסע לאַבאָראַטאָריע — דאָס מאָדערנע יבנה — איז געווען דאָס ייִדיש־וועלטלעכע שולוועזן („צישאָ“) אין פּוילן. דאָרט, אין די הונדערטער עלעמענטאַר שולן, אין די מיטלשולן און סעמינאַר, האָט מען זיך באַמיט אויסצופורעמען דעם נייעם ייִד־מענטש, וועלכער זאָל דעם אַלטן חלום פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דערלייזונג — פאַרווירקלעכן דורך מעשים.

אין זייער גייסט, לויט זייער אינספּיראַציע, איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן די „צווישאָ“ און די „שלום עליכם“־שולן אין אַרגענטינע.

די „צווישאָ“ איז שוין אַריינגעטרעטן אין צווייטן פערטל יאָרהונדערט פון איר עקסיסטענץ און איצט פייערן מיר שוין 14 יאָר מיטלשול ביי דער צווישאָ.

דער הויפּט־צוועק פון דער מיטלשול און איצט אויך פון סעמינאַר איז, אין גרונט גענומען איינער: אויסגעגעשטאַלטיקן די נייע נאַציאָנאַלע ייִדישע אינטעליגענץ.

דאָס באַשעפטיקן אַ גרויסן טייל פון די, וואָס ענדיקן די מיטלשול און דעם סעמינאַר ביי לערעריי, איז זיכער זייער ערשטער שריט אין ייִדישן לעבן, אָבער נישט דער איינציקער. אין זיי, דער נייער ייִדישער אינטעליגענץ, נייטיקט זיך דער גאַנצער ישוב: די הונדערטער ייִדישע אינסטיטוציעס, די צענדליקער ייִדישע, שפּאַנישע און העברעיִשע שריפטן, די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס און די ייִדישע מדינה, וועלכע שמעלצט איבער די ייִדן פון עטלעכע און זיבעציק לענדער — אין איין ייִדיש פאָלק.

די מיטלשול ביי דער צווישאָ איז בלויז אַ טייל פון



יוסף שפּרינצאַק און יעקב צור אויף אַן אויפנאַמע אין דער שלום עליכם שול

די לאַבאָראַטאָריעס אין אונדזער ישוב, ווו עס ווערט געשאַפן די יונגע יידישע אינטעליגענץ, אָבער זי איז איינע פון די וויכטיקסטע, פון די דערפאָלג־רייכסטע.

כמעט אַלע תלמידים, וואָס פאַרענדיקן דעם 6טן קלאַס אין דער שלום עליכם־פאָלקסשול — טרעטן אַריין אין דער מיטלשול. אין וועג צווישן די ביידע שולן ווערט כמעט גאָרניט פאַרלוירן. ס׳איז אַ באַוויז פון דער געוווּנענער פאַראינטערעסירטקייט פון קינד — און דאָס איז דאָך דאָס וויכטיקסטע; דאָס איז דאָך די אָנשטרענגונג פון דער פעדאַגאָגיק.

די אויפגאַבע פון דער יידישער שול איז דאָך: געווינען דאָס קינד פאַר דער שול, כדי דורך דער שול — געווינען עס פאַרן פאָלק.

די נאַציאָנאַל־וועלטלעכע דערציִונג אין ביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן, איז אין אונדזער תקופה די וויכטיקסטע לאַבאָראַטאָריע צו שאַפן דעם נייעם יידישן מענטש. דעם מענטש, וואָס שמעלצט איבער די בעסטע ווערטן פון דער לאַנגער יידישער געשיכטע אין דער נייער פורעם פון היינטצייטיקן פאָלק און מדינה.

אין אונדזער ישוב איז די שלום עליכם מיטלשול, ווי שוין געזאָגט, פון די וויכטיקסטע לאַבאָראַטאָריעס פאַר אָט־דעם צוועק אויפן קאָנטינענט.

מיט דער וויזיע איז זי געשאַפן געוואָרן און מיט אירע פלייסיקע 14 יאָר אַרבעט האָט זיך די מיטלשול אַריינגעשמידט, ווי אַ גילדענער רינג אין דער דורותדיקער קייט פון דערציִונג מיטן פנים צום פאָלק און צו דער מדינה.

אין בראשית פון יידישן פאָלק זענען פון צוועלף שבטים אויסגעשמידט געוואָרן איין נאַציע; די היינטיקע יידישע נאַציע ווערט צוזאַמענגעשמאָלצן פון עטלעכע און זיבעציק „שבטים״. די יידישע שול פון דעם כאַראַקטער ווי די שלום עליכם־שול, איז פון די בעסטע רעאַליזירער, וואָס העלפטנ אין אונדזער ישוב און לויט איר ביישפּיל — אויך אין אַנדערע ישובים — אין דער שווערער היסטאָרישער אַרבעט פון צונויפנעמען די צעוואָרפענעביינער אין טאָל און זיי באַהעפטן אין אַ לעבעדיק פאָלק.

אַז די אַרבעט אין דער שלום עליכם מיטלשול ווערט ווי געהעריק געטאָן, האָבן באַוויזן די פּילצאָליקע עפנטלעכע אויפטריטן פון די תלמידים; זייערע געלייענטע און גערעדטע לעקציעס האָבן באַשטעטיקט, אַז די תלמידים זענען די נאַטירלעכע קנאָספּן אויף אונדזער פאָלקס־בוים. זייער וויסן איז נישט קיין אימפּראָוויזירטס, נאָר אַ גרינטלעכס; זייערע צוגעגרייטע קלאַסן־אַרבעטן זענען נישט קיין אימיטאַציעס, אַפילו נישט פון זייערע אייגענע לערערס, נאָר ס׳איז אייגענער שניט אויפן דעראָבערטן באָדן פון וויסן.

נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע מיטלשול, ווערן די תלמידים אויפן נאַטירלעכן וועג אַריינגערינגלט אין דער קייט פון יידישן לעבן — און דאָס איז דאָך דער צוועק פון אונדזער דערציִונג.

דאָס איז אין גייסט פון דער יידישער געשיכטע, וואָס שטעלט אירע אייגענע טריט אינעם פאָרויסגאַנג אויפן ברייטן געשיכטלעכן שליאַך פון די פעלקער.



ד״ר קובאָווי, שגריר פון מדינת ישראל, באַגריסט די קינדער אויף אַ באַזוך אין דער שלום־עליכם־שול

ד״ר יונה קאָווענסקי

# אינטעגראַלע שולן און פּאַראַלעלע יידישע צוגאָב־שולן

**פאָרגעבראַכטע טעזיסן, ביי דעם סימפּאָזיום איבער דער טעמע, אויפן כינוס פון דער צווישאָ**

עס וואָלט אַוודאי צייט געווען עס זאָל זיך געפינען דער באַרופענער היסטאָריקער, וואָס זאָל מיט דער געהעריקער אָביעקטיווקייט און אַחריות, זיך פאַרמעסטן צו שרייבן די פולע געשיכטע פון אונדזער ישוב, זיינע באַזונדערע עטאַפּן און זיינע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן. ביז איצט איז דאָס נאָך נישט געטאָן געוואָרן. אַלץ וואָס מען האָט געפּרווווט אויף דעם געביט האָט זיך נישט איינגעגעבן. אפשר, ווייל עס פעלט די פולע דאָקומענטאַציע וואָס אַזאַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט האָט נייטיק און אפשר דער באַרופענער היסטאָריקער. מיר האָבן קיין מזל ניט געהאַט אַפילו צו אַזאַ וויכטיקן היסטאָריקער און וויסנשאַפטלער ווי ד״ר יעקב שאַצקי ז״ל. זיין ביכל „יידישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע״*, אין וועלכן 62 זייטלעך זענען אָפּגעגעבן פאַר אַרגענטינע, איז ליידער אַזאַ מאָגערע מאָנאָגראַפיע וואָס קאָן נישט דינען אַפילו ווי אַ באַזיס פאַר אַ ברייטער און טיפערער אַרבעט.

דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע האָט אין די לעצטע יאָרצענדליקער צו פאַרצייכענען אַ צאָל גרויסע, וויכטיקע אויפטוען, וועלכע האָבן גורם געווען אים, דעם ישוב, אַרויסצורוקן אין די סאַמע פאָדערשטע רייען צווישן די יידישע ישובים אין דער וועלט.

איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען איז, אָן שום ספק, דער אייגנאַרטיקער יידישער שול־וועזן אין אַרגענטינע.

מיר שטרייכן אונטער אייגנאַרטיקער, ווייל די יידישע שולן אין אַרגענטינע, צו וועלכע מען קאָן צורעכענען אַ צאָל שולן אין שכנותדיקן מאָנטעווידעאָ, זענען לגמרי אַנדערש ווי די פון אַנדערע יידישע ישובים אין דער וועלט. אַנדערש אין זייער עצם כאַראַקטער, מערסטנס יידיש־העברעיִשע, נאַציאָנאַלע און אָריענטירט מיטן פּנים צו ישראל; אַנדערש, מחמת זייערע דערגרייכונגען, וואָס שטייגן איבער די פון אַנדערע לענדער, און אַנדערש, ווייל זיי זענען כמעט אַלע צוגאָבשולן, מיר וואָלטן ריכטיקער געזאָגט, פּאַראַלעלע שולן.

אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט ווערן אָפּגעוואָרפן די „פּאַנאַצעאַס״, רפואות וואָס זאָלן פאַרשריבן ווערן פאַר אַלע יעניקע וואָס ליידן, למשל, פון ענדעמישע פיבער־קראַנקייטן. טאַקע אויגנשיינלעך, לויט די סימפּטאָמען, די זעלבע מחלה, אָבער בכדי צו באַקעמפן זי, מוז מען גוט שטודירן די ספּעציפישע פאַרהעלטענישן פון דעם חולה, די סביבה, די קלימאַטישע באַדינגונגען אאַז״וו, און ערשט דאַן מוז מען דערגיין וועלכער איז דער ווירוס וואָס פאַראורזאַכט דעם פיבער און וועלכע פון די פאַרשיידענע מעדיקאַמענטן (למשל די מאָדערנע אַנטיביאָטיקס) זענען ספּעציפיש מסוגל אָט דעם ווירוס צו פאַרניכטן. אַזוי אַרום ווייזט זיך אָפּט מאָל אַרויס, אַז דער אַנטיביאָטיק וואָס איז גוט פאַר איין קראַנקן, וועט אַ צווייטן העלפן ווי אַ שיר־המעלות צוקאָפּנס...

מיר זאָגן דאָס אַנטקעגן דעם וואָס געוויסע „ספּעציאַליסטן״, וועלכע קענען נישט אונדזערע היגע באַדינגונגען, און וואָס באַמיִען זיך אַפילו נישט זיי צו שטודירן, דערהערן אַז אונדזערע שולן זענען נאָר פאַר יידישקייט לימודים און די תלמידים דאַרפן באַזוכן אַ צווייטע שול, אַ מלוכהשע, בכדי דאָרט צו דערלערנען דעם אַלגעמיינעם וויסן — פאַרקרימען זיי די נאָז מיט אַ קאַטעגאָרישן ביטול, און רוקן גלייך אונטער די פּאַנאַצעאַ: אינטעגראַלע שולן.

לעצטנס איז ביי אונדז דערשינען אַ נייע מאָדע־לאָזונג: אינטעגראַלע שולן.

געשטויסן פון פאַרשיידענע סעקטאָרן און פּאַקטאָרן, זענען אויפגעקומען, אין דער הויפּטשטאָט און אין אייניקע פּראָווינץ־שטעט, אַ צאָל אַזוי גערופע־

* „יידישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע״ — אַרויסגעגעבן פון אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט — בוענאָס־איירעס 1952.

נע אינטעגראַלע שולן, אין וועלכע מען האָט קודם־כל מקיים געווען די „מצווה" פון רעדוצירן, אָדער אין גאַנצן עוקר מן השורש זײַן, ייִדיש לשון און ייִדישע פֿאָלקסטימלעכקייט; איינגעשטעלט אַ נייע השגה פון אַ לייכטער ייִדישקייט" (אַ תורה וואָס לאָזט זיך גיכער מקבל זײַן...) און זיך באַגרענעצן אויף ספרדית, אַנגלית, עברית.

נישט געקוקט דערויף, ווערט צעבלאָזן דורך שאַלן און טרומייטערס, די לאָזונג, אַז גראָד די אינטעגראַלע שול זאָל קענען דינען ווי אַ רעצעפּט צו אַלע מחלות איינשליסלעך צו „פֿאַרמײַדן די דעזערציע פון העכערע גראַדן" און מאַכן „וואַקסן אויף דעם כמות", ד״ה די צאָל תלמידים אין די שולן.

אָט דער דאָזיקער אופן פון פֿאַרשרייבן עמפּיריש די פּאַנאַצעאַ, איז נישט קיין נייער. פֿאַרהעלטנישמעסיק ניי איז נאָך דאָס כישוף־וואָרט אינטעגראַל. לאָמיר דאָ דערמאָנען:

אין 1932, ד״ה מיט 32 יאָר צוריק, האָבן מיר דאָ געהאַט צו גאַסט זלמן רייזען ז״ל. ער איז אַהער געקומען צו פירן אַ קאַמפּיין (דעם ביז דאַן דאָ הי גרעסטן קאַמפּיין פאַר קולטור־צוועקן) לטובת דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט „ייִוואָ" אין ווילנע. דער שרייבער פון די שורות איז דעמאָלט געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון היגן ייִוואָ־אָפּטייל און פון געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט אָנצופירן דעם קאַמפּיין. מיר האָבן דעם גאַסט געפירט ווייזן אונדזערע, דאַן כמעט איינציקע, וועלטלעכע ייִדישע שולן, די „באַראַכאָוו־שולן", וועלכע האָבן שוין געציילט 12 יאָר טעטיקייט. רייזען האָט ממש אָנגעקוואָלן פון התפעלות ביים הערן תלמידים ריידן פריי ייִדיש און ווייזן בקיאות אין ייִדישער געשיכטע און קענטעניש אין ייִדישער ליטעראַטור.

— נו, און נאַטור־וויסנשאַפט, געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק אאַז״וו? — האָט ער אַ פרעג געטאָן. ווען מיר האָבן אים אויפגעקלערט, אַז דאָ לערנען די קינדער די לימודים אין דער מלוכה־שול אין פאַרלויף פון איין האַלבן טאָג, און דעם צווייטן האַלבן טאָג לערנען זיי אין דער ייִדישער שול, — האָבן אונדזערע שולן ביי אים פאַרלאָרן דעם גאַנצן חן... איז ער זלמן רייזען, דאָך געקומען פון פוילן, נאָך מער, פון ווילנע, ווו די ייִדישע שולן האָבן געהייסן וועלטלעכע, נישט נאָר ווייל זיי זענען געווען נישט־רעליגיעזע, נייערט ווייל זיי האָבן איינגעשלאָסן אַלע וועלטלעכע לימודים, געלערנט אין דער ייִדישער שפּראַך (פויליש נאָר ווי אַ קעגנשטאַנד) און דאָס איינגעשלאָסן ווי אַ באַשטאַנדטייל אין דעם קאַמף פאַר ייִדישער נאַציאָנאַלער מינאָריטעטן־רעכט, אויפן סמך פון אַן עקסיסטירנדיקן קאָנסטיטוציאָנעלן לאַנד־געזעץ. מיר האָבן געמוזט מיט אים לאַנג איינטענהן און מסביר זיין, אַז דאָ, אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער עקסיסטירט נישט קיין מינאָריטעטן־רעכט, אַז אויך אין די ענגלישע, דייטשע און איטאַליענישע שולן ווערן געלערנט אַלע לימודים לויט דער מלוכהשער פּראָגראַם און אין דער אָפיציעלער שפּאַנישער שפּראַך, און ענגליש, דייטש און איטאַליעניש ווי אַ צוגאָב אין די נאָכשול־שעהען. רייזען, דער קאָנסעקווענטער עקשנותדיקער קעמפער פאַר ייִדישער קולטור און ייִדישער מינאָריטעטן־רעכט, האָט דאָס קוים געקענט באַגרייפן.

גענוי די זעלביקע טענות פלעגן מיר הערן יענע יאָרן מצד פאַרטיי־חברים, ערשט איינגעוואַנדערטע, וועלכע זענען געווען לערערס, שול־טוערס אָדער געוועזענע תלמידים פון ציש״אָ אָדער תרבות־שולן אין פוילן, איידער זייער איינלעבן זיך אין די היגע באַדינגונגען.

אַ יאָר שפּעטער קומט אַהער פון פוילן, אין שליחות פון ציש״אָ, דער בונדיסט ב. טאַבאַטשינסקי. „די היגע עקסיסטירנדיקע שולן זענען צוגאָב־שולן?" פּע! ער באַוועגט זיינע פאַרטיי־חברים צו מעשים; עס שאַפט זיך די „געזעלשאַפט פאַר ייִדיש־וועלטלעכע שולן", וועלכע זאָגט אָן, אַז זי וועט גרינדן אַ טאָגשול פאַר אַלע לימודים, ווי אין פוילן, און „אַ פּריאָרי" פּראָקלאַמירט מען אַ קלינגענדיקן נאָמען: „מוסטער־שול"; אָנהייבן הייבט מען אָן מיט אַ קינדער־גאָרטן, שפּעטער, אויך ערשטע עלעמענטאַרע גראַדן, אָבער דערוויל בלויז פאַר ייִדישע לימודים. ווען די טוערס פון דער געזעלשאַפט עקספּערימענטירן שולאַרבעט אין דער היגער ווירקלעכקייט, ווערט ביסלעכווייז פאַרגעסן די צוגעזאָגטע „מוסטער־שול" און, אַפילו שוין אין דעם נייעם בנין, בלייבט די י. ל. פּרץ־שול אין צענטער אַ שול ווי אַלע שולן דאָ.

**
*

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז דאָ באַקומען די קינדער אין דער מלוכה־שול די אַלגעמיינע לימודים און דאַרפן צוגעבן: די מלוכה־שול איז אין גאַנצן אומזיסט, אָן שום אָפּצאָל, און איז טעכניש, פּעדאַגאָגיש און עסטעטיש (איבערהויפּט אין דער שטאָט בוענאָס איירעס, און אַנדערע וויכטיקע שטעט) אויף אַ גאַנץ הויכן ניוואָ.

אין אַרגענטינע איז איינגעפירט, אַז אַלע קינדער אין דער עלעמענטאַר־שול און אויך די לערערס און לערערקעס, טראָגן אָבליגאַטאָריש אַ ווייסן פאַרטעך, איבער דער לוקסיעזער אָדער אָרעמער קליידונג. שאַפט דאָס אָפּ לחלוטין די קלאַסן־צעטיילונג? נישט לחלוטין, אָבער אין אַ גאָר גרויסער מאָס איז דאָס אַ פאַקטאָר פאַר דעמאָקראַטישער צוזאַמענלעבונג. דער פאַקט וואָס די מלוכה־שול איז גאַנץ קאָנפאָרטאַבל און פריי, אומבאַצאָלט, פירט דערצו,



ישראל־מיניסטער, משה כרמל, אויף אַן אויפנאַמע אין דער צענטראַלער שלום עליכם שול

דער ישראל־געזאַנדטער, ד״ר קובאָווי, אויפן חנוכת־הבית פון דער שלום עליכם מיטלשול

אַז בכלל עקסיסטירן דאָ אין לאַנד גאַנץ ווייניק פּרייוואַטע, באַצאָלטע פאָלקשולן.

אונדזערע ייִדישע שולן, פון אַלע ריכטונגען, רעקרוטירן זייערע שילער, אין גרעסטן טייל, פון די אָרעמע און מיטעלע שיכטן. שווער, זייער שווער, איז אָנגעקומען צוגעווינען די ייִדישע עלטערן צו צאָלן שכר־לימוד. דער אויפשטייג־עטאַפּ, דאָס אויפבויען פּאַסיקע שיינע שול־בנינים, דאָס הייבן די מערכה פון לערער, צאָלנדיק גרעסערע לוינען לגבי אַמאָליקע צייטן, האָבן אַזוי אַרויפגעשרויפט די הוצאות (אָפּגעזען פון דער געוואַלטיקער אינפלאַציע) אַז ווען נישט די שטייגנדיקע סובסידיעס פון דער קהילה און אַנדערע, וואָלטן די דעפיציטן זיי חלילה אין גאַנצן דערפּלעטשט.

פינאַנצן איז אַן ענין נישט מיט דער האַנט אַוועקצומאַכן. אונדזער קעגנערשאַפט צו די אַזוי גערופענע אינטעגראַלע שולן איז נישט גראָד מחמת די פינאַנציעלע שוועריקייטן.

דער ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע האָט פון זיין אַנטשטייונג אָן, זיך אָנגעטראָפן אויף דער איינגעפירטער סיסטעם אַז אַלע מלוכהשע עלעמענטאַרע שולן, זענען טעטיק 4 — 5 שעה אין אַ פרימאָרגן אָדער נאָכמיטיק־שיכט. לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס איז לכתחילה געמאַכט געוואָרן צוליב דעם ראַשן וווּקס פון דער באַפעלקערונג און דעם מאָגערן מלוכה־בודזשעט, ווייל אויף דעם גיבן די שול־בנינים אַ טאָפּלטן נוצן. אַזוי איז אָבער איינגעפירט פון קדמונים אָן, און ס'זענען פאַראַן גאָר קנאַפּע אויסזיכטן נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן, אַז די סיסטעם זאָל געענדערט ווערן. ביי אָט די פאַרהעלטענישן איז אויפגעקומען און אויסגעוואַקסן די ייִדישע שול, פון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען, ווי אַ צוגאָב־שול.

זאָל דאָ אָבער דער נאָמען נישט אַריינפירן אין אַ טעות.

די צוגאָב־שולן אין נאָרד־אַמעריקע, פראַנקרייך, בעלגיע א״אַ זענען באמת בלויז אַ צוגאָב. צוליב דעם וואָס די מלוכה־שול פאַרנעמט אַ צאָל שעהען, וואָס שליסט איין דעם פרימאָרגן און דעם נאָכמיטיק, בלייבט פאַר דער ייִדישער שול בלויז אַ שעה אַנדערהאַלבן טעגלעך, אָדער גאָר אַ פּאָר שעה וועכנטלעך, (די אַזוי גערופענע זונטיק־שולן אין נאָרד־אַמעריקע). אונדזערע היגע ייִדישע שולן זענען טעטיק פינף טעג אַ וואָך צו דריי שעה טעגלעך. דאָס איז באמת אַ פּאַראַלעלע שול פאַר ייִדישקייט־לימודים.

מיר האָבן געזאָגט, אַז אונדזערע שולן זענען נאַציאָנאַלע ייִדיש־העברעיִשע און אָריענטירט מיטן פּנים צו מדינת ישראל. וועלן מיר דאָ זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ פּעדאַגאָגישן אַנאַליז און נישט אין אידעאָלאָגישן וויכוח. וואָס מיר ווילן דאָ יאָ פעסטשטעלן איז: אין אונדזערע באַדינגונגען קען אַזאַ פּאַראַלעלע שול אַמבעסטן דערפילן איר דערציִערישע אויפגאַבע. דאָס וואָס די שול איז אָפּגעטיילט פון דער מלוכה־שול, איז אין געוויסע פּרטים גראָד אַ מעלה.

די אַזוי גערופענע אינטעגראַלע שול, ד״ה אַ שול אין וועלכער דער תלמיד באַקומט דעם גאַנצן סכום לימודים, לויטן מלוכהשן פּראָגראַם מוז זיין אינקאָרפּאָרירט (איינגעשלאָסן) און ווערט שטרענג קאָנטראָלירט דורך דער מלוכהשער שול־אינספּעקציע, וואָס שייך דער דערפילונג פון פּראָגראַם און וואָס שייך דערציִונגס־אָריענטאַציע. דאָרט ווערן די ייִדישע לימודים (ייִדיש, העברעיִש, ייִדישע געשיכטע, טראַדיציע, שטייגער און ישראל־קענטעניש) יאָ רעדוצירט צו אַ צוגאָב און „אַפּענדיקס“. אין צענטער מוז שטיין די אָפיציעלע פּראָגראַם.

די פאַרשידענע דערמאָנונגס־טעג, פאַרבונדן מיטן ייִדישן אומקום און מיטן אויפקום פון דער ייִדישער מדינה; די ייִדישע ימים־טובים: חנוכה, פּסח, שבועות, צי יום העצמאות, ווערן אין אונדזער פּאַראַלעלער שול געפייערט אַזוי אינטענסיוו און מיט אַזאַ גלאַנץ, אַז עס לאָזט איבער ביים קינד אַ טיפע עמאָציאָנעלע איבערלעבונג נישט צו פאַרגעסן. אין די אַזוי גערופענע אינטעגראַלע שולן איז דאָס כמעט אוממעגלעך.

נאָך אַ זאַך: וואָס טוט מען אין דער אינטעגראַלער שול מיט אַ תלמיד, וואָס האָט אויסגעצייכנט דורכגעמאַכט די אַלגעמיינע לימודים, נאָר אין די ייִדישע איז ער, צוליב די אָדער אַנדערע סיבות, הינטערשטעליק? אים פאַרהאַלטן, נישט לאָזן אַריבער אין דער העכערער כיתה? צוליב כמה סיבות איז דאָס נישט מעגלעך. וואָס זשע דען? פאַרקוקן און אים דורכלאָזן. דאַן האָט מען אַראָפּגענידערט דעם ניוואָ און די חשיבות פון די ייִדישע לימודים! דאַן פלאַנצט זיך איין אַן אינפעריאָריטעט באַציִונג צו ייִדישקייט, ייִדישער קולטור און ייִדיש לעבן בכלל, וואָס בלייבט דעפיניטיוו פאַרוואָרצלט ביים קינד אויף זיין גאַנץ לעבן. ייִדישקייט נידערט אַראָפּ צו אַ שפּלער מדרגה אין די אויגן און אין דער פּסיכיק פון די שילער. אַזוי זעען אויס די אינטעגראַלע שולן אין טשילע, אין באָליוויע און בראַזיל און — אפשר מיט גאָר קליינע אויסנאַמען — אויך די וואָס עקסיסטירן אין אַרגענטינע.

לאָמיר דאָ באַמערקן: ביים מאַכן אָט די פאַרגלייכן צווישן די פּאַראַלעלע שולן (צוגאָב־שולן) מיט די אַזוי גערופענע אינטעגראַלע, זאָל מען אָננעמען, אַז סיי איינע און סיי די צווייטע, זענען שולן גוט אַוועקגעשטעלטע, אָרגאַניזאַטאָריש און פּעדאַגאָגיש. שלעכטע שולן קענען בכלל נישט קומען אין

באַטראַכט ווי דערציִונגס־אַנשטאַלטן, אַ וועלכע עס זאָל נישט זײַן זייער שילד, אָדער נאָמען.

חוץ די אויבן אויסגערעכנטע אַרגומענטן און וואָרענונגען קעגן דעם, אַז דער „אינטעגראַליזם" זאָל ווערן דער „דעזידעראַטום", די ווײַטגייענדיקע שטרעבונג פאַר אונדזער שולוועזן, און די פּאַנאַצעאַ פאַר אַלע ווירקלעכע און צוגעטראַכטע מחלות, לאָמיר צוגעבן נאָך איינעם וואָס, לויט מײַן מיינונג, איז עס פון גאָר גרויסער וויכטיקייט, אין דער סביבה און אין די פּאַרהעלטענישן פון דעם ראַיאָן, אין וועלכן מיר לעבן.

די טויזנטער קינדער, וועלכע לערנען אין אונדזערע שולן (ליידער טרעפן זיי אָן בלויז 20־30 פּראָצענט פונעם טאָטאַל ייִדישע קינדער אין שול־עלטער), באַוואָפנטע מיטן כלי־זין פון ייִדישן וויסן און ייִדישן באַוווסטזײַן, ווען זיי טרעפן זיך מיט זייערע נישט־ייִדישע חברים אין די אָנפאַנג־שולן, מיטלשולן, הויכשולן און אוניווערסיטעטן, ווערן זיי די פּאַסיקסטע און בעסטע פאַרבינדלער, ממש עמיסאַרן, אויפצוקלערן דעם אמתן מהות פון אונדזער ייִדישקייט און ווירקן ווי אַ בריק פאַר פאַרברידערונג מיט דער דעמאָקראַטישער יוגנט, די מאָרגנדיקע אינטעלעקטואַלן און אפשר די מאָרגנדיקע רעגירער. זייער אָנוועזנהייט אין די אַלגעמיינע דערציִונגס־אַנשטאַלטן, אין אַלע עטאַפּן, ווירקן ווי אַן עפעקטיוויער אַנטידאָט קעגן דער ווירולענטער זריעה פון דיסקרימינאַטאָרישער העצע און ייִדנהאַס.

לאָמיר אויף איין רגע זיך פאָרשטעלן אַז אַלע אונדזערע ייִדישע שולן זענען איבער נאַכט, דורך אַ כישוף, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אינטעגראַלע, ד"ה מיר האָבן זיי — די פּאָטענציעלע דערצויגענע, באַוווסטזיניקע און שטאָלצע ייִדן, וועלכע פאַרלייקענען נישט זייער אָפּשטאַם און וויסן ווי צו שיצן און פאַרטיידיקן דעם ייִדישן כבוד — אַז מיר האָבן זיי אַרויסגענומען פון די אַלגעמיינע דערציִונגס־אַנשטאַלטן, און זיי אָפּגעווינט פון צוזאַמענלעבן זיך מיט נישט־ייִדן. פרעגט זיך: צי וועט עס בעסער זײַן פאַר אונדזער טאָג־טעגלעכן געראַנגל אײַנצושטעלן אַ קעגנזײַטיקע טאָלעראַנטע קאָעקסיסטענץ און אַ קאָנסטרוקטיווע צוזאַמענאַרבעט מיט די דעמאָקראַטישע שיכטן פון לאַנד, אין געמיינזאַמען קאַמף קעגן די פינצטערע כוחות, וואָס העצן צו שנאה, דיסקרימינאַציע און ייִדנהאַס? צי וועט אָט די „פּריווויליקע סעגרעגאַציע" אויספאַלן לטובה אָדער לרעה פאַר אונדזער זאַך? צי וועט אַזאַ איינגעשטעלטע סיסטעם פון אָפּגרענעצן אונדזערע קינדער פון דעם אַרום, נישט באַשווערן אונדזער פּאָזיציע, אָפּגרענעצנדיק אונדז פון אונדזערע פּאָטענציעלע פרײַנד אין דער דעמאָקראַטישער טייל (צום גליק די מערהייט) פון לאַנד?

די לעצטע יאָרן פאַרמעסט זיך די רעאַקציע און דער קלער אָפּצושאַפן דאָס געזעץ 1420, וועלכעס פאַרזיכערט די וועלטלעכקייט אין דער דערציִונגסיסטעם. ערגעץ ווו האָט זיך אײַנגעגעבן די פינצטערע כוחות צו אַרויפצווינגען קאַטוילישן אונטערריכט אין די שולן. די דעמאָקראַטישע מערהייט פון פאָלק פירט אָן אַן עקשנותדיקן קאַמף פאַר דעם אויפהאַלט פון דעם געזעץ 1420. אין דעם דאָזיקן קאַמף זענען מיר ייִדן אומקאָנדיציאָנעלע שותפים צו די דעמאָקראַטישע סעקטאָרן, אַ שותפות וואָס ברייטערט זיך אָפּט מאָל אויס אויף אַלע שטחים פון דעם אָפּוווער־קאַמף קעגן אונדזערע אָפענע און באַהאַלטענע שונאים.

וועט עס זײַן „גוט פאַר ייִדן"? אויב מיר זאָלן אייגנוויליק אָפּזאָגן זיך פון קאַמף פאַרן אויפהאַלט פון געזעץ 1420, ווי באַלד מיר וועלן זיך שטעלן פאַר אַ ציל אַרויסצונעמען אונדזערע קינדער פון די אָפּיציעלע מלוכה־שולן?

**
*

וועגן אָט דעם איז כדאַי ערנסט זיך צו פאַרטראַכטן!

און צו לעצט, אַ באַמערקונג:

פאַר אונדז זענען אינטעגראַלע ייִדישע שולן נישט קיין „טאַבו".

אין אונדזער היינטיקער מאָדערנער געזעלשאַפט זענען פאַראַן אַ געוויסע צאָל ייִדישע עלטערן וועלכע, צוליב פאַרשידענע פאַמיליאַרע סיבות, אָדער מחמת טאַטע און מאַמע זענען באַשעפטיקט גאַנצע טעג אויסער דער היים, שיקן זיי זייערע קינדער אין שולן — נישט־ייִדישע — מיט האַלבע אינטערנאַטן. פאַר אַזעלכע פאַלן וואָלטן גוט געווען אינטעגראַלע שולן ייִדישע, מיט האַלבן אינטערנאַט.

עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע פאַלן: איינצלנע ייִדישע משפחות, פאַרוואָרפענע אין קליינע שטעטלעך אין ווייטע פּראָווינצן, ווו קיין ייִדישער ציבור איז נישט פאַראַן און קיין מעגלעכקייט צו האָבן אַ ייִדישע שול אַוודאי נישט. זייערע קינדער זענען אויסגעשטעלט דער געפאַר פון פולשטענדיקער אַסימילאַציע און אָפּפרעמדונג פונעם ייִדישן שטאַם; די עלטערן האַלטן זיך פעסט בײַ זייערע פּרנסות (דאָס רוב גאַנץ גוטע) און זענען ביכולת זיך לאָזן קאָסטן מיט יודע וויפל, אַבי זייערע קינדער נישט לאָזן אַוועקגעריסן ווערן. פאַר אַזעלכע פאַלן וואָלט דער ישוב געדאַרפט אויפבויען אינטעגראַלע שולן מיט אַ פולן אינטערנאַט. דאָס וואָלט באמת געווען אַ דבר מצווה.

אָט די צוויי דערמאָנטע פאַלן זענען באַרעכטיקט צו זײַן יוצא מן הכלל פון אונדזער ביז איצט איינגעשטעלטער שול־סיסטעם.

ישראל האַניק

# צום יובל פון אַ שול־אָרגאַניזאַציע

מען ווייסט אַז די ראשי תיבות פון וואָרט „צווישאָ" איז נישט נאָר אַ באַקאַנטע דעפיניציע אין זין פון וואָרט, וואָס האָט במשך פון צענדליקער יאָרן זיך איינגעבירגערט אין פאָלקס־וועזן אויף דער גאָרער ייִדישער וועלט און בתוכם אין אונדזער ישוב. מיר ווועלן נישט אַריינדרינגען אין קיין שום איינצלהייטן אין די היסטאָרישע דאָקומענטן פון צענדליקער יאָרן פון אונדזער געשטאַלטונג פון ישוב, אָבער ס'איז בפירוש כדאי אין אַזעלכע דאַטעס פון יובילעומס, אַרויסצוברענגען אין קורצן די פאָרמירונג פון אונדזער שול־וועזן און איבער־הויפּט פון דער „צווישאָ" אין אַרגענטינע... ווייל אירע אָנשטרענגונגען פון אָרגאַניזאַציע און טאַט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ביישפּיל פאַר דעם גאַנצן שולוועזן אין אַרגענטינע.

אין די לעצטע צייטן איז אָנגענומען אַזאַ מאָד־נער און אפשר ריכטיקער אימפּעראַטיוו, וואָס איז אָפּטמאָל באַרעכטיקט פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט צו מאַכן, אָדער פאַרגלייכן, אָדער סתם זוכן סימ־באָלן און זיי באַהעפטן אין היסטאָרישע טערמינען פון צייטן און תקופות. דער באַגריף „צווישאָ" איז לײדער באַגרענעצט געוואָרן אויף אַ קליינער צאָל לענדער פון אונדזער קאָנטינענט, ווו עס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אַלס אויסדרוק פון אונדזער דערציִונג.

מיר ווייסן אַז „צווישאָ" איז אַ פּראָדוקט און שאַ־פונג פון דעם געוועזענעם שפּרודלדיקן לעבן פון אונדזערע פאָלקס־ברידער אין פּוילן און ליטע. אָ־בער אין אונדזער גרויליקער און טראַגישער עפּאָ־כע איז דאָס שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַ־פּיטל געשיכטע פון פאָלקס־גהינום, פון פאַרטילי־קונג און פאַרלענדונג פון זעקס מיליאָן ייִדן...

און באמת, נאָר אַ מיסטישער געפיל האָט זיך אַנטפּלעקט און מען דאַרף דאָס דערמאָנען מיט ער־פּוכט און פאַרערונג. איינער פון די בויערס און שפּערס, טעאָרעטיקער און באַגרינדער פון „צווי־שאָ" איז געווען דער גרויסער היסטאָריקער וועל־כער ווערט איצט, און אין די שפּעטערדיקע דורות אָפּגעשאַצט ווערן אין זיין גרויסן אידעאַלן פאַר־נעם, דאָס איז דער קדוש ע. רינגעלבלום עליו השלום. זיין מסירת נפש און קידוש השם, זיין אַח־ריות אַלס היסטאָריקער, זיינע פאַרצייכענונגען, זיי־נע לידער און מאמרים, זיינען אוצרות פון מאַטע־ריאַלן אין אונדזער מאַרטיראָלאָגיע פון דער גרוי־ליקער צייט. דערפאַר האָב איך דערמאָנט דעם באַ־גריף סימבאָלן און די ענלעכקייט און גראַנגלע־נישן באַשטעטיקן דאָס. דאָ ביי אונדז, אין אונדזע־רע מקומות איז אפשר דער פאַרגלייך און באַגריף דער צוגעפּאַסטער, ווייל די „צווישאָ" דאָ, אָדער ווי עס איז דאָ אָנגענומען צו זאָגן: „די שלום עליכם־שולן", זענען דער רעאַלער סימבאָל פון באַהעפטונג אין דעם אויטענטישן אויסדרוק פון טאָג טעגלעכע מעשים לטובת אונדזערע אייביקע זאָרגן פון דערציען אונדזערע קומענדיקע דורות אין דער טראַדיציע פון דעם אייביקן ייִדישן פאָלקס־זיין... אַריינוועבן, אָדער אפשר פאַרפּאַנצע־רן אונדזערע דורות מיט אונדזער רומפולער גע־שיכטע פון אַ פאָלק און הומאַניסטישע פּרינציפּן וואָס איז זיין לעבנס־ציל און זיין לעבנס־פילאָזאָפיע אין אַלע צייטן. און טאַקע אויך אין דעם היינט דאַרפן מיר אונטערשטרייכן, אַז איר האָט דערצוי־גן הונדערטער חלוצים און אידעאַליסטן וואָס האָ־בן עולה געווען מיט דעם געפיל פון פיעטעט פאַר אונדזער מדינה און אירע חלוצישע טאַטן און דערגרייכונגען. אפשר איז דאָס אויך אַ סימבאָל וואָס מאַכט גאָר אָפּט טראַכטן און אַריינדרינגען אין די מאָדנע פאַרבאָרגענע געהיימענישן פון פאָלקס־לאַבערינטן און זייערע פּראָצעסן אין אונדזער גע־שיכטע.

בלויז אַ צוויי־טן ביישפּיל: בער באָראָכאָוו, עליו השלום, דער טעאָריקער, דער געשליפענער מוח, דער ערודיט, דער מענטש פון פאָלקאַוועו, דער שע־פער פון דער באַוווסטער פּלאַטפאָרם, דער מאַרק־סיסט און ציוניסט, דער וואָס האָט מיט צענדליקער יאָרן פריער פאָרויסגעזען סטיכישע פּראָצעסן, דער רוסיפיצירטער מענטש, נישט נאָר וואָס האָט אין אַ באמת קורצער צייט זיך אויסגעלערנט גרינלעך די שפּראַך פון די מאַסן — ייִדיש, נאָר ער איז ביז צו דער היינטיקער צייט, מיט זיין מיטצייטלער נחום שטיף ע"ה פון די גרעסטע וויסנשאַפטלער און פילאָלאָגן פון דער ייִדישער שפּראַך...

כ'וויל נישט אַריינגייען אין איינצלהייטן און דער־מאָנען פאַקטן און אַנשטאַלטן. ס'איז באַוווסט און באַקאַנט אַז איר זיינט די פּיאָנערן און וועטעראַנען אויף דעם געביט אין ישוב און דאָס, מיינע ליבע חברים און פריינד, פאַרפליכטעט אייך פאַרצוועצן אונדזערע, אייערע און אַלעמענס פליכטן צו פאַר־

ווירקלעכן די גרויסע חינוך־אויפגאַבעס אויך אויף
ווייטער...

איז דאָס נישט קיין סימבאָל וואָס די ערשטע שולן
וואָס זיינען דאָ געגרינדעט געוואָרן פון דער באַ־
וועגונג פועלי ציון האָבן געטראָגן דעם בכבודדיקן
נאָמען באָראָכאָוו־שולן? דער נאָמען וואָלט אפשר
געבליבן, נאָר אין יענע יאָרן, ווען מען האָט אַלע
רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אָנ־
געהויבן צו פאַרפאָלגן, האָט מען געענדערט דעם
נאָמען און געביטן אויף „צווישאָ“. אָבער דער גייסט
און דער ציל איז דער זעלבער, בפרט ס׳איז גע־
ווען אַ וועלט־באַוועגונג אין שול־וועזן און דער
נאָמען האָט מחיב געווען.

צום שבח פון די וועטעראַנען און פירער האָבן
זיי פאַרשריבן גאָר אַ גרויס קאַפּיטל פון ייִדישער
דערציונג ביי אונדז, און זיי זעצן פאָר נאָך מיט
מער אייפער און מיט אַ סטאַיִשן געפיל, וואָס איז
צו באַוואונדערן, די ווייטערדיקע צילבאַוווסטע חי־
נוך־אַנטשטאַלטן.

אין דימיון דערוואַכן אייניקע מחשבותן וואָס זיי־
נען פאַרבונדן מיט די ערשטע יאָרן פון מיין זיין
אין לאַנד און בפרט ביים סוף פון דרייסיקער יאָרן.
אין יענער צייט, דער פאַשיזם, נאַציזם האָט גע־
שטורעמט אין אייראָפּע. דער אַנטיסעמיטיזם אין
פוילן מיט זיין בעסטיאַלישקייט און פּאָגראָמען, דאַן
איז געקומען אַ קליינע גרופּע, אַ גוט אָרגאַניזיר־
טע, מיט קלאָרע צילן, און אויפגעהויבן די פאָן.
קודם כל, נישט אַריינגעפאַלן אין יאוש, פאַרקערט,
אָנגעהויבן בויען און גרינדן שולן. ס׳איז ניט געווען
קיין פּוסטע לאָזונג אָדער האָפענונג, נאָר לייך
צו מעשים און פאַרווירקלעכונג. אַזוי איז אַנטשטאַ־
נען די שלום עליכם שול אויף סעראַנאָ...

כ׳בין געווען אַן אַנאָנימער ייִד צווישן דער מאַ־
סע ביי דעם פייערלעכן יום טוב, און ווי דער שטיי־
גער איז, געטראַכט ווו ליגט דער כוח אין די פירער
פון קענען אָנצינדן דעם פלאַם פון בטחון אין אַזאַ
פיינלעכער יסורים צייט ווי, ס׳האָט זיך איבערגע־
חזרט דער קלאַסישער און קאַנאָניזירטער באַגריף
פון דער הגדה: „בכל דור ודור“ וויל מען אונדז
פאַרטיליקן מיט פאַרשיידענע מעטאָדן, דורך פּי־
זיש פאַרפייניקן, דורך שמד, דורך גייסטיק פאַר־
שטומען אונדז, ביז צו די בעסטיאַלישע שוידער־
לעכע גאַז־קאַמערן. אין אַזעלכע יאָרן האָבן די זעל־
בע בויער ווי זיך פאַרפּאַנצערט און פערמאַנענט
אָנגעהאַלטן מיט אײַפער דעם היסטאָרישן אימ־
פּעראַטיוו פון בויען אַ שול־וועזן. זיי זיינען ווי
אימוניזירט געוואָרן קעגן די אַלע יאוש, פחד, אימה
שטימונגען, יסורימדיקע געפילן, וואָס האָבן באַ־
הערשט אַלעמען. גראָד טראָציק און פּלאַנמעסיק
פאַרגעזעצט די פאַרווירקלעכונג פון זייערע צילן.

אין די פערציקער יאָרן, ווען מען האָט שוין גע־
ווסט טיילווייז אונדזער נאַציאָנאַלע פאָלקס־טראַ־
געדיע, זיינען זיי חס וחלילה נישט אַריינגעפאַלן
אין אַ מאַסן־פּסיכאָז פון פאַרצווייפלונג און פאַר־
געזעצט מיט זייער ציל צו בויען. ביי די ייִדן אין
ישוב זיינען געווען פאַרצווייפלטע שטימונגען. ביי
גאַנצע פאַמיליעס האָט שוין געהערשט אַ אימה
פאַר אונדזער מאָרגן דאָ אין לאַנד. אָבער זייער
התלהבותדיקער חסידישער פלאַם איז נישט אויס־
געלאָשן געוואָרן אויף איין מינוט און פאַרגעזעצט
בויען און שאַפן און אויסגעברייטערט זייערע פּלע־
נער.

ביי פעלקער און נאָרמאַלע מלוכה־וועזנס איז
דרייסיק יאָר אַ וויכטיקער צייט־אָפּשניט און בפרט
ביי אונדזער פאָלק און אין די לעצטע דרייסיק
יאָר. בלויז טראַכטן וועגן דער צייט אין אונדזערע
פאָלקס־קאַטאַקליזמען פון זעקס מיליאָן ברידער און
שוועסטער, נעמטן אָן אַ גרויל און דאָך האָט איר
אויף דעם אומגליק רעאַגירט מיט מוטיקער און
פריידיקער בויונג, מיט אָפּטימיסטישן גלויבן אין
דער צוקונפט.

כ׳ווייס אַז ס׳איז ניט פאַראַן קיין לאָגישע דער־
קלערונג דערצו. כ׳ווייס אָבער, און כ׳זאָג דאָס און
אָנערקען ווי עס זינגט זיך אונדזער העלדישער
פּלמ״ח־הימן „ראשונים תמיד אנחנו“. איר זענט
געווען די ערשטע, דער סטימול און ביישפּיל פאַר
אונדזער שולוועזן אין אַלגעמיין. ס׳איז אַ גרויס
און איבערהויפּט אָנערקענט קאַפּיטל פון אייערע
דערגרייכונגען.

זייט באַגריסט צו אייער יובל, אייערע דרייסיק
יאָר דערציונגס־אַרבעט איז אייך מחיב ווייטער צו
בויען און פאָרזעצן מיט אייערע כאַראַקטעריסטישן
אימפּעט פאַר אונדזער ייִדישער דערציונג דאָ ביי
אונדז און אין אַנדערע לענדער.

ווי אַ פּרעזידענט פון וועד־החינוך המרכזי ביי
דער קהילה, ווינטש איך אייך הצלחה אין אַלע איי־
ערע ווייטערדיקע אויפגאַבעס. גייט מוטיק פאָרויס
צו נייע דערגרייכונגען און דער ישוב וועט אייערע
אויפטוען אָפּשאַצן.

ב. קאָברינסקי

# מיט אויסלענדישע געסט אין אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן

עס קומט מיר אויס — ווי אַן אינספּעקטאָר פון וועד החינוך המרכזי — צו באַגלייטן אויסלענדישע געסט, וועלכע קומען קיין אַרגענטינע אין פאַרשיידענע שליחותן, ווילנדיק איינצייטיק זיך נענטער באַקענען מיט אונדזער שול־וועזן.

נאַטירלעך ווערן צוליב דעם דאָזיקן צוועק אויסגעוויילט עטלעכע שולן פון פאַרשיידענע ניוואָנסן.

צווישן די דאָזיקע דערציאיונגס־אַנטשטאַלטן געפינט זיך זייער אָפט די צענטראַלע שלום עליכם שול וואָס דינט ווי אַ צוציִונגס קראַפט, מיט איר נאָמען, וועלכער האָט שוין פון לאַנג אַריבערגעשפּרייזט די גרענעצן פון אַרגענטינע. אַזאַ באַזוך ווערט געמאַכט פון אונדזער צד אָן קיין שום הכנות. און מיר שטרעבן זיך אָן צו זיין ווי ווייט מעגלעך, אָביעקטיוו.

עס איז אין אונדזער אינטערעס צו לאָזן דעם גאַסט, אַז ער זאָל אויף זיין אייגענער אחריות אויפנעמען זיינע איינדרוקן און דווקא דערנאָך טיילן מיט אונדז זיינע מיינונגען.

די באָאָבאַכטונגען זיינען פאַרשיידנאַרטיקע.

עס קומען אָפיציעלע געסט, וועלכע פאַרטרעטן געוויסע פּאָליטישע אָריענטאַציעס און שאַטירונגען.

עס קומען אויך שרייבער, פּאָעטן און דערציִער.

יעדער פון זיי האָט גאַנץ אָפט אַ באַזונדערן צוגאַנג.

איניקע, איבערהויפּט די וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט פּאָליטישע אַקציעס, ווייזן זיך אַרויס רעזערווירט. זיי דאַרפן פריִער באַטראַכטן וואָס און ווי אַזוי אַרויסצוברענגען זייערע געפאַסטע מיינונגען.

שרייבער און פּאָעטן, ווערן גאַנץ אָפט באַאיינדרוקט פון מאָמענטאַלע איבערלעבונגען און זייערע התלהבותדיקע באַמערקונגען קענען נישט דינען ווי אַ וויסנשאַפטלעך דערציִערישער באַראָמעטער צו מעסטן גענוי די געהעריקע רעזולטאַטן.

גאַנץ אַנדערש זיינען די באָאָבאַכטונגען פון פאַכמענישע פערזענלעכקייטן.

די אָפּשאַצונגען זיינען גענוי געמאָסטן לויט דעם דערציִערישן קוק־ווינקל און דער אַנאַליז איז פון גרויס באַדייטונג.

דער באַזוך פון אַזאַ גאַסט אין אונדזערע לערן־אַנטשטאַלטן איז פון גרויס איבערלעבונג.

אין דער צענטראַלער שלום עליכם־שול ווערט דער אָנהייב געמאַכט אין דער דירעקציע.

די אויפנאַמע דורך דעם דירעקטאָר חיים פינקעלשטיין און די דירעקטאָרין פאַני קאַרדונער, דינט אַלס אַ פיינע הקדמה.

עס ווערט צו דעם צוועק געווידמעט אַ ספּעציעלער שמועס, ביי וועלכער געלעגנהייט עס ווערן באַלויכטן לויט אַ מאָדערנעם צוגאַנג די דערציִערישע מיטלען, און צילן פון דעם דאָזיקן דערציונגס־אַנטשטאַלט.

דער גאַסט ווערט פאַרטיפט אין די מעטאָדאָלאָגישע און דערציִערישע אַטריבוטן און זוכט אויף זיין אופן אַריינצודרינגען אין אַלע פּראָבלעמען.

די דירעקציע אַנטפּלעקט פאַר אים אַלגעמיינע אַספּעקטן און איבערהויפּט די אייגנאַרטיקייט פון דעם אַנשטאַלט. דער באַזוך איז פאַרבונדן מיט אַ סך עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען.

דאָס אַריינדרינגען אין דעם בינשטאָק וועלכער הייסט: די צענטראַלע שלום־עליכם שול, וווּ עס זשומעט און רעשט אַ געמיש פון קינדערישע קולות. הילכעריי, אָנהייבנדיק פון די גאָר קליינינקע פון קינדער־גאָרטן, ביז נאָענט פון דעם 20־יעריקן עלטער אין דער מיטל־שול, איז אַ שטאַרקע איבערלעבונג.

אַ ים מיט אייגעלעך. יעדער פּאָר אויגן, לויטן עלטער און פאַרשטאַנד, באַגלייט די ניי־געקומענע באַזוכער.

אין יעדן ווינקל און אין יעדן צימער ווערט מען באַאיינדרוקט און באַרייכערט, מיט נייע געפילן, נייע אָריענטאַציעס פון אַ דערציִונגס־אַנטשטאַלט, וועלכער שאַפט, אַנטוויקלט, בויט און קריסטאַליזירט אויס אַ נייעם מענטש פאַרן יידישן פאָלק.

אָט ווערט באַאַרבעט אין אַ געוויסן קלאַס אַ תקופה פון בראשיתדיקן אויפקום פון יידישן פאָלק, און אָט אין אַ צווייטן צימער, די תנ״כישע תקופה מיט איר געראַנגל פאַר אירע אייגנאַרטיקע לעבנס־פאָרמען אין דער פּאַגאַנישער וועלט.

עס ווערן אַרויסגעבראַכט די אָנשטרענגונגען פאַר אַ נאָרמאַלן לעבנס־באַרוף אין די נביאישע שטראָף־רייד, וועלכע דערלאָזן ניט אַראָפּגיין פון די אָנגעצייכנטע מאָראַלישע ווערטן און וועגן.

קאַפּיטלען געשיכטע וועלכע אַנטדעקן גאַנצע



אַ תלמידה באַגריסט בערל לאָקער און פרוי בעת זייער באַזוך אין די שלום־עליכם־שולן

תקופות פון יִדישן באַוווסטזיין אין אַ קאַמף מיט בייזע כוחות וואָס דערדריקן, פייניקן און מאָרדן אויס די שענסטע גייסטיקע ריזן פון יִדישער אויפלעבונג.

עס מערקט זיך אָן אויפרודער אין דער קינדערישער נשמה. מען פילט בחוש ווי זיי ווערן אַריינגעצויגן אין כוואַליעס פון נייעם אינטערעס און דורך דעם היסטאָרישן רעפלעקטאָר־שיין ווערן זיי באַאיינפלוסט צו נייע איבערלעבונגען.

אומדעפינירטע פאַר זיי פּראָבלעמען ווערן באַלויכטן און זיי ווערן אַריינגעצויגן אין דעם גרעאַנגל פון דער יִדישער פּראָבלעמאַטיק.

אַט טרעפן מיר זיך אָן ביי אַ לעקציע פון דער אינקוויזיציע־תקופה אין שפּאַניע, און עס ווערט אַנאַליזירט אַ פאַרבאָרגענער פאָלקס־כוח וועלכער שטעלט זיך קעגן די רדיפות און נגישות.

און ווען אַ צאַרטער קול פון דער יונגער לערערן וועלכע האָט באַקומען איר יִדיש וויסן און צוגרייטונג אין דעם זעלבן אַנשטאַלט פרעגט מיט אַן אומשולדיק דערציִערישן טאָן:

— איז דאָ אַ מיטל צו דעם?

רייסן זיך הענט אין דער לופטן מיט אַ גרייטן ענטפער:

— יאָ! יאָ! לערערן, עס איז דאָ אַן עצה! און די תשובה אויף דעם דאָזיקן פּראָבלעם איז קלאָר און דעפינירט:

„אַ ן א ײ ג ן ל אַ נ ד !“

און ווען דער דירעקטאָר באַנוגנט זיך ניט אינגאַנצן מיט דעם ענטפער און פירט ווייטער דעם היסטאָריש־דערציִערישן אַנאַליז און פרעגט:

— נו, קינדער, איז נאָר אַן אינקוויזיציע די טרייבקראַפט און אַן אָנרעגונג צו אַן אייגן לאַנד?

ווייסט איר נישט אַז אויך אין דעם זעלבן אינקוויזיציע־לאַנד, איז אויך פאָרגעקומען אַ שיין עמיגראַציע קאַפּיטל אָן דעם טרייבן פון שונא׳ס בייטש?

און ווידער הייבן זיך הענט און אַ זיכערע קינדערישע שטימע ענטפערט:

— יאָ! יאָ! די תקופה פון רבי יהודה הלוי! אַ גאָלדענע תקופה, רויִקייט, עשירות, און דאָך פאַרלאָזן אַ היים, כדי אָנצוקומען אין אייגן לאַנד.

אויך אין דער גאָלדענער תקופה אַ פיינלעכע בענקשאַפט: „איך בין אין מערב און מיין האַרץ איז אין מזרח“.

און אַזוי גייען פאַרביי דורות פון יִדן במשך דעם צוויי טויזנט־יעריקן גרעאַנגל, און איבערהויפּט ווערט געוואָרפן אַ וווּנדערבאַרע ליכטיקע שיין אויף דער ניי־אויפגעקומענער מדינת ישראל.

דער אַנשטאַלט האָט זיך דערציִעריש אינגאַנצן געשטעלט מיטן פּנים צו ישראל.

דער סימבאָל און מאָראַלישע צוזיִונגס־קראַפט פאַר אונדזער קינד און יוגנטלעכן, דינט דער חלוץ, דער קיבוצניק אין ניי־סאָציאַליסטישע לעבנס־פאָרמען.

עס ווערן געזונגען לידער, עס ווערן געלערנט און דערציילט איבערלעבונגען אַרויסגעשעפּט פון פאָלקס־אוצרות און איבערהויפּט רעאַלע שטיקער לעבן פון היינטיקן דור.

ירידות און עליות, בלוט פאַרגיסונג און העלדנטאַט, און איבער אַלעמען: דער אַקער־אייזן און האַמער אויפצולעבן וויסטענישן און מיטן ביקס אין האַנט, כדי צו באַשיצן דאָס אייגן שטיקל ערד.

אַרויסגייענדיק פון דער קינדערישער תמימותדיקער סביבה ווערט געמאַכט אַ שטילער באַזוך אין דער ביבליאָטעק און איבערהויפּט אין דעם פּסיכאָפּעדאַגאָגישן קאַבינעט, וווּ דורך אַ פענצטער ווערן באַאָבאַכטעט אַ גרופּע יונגע אויסגעבילדעטע ביי אונדז אין לאַנד דיפּלאָמירטע פּסיכאָלאָגן מיט הויך־שול וויסן, מעסטן זיי און וועגן יעדער באַוועגונג, יעדער נשמה־גרעאַנגל פון נאָרמאַלע און אומנאָרמאַלע דערשיינונגען.

עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון צוויי באַזוכן פון זייער וויכטיקע דערציִונגס פּערזענלעכקייטן: דר. ב. בן יהודה און פּראָפ. ל. דושקין.

דר. בן יהודהס באַזוך האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון זוכן און נישטערן כדי זיך שאַפן אַ מיינונג וועגן אונדזער שול־וועזן.

דער פּראָפ. ל. דושקין איז שוין געקומען מיט אַ פעסטגעשטעלטן ציל: ווי זעט אויס דער אַרגענטינער שול־וועזן אין פאַרגלייך מיט אַנדערע תפוצות.

דער באַראָמעטער איז געווען אַ פעסטגעשטעלטער און די דערציִערישע מאָס געניו און פּרעציז.

די צוויי דערציִונגס־פאַכמענער זיינען באַאיינדרוקט געוואָרן פּאָזיטיוו פון דער צענטראַלער שלום עליכם.

איבערהויפּט האָט אויף מיר געווירקט, פּראָפעסאָר דושקינס אָפּשאַצונג נאָכן פאַרענדיקן דעם באַזוך.

ער האָט שטיל, זייער שטיל אַרויסגעמורמלט: זהו אחד המוסדות החינוכיים הרציניים ביותר — דאָס איז איינע פון די גאָר ערנסטע דערציִונגס אַנשטאַלטן, נישט נאָר ביי אייך, נאָר אויך אין וועלט־מאַסשטאַב.

און ביי היינטיקן סוף שול־יאָר, ווען עס ווערן אונטערגעצויגן סך־הכלען, שטייענדיק פאַר דעם אָפּשלוס פון אַ דרייסיק־יעריקער תקופה טראָגן מיר אונטער אָט דעם רעאַלן דערציִערישן לאָזונג:

זהו אחד המוסדות החינוכיים הרציניים ביותר — דאָס איז איינער פון די גאָר ערנסטע דערציִאונגס אַנשטאַלטן, נישט נאָר ביי אונדז אין לאַנד, נאָר אויך אין וועלטמאַסשטאַב.

צבי בראַנשטיין

# פון גורוטשאַגאַ ביז אַלידען

(פון אַ לערערס נאָטיץ־בוך)

### אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען

דער שול־הויף אויף גורוטשאַגאַ גאַס איז געווען שמאָלער, די צימערן, ענגע. אויף טריט און שריט האָט מען געפילט די ענגשאַפט, איבערהויפט אויף די הפסקות, נישט געווען אַ שפּילקע צו וואַרפן, ממש ווי אין יענע אַלטע צייטן אין בית המקדש. די שווערסטע בראשית־מאָנאַטן זיינען געווען יאַנואַר און פעברואַר. די זון האָט געברענט ווי עס זאָגט זיך: הוציא חמה מנרתיקה. מען האָט געלערנט בזיעת אפים. געמוטיקט און סטימולירט האָבן די שטראַלנדיקע קינדערישע אויגן און די צענדליקער תלמידים וואָס זיינען געקומען טאָג־טעגלעך אין שול. די לערער און די טוער האָבן געהאַט דאָס געפיל פון: געקומען, געזען און געזיגט.

חדשים זיינען אַוועק. די הויפּט־פּאַרוואַלטונג פון דער „צווישאַ״ האָט באַשטימט דורכצופירן די ערשטע קינדער־אונטערנעמונג אין טעאַטער „מיטרע״. די שילער פון מיין קלאַס האָבן באַשלאָסן פאַרצושטעלן די סצענקע „סוחרים פון פעפער״, אַ פאַנטאַסטישע מעשה ווי צוויי יידן קליגערן איבער בערן אין וואַלד. אַלע האָבן זיך געגרייט מיט עקסטאַז צו דער פאַרשטעלונג. מען האָט גענייט קליידער, געמאַכט היטעלעך, אאַז״וו.

דער טאָג פון דער פאַרשטעלונג איז געווען אַ גרויער. אַ נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט יענעם זונטיקדיקן פרימאָרגן, דאָך איז דער טעאַטער געווען פול. הינטער די קוליסן האָט געררוישט, אַלע האָבן געוואָלט העלפן נאָר דאָ איז געשען ממש אַ קאַטאַסטראָפע: ווען מען האָט געוואָלט אָנטאָן די בערעלעך האָט מען געזען אַז דאָס גרויע קרעפּע־פּאַפּיר האָט זיך אָפּגעקלעפּט...

ווי נישט איז, האָט מען זיך אַן עצה געגעבן. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן און די בערן האָבן זיך באַוועגט, זיינען די קינדערלעך וואָס זיינען געזעסן מיט זייערע עלטערן אויף די ערשטע פלעצער אַנטלאָפן פאַר שרעק שרייענדיק: „אוי, בערן גייען!...״

אַ שטיין איז אַראָפּ פון האַרצן. די שפּאַנונג אין טעאַטער־זאַל איז געוואַקסן ווען די יידעלעך מיט שוואַרצע קאַפּאָטקעלעך האָבן אָנגעהויבן צו זינגען:

„מיר זיינען סוחרים,
סוחרים פון פעפער,
מיר זיינען יידעלעך
אַ דאַנק דעם באַשעפער״

די מעלאָדיע, אַ לייכטע, אַ חסידיש־פאַרדבקהטע, האָט באַגייסטערט די צושויער און ביי דער צווייטער סטראָפע:

„מיר וווינען אָט דאָרטן
אַ היים איז צו ווייט,
מנחה צו דאַוונען
איז דאָך שוין צייט״

האָט דער עולם מיטגעזונגען. די פאַרשטעלונג האָט אויסגענומען, מען האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

יאָרן לאַנג פלעגן די „צווישאַ״־טוער זינגען אויף מסיבות און צוזאַמענקונפטן אָט דעם ניגון פון די יידעלעך אין וואַלד.

### געזיגט האָט דאָס האַרץ

געווען איז דאָס אין 1936, אויפן סדר היום פון אַ לערער זיצונג איז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון אַ פּראָגראַם פאַר געשיכטע לימוד. אַלץ איז געגאַנגען כשורה. די ראשי פּרקים פון פאַרשיידענע עפּאָכעס זיינען אָנגענומען געוואָרן אָן דיסקוסיעס. ווען אָבער מען איז צוגעקומען צום חסידיזם, איז איינער פון די לערער אַרויס מיט אַ מענה לשון: חסידיזם איז רעאַקציע, די חסידים זיינען „מורדי אור״, פאַנאַטיקער. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל דאַרף מען אויסמעקן פון פּראָגראַם. עס האָבן ניט געהאָלפן מיינע אַרגומענטן, אַז חסידות איז אַ דעמאָקראַטישע באַוועגונג, זי האָט מיט די ווערטער „רחמנא לבא בעי״, מיטן וואָרט „כוונה״ געהויבן די חשיבות פון פּשוטן יידן, אָפּווישנדיק די מחיצות צווישן אָרעם און רייך, אנ״ש.

— ניין, האָט געשריִען יענער לערער, די רביים האָבן אָפּגענאַרט די מאַסן.

— נישט ריכטיק, דער חסידיזם האָט אַריינגע־בראַכט פרייד אין ייִדישן אומעטיקן לעבן. אַ דאַנק דעם לערנען וועגן אַט דער באַוועגונג, העלפֿט מען אויסקריסטאַליזירן דאָס געשטאַלט פון יונגן דור, ער זאָל זיך אידענטיפיצירן מיטן ייִדישן גורל.

בכלל האָט אַט דער לערער ליב געהאַט צו רע־דן וועגן גריכישע גדולים. איך האָב אים דערציילט די גאָר נישט צניעותדיקע מעשה וואָס האָמער דערציילט וועגן אַפראָדיטן, די פרוי פון אַ הינקענדי־קן גאָט... אין פאַרגלייך מיט דער צניעותדיקייט אין תנ״ך.

עס האָט ניט געהאָלפֿן. פאַרענדיקט די דיסקוסיע האָט דער גענעראַל סעקרעטאַר פון „צווישאָ״, חבר פינקלשטיין. ער האָט מכריע געווען לטובת דער באַ־וועגונג פון האַרץ און כוונה.

דאָס האַרץ האָט געזיגט. אין לערן־פּראָגראַם פון געשיכטע האָט די דאָזיקע תקופה פאַרנומען אַ וויכ־טיק אָרט.

## ס׳איז כדאי געווען

פּרייטיק פֿאַרנאַכט, עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר ברענגענדיק אַ צעטעלע פֿון צווישאָ־פּאַרזיצער, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן בזה הלשון: „זונטיק פייערט מען דעם 50סטן געבוירנטאָג פון יעקב זרובבל אין טעאַטער „בועוואָ״. די 5טע שלום עליכם שול דאַרף שיקן אַ קינד צו באַגריסן דעם יובילאַר״.

אויף טייבעלען איז געפֿאַלן דער גורל אויסצופֿילן די שליחות. טייבעלע, אַ מיידעלע מיט איידעלע גע־זיכט־שטריכן מיט פּוכיקע בעקעלעך און שוואַרצע אייגעלעך. מיט קינדערישער תמימות און אין אַ קלאָ־רער שפּראַך האָט זי באַגריסט זרובבלען:

— איר, קעמפּפֿער פֿאַר גערעכטיקייט, איר וואָס גיט אַוועק אייער לעבן לטובת די אָרעמע און ליידנ־דיקע נעמט צו די ברכה פֿון הונדערטער תלמידים פֿאַר וועמען איר זענט אַ שטאָלץ און אַ סימבאָל...

זרובבל איז געווען עמאָציאָנירט. די גאַנצע צייט האָט ער ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פֿון דער קליינער טייבעלע. מאַמעס האָבן געווישט די אויגן הערנדיק די האַרציקע ווערטער פֿון אַ תלמידה, דערצויגן אין אַ שול אויפֿן נאָמען פון אַ שרייבער וואָס האָט אויס־געדריקט אַזוי פֿיל ליבע צו זיין פֿאָלק.

זרובבלס ליפּן האָבן די גאַנצע צייט געשעפּטשעט: ס׳איז כדאי געווען. די טויער פֿון דער פֿינפֿטער שלום עליכם־שול האָבן געשטראַלט פֿון פרייד.

יאָ, ס׳איז כדאי געווען!

## אַ בריק איבערן ים סוף

אַ לעקציע פֿון געשיכטע, וועגן יציאת מצרים. צענדליקער שילער הערן זיך צו ווי דער לערער דערקלערט דעם דראַנג נאָך פֿרייהייט ביי די יידן, אין פאַרלויף פון אַלע דורות. ער האָט אויך דער־ציילט דאָס מעשהלע „שבת שירה פייגעלעך״ ווי אַפילו די פייגעלעך האָבן זיך דערפרייט מיט דער ייִדישער באַפרייונג.

צומאָרגנס האָבן די שלום עליכם שולן איינגעאָר־דנט אַן עקסקורסיע צו די פּאַלערמאָ וועלדער. הונ־דערטער תלמידים האָבן זיך צעשפּרייט מיט היל־כיקער פֿרייד און געלעכטער איבער די פּרעכטיקע ערטער פון פּאַלערמאָ. גרופּעסווייז האָט מען געזונ־גען, געטאַנצט און געשפּילט זיך.

שעהן זיינען אַריבער, די זון האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרגיין. מען האָט זיך געקליבן אַהיים צו פֿאָרן. פֿאַרן אַרויפֿגיין אויף די אויטאָבוסן האָט יעדער לערער קאָנטראָלירט די קינדער רשימה. פּליצלונג הערט זיך אַ געשריי פֿון אַ לערער: משהלע, עס פֿעלט משהלע. פֿון אַלע זייטן האָט מען אָנגעהויבן רופֿן און שרייען מען האָט אים געזוכט אין די אויטאָבוסן, אין קול ואין עונה. צעשראָקענע זיינען אַרומגעלאָפֿן די לע־רער. וואָס וועט זיין, די נאַכט שאָטנס האָבן איינגע־הילט די ביימער, והילד איננו! נאָר אין מיטן זוכן האָט אַ לערערקע באַמערקט ווייט, ווייט ווי משהלע איז געזעסן פֿאַרטיפֿט, גראָבנדיק אַ טונעל און אי־בער אים טרוקענע צווייגן.

— וואָס טוסטו?

— איך מאַך אַ בריק איבערן ים סוף — האָט משהלע געענטפֿערט... וויזט זיך אַרויס אַז נאָך דער לעקציע וועגן יציאת מצרים, האָט משהלע דערציילט זיין פֿאָטער, דאָס מעשהלע. דער פֿאָטער האָט דער־קלערט זיין קינד, אַז משה האָט געוווּסט די צייט פון ים־אָפּפֿלוס און דאַן האָט ער איבערגעפירט די ייִדן דעם רויטן ים... אַ גאַנצן אָוונט האָט משה־לע געטראַכט וועגן דעם, און אין פּאַלערמאָ אויף דער פרייער לופֿט, איז אים אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ צו בויען אַ בריק איבערן ים־סוף, און שלום על ישראל.

די אויטאָבוסן האָבן פאַרלאָזט דאָס פּלאַץ. אַ גע־זאַנג האָט פֿאַרהילכט די לופֿט, דאַנקענדיק וואָס מען איז אָפּגעקומען נאָר מיט אַ ביסל שרעק.

## דער ניגון פון בטחון

ווידער בלאַנקען ווייסע כאַלאַטלעך אין זאַל פֿון דער שלום עליכם שול אויף אַלידען. מען פֿייערט דעם 75־טן געבוירן טאָג פֿון דיכטער אַברהם רייזין. דער



ישראל־מיניסטער, סערלין, ווערט אויפגענומען אין די שלום עליכם־שולן



אַ קוש דער תלמידה וואָס האָט באַגריסט דעם ישראל־מיניסטער, ה. סערלין, אין נאָמען פון די שילער

קוועקזילבערדיקער שלמהלע פֿירט אָן מיטן אַקט. צענדליקער שילער זינגען:

„פֿאַרלאָשן מיינע שטערן
און פינצטער איז די לאַנגע נאַכט,
דאָך הויבט אָן ליכטיק צו ווערן,
ווען איך צינד, די ליכטלעך, די אַכט

אונדזערע תלמידים דעקלאַמירן „מיר צעברעכן די וואַנט". אַ מיידעלע זינגט מיט געפֿיל „אַך הע־מערל העמערל קלאַפּ". די מעלאָדיע, אַ טרויעריקע, מען הערט אַרויס דאָס שווערע לעבן פֿון שוסטער, וואָס ווירקט אויף די קינדער. מען דערקענט דאָס אין זייערע אויגן, אויף זייערע פנימער. עס ווערט פריילעכער ווען אַ שילער זינגט די פּאָר רייזענס כאַראַקטעריסטישע שורות:

אין אַ טאָג אַ גרויען
זינג וועגן אַ הימל אַ בלויען,
אין אַ טאָג פֿון רעגן
זינג וועגן זון אויף וועגן

אינדרויסן האָט געטריפֿט אַ רעגנדל. עס איז טאָ־קע געווען אַ וואָלקנדיקער אומעטיקער טאָג אָבער פֿון אַלע זייטן האָט זיך געטראָגן דער קלאַנג פֿון ליד וואָס דרוקט אויס בטחון, דאָס ליד פֿון אַ הימל אַ בלויען און אַ זון אויף וועגן.

## נישט נאָר יאָשקע פֿאָרט קיין ישראל

דער שול-הויף אויף דער אַלידען גאַס איז באַגאַ־סן מיט זונען־שיין. דיביימער אויפן נאָענטן טראָ־טואַר דופֿטן צוגעבנדיק שטימונג און פֿריילעכקייט. פֿון צייט צו צייט מישט זיך אויס דאָס קול פֿון לער־נען „דאָס ווונדערלעכע פייפל" מיטן גערויש פון די ביימער.

אייניקע תלמידים האָבן געבעטן די לערער מען זאָל ווידער פֿאַרשטעלן די סצענקע „יאָשקע פֿאָרט קיין ישראל", וואָס מען האָט זונטיק אין אָוונט פֿאַר־געשטעלט. די בקשה איז נאָכגעגעבן געוואָרן.

צופֿרידענע זיינען די קינדער אַרויס פֿון זאַל. אויף דער פויזע האָט מען געהערט פֿון אַלע זייטן קולות: ניט נאָר יאָשקע פֿאָרט קיין ישראל, איך וועל אויך פֿאָרן קיין ישראל.

— איך וועל פֿאָרן מיט אַן עראָפּלאַן!

—און איך מיט אַ שיף!

אַ קלונג האָט אָנגעזאָגט אַז מען דאַרף זיך אויס־שטעלן שורותווייז, כדי צו גיין אַהיים. ווי פון זיך אַליין האָבן די שילער אָנגעהויבן זינגען „שיר הפלמ"ח", באַטאָנענדיק: „ראשינו לא ישח" און ווירקלעך מיט געהויבענע קעפּ און שטאַרקן ווילן צו זען ישראל האָבן צענדליקער קינדער מאַרשירט צו די אויטאָבוסן אויפֿן וועג אַהיים.

## תמימותדיקע ליבשאַפט

אַלע טאָג, ווען די שילער פֿאַרלאָזן די שול זינגט מען לידער. אַמבעסטן האָבן זיי ליב צו זינגען דאָס ליד פֿון המשכדיקייט:

מיר שטייען אין רייען, מיר שטייען אין צווייען,
מיר פֿאַרלאָזן דיך שול אונדזער היים,
שלום שלום היינט נישט מער,
מאָרגן מיר קומען ווידער אַהער.

העכער פֿון אַלעמען און מיט געפֿיל זינגט יאָסעלע. ער האָט ליב די שול אהבת־נפש. יעדן טאָג ווען ער זיצט אין אויטאָבוס פֿאָרנדיק אַהיים, דרייט ער אויס דעם קאָפּ כאַפּנדיק אַ קוק צום שול־בנין. די שול איז זיינע, ער היט אָפּ די הוידעס, דעם הויף־גלי־טשער. ער איז אידענטיפֿיצירט מיט אַלע רמ"ח אברים מיט דער לערן־אַנשטאַלט. אַפֿילו אין די וואַקאַציע צייט בענקט זיך אים נאָך די חברים און אַלידען גאַס. אין איינעם אַן אָוונט איז יאָסעלע גע־קומען פֿון מאַר דעל פלאַטאַ. צוויי חדשים איז ער ניט געווען אין בוענאָס איירעס. צומאָרגנס גאַנץ פֿרי, לויפֿט יאָסעלע אין שול, אַ קוק טאָן צו די הוידעס און אַנדערע שפּילערייען. די שול איז געווען פֿאַר־מאַכט. יאָסעלע איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין, נאָר מיט אַ מאָל איז ער האַסטיק צוגעלאָפֿן און אַ קוש געטאָן די וואַנט ביים פענצטער...

מיט לאַנגזאַמע טריט האָט יאָסעלע אַוועקגעשפּאַנט. דורכן פֿענצטער האָב איך דאָס געזען און אין מיי־נען אויערן האָבן ווידער געקלונגען די ווערטער: ס'איז כדאי געווען!



דער פראָנט פון דער שלום עליכם שול אין מאַטאַדעראָס

בערנאַרדאָ עדענבורג

# די שלום־עליכם־שול אין מאַטאַדעראָס

נאָך לאַנגער אָנגעשטרענגטער און אומדערמידלעכער טעטיקייט לטובת אונדזער שול, האָבן מיר צו פֿאַרצייכענען זייער וויכטיקע דערגרייכונגען פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג אין דער געגנט.

מיר ווילן ביי דער געלעגנהייט כאַפּן אַ קוק רעטראָספּעקטיוו, אויף די פֿאַרלאָפֿענע יאָרן, אויף די צענדליקער און הונדערטער זיצונגען, אויף דעם שווערן געראַנגל וואָס מיר האָבן געפֿירט אין דעם צייט־אָפּשניט צו פֿאַרזיכערן דעם קיום און נאָרמאַלן גאַנג פֿון אונדזער אַרבעט.

מיר קומען מיט דער פֿרייד פֿון אמתע מהותנים, ווייל מיר וויסן, אַז אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן. מיר האָבן מיט ליבע, שווייס און עקשנות צעאַקערט דעם פֿעלדזיקן באָדן פֿון גלייכגילטיקייט צו דער דערציִונג פֿון אונדזערע קינדער אין נאַציאָנאַל־ייִדיש־וועלטלעכן גייסט.

מיר האָבן זיך שטענדיק געשטעלט מיטן פּנים צום ייִדישן קינד, ווי די הויפּט־בריק צו אונדזער צוקונפֿט. נאָך מער טוען מיר דאָס אין די לעצטע יאָרן, ווען די נאַצישע בעסטיעס — די גרעסטע שונאים פֿון אונדזער מאַרטירער־פֿאָלק — האָבן פֿאַרטיליקט אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק און מיט אַ כּיוון געזוכט אויסצוראָטן אונדזערע קינדער. דערפֿאַר איז אונדז טאָפּלט טייער יעדעס ייִדישע קינד און מיר ווילן אים, פֿון דער פֿריסטער קינדהייט אָן, דערנענטערן צום ייִדישן לעבן, צו די רייכע קולטור־אוצרות, וואָס אונדזער פֿאָלק האָט געשאַפֿן אין משך פֿון טויזנטער יאָרן. מיר ווילן אים צוגרייטן צו אַ פֿולבלוטיק ייִדיש־מענטשלעך לעבן און דערמיט פֿאַרפֿאַנצערן אים קעגן די שטענדיקע פֿיילן פֿון אַסימילאַציע. דאָ, אין די תּפֿוצות, איז די ייִדישע שול דער הויפּט־באַלוואַרט, די דאַמבע, קעגן דעם אָנפֿלייץ פֿון אַסימילאַציע.

דעם 14טן אָקטאָבער 1951, האָבן מיר איבערגעגעבן דעם מאַטאַדעראָסער ייִדישן ישוב דעם פּרעכטיקן שול־בנין, וואָס האָט געקאָסט פֿינף יאָר שווערע און טייל מאָל — איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען.

מיטן דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, איז אָבער דער שווערער פֿינאַנציעלער יאָך נישט רעדוצירט געוואָרן; נאָר מיטן אויסברייטערן די שול־אַרבעט איז אויך דער בודזשעט אויסגעוואַקסן. די דעפֿעציטן האָבן כּסדר געהאַלטן באַזאָרגט די שול־טוער און נישט איין מאָל האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער דאָזיקער באַרג איז צו שווער פֿאַר אונדזערע פּלייצעס. צום גליק האָבן די חברים פֿון דער פֿאַרוואַלטונג און פֿון דער פֿרויען־קאָמיסיע שטענדיק געפֿונען די נייטיקע מאָראַלישע כּוחות אויסצוהאַלטן די לאַסט און ווייטער גיין פֿאָרויס. מיר האָבן די שוועריקייטן באַקעמפֿט מיט נייע, געוואַגטע איניציאַטיוועס און דער רעזולטאַט איז געווען אַ פּאָזיטיווער.

אין אָט־די שווערע צייטן האָבן מיר נישט געהאַט קיין מעצענאַטן, וואָס זאָלן אונטערקומען מיט מאַטעריעלער הילף, מיר האָבן אָבער יאָ פֿאַרמאָגט אַ גרופּע מענטשן, וואָס איז געווען צווישן זיך ברידערלעך פֿאַרבונדן מיט די זעלבע אידעאַלן, אויסגעשולטע אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַוויזן וווּנדער אויפֿן חינוך־געביט אין אַרגענטינע.

די צווישאָ־אידייע האָט באַלויכטן אונדזער וועג און אונדז אינספּירירט אין דעם שווערן קאַמף פֿון אויפֿהאַלטן אונדזער קולטור־פּאָזיציע — נאָך אַ פֿעסטונג פֿאַרן קיום און המשך פֿון אונדזער פֿאָלק.

מיר זענען גראָד צופֿרידן, וואָס מיר האָבן אין געהעריקן מאָמענט פֿאַרשטאַנען, אַז אונדזערע מעצענאַטן זיינען די פּשוטע פֿאָלקס־מענטשן, וועלכע מיר האָבן טאַקע געוווּנען פֿאַר אונדזער אַקטיווער שול־אַרבעט און זיי געמאַכט פֿאַר גלייכע שותּפֿים פֿון אונדזער אַלעמענס פֿאַרמעגן. דער דאָזיקער שול־עסקן מיט זיין אויסדויער, באַוווּסטזיין און קרבנות־גרייטקייט, איז די בעסטע גאַראַנטיע און דער כּוח, וואָס וועט בייקומען אויך אַלע ווייטערדיקע שוועריקייטן.

מיר קומען דאָס יאָר מיט אַ דערגרייכונג, וואָס פֿילט אָן מיט פֿרייד אונדזערע הערצער: דאָס איז די פֿאַרגרעסערטע צאָל קינדער אין שול.

מיר האָבן אָנגעהויבן דעם היי־יאָריקן שול־זמן מיט 240 קינדער, כּן ירבו! ווער קאָן באַגרייפֿן די עמאָציע פֿון די שול־טוער, ווען זיי זעען ווי 3 פֿול־מאַן־קאָטשן ברענגען די קינדער אונדזערע, וועלכע שוועבן אַריין אין שולהויף מיט געזאַנג און צעשטראַלטע בליקן, מיט ליבע צו זייערע לערערס און צו זייער ייִדישער שול. דער יוגנט־צענטער פֿון עקס־שילער, וואָס אַקטוּירט ביי דער שול, צייכנט אָפּ אַ באַדייטנדיק קאַפּיטל פֿון אָפּגעטוענער אַרבעט. אין די סאַלאָנען, וואָס די שול האָט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פֿון דער יוגנט זענען דורכגעפֿירט געוואָרן צענדליקער ימים־טובֿים, אונטערנעמונגען און עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן לעקציעס. אין אונדזער

שול אויף געוואָרן דער צענטער פאַר דער ייִדישער יוגנט אין געגנט.

אַ גאַר גרויסער אויפטו איז זיכער דאָס קויפן דעם אַלטן שול־בנין אויף סעלאַדאַ, ווו מיר האָבן צוגעבויט אַ דעפּאַרטאַמענט. אין דעם דאָזיקן הויף זיינען פאַראַן אַלע באַקוועמלעכקייטן, וועלכע ווערן אויסגענוצט פון דער יוגנט־באַוועגונג „דרור", וועלכע זעצט פאָר איר חלוצים־דערציִערישע טעטיקייט. מיר פילן זיך שטאָלץ דערמיט, וואָס אונדזער ערשטער צענדליק עקס־שילער, וואָס האָט ביי אונדז דורכגעמאַכט זיין צוגרייטונגס־פּעריאָד און איז עולה געווען קיין מדינת ישראל, געפינט זיך איצט איינגעגלידערט אין די קיבוצים חקוק, בית קשת און אין אַנדערע.

די קינדער אונדזערע קלייבן אויס פאַר זיך דעם נישט לייכטן וועג פון חלוציזם, פון לעבן פון אייגענער פראַצע אין אַן אייגן לאַנד. דאָס איז אונדזער בייטראָג צום אַלגעמיינעם גרויסן געראַנגל פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער גאולה, מיט וועלכער אונדזערע קינדער זיינען אַזוי אינטים־נשמהדיק פאַרבונדן, לטובת די העכסטע און שענסטע אַספּיראַציעס פון אונדזער פאָלק.

***

אַ געבענטשטע איניציאַטיוו איז, בלי־ספק, געווען דאָס שאַפן פון דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „אַלידען". שוין ביים שליסן איר באַלאַנס פון זעקסטן יאָר עקסיסטענץ קומט זי מיט זייער וויכטיקע דערגרייכונגען:

די קאָאָפּעראַטיווע האָט באַוויזן צו גרופּירן אַרום זיך אַ צאָל יונגע פעיִקע מענטשן, וועלכע האָבן מיט זייער איבערגעגעבענער אַרבעט געלאָזט פילן די סימפּאַטיע אויך צו דער שול. אָט די גרופּע מענטשן, צוזאַמען מיט פיל פירנדיקע חברים פון דער שול, האָבן אַרויפגעפירט די קרעדיט־קאַסע אויף די נאָרמאַלע רעלסן, אויף וועלכע זי געפינט זיך איצט.

די קאָאָפּעראַטיווע האָט אין דער קורצער צייט, נישט נאָר געוווּנען דעם צוטרוי פון עטלעכע הונדערט אַקציאָנערן, נאָר זי האָט אויך געקויפט אַ פּלאַץ אויף דער גאַס אַלידען, ווו זי וועט בקרוב אויפבויען אַ פּאַסיקן בנין, ווו זי וועט קענען נאָך מער אויסברייטערן איר טעטיקייט.

אין די ראַמען פון אירע באַשיידענע מעגלעכקייטן, האָט שוין די קאָאָפּעראַטיווע באַוויזן אונטערצוקומען מיט שטיצע פאַר דער שול. דאָס איז אַ פריידיקער אָנזאָג און מיר האָפן, אַז אויף ווייטער וועט מען קענען אונטערקומען מיט מער. דאָס איז דער ווילן פון דער קאָאָפּעראַטיוו־פאַרוואַלטונג און פון דער ברייטער אַקציאָנערן־מיטגלידערשאַפט.

אָט אַזוי האָט די שול אויסגעברייטערט איר טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אויפגעאַקערט דעם באָדן אין דער געגנט מאַטאַדעראָס פאַר ווייטערדיקער שעפערישער אַרבעט.

אין אונדזער פּערספּעקטיוו פאַר דער נאָענטער צוקונפט זעען מיר פאַר אַ נייעם און באַזונדערן בנין פאַרן קינדער־גאָרטן. דערמיט וועלן זיך אויך פאַרגרעסערן די צאָל קלאַסן פאַר די קינדער פון דער שול.



יצחק שפּיגל

# די יידישע דערציִונג אַמאָל און היינט

ס׳איז כדאַי, איידער מיר רעדן וועגן דעם היינ־טיקן יידישן שולוועזן דאָ, אין אַרגענטינע, צו געבן אַ קורצן איבערבליק וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער דערציִונג בכלל.

לערנען דאָס קינד איז געווען איינע פון די ער־שטע מצוות, וואָס דער ייד האָט געהאַט צו פּאַרהיטן, „ושננתם לבניך״, און דו וועסט די ווערטער איבער־חזרן פאַר דיין קינד. און די ווערטער זענען טאַקע איבערגעחזרט געוואָרן פון טאַטעס צו קינדער, און די לערע איז געגאַנגען פון דור צו דור, די ליבע צו אָרנטלעכקייט, מאָראַל, עטיק, און בעיקר די ליבע צו פרייהייט, האָט זיך טיף איינגעוואָרצלט אין די יידישע הערצער.

אין די צייטן פון דער מלוכה האָט די מערהייט פון פאָלק געקענט לייענען און שרייבן. די קינדער פון די רייכע היימען האָבן געהאַט אייגענע „אָפּע־קונען״ (טוטאָרן), וואָס האָבן געהאַט כמעט די זעל־בע מיסיע פון די אַלט־רוימישע „פּעדאַגאָגן״ (פון גריכיש: פּיידאָס — קינד און אַגאָג — פירן); אין די אָרעמע משפחות איז געווען ׳דער פאָטער דער לערער. דאָס הייסט, אַז כאָטש די דערציִונג איז נישט געווען קיין אָפיציעלע, איז אונדזער פאָלק געווען איינס פון די געלערנטסטע.

אין ערשטן יאָרהונדערט עקסיסטירן שוין די אָפּי־ציעלע שולעס, זיי געהערן צו די בתי־כנסת, און מען האָט געלערנט אין זיי נאָר תורה. די געזעלשאַפט איז געווען די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער דערציִונג פון די אָרעמע קינדער און יתומים. מען האָט געהאַט פאַרן לערער דעם גרעסטן דרך־ארץ, און ער האָט נישט באַקומען קיין געהאַלט פאַרן לערנען די קינ־דער, נאָר פאַר דער צייט וואָס ער וואָלט געקענט „אויסנוצן אין אַן אַנדער פאַרעם״.

מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, אין 17טן יאָרהונ־דערט, קומט אויף אין די גלות־לענדער, און ספּעַ־ציעל אין אייראָפּע, אַ נייע פאָרעם אין דער יידישער דערציִונג: „דער חדר״. אין אים שיקט מען אַריין דאָס יידישע קינד פון דריי־פיר יאָר אויף אַ גאַנצן טאָג זיך לערנען פונעם אלף־בית ביז תורה, משנה און גמרא. אין די ערשטע יאָרן האָט ער קיין סך נישט געלערנט, דער מלמד פלעגט צורופן יעדעס קינד באַזונדער, און מיט אים לערנען אַ פּאָר מי־נוט, שפּעטער איז דאָס קינד געווען פריי און פלעגט, ווי עס איז פאַרשטענדלעך, זיך שפּילן מיט זיינע חברים.

צבי שאַרפשטיין פאַרגלייכט דעם חדר פאַר די אָנפאַנגער, צו אַ קינדער־גאָרטן פון אונדזערע צייטן, מיטן גרויסן אונטערשיד, אַז היינט צו טאָג ווערט אַ קינדער־גאָרטן אָנגעפירט פון ספּעציעלע לערער־קעס, וועלכע פלאַנירן אויס זייער אַרבעט, כדי דאָס קינד זאָל באַקומען דורך די שפּילערייען, טענץ און לידער אַ געוויסע דערציִונג, און דעמאָלט האָט דאָס קינד באַדאַרף אַליין זוכן דעם וועג, ווי צו פאַר־ברענגען די צייט.

אין די ערשטע יאָרן אָבער פון לעצטן יאָרהונ־דערט, אַ דאַנק די נייע באַגריפן וועגן דערציִונג, ווערן געשאַפן די וועלטלעכע שולן, וועלכע גיבן אַ נייעם אימפּולס דער יידישער דערציִונג. אָבער די שרעקלעכע וועלט־מלחמה ברענגט אום אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, און מיט אים דאָס בעסטע און שענ־סטע פון אונדזער מחנה און אַזוי אַרום ווערן צע־שטערט אַלע פּלענער און שטרעבונגען.

די האָפענונג גייט אָבער נישט אונטער; די אי־דעאַלן פון פאָלק לעבן ווייטער, און אויפן אָרט פון די צעשטערטע קהילות זענען געשאַפן געוואָרן נייע קולטור־אינסטיטוציעס, וועלכע זענען די זיילן פון אונדזער אומה.

אַמעריקע האָט אַ קורצע צייט, ביז דער אַנטשטיי־אונג פון דער מדינה, געמוזט איבערנעמען דעם פאַקל פון דער יידישער קולטור, און אים באַוויס־געטראָגן מיט פעסטע און געטרייע הענט. און כאָטש היינט צו טאָג איז ישראל אונדזער גייסטיקער און קולטורעלער צענטער, גייט ווייטער אין אונדזער מי־סיע אין די גלות־לענדער אויפצוהאַלטן, דערציִען און שטאַרקן אונדזער פאָלק. און די שול מוז אויס־פירן אין אַרגענטינע די פאַראַנטוואָרטלעכע מיסיע.

גלייך מיטן אָנקום פון די גרויסע אימיגראַנטן־מאַסן האָט זיך דאָ אין לאַנד געשאַפן אַ שולוועזן. די „יקא״ האָט ספּעציעל געזאָרגט פאַר דער דערציִונג פון די קינדער אין די פאַרשידענע קאָלאָניעס און געשאַפן די ערשטע שולעס.

סוף־כל־סוף ווערן אין יאָר 1920 געגרינדעט אין אַרגענטינע, וווּ עס האָט שוין עקסיסטירט אַ גרוי־סער און באַוווּסטזיניקער ישוב, אַ ריי יידישע שולן וואָס ברענגען אַריין אַ נאַציאָנאַל־יידיש־וועלטלעכן

רוח החיים אין דער יידישער דערציִונג. צווישן זיי פאַרנעמען באַלד אַן אָנגעזעען אָרט די באַראָכאָוו־שולן און די „צווישאָ״ שפּעטער, וועלכע האָבן געזוכט און זוכן, נישט נאָר צו לייזן די פאַרשיידענע ריין־דערציִערישע פּראָבלעמען, נאָר אויך צו פאַרבעסערן און פאַרגרעסערן דאָס קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן.

גלייכצייטיק קומט אויף אין לאַנד אַ נייער דור, היגע יידן, וואָלכע פאַרלירן ביסלעכווייז דעם אינטערעס אין דער יידישער שול; די מערהייט האָט אַליין נישט געלערנט קיין יידיש, און זעט נישט די נויטווענדיקייט צו שיקן זייערע קינדער אין אַ יידישער שול. ס'איז דאָך „בוצלעכער און שענער״ אַ קינד זאָל קענען ענגליש, פראַנצויזיש און פּיאַנאָ.

דערצו איז דאָך די יידישע שול נישט קיין צוואַנגשול, קומט אויס אַז די יידישע דערציִונג דאַרף היינט צו טאָג נישט נאָר זוכן די וועגן ווי צו לערנען בעסער, נאָר אויך ווי צו האָבן „וועמען צו לערנען״.

אונדזער אויפגאַבע איז אַזוי אַרום צו שאַפן די ריכטיקע באַציִונג צו אונדזערע שולן פון קינד און פון די עלטערן. און דאָס איז נאָר מעגלעך מיט נייע לערן־מעטאָדן, נייעם לערן־מאַטעריאַל און ספּעציעל מיט גוטע איבערגעגעבענע לערער, וואָס זאָלן נישט נאָר לערנען, נאָר אויך זיין ריכטיקע מדריכים פון דער יוגנט.

די לימודים מוזן ווערן לעבעדיקע איבערלעבונגען פאַרן תלמיד; די שפּראַך דאַרף ווערן אַ נייטיקער עלעמענט אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן; אונדזער געשיכטע דאַרף אים לערנען און ווייזן די ווירדע פון אונדזער פאָלק, אונדזערע העלדן זאָלן ווערן אַ מוסטער, מיט וועמען ער זאָל זיך פילן שטאָלץ; און דער עיקר דאַרף דאָס קינד פילן, וואָס אַזוינס איז מדינת ישראל און וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר.

די שול, בכלל, איז אָבער נאָר אַ טייל פון דער דערציִונג: שוין יאָרן לאַנג, ווי מען האָט אויפגעווייזן אַז די היים און די סביבה זענען די, וואָס האָבן דעם גרעסטן איינפלוס אויפן קינד. איז דערפאַר אַ פליכט פאַר די יידישע לערער, ערשטנס צו זיין אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די עלטערן פון די קינדער און צווייטנס זען צו דערגרייכן, אַז דאָס קינד זאָל זיך וואָס מער געפינען אין אַ פּאַסיקער יידישער געזעלשאַפט.

דאַרף מען דערפאַר שאַפן פאַרן יידישן קינד אַ יידיש־ציוניסטישע סביבה, און דאָס איז מעגלעך נאָר אין אַ קינדער־קלוב, אין וועלכן דאָס קינד זאָל קענען אַנטוויקלען זיין געזעלשאַפטלעך לעבן אין חברלעכן און קולטורעלן זין און אויך פאַר פיזישער אַנטוויקלונג. דאָס הייסט, אַז אַ קינדער־קלוב מוז אַרומנעמען אַ כאָר און אַ טעאַטער, געבן די קינדער די מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען ישראלדיקע טענץ און לידער, און אויך צו פּראַקטיצירן פיזישע איבונגען, שפּילן אין פוטבאָל, באַסקעט און אאַז״וו.

די אַלע דערמאָנטע צוציִונגס־מעטאָדן זענען נישט „ריין טעאָרעטישע״, נאָר מיר באַזירן זיך אויף דער ווירקלעכקייט אין אַ סך פון אונדזערע שולעס, און ספּעציעל אין דער שלום עליכם־שול אין מאָטאַדעראָס. דאָס באַווייזט וואָס מען קען דערגרייכן, אַרבעטנדיק מיט ליבע און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס איז ביי אונדז טעטיק אַ קינדער־קלוב, אין וועלכן אונדזערע קינדער פאַרברענגען אַלע שבת ביי טאָג; מיר האָבן פאַרגרעסערט אונדזער צאָל תלמידים אויף אַ 50 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט די פריִערדיקע יאָרן; און זייער וויכטיק איז צו וויסן, אַז אַלע אונדזערע קולטור־אַקטן ווערן באַזוכט פון גאָר אַ גרויסער צאָל עלטערן, די מערהייט אַרגענטינער געבוירענע.

אַזוי אַרום פילט דאָס קינד, אַז די יידישע שול איז נישט קיין אָפּקומעניש, נאָר אַן אָנגענעם אָרט, ווו עס געפינט אַלע נייטיקע עלעמענטן זיך צו אַנטוויקלען אין אַלע הינזיכטן, און ער זעט אויך צוצוציִען זיינע עלטערן, און זיי ברענגען אין קאָנטאַקט מיט דער שול. אַזוי שמידט זיך די גאָלדענע יידישע קייט.



# דרײַצן יאָר „צווישאַ״ און שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ - אורוגוויי

פון **חיים וואַרזאַגער** (מאָנטעווידעאָ)

אין שייכות מיט די פייערונגען פון 30 יאָר צווישאַ און שלום עליכם־שול אין אַרגענטינע, ווילן מיר דערציילן פון 13 יאָר צווישאַ און שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ, וואָס ציט דעם יחוס פון יענעם גרויסן היסטאָרישן אויפטו, וואָס איז מיט דרייצענדליק יאָר צוריק אויפגעהויבן געוואָרן אין דעם גרויסן ייִדישן ישוב אויף יענער זייט לאַ־פּלאַטאַ־טייך.

אונדזער שול האָט אין פאַרגאַנגענעם יאָר געפּייערט איר בר־מצוה מיט ווירדע און פאַרנעם און דערמיט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצן ישוב; פון זיינע צענטראַלע קערפּערשאַפטן און מאַסן עלטערן און פריינד פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער וועלטלעכער דערציִונג.

דער עצם־פאַקט, וואָס אַזאַ קליינער קיבוץ ייִדן ווי דער אורוגווייער, האָט געקענט אויפשטעלן אַזאַ וויכטיק שול־ווערק ווי עס שטעלט מיט זיך פאָר די היגע שלום עליכם־שול — רעדט לשבח פאַר די דאָזיקע ערשטע בויערס און שול־טוערס, וועלכע האָבן מיט אומבאַגרענעצטן ענטוזיאַזם דאָס רעאַליזירט.

ביים פייערן די פריידיקע דאַטע — 13 יאָר שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ, זענען מיר געווען באַהערשט פון געמישטע געפילן; געפילן פון אינערלעכער סאַטיספאַקציע, פון די אויפטועו און דערגרייכונגען אונדזערע, אָבער אויך האָט אונדז באַהערשט געפילן פון זאָרג און אומרו, וואָס איז אַרויסגעדרונגען פון אונדזער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַחריות פאַר די נייע אויפגאַבן און נייע פליכטן, וועלכע שטייען אונדז פאָר.

נייע אויפגאַבן און נייע אַרבעטן, וועלכע הייבן זיך אָן אויסשיילן אויפן פּאָן פון די מעטאַמאָרפאָזעס און ענדערונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען במשך פון די העכער אָנדערטהאַלבן צענדליק יאָרן צוריק זינט מיר האָבן אונטערגענומען אונדזער בוי־איניציאַטיוו. אויך ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין די לעצטע יאָרן, ווי אַ רעזולטאַט פון די באַקאַנטע געשעענישן אַפילו אין דעם פרייען אַרטיגאַס־לאַנד וואָס האָבן, אין געוויסע מאָמענטן, טאַרמאָזירט און געהאַמעוועט די אַנטוויקלונג פון אונדזער שול און זי באַלאַסטעט מיט גרויסע זאָרגן.

אָבער עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז אין די סאַמע שווערסטע מאָמענטן האָבן מיר זיך נישט פאַרלוירן. דער גלויבן, וואָס נעסטעט אין אונדז, זינט דעם ערשטן טאָג פון אונדזער אָנהייב, אַז מיר טוען אַ וויכטיקע פאָלקישע אַרבעט — אפשר די וויכטיקסטע — האָט אונדז געמוטיקט און געשטאַרקט. און דער גלויבן האָט אונדז גאָר נישט פאַרפירט.

שוין היי־יאָר — צום נייעם שול־זמן — האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל תלמידים אין אונדזער שול און מיר שפירן און זעען בחוש, אַז די דאָזיקע שטייגונג וועט נישט זיין קיין איבערצייגנדיקע דערשיינונג נייערט אַ בולטער סימן, אַז מיר זענען דעם קריזיס אַריבער און זענען אַרויף אויפן וועג פון ווייטערדיקן וווקס.

### 1. — דער חינוך־מצב אין אונדזער ישוב מיט 13 און 15 יאָר צוריק

כדי צו געבן אַ בילד פון דעם, וואָס מיר האָבן שוין דערגרייכט אין דעם צייט־אָפשניט, איז נייטיק צו געבן אַ בליק אויף צוריק, איידער מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער פאַרנעמיקע שול־אַרבעט.

מען קען נישט זאָגן, אַז אונדזער ישוב איז מיט זײַן ערך 15 יאָר צוריק, געווען געזעלשאַפטלעך, נאַציאָנאַל צוריקגעשטאַנען און נישט אַרויסגעוויזן קיין לעבעדיקן אינטערעס צו אַלע אָרטיקע פּראָבלעמען און דערשיינונגען.

פאַרקערט, מיר קאָנען אָנוויזן, אַז ס׳איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ ברייט פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויף אַ סך געביטן פון ייִדישן לעבן; אַ גוט־אָרגאַניזירטע ציוניסטישע אויפקלער־טעטיקייט פון אַרום ארץ־ישראל און שפּעטער מדינת ישראל.

עס זענען געווען אַקטיווע פאַראיינען, קלובן, לאַנדסמאַנשאַפטן און זיי אַלע האָבן געפירט זייערע אַרבעטן מיט מוט און פאַרנעם. עס האָבן אויך פאַרנומען אַן אָנזעעוודיק פּלאַץ אין אונדזער עפנט־



דער קינדער־כאָר אין אַקטן־זאַל פון דער שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ

לעבן פאַרשידענע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנציעלע אינסטיטוציעס ווי בענק, קאָאָפּעראַטיוועס און יעדער פון זיי האָט געבויט, פאַר די אייגענע הצטרכותן, בנינים — אייגענע היימען.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז אין יענער צייט איז אין לאַנד געווען אַ גרויסע עקאָנאָמישע פּראָספּעריטעט און יידן, ווי אַלע בירגער אין לאַנד, האָבן גענאָסן פון דער דאָזיקער גוטער עקאָנאָמישער און ווירטשאַפטלעכער לאַגע, שטייגנדיק אויפן סאָציאַלן לייטער מיט היפּשן דערפאָלג.

פּאַראַלעל מיט זייער עקאָנאָמישן שטייגן, האָבן יידן נישט פאַרזען צו בויען פאַר זיך באַקוועמע הייזער, פּאַלאַצן ממש, און אָנגעהויבן פירן אַ ברייט, אפשר שוין אַ צו ברייטלעך, לעבן...

נאָר איין געביט — דער סאַמע עיקרדיקסטער — איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף גאָטס באַראַט. מען האָט פאַרזען, אָדער נישט דערזען דאָס טייַערסטע אין דער אייגענער שיינער אויסגעבויטער היים — די אייגענע קינדער. דירות רחבותדיקע, האָט מען זיי, די קינדער, געגעבן, מיט אַלע מעגלעכסטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען באַזאָרגט. געשיקט האָט מען די קינדער לערנען אין די מלוכה־שולן און מאַמעס האָבן שוין באַצייטנס אָנגעהויבן טרוימען וועגן די פּאַפּירענע דיפּלאָמען פאַר זייערע זין און טעכטער, דיפּלאָמען, וועלכע וועלן „באַשיינען" די פראָנטן פון די נייע יידישע הייזער און שיינע געפּאַרבטע ווענט אין די הייזער.

וועגן דער יידישער דערציִונג אָבער, האָבן די יידישע עלטערן קנאַפּ וואָס זיך געקימערט. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם — יידישער חינוך פאַר זייערע קינדער — האָט, צו יענער צייט, נישט פאַרנומען דאָס ריכטיקע אָרט אין לעבן פון דער יידישער פאַמיליע. דאָס אַלץ איז געווען אין שרייענדיקער סתירה מיט די צו גוטע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און סיי צו דער געזעלשאַפטלעכער פילפאַרביקער טעטיקייט אינעם ישוב.

פאַרלאָזן, פאַרזען ערגעץ אין אַ ווינקל, פון דעם ברויזנדיקן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן ביי אונדז, האָבן זיך שווער געראַנגלט, מיט אַלערליי פּראָבלעמען, די יידישע שולן, וועלכע האָבן עקסיסטירט. און פון אַזאַ האָפענונגסלאָזן געראַנגל זענען זיי — די יידישע שולן — אַוועק אויפן וועג פון וועגעטאַציע.

דער דאָזיקער נעבעכדיקער אויסזען און די נעבעכדיקע רעזולטאַטן ווי בכלל די גאַנצע מערכה פון דער יידישער דערציִונג צו יענער צייט, האָט נאַטירלעך, אויך נישט געקענט וועקן אינטערעס און צוציִען און געווינען נישט דאָס יידישע קינד און נישט די יידישע עלטערן.

וואָס, אַ שטייגער, האָט שוין געקענט באַווייזן דער יידישער לערער, ביי זיין בעסטן ווילן, ווען ער האָט נישט געהאַט צו זיין רשות די עלעמענטאַרסטע שול־באַדינגונגען, די סאַמע נייטיקסטע לערן־מכשירים, אויף צו קענען אַנטוויקלען וועלכע עס איז דערציערישע אַרבעט?

אַלץ האָט זיך געפונען ווי אין אַ פאַרכישופטן קרייז. די יידישע עלטערן האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס צו דער יידישער דערציִונג, און במילא האָבן די דערציִונגס־אַנשטאַלטן נישט געהאַט די אַלע נויטיקע עלעמענטן אויף צו קענען אימפּאָנירן זיך.

און „דערוויל" זענען יידישע קינדער געוואָקסן און „אַריינגעוואָקסן" אין אַ מין גייסטיקן „קיינעמס־לאַנד". צו אַסימילאַציע אין אייראָפּעיִשן זינען פון וואָרט זענען זיי — די יידישע קינדער — נישט דערגאַנגען, אָבער פון יידישן לעבן און זיינע פּראָבלעמען זיך דערווייטערט.

פאַר דער נישט־יידישער וועלט זענען די אַלע אַסימילירטע קינדער — יידן, און זיי זיינען עס, אָבער הויל און פּוסט און אויסגעליידיקט פון יעדער מין יידישן אינהאַלט.

אויב מיר דאָ, אין אורוגוויי, ווי אַ יונגער ייִדישער ישוב, ווו ס'איז נאָך קאָנטיק די גייסטיקע שפּורן וואָס זענען מיטגעבראַכט געוואָרן פון דער אַלטער היים קענען נישט רעדן פון אַ פאַרלוירענעם דור, ווי די גרעסערע און עלטערע יידישע ישובים אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, שטייט אָבער דער דור אויפן שיידוועג — מער אַהין ווי אַהער...

אַזוי האָט אויסגעזען, מיט אַריבער אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר צוריק, די יידישע קינדער־דערציִונג ביי אונדז.

## 2. — אונדזער אָנהייב — אונדזערע צילן

אין יענעם שווערן מאָמענט פאַרן יידישן חינוך, זענען מיר געקומען, און געקומען זענען מיר מיט אַ רוף איבערצובויען די יידישע שולן אָנהייבנדיק פונעם סאַמע פונדאַמענט, כדי צו געבן שווונג, ברייטן פאַרנעם, אויסברייטערן די האָריזאָנטן פון דער יידישער דערציִונג.

אונדזער רוף איז זיך דעמאָלט צוזאַמענגעפאַלן מיט צוויי טראַנסצעדענטאַלע געשעענישן אינעם לעבן פון אונדזער פאָלק.

פון איין זייט איז צו אונדז דערגאַנגען דער מאָומהדיקער גרויל פון דער יידישער טראַגעדיע אין אייראָפּע ווו אַ דריטל פון אונדזער פאָלק איז פאַרטיליקט געוואָרן. דער אויפדעק פון דריטן פאָלקס־חורבן פון אונדזער אומה, האָט צעטרייסלט אונ־



שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ. — אַ באַזוך אין דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין יום העצמאות

דזערע געמיטער; אָבער פון דער צווייטער זייט — כמעט אין דער זעלבער צייט — האָט הויך אָפּגע־קלונגען, אין אַלעמענס יידישע הערצער, די בשורה פון אַ באַנייטן יידישן אויפקום — אַ יידישע מדינה נאָך צוויי טויזנט יאָר פון יידישן וואָגל און וואַנדער.

די צוויי געשעענישן — פאָלקס־אומקום און פאָלקס־אויפקום — האָבן אַרויפגעלייגט גרויסע נאַציאָנאַלע התחייבותן אויף די יידן אין די נייע ישובים. אויך אונדזער ישוב איז, אין דעם פאַל, ניט געווען און נישט געקענט זיין קיין אויסנעם. מען איז אַריינגעטראָטן אין אַ פּעריאָד פון ערנסטן נאַציאָנאַלן חשבון הנפש.

און פונקט ווי נאָך יעדן פאָלקס־חורבן אין אונדזער לאַנגער גלות־געשיכטע, אַזוי האָט אויך דעמאָלט אַרומגעכאַפּט אַ דראַנג צו בויען בנינים פאַר אונדזערע גייסטיקע אינטערעסן — נייע יבנה'ס פאַר אונדזערע קינדער.

צו די אַלע פאַקטאָרן — די עקאָנאָמיש־גינסטיקע באַדינגונגען און די נאַציאָנאַלע אויפוואַכונג, איז צוגעקומען דער סטימולירנדיקער פאַקטאָר: די וווּנדערלעכע אויפטוען — די וווּנדערלעכע ביישפּילן — פון דער צווישאַ אין אַרגענטינע, וואָס האָט געבויט די יידישע דערציִונג אין אַלע אירע דימענסיעס: אין דער ברייט, אין דער טיף און אין דער הויך — מיט די בליקן צו פּערמאַנענטע באַנייונגען.

דעם 16טן נאָוועמבער 1946 דערשיינט דער ערשטער קאָמוניקאַט אין דער היגער יידישער פּרעסע, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אַ „בוי־קאָמיטעט פאַר אַ שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ". דעם 29סטן יוני 1947 ווערט שוין געלייגט דער גרונטשטיין פון דעם אויסגעפּלאַנטן אייגענעם בנין און דעם 27סטן מערץ פון יאָר 1950 טרעטן מיר אַריבער די שוועל פון אַ נייער אויפגעבויטער שול־געביידע.

יידישע עלטערן און יידישע קינדער האָבן, צום ערשטן מאָל, געזען פאַר זיך אַ יידישע שול גרויס און שיין און ליכטיק — רחבותדיק געבויט. דער אויסזען פון בנין, זיינע אינערלעכע איינריכטונגען, און זיינע באַקוועמלעכקייטן, האָבן פאַרכאַפּט און צוגעצויגן אַלעמענס בליקן — אַלעמענס הערצער און געפילן. דאָס איז געווען אַ גרויסער היסטאָרישער מאָמענט אינעם קולטור־לעבן פון אורוגווייער יידן.

דער דאָזיקער נייער און ברייטער פאַרנעם און שווונגפולער צוגאַנג צו דער יידישער דערציִונג, באַזונדער צו דער וועלטלעכער יידישער דערציִונג האָט אימפּאָנירט. פאַר אונדזערע אָרטיקע באַדינגונגען איז דאָס געווען אַ יש מאַין.

די צילן וועלכע מיר האָבן זיך געשטעלט זענען געווען קלאָרע, וואָס קלאָרער קען שוין נישט זיין: געבן דעם יידישן קינד אַ געזונטע נאַציאָנאַלע, וועלטלעכע בילדונג אין גייסט פון אונדזער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט; אַ דערציִונג, וואָס זאָל ניט אויסלאָזן אַלע גייסטיקע ווערטן, וועלכע האָבן זיך אַקומולירט אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות — אַ פולע, אַ גאַנצע יידישע דערציִונג.

## 3. — אונדזער אויפטו — אונדזערע דערגרייכונגען

ווי באַשיידן מיר זאָלן נישט זיין און ווי קריטיש מיר זאָלן זיך נישט באַציִען צו אונדזער אויפטו און צו אונדזערע דערגרייכונגען, שיינען זיי דאָך אַרויס. זיי שיינען און באַשיינען נישט נאָר די טוערס פון דער היגער צווישאַ און שלום עליכם־שול, נייערט דעם גאַנצן יידישן ישוב. מיט דער שלום עליכם־שול איז דער אורוגווייער יידישער ישוב געוואָרן גייסטיק רייכער, פולער, גאַנצער און אים פאַרשאַפט חשיבות און אָנזען אין דער גרויסער יידישער וועלט.

זיכער איז 13 יאָר נישט אַזאַ גרויסער מהלך אין צייט אַפילו ביי אַ יונגן ישוב ווי אונדזערער, וואָס דאַרף אָט־אָט פייערן 60 יאָר. דער אויפטו אונדזערער קען דעריבער נישט געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס פון צייט, דער עיקר מיט זיין איכות און אויך מיט זיין כמות, מיט זיין וויטגרייכיקייט — מיט דער ווירקונג און השפּעה זיינער אויפן היגן יידישן חינוך בכלל.

אויף צו אָנערקענען די דאָזיקע השפּעה און אויסשפּרייטנדיקע ווירקונג אויף דער היגער יידישער דערציִונג, איז גאָר נישט נויטיק צו זיין אַן אָנהענגער פון דער צווישאַ־ריכטונג, אָדער ווי מיר רופן דאָ אַן, צווישאַ־נוסח, אין דער יידישער דערציִונג. יעדער ייד, אַן אונטערשיד פון ריכטונג, אויב ער איז נאָר מסוגל אָפּצושאַצן אָביעקטיוו דערשיינונגען, וועט מוזן מודה זיין מפּה מלא, אַז די שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ האָט עפּעס מחדש געווען. דער חידוש באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס די צווישאַ־טוערס האָבן אַריינגעבראַכט אַ באַנייטן רוח־החיים — אַ גלויבן אין די גרויסע מעגלעכקייטן, וועלכע זענען פאַראַן, טראָץ אַלע אָביעקטיווע שוועריקייטן, פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן חינוך.

מיר האָבן דאָ די אָרטיקע יידישע דערציִונג אַרויסגעפירט פון איר פאַרגליווערטקייט, פון איר ענגן סדום־בעטל צו ברייטע רחבותדיקע פאַרמעסטן. און עס איז געווען: משנה מקום, משנה מזל. די יידישע שולן האָבן אָנגעהויבן צו וואַקסן און גרעסער ווערן און צובאַקומען נייע תלמידים פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ דאַנק אונדזער ביישפּיל האָט מען אין די יידישע לערן־אַנשטאַלטן אָנגעהויבן לערנען בעסער, מיט מער סדר און פּלאַן. די ניי־איינגעפירטע מע־

טאָדן האָבן גרינגער און אָנגענעמער געמאַכט דאָס לערנען, גרינגער פאַר די קינדער און גרינגער פאַרן לערער.

דאָס לערנען אין אַ ייִדישער שול איז שוין נישט געווען, ווי פריער, אַן אָפּקומעניש פאַר ביידע צדדים — פאַרן לערער און פאַרן תלמיד, נייערט אַ פרייד און אַ פאַרגעניגן און די רעזולטאַטן — אומפאַר־גלייכלעך בעסערע ווי אין די פריִערדיקע יאָרן.

ווען דאָס אַליין וואָלט געווען דער איינציקער אויפטו אונדזערער וואָלט שוין אויך געווען — דיינו. אָבער דאָס צעטל פון די דערגרייכונגען הייבט זיך ערשט אָן.

שוין צום ערשטן לערניאָר — 1950 — האָבן זיך רעגיסטרירט 160 תלמידים. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז די שלום עליכם־שול האָט גורם געווען אַן איבערבראָך אין דער גלייכגילטי־קייט מצד די עלטערן צו דער ייִדישער שול. ליידער האָבן שולן מיט לאַנגיאָריקער עקסיסטענץ נישט געקענט דערציילן פון אַזאַ צאָל קינדער אין איין שול און דערצו גלייך צום ערשטן לערן־זמן. די דאָזיקע צאָל קינדער האָט דערמעגלעכט איינצושטעלן 6 אָפּטיילונגען; 2 ערשטע, 2 צווייטע קלאַסן און צוויי גרופּעס קינדער־גאָרטן.

און אַזוי איז שוין די צאָל קינדער געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. היינט צו טאָג האָט די שול 16 אָפּטיילונגען; אַ פולע 6־גראַדיקע פאָלקשול, אַ מיטלשול און אַן אולפּן. מיר האַלטן אָן די גרעסטע צאָל תלמידים, וואָס דערגרייכט צו 400, כן ירבו — דער גרעסטער ייִדישער לערן־אַנשטאַלט אינעם ישוב.

אַזוי, למשל, איז אין ערשטן יאָר לערנען באַ־שטאַנען דער לערער־פּערסאָנאַל, אַריינגערעכנט די אַדמיניסטראַציע, פון 6 מענטשן — באַשטייט היינט צו טאָג דער שול־פּערסאָנאַל פון 25 מענטשן. עס איז אַוודאי כדאַי צו באַטאָנען דעם פריידיקן פאַקט, וואָס אַ העלפט פון די לערער קומען שוין פון אונ־דזערע געוועזענע שילער.

דער דאָזיקער פאַקט דאַרף טאַקע באַזונדער אַרויסגעהויבן ווערן, מחמת מיר זעען אַ נאָכוווּקס פון אייגענע יונגע לערערס. מיר האָבן במשך פון די לעצטע יאָרן געשיקט אונדזערע אַבסאָלווענטן אין חיים גרינבערג־סעמינאַר אין ירושלים און אַ צאָל זענען אַוועק אין מכון למדריכים, וועלכע שטייען היינט אין דער אָנפירונג פון די היגע חלוצישע באַוועגונגען.

מיר האָבן נישט קיין סטאַטיסטיק אונטער דער האַנט, אָבער מיר זענען זיך משער, אַז צענדליקער און צענדליקער תלמידים אונדזערע געפינען זיך אין ישראל, דער עיקר אין די קיבוצים פון אַלע ריכטונגען און הייבן זיך דאָרטן אַרויס מיט זייער אַרבעטזאַמקייט און וויסנגיריקייט. אַנדערע לערנען אויף די אוניווערסיטעטן און נישט קיין קליינע צאָל געפינט זיך אין צה״ל —צבא הגנה לישראל.

במשך פון די 13 יאָר האָבן קורסירט אונדזער שול הונדערטער און הונדערטער ייִדישע קינדער, וועלכע זענען שוין היינט צו טאָג דערוואַקסענע מענטשן, אַ צאָל פון זיי האָבן שוין פאַרלייגט אייגענע ייִדישע היימען — ייִדישע פאַמיליע־נעסטן געשאַפן — און הייבן שוין אָן צו שיקן זייערע קינדער אין דער שול וועלכער זיי אַליין האָבן געלערנט — אין דער שלום עליכם־שול.

וואָס עלטער אונדזער שול ווערט, אַלץ נענטער ווערט דער טאָג, ווען דער דור, וואָס איז דורכגעגאַנגען אונדזער שול, וועט זיך דערנענטערן צו דעם לערן־אַנשטאַלט, אין וועלכן זייערע קינדער גייען היינט און וועלן ווערן דירעקטע מיטבאַטייליקטע און העלפן טראָגן דעם עול פון ייִדישער דערציִונג.

מיר האָבן געטאָן אַלץ צו פאַרוואַנדלען די שלום עליכם־שול אין דער צווייטער גייסטיקער היים פאַרן ייִדישן קינד, כדי אין אים איינפלאַנצן אַלע גייסטיקע ווערטן פון אונדזער נעכטן און אונדזער היינט.

אין צענטער פון אונדזער דערציִונג־אַרבעט פאַר־נעמט די וועלט פון מדינת ישראל. דאָס שאַפערישע לעבן דאָרטן, די קיבוצים, דער חלוציזם און זיינע ווערטן — דער ווידערגעבורט פון ייִדישן פאָלק אויף זיין אייגענעם היסטאָרישן באָדן. ביי די קינ־דער דריקט זיך דאָס אויס און מאַניפעסטירט זיך אויף פאַרשיידענע אופנים: דורך אַן אויסטויש פון בריוו פון אונדזערע קינדער צו די קינדער פון ישראל, דורך באַקומען ישראל־בלומען פון אַלע עקן לאַנד און דאָס אָפּענטפערן אויף די מתנות; שריפט־לעכע אַרבעטן אויף ישראל־טעמעס און דאָס זאַמ־לען בכורים־געלטער פאַרן קרן־קימת.

זינט די שול עקסיסטירט שטייט זי אויפן ערשטן אָרט אין די דאָזיקע בכורים־זאַמלונגען. ווי אַ בייַ־שפּיל וועט דינען דער איינציקער פּילזאָגנדיקער ציפער; במשך פון די 13 יאָר האָבן אונדזערע תלמי־דים געזאַמלט פאַר בכורים 50.000 (פופציק טויזנט) אורוגווייער פּעזעס, אַנדערטהאַלבן מאָל מערער ווי אַלע היגע ייִדישע שולן צוזאַמען.

אונדזער שול איז געווען די ערשטע צו באַקו־מען פון דער היגער שגרירות דעם „דגל אדמה" אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר דער דאָזיקער דערציִערישער אַרבעט און דאָס פאַרגאַנגענע יאָר — געווונען דעם „דגל־ירושלים".

צום היי־יאָריקן לערן־זמן האָבן מיר געעפנט אין

צענטער פון שטאָט אַן אָפּטיילונג פון אונדזער שול — אַ קינדער־גאָרטן אויפן נאָמען פון חנה סענעש. דאָס איז אַ נייער אויפטו פון דער צווישאָ, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס ביי די עלטערן וועלכע וווינען אין צענטער־שטאָט. די אָפּטיילונג האָט אַלע אויסזיכטן צו וואַקסן און וואַקסן. דאָס האָט מען געקענט זען פון ערשטן יום־טוב, וואָס דער קינדער־גאָרטן האָט דורכגעפירט. געקומען זענען צוויי מאָל אַזוי פיל מענטשן ווי עס איז דערוואַרט געוואָרן.

מיר שליסן אָפּ 13 יאָר צווישאָ און שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ מיט אַן אָפּטימיסטישן בליק פאַר דער גאָר נאָענטער צוקונפט און מיר קענען מיט שטאָלץ זאָגן, אַז אונדזער שול שטייט אין צענטער פון דער היגער יידישער אויפמערקזאַמקייט. אונדזער שול האָט געשאַפן געשיכטע אין אונדזער יונגן יידישן ישוב און אים געגעבן גרויס אָנזען אין די אויגן פון די יידן אין אַלע ווינקעלעך אין דער וועלט און אין מדינת ישראל.



שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ. — דער קינדער־גאָרטן שיקט אַרויס אַ טייבעלע מיט אַ לשנה טובה פאַר אַלע יידן

**משה גאָרדאָן** (מאָנטעווידעאָ)

# פּראָבלעמען פון אונדזער שולוועזן

מיר פאַרנעמען זיך נישט דאָ צו באַהאַנדלען פּעדאַגאָגישע פראַגן, דאָס ליגט נישט אין אונדזער קאָמפּעטענץ. וואָס מיר ווילן יאָ אונטערשטרייכן איז, אַז אַלע עלעמענטן וואָס שטעלן צוזאַמען אונדזער חינוך־וועזן, זענען ענינים וואָס גייען אַרויס פון ענגער פאַכמענישער ראַם און מוזן באַהאַנדלט ווערן פון אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט.

מיר פאַנגען אָן ביי אונדזערע יידישע עלטערן, וועלכע שיקן זייערע קינדער אין אונדזערע שולן. (ווען מיר זאָגן שולן מיינען מיר אַלע טיפּן שולן, פון רעליגיעזע ביז וועלטלעכע) איז דאָס אַן און פאַר זיך אַן אַקט פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. ווייל די יידישע דערציִונג איז נישט קיין פליכט, וואָס מוז אויסגעפירט ווערן צוליבן דרוק פון אויסערלעכע פאַקטאָרן. נאָר פאַרקערט, שטעלט זיך אין קאָנפליקט קעגן אַן איינגעשטעלטן סדר. דאָס הייסט, אַז די יידישע עלטערן נעמען אָן אַן אַקטיווע שטעלונג פון אַנהאַלטן אַן אייגענעם שטייגער, זיי דערפילן אַזוי אַרום אַ נאַציאָנאַלע פונקציע, אַ פליכט לגבי דעם פאָלק.

ביי טייל קומט עס פאַר ווי אַ טראַדיציאָנעלער גאַנג פון דורותדיקייט; דער טאַטע, דער זיידע. טויזנטער יאָרן זענען זיי געגאַנגען אַ געוויסן שטייגער, אַן איינגעשלאָסן גלותדיקן און אייגענעם מלוכהדיקן. גייט מען אין די וועגן פון די עלטערן. די דאָזיקע נאַציאָנאַלע ירושהדיקייט קומט צום אויסדרוק אין פאַרשידענע פאָרמען.

אַנדערע וואָס זענען אין זייער יוגנט געווען פאַרבונדן מיט אַ געוויסער וועלטלעכער באַוועגונג, ווילן אין זייערע קינדער זען אַ געוויסן אָפּשיין פון דעם שיינעם אַמאָל. דאָס איז אַלץ נוגע דעם דור, וואָס ציט זיין וואָרצל נאָך פון די אַלטע היימען. אַנדערש זעט אויס די סיטואַציע ביים צווייטן דור און נאָך אַנדערש ביים דריטן דור. אויף זיי ליגט נישט אונדזער ספּעציפישקייט. נישט פאַראַן דער שטעמפּל, וואָס פלעגט אויסטיילן אונדזערע דורות פון דעם אַרום מיט שפּראַך, מיט קולטורעל־יידישן אינהאַלט מיט פאַרשידענע שטרעמונגען, וואָס זענען אָבער געווען אויסדריקלעך יידיש.

און דאָך שטייען די יונגע עלטערן פאַר יידישע דערציִונגס־פּראָבלעמען; נאַטירלעך אין אַן אַנדערן פאַרנעם, אין אַן אַנדערער אויפלאַגע. זיי זוכן וועגן ווי אַזוי צו קענען ביי דעם איצטיקן שטייגער אָנהאַלטן יידישקייט. די היינטיקע באַדינגונגען זענען פונקט פאַרקערטע ווי זיי זענען געווען אַמאָל. מיר האָבן געקעמפט פאַר אַריינברענגען וועלטלעכקייט אין דער יידישער אָפּגעשלאָסנקייט. היינט שטייט די פּראָבלעם ווי אַזוי אַריינצוברענגען אַ ביסל יידישקייט אין אַ וועלט מיט „וועלטלעכקייט".

און פאַר אונדז שטייען די פּראָבלעמען פון יידישער דערציִונג שאַרף. דער דאָזיקער דראַנג פון יידישע עלטערן, וואָס זוכן אַ יידישע דערציִונג פאַר זייער קינד, מוז געפינען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג אין אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט. דאָס שטעלט אונדזערע ישובים פאַר דער גרויסער דילעמע: וועלכע זענען די וועגן, וואָס זאָלן קענען אַמבעסטן צוקומען צו די יידישע היימען און אויך אַמבעסטן באַפרידיקן די באַדערפענישן פון די עלטערן.

מען מוז באַנייען די מעטאָדן, מען מוז אויפהערן זיין דאָגמאַטיש. אונדזער דערציִונגס־וועזן דאַרף אַרויס פון די ראַמען פון בלויז שול־טוער, פון בלויז זיין אַ טייל פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט, און מוז ווערן אַ נאַציאָנאַלער ענין וואָס שטייט טאָג־איין טאָג־אויס אויפן סדר־היום פון אַלע צענטראַלע קערפּערשאַפטן. מיר מוזן די עלטערן סטימולירן שאַפן פאַר זיי באַדינגונגען, כדי זייער פאַרלאַנג צו געבן די קינדער עפּעס יידישס זאָל באמת האָבן אַ נאַציאָנאַלן ווערט. מיר מוזן די דאָזיקע פונקציע אַ ביסל צעבלאָזן. מיר דאַרפן די ענינים אויפנעמען מיט מער וואַרעמקייט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

צוזאַמען מיטן טויזנט יעריקן קולטור־רעליגיעזן באַגאַזש, קומען אונדזערע שטרעמונגען פון דעם לעצטן יאָרהונדערט, וואָס לעבן און שטעלן מיט זיך פאָר דער רוקנביין פון אונדזער גאַנצן יידישן לעבן אין אַלע ישובים, אַריינגערעכנט אויך די מדינה.

דער עלטערער דור איז נאָך אַלץ דער וואָס פירט אָן מיט אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט, מיט זיין וויטאַלקייט, וואָס איז פאַר אים אַזוי כאַראַקטעריסטיש שטייט ער ביי דער טאָג־טעגלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און שאַפט נאָך אַלץ נייעס. און אָט שטייט די גרויסע דילעמע: ווו זענען די כוחות וואָס זאָלן דאָס אַלץ נעמען אין זייערע יונגע פעסטע הענט אַריין.

צוזאַמען מיטן צוגרייטן אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן טוער, אַ נייעם שול־טוער, שטייט פאַר דעם עלטערן עסקן דער רעאַלער פאַקט פון איבערגעבן אין נייע הענט זיין שליחות. מיר האַלטן, אַז ווען עס

ווערט באַהאַנדלט די פּראָבלעם: לערער, דערציִער, דאַרף דאָס גאַנצע געוויכט זיין אויף יוגנט, וואָס קומט אַרויס פון אונדזער מיט. מיר ווילן דערמיט נישט פאַרמינערן דעם ווערט פון ישראל־לערער, אָבער אונדזער ווירקלעכקייט דאַרף באַהאַנדלט ווערן פון מענטשן וואָס האָבן זיך פאַרגענומען מיט אַט דער דאָזיקער רעאַליטעט. מיר דאַרפן, אַז אונדזערע יונגע מנהיגים זאָלן חוץ אידעאָלאָגישע ציונים אויך זיין אַ לעבעדיקער טייל פון דעם ישוב.

נאָר שטאַרקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע ישובים וועלן זיין בכוח אויסצופירן זייערע פליכטן לגבי זייער כלל און לגבי דער מדינה.

***

מיר לייענען און הערן טאָג־טעגלעך דיסקוסיעס אַרום שפּראַך־פראַגן: יידיש־העברעיִש, לאַנד־שפּראַך (שפּאַניש, ענגליש, פראַנצויזיש א״אַ). וועגן דער רעאַליטעט, אַז דער יונגער דור רעדט נישט אונדזער שפּראַך, ווילן מיר נישט איבערחזרן. די אַלע אַרגומענטן פאַר יאָ יידיש, פאַר יידיש־העברעיִש, פאַר בלויז העברעיִש. מיר מיינען, אַז די אַלע אַרגומענטן זענען היפּאָטעזן אָדער ספּעקולאַטיווע אידעען.

די אויסשליסלעכע יידישיסטן זענען ווי ספּיריטואַליסטן, וואָס ווילן מיטן כוח פון וויזיע צוריקברענגען די גייסטער פון אונדזער יידישן אַמאָל. דער צווייטער עקסטרעם איז דער, וואָס וויל פאַרטרייבן יידיש, ווייל דאָס איז גלות־פּסיכאָלאָגיע. און דערווייל לעבן די ישובים און בויען אינסטיטוציעס, אייניקע שוואַכע, אַנדערע פעסטע, אין יידיש און יידיש־העברעיִש־אינטעגראַגע. און ווען מיר נעמען אויף שליחים פון ישראל מוזן די דאָזיקע רעדן די שפּראַך וואָס לעבט, די יידישע שפּראַך וואָס באַהערשט נאָך די מערהייט פון ישוב. אַ סך מאָל הערן מיר שליחים, וואָס לערנען זיך אויס רעדן יידיש. דאָס זענען רעאַלע פאַקטאָרן.

איז דעריבער די פּראָבלעם נישט: וויפל פּראָצענט רעדן נאָך יידיש אָדער וויפל רעדן בלויז די לאַנד־שפּראַך (העברעיִש איז נישט קיין שפּראַך וואָס זאָל באַנוצט ווערן אין טאָג־טעגלעכן לעבן), איז דעריבער קען מען נישט רעדן וועגן די עלעמענטן וואָס קענען זיין אַן אָנשפּאַר און אַן אָנהאַלט. יידיש איז אַן אָנהאַלט. נעמט אַ ישוב, וואָס ווערט געצוווּנגען צו אַסימילאַציע, ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז אָט האָבן מיר אַ יונגן דור מיט יידיש, וואָס וואָרצלט פון דורות און קומט צום אויסדרוק. דאָרט וווּ ער האָט נאָר אַ מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. מען טאָר נישט איגנאָרירן דעם גרויסן ווערט פון יידיש. עס קומט פאָר אַ פּראָצעס אַ נאַטירלעכער פון איבערפאַרמירונג ביי די נייע דורות. אָבער דאָס איז אַ פּראָצעס פון נאַטירלעכער צופּאַסונג. אין דער זעלבער צייט לעבט דער ישוב אַ יידיש לעבן. איז פאַראַן אַ יידישע רעאַליטעט — און דאָס איז דער עיקר.

מיר ווי עסקנים, ווי שול־טוער, לערער, דערציִער קלייבן צוזאַמען אַלע יידישע פונקען, וואָס טליִען אין האַרצן פון יידן און באַמיִען זיך מיט אַלע כוחות זיי פונאַנדערצובלאָזן. און אַלע וואָס לייגן צו אַ האַנט צו דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט זענען ווערט געבענטשט צו ווערן.



ישראל־מיניסטער, שיטרית און ה׳ שוואַרץ, אויף אַן אויפנאַמע אין דער שלום עליכם שול



נחום גאָלדמאַן און ברוך צוקערמאַן אין דער צענטראַלער שלום־עליכם־שול

אַ תלמידה גיט איבער אַ קראַנץ בלומען דעם ד״ר ניר

# די צווייטע שלום עליכם שול אין וויזשאַ קרעספּאָ

## נישט געקאָנט צאָלן קיין דירה־געלט — האָט מען באַשלאָסן צו בויען אַן אייגענעם שול־בנין...

### (אַ בלעטל געשיכטע)

פון י. בענעק

ווען מען פייערט 30 יאָר „צווישאַ", מוז מען דערמאָנען 29 יאָר די צווייטע שלום עליכם שול. ווען אין 15טן יאַנואַר 1934 האָט מען געעפנט די ערשטע שול איז אויף דעם יום־טוב געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג צו עפענען אַ שול אין וויזשאַ קרעספּאָ. מען האָט געזאָגט מוויזשאַ קרעספּאָ תיצא תורה. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן מיר צונויפגערופן אַ פּאָר חברים, וואָס האָבן געוווינט אין יענער געגנט, דאָס זענען געווען די חברים: האָרענשטיין, כייטשע, פּינקוס און מיין ווייניקייט און נאָך אַ פּאָר חברים, וואָס איך געדענק שוין נישט זייערע נעמען. און ביי מיר אין שטוב איז באַשלאָסן געוואָרן צו דינגען אַ דירה און שאַפן אַ שולע.

אין דער זעלביקער וואָך האָבן מיר געדונגען אויף גורוטשאַגאַ 181 אַ גרויסן הויף און מיר האָבן מצליח געווען.

צו דער דערעפענונג פון דער שולע זענען געקומען אַ גרויסער עולם, און מיר האָבן זיך געווונטשן צו האָבן אַן אייגענעם בנין. דאָס איז צו יענער צייט נאָר געווען אַ שיינער ווונטש. אָבער מאַטע־ריעל האָבן מיר געהאַט גרויסע שוועריקייטן, ווייל צו יענער צייט האָט נאָך די קהילה קיין סובסידיע נישט געגעבן, און די עלטערן האָבן געצאָלט אייך פּעזע אַ חודש און דאָס האָבן חברים געדאַרפט אַליין גיין איינמאָנען.

איז טאַקע געווען שווער אין יענער צייט אויס־צוהאַלטן אַ שול. האָבן מיר איבערגעלעבט אַ שטרייק פון לערער און דאָך זענען צוגעקומען מער קינדער און מען האָט געדאַרפט דינגען אַ גרעסערע דירה אויף מוריזשאָ, און דירעקטאָר איז געוואָרן אונ־דזער ליבער חיים פינקעלשטיין און די שולע האָט פּראָגרעסירט.

דער באַלעבאָס פון דער דירה איז געווען אַ מאָד־נער מענטש: ער האָט געוואָלט דירה־געלט. און מיר זענען אים שטענדיק שולדיק געווען פּאַר עט־לעכע מאָנאַטן. האָט ער אָנגעגעבן אויף אַן עקס־מיסיע און אין געפאַר מען זאָל אונדז נישט אַרויס־וואַרפן פון דער דירה, און ווייל מיר האָבן טאַקע נישט געקענט צאָלן, האָבן חברים אָנגעהויבן טראַכ־טן וועגן... בויען אַן אייגענעם בנין.

און עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָס עס האָט צעשטערט אונדזער לעבן אין דער אַלטער היים. איז געווען אַ דיסקוסיע צי מען דאַרף בויען. דער באַשלוס איז געווען: דאָרט צעשטערט מען — דאַרף מען דאָ בויען.

און אַ דאַנק אַ פּאָר חברים מיט חיימען בראש, וואָס האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, האָט מען געקענט בויען. דאָס האָט געגעבן אַ סטימול פאַר אַן אייגענעם בנין און מיר זענען גע־וואָרן די פּיאָנערן פון אייגענע יידישע בנינים אין לאַנד. אויך די באָראָכאָוו־שולן זענען געווען די ערשטע שולן אין אַרגענטינע. איצטער די קינדער־קאָלאָניע „קינדערלאַנד". מען האָט אונדז דאַן פאַר־שריגן, אַז דאָס איז נאָר פאַר רייכע קינדער. אָבער היינט האָבן אַלע איינגעזען, אַז קינדער־קאָלאָניעס זענען אַ נויטווענדיקייט און אַלע שאַפן קינדער־קאָ־לאָניעס, כן ירבו. און איצט, ווען מיר גייען אויפ־בויען אַן אינטעגראַלע שולע „רמת שלום — זאָל זיין אין אַ גוטער שעה, און זאָל מען אונדז ווידער נאָכטאָן...

## צענטראַלע וועלטלעך יידישע שול אָרגאַניזאַציע
אין אַרגענטינע

# צענטראַלע שאָלעם־אַלייכעם שול
סאַרמיענטאָ 2270

## באַשטעטיקונג:

דער פריינד יצחק בענעק

## האָט זיך באַשטייערט צום גרינדונגס־פאָנד

# אַלס מיטגרינדער־מיטגליד

פון דער צענטראַלער שאָלעם־אַלייכעם שול

בוענאָס איירעס, יוני 1934.

פאָרזיצער

אַטעסטאַט פאַר די ערשטע ביישטייערער לטובת דער גרינדונג פון דער ערשטער שלום עליכם־שול

שמחה סנה

# „...מיר איז קיין מאָל נישט אײַנגעפאַלן...!“

(ראַנדבאַמערקונגען וועגן דעם לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור אין אונדזערע מיטלשולן)

— מיר איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן אַז אין דער יידישער ליטעראַטור זענען פאַראַן אַזעלכע שיינע דערציילונגען פון דעם מין... — האָט אַ זאָג געטון אַ שילערין נאָך דעם ווי מיר האָבן איבערגעלייענט אין קלאַס ה. ד. נאָמבערגס „שווייג, שוועסטער!“

דער שמועס וואָס האָט זיך דערנאָך אויסגעוויקלט אין קלאַס מיטן ציל צו אַנאַליזירן די אויבנדערמאָנטע דערציילונג איז געווען זייער אַ לעבעדיקער. אין די פריערדיקע שמועסן האָבן מיר געהאַט אויסגעאַרבעט אַ סכעמע, אין וועלכער עס זענען געווען אָנגעצייכנט די הויפּט־עלעמענטן אויף וועלכע מען דאַרף אָנווייזן ביים אַנאַליזירן אַ דערציילונג, אָבער אין דעם פאַל האָבן די שילער זיך אַרומגעזען אַז עס פעלט זיי איינער פון אָט די עלעמענטן טאַקע: די שילדערונג פון דער סביבה. זיי זענען געקומען צו דער מסקנה אַז דער מחבר האָט דעם דאָזיקן אַספּעקט פולשטענדיק אַרויסגעלאָזט, און זיי האָבן דאָס צוגעשריבן דעם פאַקט, וואָס די העלדן האָבן געלעבט אין אַן אַיהאַלטן פאַר אומוויכטיק, און דעריבער זי בכלל דורכגעלאָזט אין זיין שילדערונג. זיי זענען געגאַנגען נאָך ווייטער און געזוכט אין דער ניט־באַשריבענער סביבה, די אמתדיקע סיבה פון דער העלדינס זעלבסטמאָרד. ווען די העלדין זאָל זיך געפינען אין אַ סביבה פון יוגנט — האָבן זיי געזאָגט — וואָס זוכט אַ ציל אין לעבן, וואָס קעמפט פאַר עפּעס אַן אידעאַל, וואָלט איר דורכגעפאַלענע ליבע ניט געווען מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקער עפּיזאָד און וואָלט זיכער ניט אָנגענומען אָט די איבערגעטריבענע דימענסיעס פון אַן אומפאַרריכטלעכן גייסטיקן צוזאַמענבראָך.

ניט וויכטיק איז צי אָט די אָפּשאַצונג איז אַן איינציק־ריכטיקע, אָבער היות ווי דער קלאַס האָט זיך געהאַלטן ביי דער דאָזיקער מיינונג איז נויטיק געווען אַז דער לערער זאָל אָנווייזן אויף דעם היסטאָרישן אונטערגרונט פון דער תקופה אין וועלכער די דערציילונג איז געשריבן געוואָרן. די לעקציע פון ליטעראַטור האָט זיך ניט ווילנדיק פאַרוואַנדלט אין אַ לעקציע פון געשיכטע, דורכגעפלאָכטן מיט „פּסיכאָ־אַנאַליטישע“ באַמערקונגען פון יענע שילער, וואָס האָבן עפּעס דערוועגן געלייענט. דערנאָך האָבן די שילער געזוכט צו מאַכן אַ פאַרגלייך פון נאָמבערגס העלדין מיט אַ יידיש מיידל פון אונדזער צייט. און נאָך שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרגלייכן די היינטצייטיקע יוגנט, וואָס לעבט זיך אויס אין אַ געוויסן קלוב, מיט דער יוגנט וואָס באַלאַנגט צו אַ חלוצישער באַוועגונג. דאָס גלעקל האָט איבערגעריסן דעם אינטערעסאַנטן שמועס...

דער לערער איז אַוועק פון קלאַס מיט געמישטע געפילן: פון איין זייט האָט אים הנאה געטון וואָס די דערציילונג האָט אַרויסגערופן אינטערעס און די שילער האָבן געשמועסט פריי און טאַקע יידיש, (כאָטש דער יידיש איז ניט שטענדיק געווען אַ קאָרעקטער), און פון דער צווייטער זייט האָט ער באַדויערט וואָס די לעקציע איז געבליבן אַ ניט פאַרענדיקטע.

———

עס איז פאַר מיר קיין ספק ניט אַז איינער פון די הויפּט־עלעמענטן וועלכער מוז דערגרייכט ווערן אויף די לעקציעס פון ליטעראַטור בכלל און פון דער יידישער ליטעראַטור בפרט, איז דער אינטערעס פון די שילער. ליטעראַטור טאָר מען ניט קנעלן. מען טאָר ניט פּרווון אַריינקלאַפּן דעם תלמיד אין קאָפּ אַריין קיין שום פאַרטיקע פאָרמולעס, מעגן זיי זיין אַפילו פאַרהייליקט פון דער קריטיק און ריכטיק ביז גאָר. עס איז, לויט מיין באַשיידענער מיינונג בעסער דער שילער זאָל אַרויסברענגען אַן אייגענע פאַלשע מיינונג, איידער ער זאָל מעכאַניש אויפנעמען און נאָכזאָגן אַ ריכטיקע מיינונג וועלכע דער לערער האָט געבראַכט. דאָס מיינט ניט אַז דער לערער דאַרף

ניט פרווון אַרויסצופירן דעם שילער פון זיין טעות. דאָס מיינט, אָבער יאָ, אַז דער לערער טאָר זיך קיינמאָל נישט אַוועקשטעלן אין דער פּאָזיציע פון אַ פּוסק אַחרון, וועמענס מיינונג איז אומאָפּ־פרעגלעך. פּאַרקערט, מען דאַרף שטרעבן דערצו אַז דער שילער זאָל זיין גרייט אויפצונעמען דעם לערערס מיינונג מיט אַ קריטישן צוגאַנג. דער עיקר: מען דאַרף שטרעבן דערצו אַז דער שילער זאָל זיין זעלבשטענדיק ביים אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען.

פאַרשטענדלעך איז, אַז דאָס מוז לכתחילה אָנקומען שווער. די שילער פון 4־טן און 5־טן יאָר מיטלשול איז נאָך צוגעווינט אויפצונעמען אַלץ וואָס דער לערער זאָגט ווי אַ דאָגמע, מיט וועלכער ער האָט ניט קיין רעכט צו דיסקוטירן. וואָס ער טראַכט ביי זיך, — דאָס איז שוין אַ גאַנץ אַנדער ענין. מען דאַרף געדענקען אַז ביים שילער איז דאָס לערנען אַ פליכט, וועלכן ער דערפילט מיט מער אָדער ווייניקער פלייס און געוויסנהאַפטיקייט. איך וויל דאָ ניט אַרויסזאָגן קיין מיינונגען אויף וויפל דאָס איז נויטיק און נוצלעך ביים לערנען אַנדערע קעגנשטאַנדן, אָבער ביים לערנען ליטעראַטור קען עס ווערן שעדלעך. דאָס וועלן אונטערוואַרפן זיך דער מיינונג פון דעם לערער שאַפט ביים שילער אַ מין אונטערטעניקייט וואָס גרענעצט מיט צביעות, און דאַדורך ווערן במילא אונטערגעבראָכן צוויי אומבאַדינג־נויטיקע עלעמענטן, אָן וועלכע דער לימוד פון ליטעראַטור ווערט כמעט ווי אוממעגלעך: די אויפריכטיקייט פון דעם שילער און זיין זעלבשטענדיקער אופן פון טראַכטן. די אויפגאַבע פון דעם לערער איז דעריבער — שאַפן אין קלאַס אַזאַ אַטמאָספערע, אַז דער שילער זאָל דערפילן אַז זיינע אַן אייגענע מיינונג איז ניט נאָר דערלאָזלעך, נייערט טאַקע געוווּנטשן. אַוודאי קען זיך שאַפן אַ לאַגע, אַז די נאַטירלעכע יוגנטלעכע טראַציקייט און קינדער־ווידער־שטימונגען זאָלן אין אַ געוויסער מאָס שטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון די לימודים. איך גלויב אַז אָט די שטערונגען קענען אויף אַ טאַקטפולן אופן באַזייטיקט ווערן. דער עיקר איז: דערוועקן ביים שילער דאָס געפיל פון אייגנווערדע און אַרויסבאַקומען ביי אים דאָס, וואָס ער טראַכט באמת וועגן דעם מאַטעריאַל וואָס ווערט געלערנט.

---

מען דאַרף געדענקען: דער שילער פון דער יידישער מיטלשול איז גלייכצייטיק אַ שילער פון אַ שפּאַנישער מיטלשול און אָפטמאָל שוין אַ סטודענט פון אַן אוניווערזיטעט. ניט ווילנדיק מאַכט ער פאַרגלייכן צווישן דעם ניווֹאָ פון זיין פּראָפעסאָר אין דער שפּאַנישער שול און דעם פון דער יידישער. נאָך מער: ער פאַרגלייכט די וואָגיקייט פון די יידישע ליטעראַרישע ווערק מיט די ניט־יידישע. דער דאָזיקער פאַרגלייך טאָר קיינמאָל ניט אַרויסקומען לרעה דעם יידישן לערער. אויב ביים לערנען למשל געשיכטע, טרעפט דער שילער אָן אויף צוויי פאַרשידנאַרטיקע שטאַנדפונקטן און ער נעמט אָן פאַר גוט אַז געוויסע אַספעקטן פון דער אַלגעמיינער געשיכטע טראָגן במילא אַן אַנדער כאַראַקטער, ווען מען קוקט אויף זיי פון אַ יידישן קוקווינקל, וועט ער אָבער ביים לערנען ליטעראַטור אָנווענדן, איבער פאַרשטענדלעכע טעמים, אַן איינציקע און די זעלביקע מאָס — זיין געשמאַק ווי אַ קונסט־געניסער. זענען דאָך שוין עפּעס אָט די שילער יונגע, אָבער רייף־ווערנדיקע מענטשן, ביי וועלכע עס הויבט זיך אָן אויסבילדן אַן אייגענער געשמאַק, און אַן אינדיווידועלער אופן אויפנעמען אַ ליטעראַריש ווערק. דער לערער האָט דעריבער פאַר זיך צוויי וועגן. אָדער אַוועקשטעלן פאַר זיך געוויסע, שוין אויסגעפּאָרמולירטע אמתן, וועלכע ער דאַרף אָננעמען בלינד און אָן קיין שום דיסקוסיע, אָדער באַוועגן דעם שילער צו זוכן אין דער יידישער ליטעראַטור דאָס זעלביקע וואָס ער געפינט אין דער ניט־יידישער, דאָס הייסט אַ גייסטיקן געניס. אַוודאי, איז דער ערשטער וועג אַן אומפאַרגלייכלעך לייכטערער אָבער ער טויט אָפּ באַלד ביים אָנהייב יעטוועדן אינטערעס פאַרן יידישן בוך. דער צווייטער וועג איז שווערער, אָבער דערפאַר האָט מען דאָס רעכט צו דערוואַרטן מער פּרוכטיקע רעזולטאַטן. דער שילער, אויב עס וועט אים נאָר זיין מעגלעך צו באַזיגן די שפּראַך־באַריערע וועט אויך אויף להבא זוכן אַ יידיש בוך. איך גלויב, אַז דאָס טאַקע איז דער סאַמע וויכטיקסטער ציל פונעם לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור.

---

איין קלייניקייט... באַזיגן די שפּראַך־באַריערע...

דער סאַמע אומדערטרעגלעכסטער שטער ביים דערגרייכן גוטע רעזולטאַטן אינעם לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור איז דער גוט באַקאַנטער טרויעריקער פאַקט וועגן וועלכן קיינער צווייפלט ניט כאָטש קיינער וויל אים ניט אָנערקענען מיט אַ פולן מויל: אונדזער „מאַמע לשון" האָט אין די 95 פּראָצענט פאַלן אויפגעהערט צו זיין אַ מאַמע־לשון.

מיט קנאַפּע צען יאָר צוריק האָב איך, ווי דער דעמאָלטיקער רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון „אונדזער וואָרט" אויסגעאַרבעט אַן אַנקעטע, וואָס איז

גוטגעהייסן געוואָרן פון דעם חבר חיים פינקעלשטיין אין וועלכע עס האָבן זיך צווישן אַנדערע געפונען די פראַגעס: ב) קען מען דערוואַרטן אַן אויסברייטערונג פון דעם ווירקונגס־קרייז פון יידיש אין די תפוצות, אָדער אַ פאַרשמעלערונג פון אָט דער ווירקונגס־קרייז? ג) איז מעגלעך אַן אויפקום פון אַ נייעם דור וואָס יידיש וועט זיין 1) זיין אומגאַנגס־שפּראַך, 2) די שפּראַך פון יידיש־נאַציאָנאַלע שטודיומס 3) די שפּראַך פון גייסטיקן אויסלעבן זיך?"

ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן זיינען די ענטפערס געווען פאַרשיידנאַרטיקע. זיי האָבן אָבער פאַרמאָגט איין געמיינזאַמען שטריך: קיינער האָט ניט געוואָגט קוקן דעם אמת אין די אויגן אַריין. עס איז אפילו דערשינען אין אַ יידישער ניו־יאָרקער פעדאַגאָגישער אויסגאַבע אַן אַרטיקל פון אַ פּראָמינענטן דערציִער וועלכער האָט פאַראורטיילט דעם עצם פאַקט פון דערלאָזן אַזאַ אַנקעטע און אפילו באַשולדיקט די רעדאַקציע פון „אונדזער וואָרט" אין פיינטלעכקייט צו יידיש. זינט דאַן זענען אַוועק שוין צען יאָר, און במשך פון אָט דער צייט איז מיר אויסגעקומען צו פאַרנעמען זיך צו ביסלעך מיטן לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור אין 5־טן יאָר מיטלשול. און זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין אַרויסצוזאָגן אָפן דעם ביטערן אמת: יאָר נאָך יאָר האָב איך ליידער די מעגלעכקייט זיך איבערצוצייגן אַז די שילער פון אָט דעם יאָר קענען וואָס אַמאָל ווייניקער די יידישע שפּראַך. איך וויל דאָ ניט אַריינגיין אין די סיבות פון אָט דער טרויעריקער דערשיינונג, ווייל דאָס וואָלט מיך געצוווּנגען אינגאַנצן אַוועקגיין אויף זייטיקע וועגן און אָנהויבן אַ דאָן־קיכאָטישע פּאָלעמיק אויף זייער אַן אָנגעווייטיקטער טעמע. איך וויל אָבער יאָ באַרירן צוויי וויכטיקע פּונקטן וועלכע פאַרמאָגן אַן אומצערייסלעכע שייכות מיט דער דאָזיקער טעמע: א) עס דאַרף לויט מיין באַשיידענער מיינונג איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן ווערן די צוקונפט פון יידיש אין אונדזער שולוועזן בכלל, און אין אונדזערע מיטלשולן בפרט. אָדער מען לערנט יאָ יידיש, דאַן דאַרף דער לימוד זיין מער גרינטלעך און דער שילער דאַרף אָנקומען אין 5־טן יאָר מיטלשול מיט אַ געהעריקן באַגאַזש פון יידישער שפּראַך־קענטעניש — אָדער... נו, דעם „אָדער" וויל איך ליבערשט ניט אַרויסברענגען פאַר די ליפּן. ב) ביים לערנען די יידישע שפּראַך אין די נידעריקערע יאָרן פון דער מיטלשול וואָלט מען באַדאַרפט נעמען מער אין אַכט אַז ייִדיש איז מער ניט, ווי ווייטיקלעך די דאָזיקע פעסטשטעלונג זאָל אונדז ניט זיין, קיין מאַמע־לשון פון דעם שילער, און דעריבער וואָלטן באַדאַרפט אָנגעווענדעט ווערן גאַנץ אַנדערע מעטאָדן. אַנדערש לערנט מען אַ שפּראַך ווען דאָס קינד רעדט די דאָזיקע שפּראַך, און אַנדערש דאַרף מען זי לערנען ווען דער שילער דאַרף ערשט די דאָזיקע שפּראַך דערווערבן. שוין אָפּגערעדט דערפון אַז עס איז נויטווענדיק כסדר צו באַרייכערן דעם וואָקאַבולאַר פון דעם שילער, וואָלט מען באַדאַרפט גאָר באַזונדערס רופן די אויפמערקזאַמקייט פונעם שילער דערויף אַז עס זענען פאַראַן טיפע אונטערשיידן צווישן דער שפּראַך וואָס ער רעדט, אין דעם פאַל שפּאַניש און דער יידישער שפּראַך. מען מוז שלום מאַכן מיטן פאַקט, און גוט געדענקען אַז דער שילער טראַכט אויף שפּאַניש און מען דאַרף אים לערנען איבערזעצן געדאַנקלעך דאָס, וואָס ער וויל אַרויסגעבן אויף יידיש. געוויינטלעך גייען די אָנשטרענגונגען פון דעם לערער אין דער ריכטונג פון באַקענען דעם שילער מיטן אינהאַלט פון דער לעקטור, כדי צו שטאַרקן דעם יידישן באַוווסטזיין פונעם קינד. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ וויכטיקער און לויבנסווערטיקער ציל, אָבער אין די געגעבענע באַדינגונגען איז דאָס ווייט ניט גענוג, וואָרום דער תלמיד געוווינט זיך צו בלויז צו אַסימילירן אין זיין זכרון (און דאָס אויך אויף שפּאַניש) דעם אינהאַלט פון דער לעקציע, אָבער די שפּראַך גופא, מיט אירע סינטאַקטישע און גראַמאַטישע פאָרמען בלייבט אים פרעמד. עס טרעפט דעריבער אָפט, אַז דער זעלביקער תלמיד וואָס האָט זיך אויסגעלערנט נאָכדערציילן (אין גרעסטן טייל פאַלן — אין אַ גרייזיקן ייִדיש) עפּעס, וואָס ער האָט געליינט, איז לחלוטין אומבאַהאָלפן ווען ער דאַרף אויף יידיש פאָרמולירן אַן אייגענעם געדאַנק. איך גלויב אַז עס איז איבעריק צו באַטאָנען דאָ נאָכאַמאָל אַז טאַקע אָט די מעגלעכקייט צו פאָרמולירן אַן אייגענעם געדאַנק אין ייִדיש איז דער סאַמע וויכטיקסטער פאָרבאַדינג צום דערפאָלגרייכן לערנען די ייִדישע ליטעראַטור. ווען דער שילער קען דאָס ניט באַוויזן ווערט ער מיד פון דעם קאַמף קעגן די שוועריקייטן ביים אַרויסברענגען זיין געדאַנק, און עס ווערט ביי אים אָפּגעטעמפּט די פעיִקייט צו געניסן עסטעטיש פונעם געלייענטן ווערק. דאָס דאָזיקע הויבט אָן צו ווירקן נעגאַטיוו אויף זיין גאַנצער באַציִונג צום קעגנשטאַנד ווי אַזעלכן.

———

מיר האָבן אָנגעהויבן די דאָזיקע באַטראַכטונגען מיט דער טעזע אַז איינער פון די הויפּט־עלעמענטן ביים לערנען ליטעראַטור דאַרף זיין דער אינטערעס פון דעם שילער. צי מיינט דאָס אַז מען דאַרף גיין אויפן וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד און לערנען נאָר דאָס וואָס איז אַקטועל אָדער צוגענג־

לעך פאַר דער מענטאַליטעט פונעם שילער? לגמרי ניין!

מיט אַ צייט צוריק איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אין דער ישראלדיקער ליטעראַרישער אויסגאַבע „מאזנים" אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל אויף דער טעמע טאַקע. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אין ישראל גופא, וווּ קיין שפּראַך פּראָבלעמען זע־נען שוין נישט פאַראַן, טרעפן די ליטעראַטור לע־רערס אָן אויף שוועריקייטן ביים לערנען די קלאַ־סיקער. די שילער בלייבן זיצן גלייכגילטיק ווען מען לערנט מיט זיי די קלאַסישע ווערק פון דער העברעיִשער ליטעראַטור, אָבער זיי ווייזן אַרויס אַ לעבעדיקן אינטערעס, ווען דער לייען־מאַטע־ריאַל איז אַן אַקטועלער, אַ געשריבענער פון אַ היינצייטיקן שרייבער. די פראַגע וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל איז: דאַרף טאַקע דער לערער זוכן פאַר יעדן פּרייז צו געווינען דעם אינטערעס פון די שילער און געבן זיי אַן אַקטועלן לערן־מאַטעריאַל אָדער ער דאַרף זיך ראַנגלען כדי צו געווינען טאַקע זייער אינטע־רעס אָבער דערביי ניט אָפּטרעטן פונעם פּראָגראַם וועלכער זעט פאָר אַ מאַטעריאַל, וועלכן די שילער באַטראַכטן ווי אַ „פאַרעלטערטן" און „לאַנגוויי־ליקן".

מיין באַשיידענע מיינונג איז, אַז דער לערער דאַרף טאַקע זיך באַמיִען מיט אַלע כוחות צו גע־ווינען דעם אינטערעס פון די שילער, אָבער דאָס טאָר בשום אופן נישט געטאָן ווערן אויפן חשבון פון דעם לערן־פּראָגראַם. אַ גוט צוגערייטע לעק־ציע וועגן „מסעות בנימין השלישי" קען זיין פונקט אַזוי אינטערעסאַנט ווי אַ לעקציִע וואָס וועט באַ־האַנדלען די שאַפונג פון דעם סאַמע טאַלאַנטירטן היינטצייטיקן שרייבער אויף אַן אַקטועלער טעמע. דער שווערפּונקט ליגט אין דעם מעטאָד. אינעם אויסגעפינען אין דער געגעבענער שאַפונג דאָס וויכטיקסטע, דאָס אינטערעסאַנטסטע און דאָס אייביקע, דאָס הייסט, דעם דאָזיקן עלעמענט וואָס איז גילטיק אויך היינט און אויך דאָהי. די גרויס־קייט פון אַ ווערק באַשטייט דערין וואָס עס ווערט נישט אָפּגעבלאַקירט און מאַט מיט דער צייט. אַוודאי זענען אין יעדן גרויסן ווערק פאַראַן אויך אַזעלכע שטעלן וואָס האָבן פאַרלוירן זייער צאַ־פּלדיקע אַקטועלקייט. דער לערער דאַרף אָבער קענען אַקצענטירן דאָס וואָס איז פאַרבליבן וויכ־טיק און דויערהאַפטיק, און דעריבער לאָזט עס זיך מעסטן מיט אַן אַקטועלער מאָס. עס איז אָבער דערביי שטענדיק געוווּנטשן צו דערמאָנען דעם היסטאָריש־געאָגראַפישן פאָן פונעם ווערק, כדי דעם שילער זאָל זיין לייכטער אַריינצודרינגען אין דער סביבה. אין אָט דעם זין קען און דאַרף דערגרייכט ווערן אַ געוויסער גראַד פון צוזאַמענ־אַרבעט צווישן דעם לערער פון ליטעראַטור און דעם לערער פון געשיכטע. איך האַלט דאָס פאַר וויכטיק דערפאַר, ווייל די טעמאַטיק פון די קלאַ־סישע ווערק פון דער יִידישער ליטעראַטור וואָרצלט אין ס'רוב פאַלן אין תקופות און אין סביבות וואָס געהערן שוין צו דער געשיכטע.

עס וואָלט אָבער פאַלש געווען אַרויסצוציִען פון דעם אַלעם דעם שלוס אַז דער לערער דאַרף זיך לגמרי אָפּזאָגן פון שאַפונגען פון היינטצייטיקע שרייבער און פון אַקטועלער טעמאַטיק. איך מיין אַז אפילו ווען דער לערן־פּראָגראַם זעט עס ניט פאָר, דאַרף דער לערער פון ליטעראַטור איינשליסן אויך ווערק פון שרייבערס, וואָס האָבן זיך נאָך ניט אויסגעקעמפט קיין אָרט אויף דער מזרח־וואַנט פון דער יידישער ליטעראַטור. עס איז כדאי אַוועקצו־גיין פון דער אָנגענומענער שיטה, אַז מען דאַרף לערנען נאָר וועגן יענע ווערק וואָס זייערע מחברים געפינען זיך שוין אויפן עולם האמת. ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן פאַרווּנדערונגס־אויסרופן פון שילערס בעת זיי זיינען געוואָר גע־וואָרן אַז דאָס ליד אָדער די דערציילונג וואָס זיי לערנען, באַלאַנגט צו אַ מחבר וואָס „לעבט נאָך". זיי זיינען גאָרניט געווען צוגעגרייט דערצו. זיי האָבן געוווּסט אַז עס זיינען „נאָך" פאַראַן לעבעדי־קע יידישע שרייבערס, אָבער לערנען לערנט מען נאָר די ווערק פון די יעניקע וואָס זיינען שוין אַוועק אין זייער אייביקער רו אַריין.

איך בין גרייט מסכים צו זיין מיט דער מיינונג, אַז עס פעלט אונדז די פערספּעקטיווע וואָס זאָל אונדז דערלויבן אָפּצושאַצן ווי געהעריק אַ היינט־צייטיק ווערק. איך גלויב אָבער אַז עס איז בעסער צו באַגיין אַ טעות און לערנען אַפילו אַ מיטל־מע־סיק ווערק, איידער שאַפן ביי די שילערס דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע יידישע ליטעראַטור באַ־לאַנגט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. פאַרקערט, מען דאַרף זיך באַמיִען מיט אַלע מיטלען איינצו־וואָרצלען אין זיי דעם באַוווּסטזיין אַז די יידישע ליטעראַטור לעבט ווייטער און ציט איר יניקה אַזוי פון דער פאַרגאַנגענהייט ווי פון דער איצטיקייט פון אונדזער פאָלק.

---

איך וואָלט ניט געוואָלט ביי קיינעם שאַפן דעם איינדרוק אַז מיט דעם דאָזיקן מאמר מיינעם האָב איך זיך פאַרמאָסטן דאָ אויסצושעפן די טעמע אָדער גאָר אַרויסברענגען כללים וואָס דאַרפן זיין גילטיק פאַר אַלע לערערס פון יידישער ליטעראַטור. גי־כער איז דאָס געווען אַן אַראָפּרעדן זיך פונעם

האַרצן פון אַזאַ איינעם, וואָס זיין אומהיילבאַרע פאַרליבטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור האָט אים באַוויגן זיך צו פאַרנעמען עטלעכע שעה אַ וואָך אויך מיט לערעריי. דאָס זענען מחשבות און טראַכטענישן פון אַזאַ איינעם וואָס האָט זיך פאַר־מאָסטן עפּעס צו פאַרזייען אויף אַ קליין בייטל, וואָס איז אויפגעאַרקערט געוואָרן אין מיט פון אַ האַרטן מדברדיק פאַרברענטן באָדן. בלאָס, גאָר בלאָס און שוואַך זיינען די פלאַנצן וואָס גייען אויף. זיצט מען און מען טראַכט, און ס׳ווילט זיך פאָרט אַז עס זאָלן אויסוואַקסן שטאַרקערע קוסטלעך. דער וואַלד ווערט וואָס אַ מאָל שיטערער, אָבער מען חלומט וועגן נייע ביימער.

יאָ, מען חלומט...

איז, ווען מען טוט זיך טיילמאָל אַ וועק איבער פונעם חלום און מען קוקט זיך אום איבער דער האַרטער אַרומיקער ווירקלעכקייט, הויבט מען אָן טראַכטן פאַרוואָס איז זי אָט די ווירקלעכקייט טאַקע אַזוי האַרט, אַזוי זאַמדיק טרוקן? קומען טאַקע כלערליי מחשבות אין קאָפּ אַריין. קען זיין אַז עמי־צן וועלן זיך אָט די אַלע טראַכטענישן אויסווייזן צו זיין צו פיל פּעסימיסטיש, צו שטאַרק ניכטער... און עמעצער וועט אפילו אַ טראַכט טאָן אַז ווען דאָס אַלץ זאָל אפילו זיין אמת, איז אויך געזונטער צו שווייגן... איין זאַך איז אָבער פאַר מיר קלאָר: מיטן קאַזיאָנעם אָפּטימיזם וועט מען גאָרניט קע־נען אויפטאָן.

און אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, און טאַקע שוין, און טאַקע אומפאַרזאַמט, וועגן דעם קענען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין!



אין דער ביבליאָטעק פון דער צענטראַלער שלום עליכם שול

אליהו בליוויס

# דער ייִדישער לערער און די ייִדישע שול

איידער מיר באַציִען זיך צו דער שליחות פון ייִדישן לערער, מיינען מיר אַז פריִער ווי אַלץ וואָלט מען געדאַרפט פּרוּוון קלאָר מאַכן וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט דער לערער בכלל אין דער היינטיקער געזעלשאַפט, וואָסער באַציִונג האָט זי צו אים, וואָס דערוואַרט די געזעלשאַפט פון דעם לערער און וועלכע מיטלען שטעלט זי צו זיין רשות כדי ער זאָל זיין בכוח צו דערפילן די שליחות וואָס איז אים געגעבן געוואָרן אָדער לכל הפחות די פונקציע וואָס איז אים געוואָרן אָנגעטרויט.

נישט איין מאָל איז אויסגעקומען צו הערן און לייענען וועגן דעם לערער, דאָ רעדן מיר וועגן לערער מיט גרויסע אותיות געשריבן, אַז נישט נאָר איז ער אַ פאַרמיטלער צווישן די וואָס שאַפן וויסן און די וואָס זאַמלען און קאָנסומירן דאָס, נאָר אָפט־מאָל שרייבט מען און מען רעדט וועגן אים אין אַזאַ טאָן גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ זעלבסטשטענדיקער שעפער, ממש אַ קינסטלער־סקולפּטאָר. דער אונטערשייד צווישן דעם סקולפּטאָר און דעם לערער זאָל נאָר באַשטיין אינעם מאַטעריאַל מיט וועלכן יעדער איינער פון זיי מייסטערט אויס זיינע ווערק. דער ערשטער נוצט שטיין אָדער אַן אַנדער אומבאַלעבטן חומר און דער צווייטער ווידער אַרבעט מיט דעם מענטש. אין אַלדאָס אַנדערע לאָזט זיך דורכפירן, זאָגט מען, אַן אַנאַלאָגיע צווישן ביידן. אונדז דאַכט זיך, אַז קודם־כל זינדיקט אונטער דער דאָזיקער פלאַכער פאַרגלייך מיט היפּשער גוזמא.

אַוודאי גלייבט יעדער לערער, און מיט רעכט, אַז אַזוי צי אַנדערש איבט ער אויס אַ השפּעה אויפן תּלמיד און ער מעג אפילו טראַכטן אַז אין נישט ווייניק פאַלן האָט ער געבראַכט דערצו, אַז דער שילער זאָל אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג זיך פאַרנעמען אין דער אָדער אין אַ צווייטער ריכטונג. מען מעג אויך אָננעמען, אַז אין נישט ווייניק פאַלן הערט זיך אין תּלמידס שיינעם געזאַנג אַ שטימע־ניואַנס פונעם לערער וואָס ער האָט געהאַט, פּונקט ווי עס איז זיך לייכט משער צו זיין, אַז אויף די נשמות פון באַשטימטע אַנדערע תּלמידים זעען זיך אָן די פינגער־אָפּדרוקן פון געוויסע אומציכטיקע לערער. מיר מיינען אָבער, אַז פּונקט אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַן עוולה פאַראַנטוואָרטלעך צו מאַכן נאָר דעם לערער פאַרן תּלמידס קנאַפּע דערגרייכונגען און פאַר זיין פעלערהאַפּטיקייט, וואָלט גענוי אַזוי געווען צו פיל איבערגעטריבן נאָר אים צוצושרייבן דעם תּלמידס דערגרייכונגען און זיין פערזענלעכקייט, וואָס וויקלט זיך אויס מיט דער צייט, אונטער דער מיטווירקונג פון פאַרשיידנזייטיקע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע השפּעות, און נישט ווייניק מאָל אויך ספּאָנטאַן, אָן דער אָנרעגונג פון דרויסנדיקע פאַקטאָרן.

מיר זאָגן דאָס נישט דערפאַר וואָס מיר האַלטן אַז צווישן לערערישן און קינסטלערישן באַרוף לאָזט זיך נישט מאַכן קיין פאַרגלייך, נאָר ווייל אַפילו ווען ס׳זאָל טאַקע זיין אמת אַז דער לערער איז אַ סקולפּטאָר פון מענטשלעכע כאַראַקטערן, ווי נישט ווייניק גלויבן קינדיש־נאַיִוו, האָט ער אָבער צו טאָן מיטן סאַמע מיסטעריעזסטן, שווערסטן און גאַנץ אָפט אויך אומדאַנקבאַרסטן שטאָף מיט וועלכן אַ קינסטלער האָט ווען עס איז געדאַרפט זיך ראַנגלען: מיטן מענטש.

מיר וועלן דעריבער ריזיקירן מיט אַזאַ פעסטשטעלונג וואָס איבער איר אויסגעדראָשנקייט וועט זי געוויס אַרויסרופן אַ שמייכל: ווער האָט דען נישט אַמאָל געזאָגט אָדער ווייניקסטנס געטראַכט, אַז לערעריי איז אַ שווערער באַרוף? דאָס איז פּונקט אַזוי אָפּגעריבן, ווי לאָמיר זאָגן, „שווער צו זיין אַ ייִד״, נאָר לאָמיר צוליב זיין קינדישער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט נישט פאַרקוקן דעם גרויסן אמת וואָס ווערט אין אָט דעם אַלטן, עלעמענטאַרן געדאַנק אַרויסגעבראַכט. די שווערקייט און קאָמפּליצירטקייט פון לערעריי איז אַן אוניווערסאַל אָנערקענטער פאַקט, פּונקט ווי אוניווערסאַל עס איז דעם לערערס פרייד און אוניווערסאַל די פאַרביטערונג און אומבאַפרידיקטקייט וואָס באַשווערן צומאָל זיין געמיט. אַלציינס ווי די לערערישע סאַטיספאַקציע און שמחה זיינען אויך זיינע צווייפלען

און נשמה־מאַטערנישן, נישט דווקא נאָר די עקאָנאָמישע, אייגן אַלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיסטעמען, אַלע פּאָליטישע רעזשימען און נישט געקוקט אויף אַלע אידייאישע און פּעדאַגאָגישע צוגאַנגען אין דער דערציונג, און מיר מעגן מאַכן די השערה אַז זיי זענען אויך אומפאַרמיידלעך.

אמת איז, אַז קוים כאַפּן מיר נאָר אַ בליק אין דער פאַרגאַנגענהייט וואַרפט זיך תיכף אין די אויגן אַ גרויסער גליקלעכער אויסנאַם: דער לערער ביי ייִדן במשך דעם קנאַפּע צוויי טויזנט־יעריקן דויער פון דער לעצטער גלות־תקופה, דאָס מיינט אומגעפער פון חורבן בית שני ביז היפש שוין אין אונדזער היינטיקן יאָרהונדערט, דאָס לעצטע וויניקסטנס וואָס שייך דעם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום. אין דעם דאָזיקן הינזיכט האָט זיך געוויס קיין שום לערער אין דער וועלט נישט געקענט פאַרגלייכן צום ייִדישן לערער.

מען דאַרף אָבער נעמען אין אַכט, אַז דער אַנזען און די חשיבות פון וועלכע דאָס עצם לערנען און דער לערער האָבן גענאָסן ביי ייִדן, דעם לערערס גייסטיקע מנוחה און די מאָראַלישע באַפרידיקונג וואָס ער האָט געפונען אין זיין אַרבעט זענען געווען דער נאָרמאַלער אויסדרוק פון אַ באַשטימטער ווערטן־סקאַלע וואָס האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אין ייִדישן לעבן און פון אַ ייִדישער געזעלשאַפט וואָס איז געהאַט אויפגעקומען ווי אַ פועל יוצא פון צוויי היינט שוין אומבאַשטרייטבאַרע היסטאָרישע פאַקטן:

אַ גאָר זעלטענער, אויב ניט איינציקאַרטיקער צוזאַמענפאַל פון אומגעהויערע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע גורמים און נאַציאָנאַלע יידישע אינטערעסן און אַ ממש גענויאַלע צופּאַסונג פון ייִדישן אינוויניק צום אַרומיקן נישט ייִדישן דרויסן, אָדער אַנדערש דעפינירט: די באַוווסטזיניקע אויסמיידונג פון ביידע געפערלעכע עקסטרעמען: דער זוווג צווישן ייִדנטום און רוימישקייט, ווי יוסף פלאַוויוס האָט עס זיך געווונטשן, פון איין זייט און דער פּרוכטלאָזער פיזישער געראַנגל מיט די דעצידירנדיקע פאַקטאָרן אין דער דעמאָלטיקער וועלט פון דער צווייטער זייט. עס איז דערפאַר געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז דער רעזולטאַט וואָס האָט זיך באַקומען פון אָט דעם היסטאָרישן צוזאַמענשפּיל זאָל זיך אויסדריקן אין אַזאַ זעלטענער אידענטיפיקאַציע און האַרמאָניע צווישן יחיד און כלל וואָס אפשר נאָר דער אייראָפּעישער מיטלאַלטער איז צו איר טיילוויז דערגאַנגען און וואָס אַפילו צייטנווייזע געזעלשאַפטלעכע שטורעמס, אידעיִשע שטריטן און אינדיווידואַליסטישע אויסברוכן ביי ייִדן זענען נישט געווען בכוח צו צעשטערן.

לויט אונדזער מיינונג איז דערפאַר נישט אינגאַנצן אומבאַגרינדעט יענע אָפּשאַצונג וואָס באַטראַכט די דאָזיקע תקופה, נישט געקוקט אויף אַלע אירע שווידערן, אַלס דער העכסטער פּונקט צו וועלכער עס האָט דערגרייכט יענע נאַציאָנאַל־גייסטיקע מאָנאָליטישקייט פון ייִדישן פאָלק וועגן וועלכער עס האָבן געטרוימט די גרויסע ייִדישע לערער און וויזיאָנערן און וואָס ווער ווייסט צי נישט געקוקט אויפן וווּנדערלעכן פאַקט פון מדינת ישראל וועט זי זיך ווען עס איז אַמאָל איבערחזרן.

עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע: איז די דאָזיקע זעלטענע דערשיינונג אָנגעקומען לייכט דעם ייִדישן יחיד און כלל, און איז זי פאַרן ערשטן געוועזן פּונקט אַזוי גוט און לויבבאַר ווי פאַרן צווייטן? מיר ווייסן טאַקע אויסגעצייכנט אַז גוט און שלעכט, ווי שיין און מיאוס, זענען רעלאַטיווע באַגריפן. מיר מיינען אָבער, אַז מען קען זיי רעדוצירן און פאַנגען אין איין אַבסאָלוטער קאַטעגאָריע: גוט איז נאָר דעמאָלט פאַרן כלל און פאַרן יחיד ווען נישט געקוקט אויף דער אומפאַרמיידלעכער קעגנזייטיקער אָפּהענגיקייט וואָס הערשט צווישן זיי זאָלן זיי דאָך אויך קענען אָפּהיטן זייער אייגענע און אייגנטימלעכע ספערע ווו זיי זאָלן קענען קומען צום פולסטן אויסדרוק. מיר מיינען אַז קוים קוקן מיר דערויף ערלעך וועלן מיר מוזן אָנערקענען, אַז יענע טיפע האַרמאָניע און אידענטיפיקאַציע וועגן וועלכע עס איז פריער געווען די רייד און וואָס אין זייער אויסקריסטאַליזירונג האָט אויך דער לערער ביי ייִדן געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל, זענען דערגרייכט געוואָרן פאַר אַ זייער טייערן פרייז. מיטן אויסנאַם פון דער ספרדישער גלאַנץ־תקופה זיינען זיי דערגרייכט געוואָרן פאַרן פרייז פון רעדוצירן צו אַ דערלויבטן מינימום די יחידישע ספערע אין וועלכער דער ייִד האָט זיך געמעגט באַוועגן, פאַרן פרייז פון פאַרטויבן זיינע חושים און פאַרן פרייז פון צוימען אין אים די נאַטור און אָפּפרעמדן אים פון דער נאַטור אויסער אים. קוים זעט מען אין דער ציוויליזאַציע אַ קאָנטראַסט צו דער נאַטור, מעגן מיר דעמאָלט מיט זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז די מענטשלעכע געשיכטע האָט נאָך נישט געקענט קיין העכערע ציוויליזאַציע ווי די וואָס ייִדן האָבן געשאַפן און קולטיווירט אין פאַרלויף פון די פיינפולע און דערהויבענע טויזנט ניין הונדערט יאָר ייִדישן גלות. דאָס איז אָבער אויך דער גרויסער קרבן וואָס דער ייִדישער יחיד האָט אייגנוויליק צי געצוווּנגען געמוזט ברענגען לטובת דעם כלל.

ביי אַזאַ אומפאַרגלייכלעכער קרבנות־גרייטקייט און פעיִקייט, וואָס האָט זיך מיט דער צייט ממש צונויפגעוואָקסן מיט דער לעבנס־סטיכיע פון ייִדי־

שן מענטש, האָט דער לערער אָן גרויסע שטע־רונגען געקענט דערפילן זיין שליחות. דער לע־רער האָט זיך נישט געקענט ווינטשן קיין בעסערע און באַקוועמערע מאָראַלישע מערכה ווי די פון וועלכע ער האָט געגאָסן אין אַ געזעלשאַפט וואָס אירע יחידים, פון גרעסטן געלערנטן ביזן באַשיי־דנסטן וואַסער־טרעגער, האָבן בדרך כלל, באַוווסט־זיניק צי אומבאַוווסטזיניק, קודם כל געדינט אַ טראַנסצענדענטאַלער, אייביקער נאַציאָנאַל־רעלי־גיעזער אידייע און ערשט שפּעטער זענען זיי אַנטקעגנגעקומען אימאַנענטע, באַלדיקע נויטן און אויך דאָס נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפל די באַ־פרידיקונג פון רעאַלע לעבנס־באַדערפענישן איז נישט געווען אין סתירה צו יענער גרויסער, אַבס־טראַקטער אידייע וואָס האָט באַזינט די עקזיסטענץ פון יידישן פּרט און פון יידישן ציבור.

מען קען זיכער גאַנץ לייכט געפינען אַ פאַרענט־פערונג און אַ באַרעכטיקונג פאַר אָט דעם שווערן קרבן, וואָס מעגלעך אַז קיין שום אַנדער מענטש אין דער וועלט איז מיט אים נישט אַזוי טיף־ווייטיקלעך אויסגעפּרוּווט געוואָרן ווי דער ייִד. מיר קענען אויפווייזן, אַז אָט דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער אַב־סאָלוטיזם האָט געראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג. מיר קענען און דאַרפן אַרויסווייזן די גרעסטע באַוווּנדערונג צו די גייסטיקע גיגאַנ־טן און געניאַלע אַרכיטעקטן פון יידישן קיום אין אַ וועלט ווו די לײדנשאַפטן פון קאָלאָסאַלע מלו־כות און אַלמעכטיקע הערשער זענען אויסגעשפּילט געוואָרן אויף די לעבנס פון די שוואַכערע פעלקער און פון מיליאָנען אומבאַשיצטע מענטשן. מיר מוזן זיך אָבער אויך אויסהיטן פון פאַרוואַנדלען די רעאַלע נויט אין אַן אויסגעמוחטער טוגנט.

אָנערקענען מוז מען, אַז נישט געקוקט אויף אַלע אירע גרויסע מעלות איז דאָך די דאָזיקע געזעל־שאַפט, וואָס גאונות, עקשנות און מסירות־נפש האָבן במשך דורות אויסגעמייסטערט, פּאָרט נישט געווען קיין נאָרמאַלע. זי איז געווען נאָר און דורכויס אַ געזעלשאַפט וואָס איז לאָגישערהייט אַרויסגעדרונגען פון אַ טויזנט ניינהונדערט־יעריקן עמערגענץ־צושטאַנד און במילא האָט זי געמוזט בהדרגהדיק פונאַנדערגענומען ווערן ווי נאָר די הערשנדיקע אומשטענדן אין דער גרויסער וועלט האָבן עס דערלויבט און געפאָדערט, כדי אויף איר אָרט זאָל אויפגעריכט ווערן אַ נייע, וואָס זאָל אין זיך דאָך אַנטהאַלטן דעם פּאָזיטיוון קערן פון דער אַלטער.

מיר ווייסן אָבער, אַז דער איבערגאַנג פון דער אַלטער יידישער געזעלשאַפט צו דער נייער, וואָס אין געוויסע אָפּשניטן פון דעם יידישן לעבן האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט פאַרענדיקט, איז נישט פאָר־געקומען אַזוי בהדרגהדיק ווי אין דער גרויסער וועלט; אַז גיכער ווי וועגן אַ שטיל־פליסנדיקן אי־בערגאַנג לאָזט זיך רעדן וועגן אַ קייט עקספּלאָזיעס וואָס האָבן צעטרייסלט טויזנט יעריקע יסודות אויף וועלכע דאָס יידישע לעבן האָט זיך געהאַל־טן און וואָס זייערע אָפּהילכן און נאָכוויייענישן, פּאָ־זיטיווע און נעגאַטיווע, פילט דאָס יידישע פאָלק ביזן היינטיקן טאָג.

דער יידישער לערער איז פון דער רויִקייט, פו־נעם צוטרוי, און פון דעם אָפּטימיזם וואָס האָט אים, ווי דעם יידישן גייסט־מענטש בכלל, דורות לאַנג כאַראַקטעריזירט, אַריינגעשליידערט געוואָרן אין היינטיקן יאָרהונדערט אין אַ וועלט ווו אויף אַ סך גרויסע, אָפּגענאַרטע האָפענונגען און קאַרגע, אמתע פריידן פאַלט אַ רעגן פון אומרו, פון ספּי־קות און פון שרעק. און אָט שטייט פאַר אונדז דער יידישער לערער, נאָך מער ווי דער לערער ביי די אומות העולם, ווי יעדער אמתער אינטעליגענט, גאַנץ אָפט אַ פאַרווירטער, אַ פאַרלוירענער און דערשראָקענער.

אַוודאי קען לערעריי אויך היינט צו טאָג זיין אַ טי־פער קוואַל פון פרייד. אָן ספק אַז עס מאַכן זיך לע־רערישע שעהן וואָס פאַרשאַפן אַזאַ גייסטיקע דער־הויבונג וואָס ווייניק אַנדערע באַרופן זיינען דער־צו פעיק אין אַזאַ מאָס. אָבער אונדז דאַכט זיך, אַז אַפילו די העכסטע פרייד וואָס פאַרגיסט פון צייט צו צייט דאָס געמיט פון לערער קען דאָך נישט פאַרטויבן דאָס נאָגנדיקע געפיל, וואָס ווי אַברהמלס באַס אין פּרצעס דערציילונג ברומט עס נאָך אַלץ אין דער שטיל ווען אַלץ אַרום איז שוין אַנטשוויגן געוואָרן. מיר מיינען דאָ נישט נאָר דאָס געפיל פון אומבאַפרידיקטקייט קודם כל מיט זיך אַליין, פון וועלכער יעדער אמתער לערער קען נישט, און טאָר אפילו בשום אופן זיך נישט שיידן. מיר מיי־נען אויך דאָס אומעטיקע געפיל פון אוממעכטיקייט, דאָס געפיל אַז דאָס לערערישע וואָרט קומט נישט אָן ווו און ווי מען דאַרף און אַז ערגעצוווּ דעצי־דירט אַ פרעמדער עמעצער אין דעם תלמיד אויך אָן דעם לערער און איבערן לערער.

די שווערע און אָפט טראַגישע פּאָזיציע פון דעם היינטצייטיקן לערער נעמט זיך אומעטום פון איי־נע און די זעלבע הויפּט־סיבות וואָס זענען טאַ־קע פאַרשיידן און דאָך ענג־פאַרבונדן צווישן זיך:

א) די געזעלשאַפט האָט נאָך פאַרלויפיק פאַר זיך אַליין נישט קלאָר געמאַכט וואָס אַזוינס זי פאַרלאַנגט פון דעם לערער, איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס פריער ווי יעדער אַנדערער שטייט ער אַליין אַ צעטומלטער. נאָך ערגער איז וואָס זי פאַרפלאָנ־טערט זיך און פאַרפלאָנטערט דעם לערער אין דעם געצווייג און געבלעטער פון טערמינען, בשעת זי

רעדט וועגן דערציונג פון מענטש, נאַטירלעך אַז צו העכערע און שענערע ווערטן, לייגט זי פּאַקטיש דעם הויפּט־געוויכט און די פולע אַקצענטירונג כמעט אויסשליסלעך אויף בילדונג און טעכניק, אויף תכליתדיקער צוגרייטונג פון מענטש און אויף דער איינאיבונג פון אַלע זיינע גייסטיקע כוחות צום גרויסן געיעג וואָס שטייט אים פאַר און אין וועלכן אים וועט געוויס אויסקומען צו באַנוצן אַלע רעסורסן וואָס די נאַטור און די שול האָבן אים געגעבן כדי צו דערגרייכן דעם אויסגעוואָרעמטן ציל: דער פּערזענלעכער דערפאָלג, אָפּטמאָל פאַר יעדן פּרייז. מיר שטעלן גאָרנישט אין ווען מיר ווילן זאָגן אַז אויך אַזאַ שול דערציט. נישטאָ גאָר אַזאַ שלעכטער אַנטשטאַלט וואָס זאָל נישט דערציען. מיר זאָגן נאָך מער: דאָס אומגליק באַשטייט טאָקע אין דעם וואָס אויך אַזאַ שול דערציט. איז דען פאַראַן אין דער וועלט אַזוינס וואָס זאָל נישט האָבן קיין דערציערישע השפּעה, וואָס זאָל אַזוי צי אַנדערש נישט פורעמען דעם מענטשנס כאַראַקטער? די פראַגע איז נאָר צו וועלכע ווערטן דערציט די דאָזיקע שול. ס'איז נאָר אַ פראַגע צי אַנשטאָט קולטיווירן, פונאַנדערוויקלען און אַנטוויקלען די קנאָספּן פון טיפער אָרגאַנישער מענטשלעכקייט, וואָס נישט געקוקט אויף אַלעם ליגן זיי דאָך בלי שום ספק פאַרבאָרגן אין מענטש, ווירקט זי נישט אַמאָל אויף זיי אין בעסטן פאַל פאַרוויאַנענדיק, אַריינהויכנדיק אין מענטש אַ גייסט פון פלאַכקייט, פון גלייכגילט און פון אויטאָמאַטישקייט, און אין ערגסטן פאַל, דווקא דער געוויינלעכסטער אין היינטיקן יאָרהונדערט, דערפירנדיק דעם מענטשן צו אַזאַ אויסליידיקונג פון מאָראַלישע ווערטן, און צו אַזאַ אַנטמענטשונג וואָס האָבן דעם 20־טן יאָרהונדערט שוין אָפּגעקאָסט צוויי גרויליקע וועלט־מלחמות און דעם ייִדישן פאָלק די מוראדיקסטע קאַטאַסטראָפע אין דער וועלט־געשיכטע. מיר איגנאָרירן נישט בשום אופן, אַז חוץ דער דאָזיקער שול איז נאָך פאַראַן יענע אַנדערע וואָס האָט זיך בפירוש געשטעלט דערציערישע צילן. נאָר צום גרויסן אומגליק פאַר דער וועלט זיינען מערסטנס שולן פון אָט דעם מין יענע, וואָס אַ דאַנק זייער מיטווירקונג און אַ דאַנק אַ רייע אַנדערע אָביעקטיווע אומשטענדן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ דור פון מיליאָנען גרעסערע און קלענערע קינס אין פאַרשיידן־קאָליריקע העמדער. עס פאַלט אונדז נישט איין, חס וחלילה, אויסצושפּרייטן אַ מאַנטל פון פאַראַלגעמיינערונג. צום גליק האָבן זיך אַלע מאָל געפונען אויסנאַמען, האָבן זיך פון דער עמאָציאָנעל און אידעיִש פאַרטעמפּטער מאַסע וואָס ביידע מינים שולן האָבן אַ חלק אין איר גייסטיקן פּרצוף, אויסגעטיילט אויך ליכטיקע אויסנאַמען, וואָס נאָר אין זייער זכות געדייעט נאָך אַ העכערער באַגריף פון קולטור און ציוויליזאַציע. צום באַדויערן אָבער באַשטעטיקן זיי דעם כלל.

ב) די געזעלשאַפט שיקט דעם לערער אויספילן די שליחות וואָס זי האָט אים אָנגעטרויט, זי זאָרגט פאַר זיין גייסטיקער און מאַטעריעלער אויסקומעניש, שטעלט אין זיין רשות דעם תלמיד און אַליין, במיזיד צי בשוגג, ברעכט זי אונטער די שליחות זיינע. די געשיכטע און דער צאַפּלדיקער היינט ליפערן אונדז אָן אַ שיעור ביישפּילן וואָס באַשטעטיקן דאָס אויף שריט און טריט. טאָקע דער לערער אין אָט דעם מין שול וואָס איר גאַנצע אידעיִשע און פּעדאַגאָגישע איינשטעלונג איז קודם כל געבויט אויף דערציונג אין שענסטן זין פון וואָרט, רופט ביי אונדז נישט איין מאָל אַרויס דאָס בילד פונעם גערטנער וואָס טוט אמתע עבודת פּרך כדי צו באַפרייען דאָס פעלד פון אומריינקייט און ווילדן אָנוווּקס בשעת די געזעלשאַפט, טאָקע די וואָס האָט אים געשיקט צו אָט דער אַרבעט, פאַרוואַרפט אַליין נאָכאַנאַנד דאָס דאָזיקע פעלד מיט נייע שטיינער און פרישן מיסט.

ג) דער לערער קומט דערפילן זיין שליחות בהסכם מיט אַ באַשטימטן פאָרבילד וואָס די געזעלשאַפט האָט זיך אויסגעאַרבעט וועגן אידעאַלן צוקונפטיקן בירגער. היות אָבער ווי דער לערער, אַפילו דער בעסטער, איז נאָך אַלעמען אַ פּראָדוקט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, שפּיגלען זיך אומפאַרמיידלעך אָפּ אין אים אַלע אירע ווידערשפּרוכן און אין אים אַליין קומט פאָר אַ ויתרוצו צווישן דאָס נעגאַטיווע וואָס ער האָט פון איר געירשנט, און דאָס פּאָזיטיווע, וואָס דערווייל לעבט עס נאָר ביי אים אין דמיון, ווי אַ אידעאַל וואָס שימערט פון דער ווייטן און צו וועלכן עס איז אַזוי ביטער־שווער צו דערגרייכן.

ד) דער לערער קומט בדרך כלל צום תלמיד מיט פון פאָרויס באַשטימטע אַלגעמיינע אַבסטראַקטע באַגריפן, טעאָריעס און מאָסן וואָס זיינען טאַקע דאָס לעצטע אָפּגעציטערטע אָבער דאָך קאָנווענציאָנעלע וואָרט פון דער צייט און פון דער אָנגענומענער מיינונג, די מיינונג פון דער אַנאָנימער געזעלשאַפט. אַלע גייסטיקע פעיִקייטן וואָס די געזעלשאַפט האָט אים געהאָלפן אַנטוויקלען און וואָס האָבן אויך ספּאָנטאַן אין אים זיך צעוואָקסן, שטרענגט ער אָן כדי די אַלע אַבסטראַקציעס אָנצומעסטן אויפן רעאַלן, שוין גאָרנישט אַנאָנימען יחיד. אָבער רעדנדיק אין היינטיקע טערמינען, איז דער דאָזיקער יחיד נישט בלויז אַ סאַטעליט אַרום אַ גרעסערן פּלאַנעט, נאָר אין אַ גרויסער־מאָס איז ער אויך אַ זעלבסטשטענדיקער הימל־וועזן מיט

זײַן אייגענעם קורס. דער יחיד געפינט זיך נישט נאָר אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרביטע, נאָר אָפּטמאָל לויפט ער גאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג און איז שטאַרק פאַרטון אין דעם אייגענעם געדריי אַרום דער אייגענער אַקס.

ה) ווי אַ פועל יוצא פון די אויבן אויסגערעכנטע דערשײַנונגען קומט שוין אויף דאָס ווײַטערדיקע פּראָבלעם: די טאָג טעגלעכע לערערישע פונקציע קען עדות זאָגן אויפן פאַקט וואָס צווישן לערער און תלמיד שטייט זייער אָפט אַ וואַנט וואָס נאָר זעלטן איז דעם ערשטן מעגלעך אַריבערצושפּאַנען. מעגן ווי גרויס זײַן זײַנע אײַנגעבוירענע לערערישע פעיִקייטן, מעג ער זײַן ווי אַקאַדעמיש אויסגעשולט, וועט אים גאָר נישט אָפט אויף אַן אמת געלינגען אומצוּוואַרפן די דאָזיקע וואַנט. דער דאָזיקער מכשול וואָלט געקענט דעפינירט ווערן ווי אַ געפיל וואָס נעסטעט ביים דורכשניט תלמידים, און צומאָל אַפילו ביי די בעסטע, אַז ביידע, לערער און תלמיד, בילדן נישט נאָר צוויי פאַרשיידענע קלאַסן, נאָר אַז אייגנטלעך איז נישטאָ צווישן זיי קיין געמייִנזאַמער אינטערעס. אונדז דאַכט זיך אַז ביים הײַנטיקן תלמיד איז פאַראַן דאָס טונקעלע געפיל, אַז אין דער אמתן שטרעבן גאָר די לערער צו אונזורפירן דאָס רעכט פון די עלטערן, אַז סוף כל סוף זענען זיי פרעמדע וואָס קומען באַצווינגען זייער דראַנג נאָך אומגעצוימטער פרייהייט און זייער אײַנגעבוירענע נטיה צו אַנאַרכיע.

די אַלע אויסגערעכנטע פּראָבלעמען זענען, ווי שוין פריער געזאָגט, אוניווערסאַלע און אַלגעמיין לערערישע, אָבער רירן זיי אָן שאַרפער און ווייטיקלעכער דעם ייִדישן לערער, ווייל חוץ מיט זיי איז ער נאָך אַלס ייִד און אַלס ייִדישער לערער באַלאַסטעט מיט שווערע צוגאָב־פּראָבלעמען, וואָס זענען אייגנטימלעך פאַרן הײַנטיקן ייִדישן גלות־לעבן. די דאָזיקע פּראָבלעמען, וואָס דריקן אויף יעדן אינטעליגענטן ייִד זײַנען טאַקע טיילווייז לייכטער און לייזבאַרער געוואָרן נאָכן אויפקום פון דער ייִדישער מדינה. אַנדערע פראַגן ווידער, האָט די מדינה נישט נאָר נישט געקענט לייזן, נאָר עס איז דאָ אַ גענוגנדיקער גרונט צו מיינען, אַז זי האָט זייער לייזונג אָביעקטיוו נאָך מער באַשווערט.

דערפון איז געדרונגען, אַז ווי באַלד מען וויל דעפינירן די שליחות פון ייִדישן לערער אין דער הײַנטיקער ייִדישער צייט מוזן מיר קודם כל אַרויסגיין פון דער הנחה, אַז נישט אין דער גרויסער וועלט און אויך נישט ביי ייִדן איז דער לערער אין שול דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין דער דערציונג פון נייעם דור, אַז אין איין צייט מיט אים און קעגן אים ווירקן אויפן קינד און אויפן יוגנטלעכן אויך אַנדערע גורמים. מען מוז נעמען אין אַכט, אַז דער לערער דאַרף כסדר אויסשטיין די דערדריקנדיקע קאָנקורענץ פון אַזעלכע פאַקטאָרן ווי די קאָמערציאַליזירטע פילם, ראַדיאָ און טעלעוויזיע און זייערע העלדן און פּערסאָנאַזשן, ווי דאָס ביליקע טעאַטער און די שונד־ליטעראַטור וואָס קאָרומפּירן די מאָראַלישע ווערטן און דעם עסטעטישן געשמאַק פון יונגן מענטש, ווי די מוסקל־קולטור, וואָס ביי די הײַנטיקע סאָציאַלע באַדינגונגען און ביי די איצטיקע באַגריפן איז זי עלול צו באַשווערן און פאַרלאַנגזאַמערן די פלינקייט און בויגזאַמקייט פון געדאַנק.

ווילן מיר דעפינירן אין וואָס עס באַשטייט די שליחות פון הײַנטיקן ייִדישן לערער מוזן מיר קלאָר מאַכן וואָס זענען די עיקרדיקע פּראָבלעמען וואָס מאַטערן דער הײַנטיקער ייִדישער געזעלשאַפט אין די גלות־לענדער און ווי אַזוי זיי ווירקן אויפן הײַנטיקן ייִדישן מענטש.

אָן אַ שיעור קאָמפּליצירט זענען די פּראָבלעמען וואָס די צייט האָט אַרויסגערוקט אויף דער אויבערפלאַך פון ייִדישן לעבן אַזוי, אַז זיי ליגן ממש פאַר אונדז, און אַפילו אַ קורצזיכטיק אויג מוז זיי באַמערקן. לשם קיצור וועלן מיר בלויז דערמאָנען עטלעכע, וואָס לויט אונדזער מיינונג זענען זיי די גורלדיקסטע פאַרן ייִדישן קיום אין דער גרויסער וועלט:

1) ממש פאַר אונדזערע אויגן קומט פאָר דער לאַנגזאַמער אונטערגאַנג פון אָט דער דורותדיקער, הערלעכער קולטור וואָס ייִדן האָבן געשאַפן אין גלות, און וואָס צוליב איר איז דער ייִד אין אַלע צייטן געווען גרייט צו גיין אויף די גרעסטע יסורים און פאַר איר ברענגען דעם לעצטן, גרעסטן קרבן. געבראַכט דערצו האָט נישט נאָר די לעצטע וועלט־מלחמה. פאַרשיידענע מעכטיקע צייט־פאַקטאָרן אין דער וועלט און אין ייִדישן לעבן האָבן זיך באַשווירן די גלות־תקופה אָפּצווישן צוזאַמען מיט די אוצרות וואָס זי האָט געשאַפן. און כאָטש דאָס ליכט, די פרייד און דער שטורעם־ריטם פון דער ייִדישער מדינה דרינגען אַרײַן אין געמיט פון יעדן ייִד און פאַרזייען אין אים פרישע גבורה און דראַנג צו לעבן ווערט דערמיט נישט קלענער דער ווייטיק צוזעענדיק די דראַמע פון אַ קולטור וואָס גייט לאַנגזאַם אויס אין דער תקופה פון איר רייפסטן פונאַנדערבלי און ווען מען גיט נאָר אַ טראַכט ווי ווייט זי וועט אויספעלן די צוקונפטיקע דורות ייִדן.

2) דער געווירבל פון סאָציאַלן לעבן אין הײַנטיקן יאָרהונדערט האָט דער מערהייט פון ייִדישן פאָלק אַרײַנגעטריבן אין די רייען פון מיטלקלאַס,



אויף אַ קינדער־קאָנצערט אין טעאַטער־זאַל פון דער צענטראַלער שלום עליכם שול

וואָס פּילט זיך אומעטום לייכטער און באַקוועמער אָן דעם שווערן באַלאַסט פון בעסערע קולטור און פון קפּדנישער מאָראַל. דער דאָזיקער סאָציאַלער פּראָצעס האָט אויסגעקנאָטן אַזאַ געזעלשאַפט וואָס שטייט אין פולסטן קאָנטראַסט צו יענער אַנדערער, וועלכע איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר ייִדישער אָפּגעשלאָסנקייט און וועגן וועלכער עס איז גערעדט געוואָרן פריער. די היינטיקע מיטלקלאַס־געזעלשאַפט, אַזוי ביי ייִדן ווי ביי נישט ייִדן, איז פריִער פון אַלץ הייס פאַרינטערעסירט צו געפינען פּראַקטישע לייזונגען צו באַלדיקע מאַטעריעלע אינטערעסן און פאַר טראַסצענדענטאַלע, סובטילערע קולטור־ווערטן בלייבט איר שוין ווייניק צייט, כוחות און פאַרשטענדעניש.

3) נישט דער ליבעראַליזם, ליידער אויך נישט דער סאָציאַליזם און דערוויל צום באַדויערן אויך נישט די ייִדישע מדינה זענען גענוג געווען אַ סוף צו מאַכן צום ייִדן־האַס און היינט צו טאָג, קנאַפּע צוואַנציק יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען אים ערשט צוגעקומען פרישע כוחות און מעגלעכקייטן.

4) אָט די דריי אויסגערעכנטע פאַקטאָרן, באַזונדער און צוזאַמען, זיינען דאָס די הויפּט־גורמים וואָס האָבן אַרויסגערופן די גאַלאָפּירנדיקע אויסייִדישונג וואָס איז אונדז באַקאַנט אונטערן קאָלטן, ווייניק־זאָגנדיקן נאָמען אַסימילאַציע. די שקיעה פון דער קולטור וואָס ייִדן האָבן געשאַפן אין גלות און גאָר באַזונדער אין אונדזער מזרח־אייראָפּעישער תקופה לאָזט איבער אַ ליידיקן חלל פון וואָס פאַרלויפיק קען נאָר די לאַנד־קולטור ווערן באַגינסטיקט. די פאַרוואַנדלונג פון ייִדן אין די גלות־לענדער אין אַ מיטלקלאַס מאַכט זיי בדרך כלל אומפעיִק צו אינטענסיווער קולטור־אויסלעבונג און נאָך ווייניקער צו ייִדישע קולטור שאַפונג. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן שטעלט זיי אין ענגסטן קאָנטאַקט נישט נאָר מיט דער לאַנד־קולטור נאָר אויך מיט די בפירוש מיטלמעסיקסטע אויסדרוקן פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער חי־געלעבט־ציוויליזאַציע, וואָס ווי אַ היישעריק שפּאַנט זי אַריבער אַלע נאַציאָנאַלע גרענעצן און פאַרלייגט זיך אַפילו אויף די שיינע זאַנגען וואָס וואַקסן אויפן אייגענעם נאַציאָנאַלן באָדן. די פאַרשטאַרקונג פון אַנטיסעמיטיזם רופט אַרויס היינט ווי אַמאָל ביי נישט ווייניק ייִדן פון יונגן דור אַ פיבערדיקן באַגער צו אַנטרינען פון דער ייִדישער מחנה און אַזוי אַרום אויסמיידן די סכנות וואָס לויערן אויף איר. כדי דאָס דאָזיקע צו באַרעכטיקן זיינען זיי אַפילו גרייט זיך אָנצוכאַפּן אין דער אין גרונט־פאַלשער נישט־געשטויגענער נישט־געפלויגענער טעאָריע וועגן דאָפּלטער לאָיאַליטעט, וואָס דווקא אַנטיסעמיטן וואַרפן אונדז אונטער ווי אַ ממזר.

פאַרשטייט זיך אַז אָט די אַלע פּראָבלעמען רופן זיך אָפּ קודם כל אויף די קינדער און אויף דער יוגנט, ווייל נישט נאָר כאַפּן זיי אויף דינער און שאַרפער, כאָטש אומבאַוווסטזיניק, די מינדסטע ווייבראַציע פון דער צייט, נאָר אויך דערפאַר וואָס, חוץ קליינע אויסנאַמען, האָבן זיי נישט פאַר זיך דעם ביישפּיל פון יענער מאָראַל און יענער עקשנות פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס וועלכע האָבן היינריך היינען געבראַכט צו זאָגן מיט אומענדלעכער ליבשאַפט און פאַרערונג, אַז גיכער וועלן זיי צעבראָכן ווערן איידער זיך בייגן.

אין אָנבליק פון אָט דער שווערער און קאָמפּליצירטער אַלגעמיינער און ייִדישער פּראָבלעמאַטיק וואַקסט ערשט אויס אין איר גאַנצן פאַרנעם די אַחריות וואָס פאַלט אויף דער היינטיקער ייִדישער אינטעליגענץ און טאַקע אין דער ערשטער ריי אויפן ייִדישן לערער. אַנטקעגן אַזאַ־אָ בילד איז דער לערער דורכויס באַרעכטיקט קודם כל זיך צו פילן אוממעכטיק כמעט ווי אַ קינד. נישטאָ אין די היינטיקע גלות־אומשטענדן דאָס אַלץ וואָס האָט דעם ייִדישן לערער אין די גלות־יאָרן אַזוי געזיכערט און געקרעפטיקט, נישטאָ דאָ די דיקע ווענט און די דיקע שויבן וואָס האָבן דאָס ייִדישע לעבן במשך צוויי טויזנט יאָר אויסגעהיט פון דרויסנדיקע שטורעמס און פרעסט, נישטאָ דעריבער אויך די וואַרעמקייט וואָס גייט אויף אינעווייניק ביי אַזעלכע אומשטענדן. נישט פאַראַן דאָ די זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט מיט וועלכע יענע דורות ייִדן האָבן מיט פרייד אויף זיך גענומען דעם גרעסטן עול און די שווערסטע מצוות.

נישט געקוקט אויף אַ נייער פּאָזיטיווערער אָריענטאַציע וואָס לייגט זיך אויס אין די העכערע ציוניסטישע ספערן לגבי קולטור און דערציִונג אין גלות, טראָץ דעם געשטיגענעם אינטערעס ביי געוויסע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פאַר ייִדישער דערציִונג, איז אָבער דער ייִדישער לערער פאַרהעלטעניסמעסיק נאָך אַלץ אָנגעוויזן דער עיקר אויף זיך אַליין, אויף זיינע כוחות און פעיִקייטן.

פון דער אַנדערער זייט אָבער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען פאַר קיין שום לערער אין דער וועלט און במילא אויך נישט פאַרן ייִדישן קיין מער גינסטיקע געלעגנהייט ווי איצט מאַקסימאַל זיך אויסצולעבן ווי אַ לערער און פּילזייטיק צו ברענגען צום אויסדרוק זיינע מענטשלעכע, ייִדישע און פּראָפעסיאָנעלע פּאָטענצן. די ייִדישע נויט אין גלות פאָדערט איצט פון אים אַזאַ פאַרפילפאַכונג וואָס איז לגמרי אומנויטיק ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען.

אָבער אפילו בלויז אויף זיין אייגענעם שטח, איז זיין אויפגאַבע אומגעהויער גרויס, פילפּאַכיק און דערהויבן. אויפן לערער פאַלט די אחריות מיט טויזנט פעדים פון ליבשאַפט און מעשים צו פאַר־בינדן דעם תלמיד, קאָנקרעט און רעאַל, מיט מדי־נת ישראל. זיינע איז די אויפגאַבע צו אַנטוויקלען אין די קינדער און אין דער יוגנט דעם דראַנג צו פאַרוואַנדלען זייערע געפילן און זייער באַוווּסט־זיין אין ממשותדיקן טאַט.

דער לערער דאַרף זען צו העלפן אַרויסראַטעווען וויפל עס איז נאָר מעגלעך פון אָט דער טיפער, עטישער און וווּנדער־שיינער ייִדישער קולטור וואָס ראַנגלט זיך איצט פאַר איר קיום. ער דאַרף דערי־בער אויפוועקן אין זיינע תלמידים אַ גרענעצלאָזע ליבשאַפט צו איר און אַן אומגעשטילטן הונגער וואָס מער זי צו קענען און וואָס אינטימער צו ווערן מיט איר.

דער לערער טאָר נישט אָנשליסן זיין קול צום כאָר פון די וואָס מאַכן צו קליינגעלט די באַדייטונג פון אַקטיוון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לע־בן אין די גלות־לענדער און וואָס דערנידעריקן זיין ווערט אין די אויגן פון די נייע דורות. אַדרבא: ער דאַרף באַטראַכטן ווי אַ דערהויבענע ייִדישע און ציוניסטישע מצווה דאָס אַרויסרופן ביים תלמיד נישט נאָר דרך ארץ פאַר דעם דאָזיקן לעבן נאָר אויך אַ חשק זיך אין אים פערזענלעך צו באַטיי־ליקן. ער דאַרף דערוועקן אין יונגן דור די גרייט־קייט צו נעמען אויף זיך פליכטן לגבי דעם אָרטיקן לעבן נישט נאָר כל זמן ער געפינט זיך אין חוץ לארץ, נאָר אויך ווען נאָר העכערע נאַציאָנאַלע ייִדישע אינטערעסן וועלן עס פון אים פאָדערן.

דער לערער דאַרף באַקעמפן אין די תלמידים יענע נייגונגען זייערע אין וועלכע עס לאָזט זיך דערקענען די שעדלעכע ווירקונג פון דער אַרומי־קער סאָציאַלער סביבה.

קעגן ייִדנהאַס האָבן נאָך פּאַרלויפיק די גוט־מיינענדיקסטע פּאָליטיקער, סאָציאָלאָגן און פּסי־כאָלאָגן נישט אויסגעפונען קיין שום זיכערע תרופה. אָבער קעגן זיינע אויסדעמפונגען אינערהאַלב דעם ייִדישן לעבן, קעגן זיין צעשטערערישער ווירקונג אויף דער מענטאַליטעט פון יונגן דור האָט נאָך די פּעדאַגאָגיע און באַזונדערס די ייִדישע דערציונג גענוג ווירקזאַמע רעסורסן וואָס דער ייִדישער לע־רער דאַרף נאָר מיט האַרץ און מוח, צילבאַוווּסטזי־ניק און סיסטעמאַטיש אָנווענדן. די ייִדישע געשיכ־טע פון אַלע צייטן, די פיר טויזנט יעריקע ייִדישע קולטור און ציוויליזאַציע, די באַקאַנטשאַפט מיט די סאָציאַלע פּראָצעסן ביי ייִדן, דאָס אַלץ איז מסוגל צו אימוניזירן דעם ייִדישן מענטש קעגן נאַציאָנאַלן שפלות־קאָמפּלעקס און זעלבסטפּאַרלייקענונג. דאָס אַלץ איז אויך בכוח אַרויסצורופן ביי דעם ייִד די גרויסע בענקשאַפט נאָך אויסלייזונג און אויפריכ־טונג אין אַזאַ מאָס, אַז נישט געקוקט אויפן גאַנצן מאַטעריעלן וווילשטאַנד פון וועלכן ער געניסט, זאָל ער דאָך זיין גרייט מיט אַ פרייִדיק האַרץ פון דעם אַלץ זיך אָפּצוזאָגן און נעמען אויף זיך אַ לעבן פון באַשייִדנקייט און דערהויבנקייט אין ישראל.

אמת איז, אַז קעמפן קעגן יעדער איינער פון די אומנאָרמאַלע דערשיינונגען אין יידישן גלות־לעבן און נאָך מער קעגן זיי אַלע צוזאַמען, פאָדערט אַן אמת טיטאַנישע אָנשטרענגונג וואָס ביי זיין בעסטן ווילן וואָלט דער ייִדישער לערער געוווען לחלוטין אומפעיִק אַליין אויסצוטראָגן. עס איז נאָך בכלל אונטער אַ גרויסן ספק צי ביי די איצטיקע באַ־דינגונגען אין גלות איז צו דערוואַרטן אַמאָל אַן אַבסאָלוטן נצחון אין אָט דעם קאַמף, אַפילו ביי דער קאָנצענטרירטסטער אָנשטרענגונג פון דער גאַנצער ייִדישער געזעלשאַפט. אָבער אין אונדזערע רעאַלע אומשטענדן איז אַפילו יעדער טיילוויזער נצחון פון ערשטראַנגיקער באַדייטונג. מען דאַרף אָבער אונ־טערשטרייכן אַז אָן דער טאָטאַלער פאַרינטערעסי־רונג פון ייִדישן לערער אין דער שול און אין דער געזעלשאַפט איז דער דאָזיקער געראַנגל אין פאָרויס פאַרמשפּט צו אַ דורכפאַל.

מען קען אָן גוזמא פעסטשטעלן אַז די צוקונפט פון ייִדישן לעבן אויף די ערטער איז אין דער גרעסטער מאָס אָפּהענגיק פון ייִדישן לערער, פון זיין וויסן און פון זיין גרייטקייט אויף קרבנות. אמת איז, אַז ער האָט זיך ביז איצט אָנגעטראָפן און וועט נאָך וואַרשיינלעך אויך ווייטער זיך אָנשטויסן אויף די אַלע שווערע פּראָבלעמען און איבלען פונעם אַרום וועגן וועלכע אונדז איז אויסגעקומען פריִער צו רעדן. אים וועט נאָך געוויס אויסקומען צו פּי־רן, ווי יעדער אמתער אינטעליגענט, אַ גאָר נישט לייכטן קאַמף מיט זיך אַליין און מיט די אייגענע באַגרענעצונגען. נישט איין מאָל וועלן אים באַפאַ־לן ספיקות און שוואַכקייטן אין דער מורא אַז זיין אַרבעט זאָל נישט אַמאָל גיין לאיבוד. ער וועט אָבער שעפּן כוח פון דער אַלטער, טרייסטנדיקער חכמה וואָס לערנט אַז אַין לעצטן סך הכל גייט גאָר־נישט פאַרלוירן, פונעם וויסן וויפל מעגלעכקייטן פון אומגעריכטער פונאַנדערבליִונג ליגן אָפּטמאָל פאַרבאָרגן אין אַ פראַגמענט פון תנ"ך, אין אַ קאַ־פּיטל געשיכטע, אין דער שורה פון אַ ליד צי פון אַ דערציילונג וואָס ווערט צייטמעסיק פאַרזייט אינעם מוח פון אַ קינד צי פון אַ יוגנטלעכן, פונעם פאַר־שטיין וויפל שאַנסן פון אומדערוואַרטענער אויס־שטראַלונג זענען פאַראַן אין אַ סאָציאָלאָגישער טאַ־בעלע צי אין אַ ליטעראַרישער אָפּשאַצונג וואָס

ווערט באַצייטנס פאַרפלאַנצט אינעם געדאַנק פון אַ יונגן מענטש.

דער דאָזיקער גלויבן גיט כוח איבערצוּווינדן די פאַרביטערונג און די צעטומלונג וואָס באַגלייטן אָפט דעם לערער און רוימט אָפּ נישט ווייניק שטיינער וואָס ליגן אויפן וועג צו דער דערפילונג פון זיין שליחות.

זיין שליחות וועט אָבער דער לערער קענען דערפילן נאָר און אויסשליסלעך ווען ער וועט אָנהויבן פון זיך אַליין. דער לערער דאַרף קודם כל קומען צו זיך אַליין אין פּערמאַנענטער שליחות. דער לערער דאַרף פריער ווי אַלץ זיך אַליין דעראָבערן פול און גאַנץ פאַרן באַרוף וואָס ער האָט אויסגעקליבן. ער דאַרף פילן, אַז וואָס ער טוט און וואָס ער קען נאָך טאָן, איז עס נישט נאָר כדי דערמיט אָפּצודינען דער געזעלשאַפט פאַר דעם וואָס ער האָט פון איר באַקומען. ער דאַרף זיך אויך נישט באַטראַכטן ווי אַ בעל־טובה פון דער געזעלשאַפט. ער דאַרף שפּירן, אַז די ערשטע טובה טוט ער זיך און אַז ער אַליין איז דער ערשטער געניסער פון זיין אַרבעט. דער לערער טאָר נישט באַטראַכטן לערעריי נאָר ווי אַ פּראָפעסיע. מיר האָבן דאָס געפיל אַז יענער לערער וואָס דענקט און האַנדלט אויסגערעכנט פּראָפעסיאָנעל פאַרמשפּט אויך זיך אַליין צו פּראָפעסיאָנעלער אומטויגלעכקייט.

מיר מיינען, אַז דער לערער טאָר נישט אויפהערן צו זיין אַ שטענדיקער תלמיד, ווייל אַנדערש פאַלט ער נישט נאָר אַ קרבן פון דער רוטין, נאָר ער ווערט אויך לגמרי אָן דעם אויסבליק וואָס ער דאַרף כסדר האָבן פאַר די אויגן, היות די האָריזאָנטן פון מענטשלעכן און ייִדישן וויסן ברייטערן זיך נאָכאַנאַנד אויס און רוקן זיך אַוועק ווייטער און ווייטער און מיט זיי ענדערן זיך אויך שטאַנדפּונקטן און השגות. דער לערער דאַרף דערשפּירן די גרויסע פרייד פון לערנען, אַ פרייד וואָס שטעקט אָן און רייסט אויך אָפט מאָל מיט דעם תלמיד.

ייִדישע און העברעיִשע שפּראַך און קולטור טאָרן נישט זיין פאַרן לערער נאָר אַרבעטס־מכשירים אָדער אַ כאַלאַט וואָס מען לייגט אַוועק נאָך דער אַרבעט. עס פאַלט אונדז אַנדערש נישט איין ווי נאָר אַז זיי דאַרפן פאַר אים ווערן ווי די הויט אויפן אייגענעם גוף און, זייט אונדז מוחל פאַר דער באַנאַליטעט, ווי די לופט צו אָטעמען. דאָס מינערט נישט די באַדייטונג פון דער גוטער באַקאַנטשאַפט מיט דער לאַנד־שפּראַך און קולטור, און זיכער אויך נישט דאָס קולטיווירן דעם גייסט אויף וואָס מער שטחים פון דער אוניווערסאַלער קולטור. אָבער אָן דעם לעבעדיקן, טאָג־טעגלעכן אינטערעס פאַרן ייִדישן און העברעיִשן וואָרט און ליד, פאַר ייִדישער קונסט און ייִדישער פאָלקס־שאַפונג האָט דאָס אַלץ פאַרן ייִדישן לערער קיין שום ווערט נישט.

דער ייִדישער לערער מעג און דאַרף זיך פאַרקוקן און דערציִען לויט גרויסע פּראָטאָטיפּן אין דער ייִדישער לערעריי. זאָלן זיי זיך האַלטן ביי דער שיין פון יענעם וווּנדערלעכן לערערישן דור אין פּוילן, רוסלאַנד און ליטע, וואָס אַ סך פון זיי זיינען אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע תלמידים און אַ טייל פון זיי געפינט זיך צו אונדזער גליק אין אונדזער אייגענער מיט. משה קולבאַק, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, העלענאַ כאַצקעלעס און הונדערטער אַנדערע לערער קענען באַלייכטן דעם וועג אויך פאַרן הייַנטיקן דור ייִדישע לערער.

דער ייִדישער לערער וועט דערפילן זיין היסטאָרישע שליחות נאָר דעמאָלט ווען ער וועט זיך פילן אָרגאַניש פאַרקניפּט אין אַן אומצערייסלעכן בונד מיטן ייִדישן פאָלק. אַ נייע מיסטיק, אַ קולט פאַר ייִדישער קולטור און דערציִונג דאַרף דער לערער העלפן שאַפן.

משה, דער גרעסטער ייִדישער לערער, האָט אײנעם לוח הברית געגעבן דעם ייִדישן פאָלק אַן אומפאַרגלייכלעכע אייביקע לעקציע. הייַנט, העכער דריי טויזנט יאָר נאָך יענער קאָלאָסאַלער געשעעניש, דאַכט זיך אונדז, אַז דווקא דאָס פאָלק דאַרף אויסהאַקן אַ נייעם לוח הברית און איבערגעבן זיינע לערער אויף אייביק אָפּצוהיטן און צו פאַרווירקלעכן. אַ נייער נעשה ונשמע דאַרף מען אַצינד דערהערן, דאָס מאָל פון דער לערער צום פאָלק.

נאָר אַזוי וועט דער ייִדישער לערער באַוויִזן אויפצוהייבן זיך איבער די אומפאַרמיידלעכע שווערקייטן און שטרויכלונגען פון עצם־לערערישן באַרוף, נאָר אין דעם פאַל וועט ער קענען איבערקומען אַלגעמיין־מענטשלעכע און ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע סתירות וואָס וואָרצלען אויך אין אים, און ערשט דעמאָלט וועלן זיך עפענען האָריזאָנטן און רעאַלע מעגלעכקייטן, אַז ער זאָל קענען דערפילן זיין שווערע אָבער דערהויבענע און דערהייבנדיקע שליחות.

חנה ווישניעווסקי

# דער יונגער דור לערער

איך ווייס נישט צי איך וועל אויסשעפּן אַלע עלעמענטן און אַלע פּראָבלעמען, וואָס עקסיסטירן אין שייכות מיט דעם יונגן לערער; אָבער איך וועל יאָ אונטערשטרייכן דאָס וואָס מיר פּערזענלעך רופט די אויפמערקזאַמקייט ווי אַ רעזולטאַט פון מיין אייגענער דערפאַרונג און פון די דערפאַרונגען פון אַנדערע יונגע לערער מיט וועלכע איך שטיי אין קאָנטאַקט.

איך וועל מוזן אויך עפּעס זאָגן וועגן דעם עלטערן דור לערער, ווייל חוץ דעם פאַקט וואָס איך בין נישט קיין טייל פון דעם דור גופא, בין איך אַ רעזולטאַט פון די דערציִערישע פאַקטאָרן צווישן וועלכע דער עלטערער לערער פאַרנעמט איינעם פון די וויכטיקסטע פּלעצער.

ווען מען קוקט פון אַזאַ פּערספּעקטיוו פון וועלכער מען זעט ביי דער אַרבעט, דעם עלטערן לערער און דעם יונגן לערער, איז קענטיק אַ גרויסע אַנדערשקייט צווישן ביידן, סיי ווי לערער, סיי ווי מענטשן. די אַנדערשקייט קען אונדז דינען אויף דורכצופירן אַ פּאַראַלעל.

דער ערשטער פאַקט, וואָס איך וועל דערמאָנען, איז די אַנדערשקייט צווישן די קוואַלן פון וועלכע ביידע דורות לערער האָבן געשעפּט. מער אָדער ווייניקער זענען פאַר אונדז אַלע באַקאַנט די באַדינגונגען אין וועלכע ס'האָבן געלעבט די ייִדן אין אייראָפּע.

דער לערער וואָס איז אַרויסגעוואָקסן אין יענער סביבה האָט גאָר אַנדערש איבערגעלעבט דאָס זיין אַ ייִד, סיי פאָרמאַטיוו, סיי אינפאָרמאַטיוו.

פאָרמאַטיוו איז זיין גאַנצע דערציִונג און זיין גאַנץ לעבן געווען איינגעוועבט אין ייִדישקייט. ער איז אויף אַ וויטאַלן אופן פאַרבונדן מיט ייִדישקייט: אַפעקטיוו און אינטעלעקטועל — דער לעבנס־שטייגער, די ימים טובים, די שפּראַך, שטעלן צונויף אַן אייגנאַרטיקן לעבנס־נוסח, וועלכן דער מענטש האָט איינגעזאַפּט אין די קינדער־יאָרן. אינפאָרמאַטיוו — מיין איך דאָס לערנען, די בילדונג, וואָס דער ייִד פלעגט באַקומען פון זיין פריסטער קינדהייט אָן.

מיר, דאַקעגן, האָבן געשעפּט פון גאָר אַן אַנדער סבביבה, וועלכע האָט געווירקט באַוווּסטזיניק און אומבאַוווּסטזיניק אין דעם תמצית פון אונדזער וועזן. מיר האָבן גלייכצייטיק באַקומען פון דער ייִדישער און פון דער נישט־ייִדישער וועלט. אויך אונדזערע עלטערן האָבן זיך אין אַ געוויסער מאָס געמוזט זיך צופּאַסן צו די איינפלוסן, וועלכע מיר האָבן געבראַכט פון גאַס און פון שול. דאָס הייסט, אַז אין בעסטן פאַל איז אונדזער אַנטוויקלונג ווי אַ ייִד געגאַנגען פּאַראַלעל מיט אונדזער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, אָבער איז נישט געווען אידענטיש.

און דאָס ווערט גערעדט וועגן דעם היגן לערער, וואָס מיינט אַזעלכע יוגנטלעכע וועלכע האָבן באַקומען אַ ייִדישע בילדונג אין אַן עלעמענטאַר־שול און אין אַ מיטלשול.

דער יוגנטלעכער, וואָס איז אַ לערער מיטן באַוווּסטזיין פאַר זיין וויכטיקער מיסיע אין ייִדישן לעבן, האָט אויך געהאַט אינערלעכע קאָנפליקטן — וואָס ער האָט יאָ אָדער נישט אויסגעדריקט — און וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון זיין אָרטיקן טאָפּלטן לעבן.

דער יונגער לערער האָט אויפגענומען זיין ייִדישקייט און פילט זיך שטאָלץ מיט איר. אַ טיפער שטאָלץ וואָס איז דער רעזולטאַט פון אַן אַפעקטיווער און ראַציאָנעלער אידענטיפיקאַציע מיט זיין פאָלק, מיט די אוניווערסאַלע מענטשלעכע אידעאַלן פון זיין פאָלק. פאַר די עלטערע לערער קען דאָס אויסקומען מאָדנע, אָדער איבערגעטריבן. איך גלייב אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין סך ספקות ווען זיי האָבן געטראַכט אין זייערע אויפגאַבן ווי לערער. זיי האָבן געוווּסט וואָס זיי האָבן געוואָלט איבערגעבן דעם יונגן דור. אַנדערש איז דער יונגער לערער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אונדזער סביבה, ער קען און מוז האָבן קלאָר פאַר זיך זיינע באַגריפן וועגן ייִדישקייט און וועגן זיינע אויפגאַבן ווי אַ לערער — און צו דעם דאַרף ער האָבן דעם באַוווּסטזיין און אַ פאַרשטענדעניש פאַר די ווערטן פון זיין פאָלק.

צוטרעטנדיק איצט צו דער פונקציע פון דעם לערער, מוזן מיר טראַכטן אין דער כסדרדיקער באַרייכערונג פון ידיעות און אינפאָרמאַציע, וועלכע אַ לערער מוז באַקומען. דער לערער מוז זיין דינאַמיש אין זיין פונקציע פון דערציִען און לערנען אויך מיט זיך אַליין. זיין קולטור דאַרף וואָס אַ מאָל באַרייכערט ווערן, און איבערהויפּט שטרייך איך עס אונטער אין שייכות מיטן יונגן לערער.

דער לערער מוז זיך באַקענען מיט די פילפאַרביקע שאַפונגען פון זיין פאָלק. וואָס מער ער ווערט

אין זיי אַריינקוקן און פון זיי לערנען, אַלץ זיכערער וועט ער זיך פילן מיט זיך אַליין.

ס׳איז אינטערעסאַנט אָנצווייזן אַז די מאָדערנסטע פּרינציפּן פון פּסיכאָלאָגיע, אין שייכות אַ געזונט מענטשלעך לעבן, אין פרייהייט, אין זיין גליק, אאַז״וו, זענען אין איינקלאַנג מיט דעם אורח חיים, מיטן לעבנס־שטייגער, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין די אוראַלטע שאַפונגען פון אונדזער פאָלק.

איך האָב נישט איין מאָל אין די מאָדערנע — נישט שטענדיק ייִדישע ווערק דווקא — וואָס איך האָב פריִער דערמאָנט, זיך אָנגעטראָפן אויף אַ סך אַרטיקלען און עסייען, וואָס האָבן אַלס מאָטאָ אַ פּסוק פון תנ״ך אָדער פון תלמוד, ווייל זיי סימבאָליזירן אַ וועלט־אַנשויונג מיט סאָציאַלע און מענטשלעכע פּרינציפּן.

איך האָב אויבן געזאָגט, אַז דאָס ייִדיש לעבן ביים יונגן לערער האָט מער קאָנפליקטן ווי ביי זיין עלטערן קאָלעגע. אָבער אַפילו אין דעם קענען מיר אויסגעפינען אַ פּאָזיטיוון שטריך. וועלכער? דווקא מיט דער דערפאַרונג פון אונדזערע אייגענע איבערלעבונגען זענען מיר נענטער פון דעם אָביעקט פון אונדזער דערציִונג, דאָס הייסט, פון דעם קינד, אָדער דעם יוגנטלעכן, וואָס מיר דאַרפן אָריענטירן. מיר זענען נאָענט צו זיין מענטאַליטעט. אַוודאי דאַרף די נאָענטקייט זיין אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר. זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ נאָכגעבן, אין מאַכן קאָנצעסיעס; נאָר פאַרקערט, מיר דאַרפן אַרבעטן איבער דער וואַקלדיקער טייל פון דעם תלמידס מענטאַליטעט. מיר וועלן זיינע ספקות נישט באַטראַכטן אַלס אַפּיקורסות — אין אַ וועלטלעכן זין פון וואָרט. איך האָב דעם איינדרוק אַז אייניקע עלטערע לערער באַטראַכטן עס אין אַ געוויסער מאָס אַזוי, ווי זיי וואָלטן געפילט אַז די יונגע רייסן זיך אַוועק און מ׳וואָלט זיי געדאַרפט צוהאַלטן בכוח — זיי זאָלן זיך פילן ייִדן און אָנהאַלטן ייִדישקייט.

דאָס אָבער גיט זיך נישט איין אין אַ גרויסער מאָס, ווייל עס איז שווער צו מאָנען פון יונגע אָנהאַלטן בלויז עפּעס; יונגע ווילן שאַפן און יעדער פּראָדוקטיווער מענטש דאַרף שאַפן. מען קען אָנווייזן די תלמידים ווי אַזוי זיי קענען זיין ייִדישע שעפערישע מענטשן אַפילו ווען ייִדישקייט זאָל אָננעמען נייע פאָרמען. נאָר צו דעם דאַרף מען האָבן צו זיי צוטרוי.

מיר זעען אין אונדזער געשיכטע ווי אין פאַרשיידענע צייטן, ביי פאַרשיידענע באַדינגונגען האָט דאָס פאָלק געשאַפן פאַרשיידענע ווערק, אָבער פאָרט איז דער יניקה־קוואַל געווען דער זעלבער.

אין אונדזער דערציִונג פאַר אהבת עם ישראל געפינט זיך אַ דעטערמינירנדיקער כוח וואָס איז אהבת מדינת ישראל. און דאָ, גלייב איך, געפינט זיך אַ וויכטיקער עלעמענט ביי דעם יונגן דור לערער. טראָץ דעם קליינעם פּראָצענט זעט דער תלמיד אין דעם יונגן לערער אַ פּערזענלעכן בייַשפּיל פון עליה, ווי אַ קאָנסעקווענץ פון וועלן זיך אַנטוויקלען ווי אַ פרייער שעפערישער ייִד אויף דעם איינציקן באָדן ווו מיר קענען דאָס טאָן אויף אַן אייגענעם געזונטן יסוד.

איך האָב זיך באַמיט אַרויסצוזאָגן זיך וועגן דער ווירקלעכקייט לויט מיינע דערפאַרונגען און כ׳האָב זיך אויך באַמיט צו דערקלערן וואָס איך גלייב, אַז ס׳איז וויכטיק היינט צו טאָג אין דער דערציִונג, אַוודאי ווענדט זיך עס זייער אַ סך אין דעם אינדיווידועלן פאַקטאָר. דאָס הייסט, דער לערער גופא: זיין ציל און זיינע מעטאָדן.

רבקה עפּענדאָוויטש-פּינטאַ

# יִדיש אין קינדער־גאָרטן

ווען מיר זאָגן, אַז מיר ווילן לערנען מיט קינ־דער די יִדישע שפּראַך דאַרף פאַר אונדז זיין קלאָר, אַז אַ שפּראַך באַשטייט נישט בלויז פון אַ געוויסער צאָל ווערטער, וואָס קענען אויסבילדן אַ רייכערן אָדער אָרעמערן וואָקאַבולאַר, נאָר ז״ז פאַרשידענע עלעמענטן גיבן אַ שפּראַך איר אייגנאַרטיקייט, איר פּערזענלעכקייט.

איך גלויב, אַז דריי זענען די עלעמענטן מיט וועלכע מען דאַרף זיך רעכענען:

1) וואָקאַבולאַר

2) סטרוקטור אָדער סטיל פון דער שפּראַך

3) אויסשפּראַך.

אַ סך מאָל, ווען מיר הערן אַן ענגלענדער, אַ פראַנצויז, אָדער אַ יִד רעדן שפּאַניש, דאָס הייסט, מיט שפּאַנישע ווערטער, דערקענען מיר זיין אָפּ־שטאַם לויט זיין אויסשפּראַך און זיין אופן פון צוזאַמענשטעלן די ווערטער.

דאָס דאַרף אונדז ווייזן דעם וועג וואָס צו טאָן, אַז די קינדער זאָלן זיך אויסלערנען יִדיש און נישט נאָר יִדישע ווערטער.

לאָמיר זיך צוקוקן וואָס געשעט נאַטירלעך מיט אַ קינד, ווען עס לערנט זיך אויס זיין מוטער־שפּראַך. ווען ער איז גאָר קליין באַנעמט ער בלויז סובסטאַנ־טיוון, שפּעטער אַקציעס, ביסלעכווייז קליינע פראַזן ביז ער הייבט אָן צו באַנוצן זיך פריי מיט דער שפּראַך. אין דעם עלטער וואָס מיר באַקומען דאָס קינד אין קינדער־גאָרטן הייבט ער אָן מיט די קליי־נע פראַזן נאָך נישט קאָרעקט פאָרמולירט.

מיר מוזן אַנאַליזירן דיווירקלעכקייט פון דעם קינד, וואָס קומט צו אונדז אין קינדער־גאָרטן. אַרום זיך הערט ער בלויז די שפּאַנישע שפּראַך, מיט שפּאַנישע ווערטער, מיט דעם שפּאַנישן סטיל, מיט דער שפּאַנישער אויסשפּראַך; נישט נאָר ער הערט, נאָר זיין צונג איז אויך צוגעוווינט בלויז צו די עלעמענטן פון דער שפּאַנישער שפּראַך. די צייט וואָס ער איז אין קאָנטאַקט מיט יִדיש איז גאָר ווינציק אין פאַרגלייך מיט דער צייט וואָס ער פאַר־מאָגט. דערפאַר דאַרף אונדזער אַרבעט זיין זייער און זייער אינטענסיוו און מיר דאַרפן זיך באַנוצן מיט אַלע עלעמענטן, וואָס קענען אונדז צוהעלפן קאָמפּענסירן אונדזער אינפעריאָריטעט און צייט.

איך גלייב, אַז עס וואָלט אונדז זייער געהאָלפן אין אונדזער אַרבעט אַ גענויער פאַראַלעל שטודיום פון ביידע שפּראַכן: יִדיש און שפּאַניש, ווייל מיר אַרבעטן מיט שפּאַניש־רעדנדיקע קינדער, דאַן וואָלטן מיר געקענט אַטאַקירן יענע פּונקטן וואָס זענען וויכטיק פאַר דער אינטעגראַלקייט פון דער שפּראַך.

לויט מיין דערפאַרונג אין דער אַרבעט האָב איך באַמערקט דריי הויפּט־פּונקטן, אין וועלכע די קינ־דער באַגייען פעלערן:

א) פאַרבייטן דעם פּלאַץ פון אַדיעקטיוו לגבי דעם סובסטאַנטיוו. זיי זאָגן: „אַ שטיבעלע קליין“ אַנשטאָט „אַ קליין שטיבעלע“.

ב) אין פראַגעס און ענטפערס מיט „פאַר וואָס און ווייל“.

ג) אין אויסדרוק ווי „איך ב־ן געגאַנגען“, „איך האָב געגעסן“ אאַז״וו.

דערקענענדיק די דריי פּונקטן האָב איך אין מיין אַרבעט זיך מער אָפּגעגעבן מיט זיי. למשל, פּונקט א): פאַרבייטן דעם פּלאַץ פון אַדיעקטיוו לגבי דעם סובסטאַנטיוו, האָב איך וואָס מער צוגעגעבן אַדיעק־טיוון צו די סובסטאַנטיוון, דאָס קינד זאָל זיך צו־געוווינען צו הערן אַז דער אַדיעקטיוו גייט פריִער.

| | |
|---|---|
| אַ קליין מיידעלע | אַ גוטער מענטש |
| אַ קליין שטיבעלע | אַ שלעכטער מענטש |
| אַ גרויסע שטוב | אַ קליינער בלייער אאַז״וו. |

לגבי דעם פּונקט ב): מיט „פאַר וואָס און ווייל“. מיר שפּילן זיך אין פרעגן און ענטפערן באַנוצנ־דיק שטענדיק ווערטער וואָס די קינדער פאַרמאָגן שוין:

— פאַר וואָס גייען מיר היינט נישט אין גאָרטן?

— ווייל היינט רעגנט.

— פאַר וואָס ביסטו נישט געקומען נעכטן אין קינדער־גאָרטן?

— ווייל איך בין געווען קראַנק.

פאַרן פּונקט ג): אויסדרוקן ווי „איך בין געגאַנ־גען“. ווען די קינדער דערציילן ווו זיי זענען געווען אין די פרייע טעג, איז אַ מאָמענט, וואָס מען קען אויסנוצן אויף צו באַמערקן: „איך בין געגאַנגען אין קינאָ“, „איך בין געבליבן אין שטוב“ אאַז״וו.

דער אופן פון לערנען מיט די קינדער ווערטער, אַ וואָקאַבולאַר, איז פאַר אונדז אַלע באַקאַנט. מאַק־סימום פון אילוסטראַציעס, זיי זאָלן נאָכפאָלגן די

נאַטירלעכע אינטערעסן פון קינד, שפּילן, לידער, דעקלאַמאַציעס, שפּילערייען און אַזוי ווייטער.

דער וואָקאַבולאַר פון לערער דאַרף זייער גוט און פּאָרזיכטיק צוגעגרייט ווערן. ער דאַרף זיין באַ־גרענעצט. מען דאַרף זען, אַז די נייע ווערטער זאָלן זיך וואָס מער איבערחזרן אין פאַרשידענע מאָ־מענטן, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. וועגן דעם ענין איבערזעצונגען דאַרף מען באַמערקן צוויי מאָ־מענטן:

1 — ווען מיר געפינען זיך פאַר אַ פּראָבלעם פון קינדס פּערזענלעכקייט.

2 — ווען מיר געפינען זיך פאַר אַ פּראָבלעם בלויז פון שפּראַך.

אין ערשטן מאָמענט, ווען ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז דער קאָנטאַקט צווישן לערערקע און קינד זאָל זיין וואָס אינטימער, מעג מען זיך באַנוצן מיטן קינדס שפּראַך. אין צווייטן מאָמענט, ווען מיר גע־פינען זיך פאַר אַ פּראָבלעם בלויז פון שפּראַך, מוז מען זיך באַנוצן כמעט אין גאַנצן נאָר מיט ייִדיש.

איצטער, אַז מיר ווילן, אַז דאָס קינד זאָל נישט נאָר פאַרשטיין, נאָר קענען זיך אַרויסזאָגן מיט קליינע פראַזן, האָבן מיר נישט קיין אַנדער וועג, ביים אָנהייב, אַזוי גלייב איך, ווי צו געבן אים פאַר־טיקע פראַזן, די נאַטירלעכסטע, די לייכסטע און בעטן ביי אים זיי נאָכצוזאָגן, כדי די צונג זאָל זיך ביי אים צוגעוווינען אַרויסצוזאָגן מער ווי איין וואָרט און די פראַזע זאָל זיין גוט צוזאַמענגעשטעלט.

די דאָזיקע פראַזן דאַרפן זיין ווי „קלישע־פראַזן“, דאָס הייסט, זיך איבערחזרן פון אָנהייב יאָר ביז די קינדער קענען זיך באַנוצן מיט זיי.

דער אָרדנער, טאָוול, דער וועטער, לוח, דער שעהען־פּלאַן, קענען אונדז צוהעלפן אין דעם. ווען מיר פרעגן אַ קינד: וועלכעס איז דיין בילדעלע? דאַרף דאָס קינד ענטפערן: מיין בילדעלע איז....

— וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט?

— היינט איז...

דאָס וואָלט געווען ענטפערן „מיט אַ פראַזע“.

דער לעצטער עלעמענט פון דער שפּראַך, וואָס איך האָב ביים אָנהייב אָנגעוויזן, די אויסשפּראַך, איז אויך זייער וויכטיק אין אונדזער אַרבעט און איך גלייב, אַז אין קינדער־גאָרטן איז דער בעס־טער פּלאַץ צו אַרבעטן אינטענסיוו אויף דעם גע־ביט, ווייל דאָס קינד האָט אַ קאָנטאַקט מיט דער שפּראַך בלויז דורכן געהער.

ערשטנס דאַרף די לערערקע זייער און זייער אַכ־טונג געבן אויף זיך אַליין אין דעם געביט (אָזוי ווי אין אַלע געביטן), זי דאַרף קלאָר און דייטלעך אַרויסזאָגן יעדעס וואָרט. יעדער אות דאַרף קלינ־גען און דאַרף געהערט ווערן. דאָ איז, לויט מיין מיינונג, אויך זייער וויכטיק צו דערמאָנען זיך אַז דער עלעמענט מיט וועלכן מיר אַרבעטן איז אַ שפּאַניש־רעדנדיקער. מיר דאַרפן וויסן, אַז די צונג פון קינד איז נישט צוגעוווינט צו שטאַרקע קאָנ־סאָנאַנטן און אַרויסזאָגן 2, 3 און 4 קאָנסאָנאַנטן מיט אַ מאָל איז נישט אַזאַ לייכטער ענין. (מיר וועלן נישט דערוואַרטן, אַז די קאָנסאָנאַנטן זאָלן קלינ־גען ווי ביי אייראָפּעיִשע ייִדן, אָבער מען זאָל זיי כאָטש הערן. אַ געוויסע שטאַרקייט דאַרפן זיי האָבן כדי די ווערטער זאָלן זיין פאַרשטענדלעך).

דערפאַר דאַרפן די ערשטע ווערטער זיין לייכטע. די מאָס פון דער לייכטקייט דאַרף אונדז געבן ניט נאָר דער באַטייט, זאָל זיין אַ צוגעפּאַסטער צום קינדס פאַרשטאַנד, נאָר אויך אַ צוגענגלעכער צום קינדס צונג.

די קינדער זענען אויך נישט צוגעוווינט צו הערן קאָנסאָנאַנטן ביים ענדע פון די ווערטער: בוים, שטוב, קליין, ווייס, אַלט, הערן זיי: בוי, שטוי, קליי, ווייַ, אַל אאַז״ו. זיי הערן אַזוי ווייל אַזוי איז צו־געוווינט זייער געהער פון שפּאַניש.

אַפילו מיר זאָלן נישט פאָדערן, אַז קינדער זאָלן נאָכזאָגן די אַלע ווערטער, ווען מיר באַנוצן זיך מיט זיי, דאַרפן מיר באַטאָנען די דאָזיקע ענדונגען, כדי זייער געהער זאָל זיך צוגעוווינען צו הערן.

מען וואָלט באַדאַרפט זיך צוזאַמענרעדן, כדי צו באַאַרבעטן אַ באַזיש, פּלאַנירטן, וואָקאַבולאַר פאַר יעדן עטאַפּ, לויט דער טעמאַטיק, די אינטערעסן און די אויפנאַמס פעיִקייטן פון יעדער עלטער, צו־פּאַסן דעם שפּראַך־מאַטעריאַל אין אָנקלאַנג מיט די באַמערקונגען וואָס אונדזער דערפאַרונג דערלויבט אונדז צו מאַכן.

ס׳איז זייער נויטיק אַ פּאַראַלעל־שטודיום פון ביי־דע שפּראַכן: ייִדיש און שפּאַניש. די מאָמענטן אין וועלכע זיי אונטערשיידן זיך אממערסטן.

אָבער דאָס מיינט נישט ייִדיש ב ל ו י ז קעגן שפּאַניש, נאָר אַן אָנפאַנג־וועג צו אַ זעלבשטענדיקן ייִדיש. פריִער דאַרף מען אַ ביסעלע קעמפן קעגן שפּאַניש, צעשיידן זיי און שפּעטער זאָל זיך יעדער איינער גיין זיין וועג. אויב נישט וועט שטענדיק דער ייִדיש פון אונדזערע קינדער זיין אַ געפּאַנגע־נער פון שפּאַניש.

שרה אַלטער

# מײַן אַקאָרדעאָן, מײַן פּיאַנאָ און איך...

ווי יעטווידער טאָג, בין איך אויך היינט געגאַנ־גען, אונטערגעזונגען זיך אַליין אַ ליד, מיט מיין אַקאָרדעאָן אויפן אַקסל און געטראַכט: אויך איך וויל עפּעס זאָגן... אויך איך פיל די באַדערפעניש צו דערציילן...

פאַרענדיקט נאָר וואָס אַ יום־טוב, וואָס קינדער פון אַ קלאַס האָבן אַדורכגעפירט פאַר זייערע על־טערן, געטאַנצט און געזונגען, גערעדט און געטאָן... שוין אַלץ אַריבער, בלייב איך שטיל און איך מאַך מיר אַ סך הכל מיט מיין חבר, מיין אַקאָרדעאָן:

— נו? וואָס זאָגסטו האַ? כדאי געווען די אַר־בעט?

— כדאי געווען?... וואָס רעדסטו, נאַרעלע?... פון וועלכער אַרבעט טראַכסטו?

— וואָס הייסט!... מיר האָבן מיט זיי געאַרבעט, געלערנט, איינגעחזרט...

— איז עס געווען דען אַן אַרבעט?... פלעגסט ניט זען זייערע פּנימלעך יעדעס מאָל וואָס דו פלעגסט עפענען די טיר פון קלאַס און מיר פלעגן זיך באַ־וויזן פאַר זיי? נישט אויגן, נאָר שטערנדלעך פלעגן אונדז אויפנעמען; שמייכלען פלעגן אונדז באַגריסן. זייער פרייד ביים אויפנעמען אונדז האָט נישט גע־רעדט וועגן אַן אויפנאַמע פון אַ לערערקע, פון צו־גרייטן זיך צו אַ נייער לעקציע, צו אַן אַרבעט, צו אַן אָנשטרענגונג. פאַרקערט!... ס'האָט גערעדט פון גליקלעכע קינדער, וואָס ווייסן אַז עס קומט פאַר זיי אַ שעה פון פרייד און פאַרגעניגן, פון אַן אי־בערלעבונג וואָס וועט בלייבן איינגעקריצט אין זיי־ערע הערצער און זכרון.

— אָבער, אַקאָרדעאָן, דו מיינסט דאָס ערנסט?... אַלע קינדער האָבן ליב צו זינגען, מוזיק איז דאָך אַ טייל פון לעבן... אונדזער געשיכטע רעדט אונדז פון דעם, וואָס מוזיק איז געווען במשך אַלע תקופות ביי דעם יידישן פאָלק, מיינסטו טאַקע, אַז מיר גיבן דאָס איבער די קינדער?...

— זיכער אַז יאָ!... געדענקסט זייערע בליקן אין די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן ביים לערנען אַ חסידישן ניגון אָדער ביים אויסזינגען בראָדערזאָנס: „פרייטיק אויף דער נאַכט", אָדער ביאַליקס: „„צום פייגע־לע"... אַזוי ווי זיי וואָלטן באמת צוועקגעפלויגן צו יענער אַלטער היים, צו יענעם גאָלדענעם לאַנד... וואָלטן זיי דאָס געפילט בלויז מיט די געלערנטע לעקציעס אַליין?

— ניין, ס'וואָלט נישט געווען אַלץ איינס; אונ־דזערע געלערנטע פלעגן לערנען מיט אַ ניגון... מו־זיק און יידישקייט גייען געפּאָרט. דערפאַר טאַקע איז וויכטיק אַז ביים לערנען זאָלן מיר אויך זיין מיט זיי, מיר זאָלן מיט געזאַנג באַגלייטן זייערע אויסגעלערנטע טעקסטן, און פאַרגעס נישט אַז אונ־דזערע פאָלקס־לידער גיבן איבער די קינדער אַן אמת בילד פון פאַרשיידענע תקופות: פריילעכע אָדער טרויעריקע, וואָס נאָר דורך אונדזער אופן וועלן זיי בלייבן איינגעקריצט אין האַרצן, צי עס איז: „אַז דער רבי אלימלך", צי עס איז „דער קרע־מער", צי „צו איינס, צוויי דריי"... ווער רעדט פון היינטיקע ישראלדיקע לידער, וואָס זענען פאַר קינ־דער אַ לעבעדיקע שפּראַך, אַ לויב־געזאַנג, אַ גרוי־סע איבערלעבונג...

— יאָ, יאָ, איך שטעל זיך אַליין אַ סך מאָל די פראַגע... און ליד איז גענוג?...

— אָבער נישט ליד אַליין זינגען מיר אין שול... און טענץ, סיי אַמאָליקע, סיי היינטיקע; טענץ פון פאָלק, קרייזן, שערעלע און דורות, פלעכטן זיך צו־זאַמען אין אַ וואונדערן קרייז ווו טאַטעס און מאַמעס, און באָבעס און זיידעס מישן זיך צוזאַמען מיט זייערע קינדער און אייניקלעך און גליקלעכע, סיי זיי און סיי מיר, טאַנצן מיר דעם דערהויבענעם טאַנץ פון ליבשאַפט און חברשאַפט פון שול און היים.

— באַרויקסט מיך, ליבער חבר אַקאָרדעאָן... דו ווייזסט מיר גאָר אַ שיין בילד פון אונדזער מיטאַרבעט...

— אָבער עס איז אַזוי... לידער און טענץ, נעכ־טן און היינט; מיר גיבן איבער געשיכטע, מיר שריי־בן געשיכטע, ליבע און חברשאַפט, שול און היים, מיר לערנען די קינדער, צו פילן זיך באַקוועם און צופרידן... מיר זינגען, מיר טאַנצן, מיר לערנען זיי צו ליבן דאָס לעבן...

אַזוי שמועס איך מיט מיין אַקאָרדעאָן... אָבער נישט נאָר דער אַקאָרדעאָן איז מיין חבר ביי דער אַרבעט; איך קום צו צום קינדער־גאָרטן און דאָרטן, די פּיאַנאָ רופט מיך צו און רעדט מיר אויך אַריין עפּעס אין אויער:

— ווייסט, נעכטן האָב איך זיך צוגעקוקט צום יום־טוב, וואָס דו האָסט דורכגעפירט מיט די קינ־דער פון אונדזער שול־קינדער־קלוב. איך האָב גע־

קוקט און איך האָב געטראַכט: עטלעכע הונדערט קינדער און עלטערן... אַלע דיינע געוועזענע תלמי־דים, אויך מיינע חברים. ערשט נעכטן זענען זיי אַריינגעקומען דאָ אין דעם מוזיק־זאַל פונעם קינ־דער־גאָרטן און זיך צוגעכאַפּט צו מיר, דער פּיאַנאָ, און בעת די לערערקע האָט נישט געזען האָט מען אויף מיר אויסגעלאָדן די קינדערשע ענערגיע און צוגעקלאַפּט אַזוי געשמאַק מיטן גאַנצן ווילן... ערשט נעכטן איז עס געווען...

— אמת, איך געדענק... אויך היינט כאַפּן זיך צו די קינדערלעך צו דיר. פול ווערן די קלאַווישן מיט הענטלעך, וואָס ווילן האָבן דאָס פאַרגעניגן אַרויס־צובאַקומען קלאַנגען פון דיר...

— יאָ, איך געדענק... איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער חברה, איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייער היינטיקער אַרבעט און איך האָב פּרובירט צו דער־מאָנען זיך די אַרבעט, וואָס מיר האָבן אַדורכגעפירט אינעם קינדער־גאָרטן בעת זייער קינדהייט. איך געדענק ווי זיי פלעגן חנעוודיק אויסזינגען די קור־צינקע לידעלעך, אויסטאַנצן גרינגע טענצעלעך, פּאַטשן מיט די הענט צום ריטם פון צוגעפּאַסטע מעלאָדיעס, באַקומען דעם באַגריף ווי אַזוי באַוועגן דעם אייגענעם קערפּער, וועלכע מעגלעכקייטן גיט דער קערפּער דעם מענטשן...

— יאָ, מיר האָבן זיי געלערנט זיך באַנוצן מיט אָפּקלאַנג־אינסטרומענטן, דערפילן האַרמאָניע אין מוזיק, דער זעלבער ריטם און די זעלבע האַרמאָניע, וואָס זיי וועלן דאַרפן באַנוצן אין זייער לעבן.

— אמת. און נעכטן האָבן איך געזען, אַז אונ־דזער אַרבעט האָט געגעבן גוטע פּרוכט... פון אונ־דזערע לידעלעך איז אויסגעוואַקסן אַ פיינער יוגנט־לעכער כאָר, פון אונדזערע טענצעלעך האָבן מיר באַקומען קרעפטיקע ישראלדיקע טענץ; פון אונ־דזערע פּשוטע באַוועגונגען האָבן מיר געזען פּרעכ־טיקע ריטמישע איבונגען, צו וועלכע מען האָט צוגעגעבן אַן אינהאַלט וואָס פלעכט זיך צוזאַמען מיט געלערנטע פּרשות פון תנ״ך; פון אונדזערע אָפּקלאַנג־אינסטרומענטן איז געבוירן געוואָרן אַן אָר־קעסטער מיט אמתע אינסטרומענטן.

— איך האָב עס אויך געזען און האָב עס אויך געטראַכט: מיר האָבן זיי אויסגעלערנט אַ סך זאַכן, מיר האָבן געעפנט פאַר זיי טויערן, מיר האָבן זיי אויפגעוועקט, מיר האָבן געשטעלט צו דיספּאָזיציע אַלע עלעמענטן מיט וועלכע זיי זאָלן זיך קענען אַ מאָל באַנוצן.

* * *

נישט איין מאָל צווייפלט דער לערער... נישט איין מאָל שטעלט זיך דער לערער די פראַגע: גוט גע־טאָן?... כדאי געווען?...

היינט פיל איך זיך צופרידן. נעכטן האָב איך איבערגעלעבט זייער אַ גליקלעכן מאָמענט... קינ־דער־גאָרטן, קינדערלאַנד, אָנפאַנג־שול, מיטלשול, אַלץ איז אַדורכגעפלויגן אין מיין זכרון; מיינע צווייפ־לען האָבן זיך אויף איין מאָמענט איינגעשטילט און באַקומען אַ תשובה. דאָס באַדייט נישט, אַז מאָרגן זאָל איך נישט צווייפלען ווידער; סוף כל סוף, פאַר־געסט נישט, אַז איך בין מער נישט ווי אַ לערערקע.



קינדער באַגריסן יעקב חזן און פרוי בעת זייער באַזוך אין דער צענטראַלער שלום עליכם שול



בעת דער הפסקה

פראָפ׳ ל. קלאַצמאַן

# דאָס געזאַנג ווי אַ דערציִונג־פאַקטאָר אין אונדזער ייִדישער שול

„אַ ניגון בענקט, אַ ניגון קלאָגט,
אַ ניגון לעבט;
אַ ניגון שטאַרבט און ער שטייט אויף
תחית המתים״.

י. ל. פרץ

די מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אויסבילדונג פון די קינדער אין דער ייִדישער שול, האָט די גרעסטע קולטור־דערציִערישע ווירקונג. דער כאָר, אָרגאַני־זירט און דיסציפּלינירט זיינע אָנטיילנעמער, באַ־העפט זיי מיט די טיפע קוואַלן פונעם פאָלקס־מעלאָס און מאָדערנעם, אָריגינעלן מוזיקאַלישן שאַפן פון אונדזערע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן, רופט ביי די קינ־דער אַרויס אַ פאַרשטענדעניש פאַר קולטורעלן אוי־ניסאַן, פאַר קאָלעקטיווער פּאָליפאָניע, ריטעם און קולטור־עסטעטישע איבערלעבונגען בכלל. די כאָ־ראַלע געזאַנגען פאַרמאָגן אין זיך די וויכטיקסטע מוזיקאַלישע דריי עלעמענטן: מעלאָדיע, ריטעם און האַרמאָניע.

ביי אונדז, אין אַרגענטינע, איז אין די לעצטע יאָרן אויך טיף אַריינגעדרונגען דאָס ייִדישע און העברעיִ־שע ליד אין די גרעסטע ייִדישע שולן. מען דאַרף אָבער אָנמערקן, אַז דאָס געזאַנג אין אונדזערע שולן איז נאָך אַלץ נישט קיין גלייכבאַרעכטיקטער קעגנ־שטאַנד. מען זינגט אָן אַ פּלאַן און אָן אַ סדר, וואָס און ווי אַזוי מען קען. אין אַנדערע שולן (ווו עס זע־נען נישט פאַראַן קיין ספּעציעלע געזאַנג־לערער), איז דאָס געזאַנג אַן אָפּקומעניש פאַר די קינדער און פאַרן ייִדישן לערער, וועלכער איז נישט קיין מוזי־קער.

סאָ׳יז נישט גענוג אויסצולערנען זינגען אַ לידל. מוזיק איז נישט קיין אָפּרו, קיין פאַרווייַלונג, ווי אַ סך מיינען. דאָס געזאַנג טאָר נישט זיין קיין מעכאַ־נישער לימוד, ווייל מוזיק איז אינטימער ווי אַלע אַנדערע קונסט־פאָרמען. דאָס געזאַנג דאַרף דערהויבן ווערן צו אַ גלייכבאַרעכטיקטן לימוד. יעדער ליד־טעקסט דאַרף ווערן אַ טעמע פאַר זיך. לייגן אַכט אויף דער אויסשפּראַך, דיקציע און פאָנעטיק. דורך דעם ייִדישן און העברעיִשן ליד צעמענטירן מיר אונדזערע ביידע שפּראַכן. דורכן געזאַנג באַקענען זיך די שול־קינדער מיט מדינת ישראל, מיט איר רינאַמיק און אירע נייע לידער. דורכן פּאָעטישן ליד, מיט דער עכטער ייִדישער נגינה, שאַפט זיך אַן אַטמאָספער פאַר ייִדישער באַגייסטערונג, בענק־שאַפט, פּאַטאָס, גאולה־האָפענונג, ייִדישע מאַרטיראָ־לאָגיע און שבת־יום־טובדיקייט. דורכן ליד שטודירן מיר די נאַטור, די פלאַנצן און די חיות־משפחה און לידער פון אונדזערע היזיקן לעבן און טעטיקייט.

די מוזיק צו די לידער דאַרף זיין אַ סעלעקציאָ־נירטע, עכט־ייִדישע, לויט אַלע טראַדיציעס, וועל־כע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון דורות ירושהדיקן אַטאַוויסטישן גייסט, געפיל און חן. (די אַדאַפּטאַציעס פון פרעמדע מעלאָדיעס צו ייִדישער מאָדערנער פּאָעזיע, צום ביישפּיל, רוסישע, פּוילישע פאָלקס־מאָטיוון פון קלאַסיקער ווי בעטהאָווען, וואָס מען האָט צוגעטשעפּעט צו י. ל. פרץ און אַנדערע, מעגן די מעלאָדיעס זיין ווי געניאַל פאַר זיך זעלבסט, זענען זיי אָבער לעכערלעך און פאַלש פאַרן ייִדישן גייסט, ווייל דיכטונג מוז פונעם קאָמ־פּאָזיטאָר איבערגעגאָסן ווערן אין אָריגינעלע קלאַנ־גען).

די לידער דאַרפן געזונגען ווערן מיט פרישן גע־זונטן טאָן, מיט קינדערשער פרייד, קלאָרער און נשמה־אויסדרוק, ליבע און חשק. זינגען דאַרף מען שטענ־דיק אין טאָן־רעגיסטער פונעם קינד, דאַן באַקומט דער קינדער־טעמבער אַ באַזונדערן צויבער, וועל־כער גיט זיך איבער דער אוידיטאָריע. קולטיווירן דעם געשמאַק פאַר אונדזער אייגענער־אייגנאַרטיקער נגינה און אירע פיינסטע מעלאָדיעס, ווי אויך פאַר דער ייִדישער קולטור־מוזיק אין אירע קונסט־פאָר־מען, דורך מוזיק־אוידיציעס. מוזיק איז דער העכ־סטער און צאַרטסטער אויסדרוק פון דער נאַציאָנאַ־לער נשמה פון אַ פאָלק.

מיטן מאָמענט, ווען עס וועט געשאַפן ווערן אַ ריכטיק מוזיקאַלישע אַטמאָספער פאַרן שול־קינד, אַז דאָס קינד זאָל באַנעמען, פאַרשטיין און פילן דאָס ליד און זיך צעזינגען, דאַן וועט די נגינה זיין אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט און אַ נשמה־באַדערפע־ניש פונעם קינד. זיי וועלן דערצויגן ווערן בעסערע, איידעלערע מענטשן, מיט העכערן געשמאַק און טי־פערע אינטערעסן־אידעאַלן אין לעבן.

די ייִדישע וואָקאַלע מוזיק איז אַ טייל פון אונדזער קולטור און אַ וויכטיקער ביישטייַער צו דער פּעדאַגאָ־גיק און דערציִונג אין דער ייִדישער שול.



אַ תלמיד באַגריסט דעם ישראל־מיניסטער ספיר בעת זיין באַזוך אין דער שלום עליכם שול

**חיים פינקעלשטיין**

# די שליחות פון יידישן לערער *)

אין די צייטן פון ר׳ יהודה הנשיא — ווערט דער־ציילט — זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן שליחים צו באַקענען זיך ווי ס׳האַלט מיט דער זיכערקייט פון די יידישע שטעט.

זענען די שליחים געקומען אין אַ שטאָט און גע־פרעגט אויף די היטערס פון דער זיכערקייט. די עלטסטע פון שטאָט האָבן זיי געוויזן די היטערס פון די מויערן. האָבן די שליחים געענטפערט: נישט אויף זיי פרעגן מיר. האָט מען זיי געוויזן די פּאָליציי וואָס היט די אָרדענונג, האָבן זיי ווידער געענטפערט, אַז נישט דאָס איז זייער פאַרלאַנג.

— וואָס זשע זאָלן מיר אייך ווייזן? — האָבן די עלטסטע פון דער שטאָט געפרעגט.

— ווייזט אונדז אייערע לערער — האָבן געענט־פערט די שליחים. אַז מיר וועלן זען אייערע לערער, וועלן מיר וויסן צי די שטאָט איז פאַרזיכערט, אָדער נישט.

אויב אין אַ שטאָט אין דעם אייגענעם לאַנד, וווּ יידן האָבן געלעבט צווישן יידן, מיט אַן אייגענער פּאָליציי און אייגענע היטערס, איז די זיכערקייט פון יידן געווען אָפּהענגיק פון די לערער זייערע, היינט ווי איז שוין אין די שטעט אין דער גולה, וווּ מיר האָבן נישט קיין אַרמיי און נישט קיין פּאָ־ליציי און וווּ יידן לעבן אויסגעמישט מיט פאַרשיי־דענע פעלקער?

ווי דאַרף שוין אויסזען דער לערער אין אונ־דזערע שטעט, וווּ דער יסוד פון יידישן לעבן איז אָנגעשפּאַרט בעיקר און אָפטמאָל אין גאַנצן — אויף דעם יידישן לערער?

עס איז דעריבער גוט, וואָס אַ דאַנק דעם קאָנ־גרעס פאַר יידישן חינוך האָבן מיר היינט אַ מע־גלעכקייט צו רעדן וועגן יידישן לערער און וועגן זיין שליחות אין יידישן לעבן.

זיכער איז עס נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר רעדן וועגן דער שליחות פון יידישן לערער. אָבער ביז איצט האָט יעדער איינער גערעדט באַ־זונדער, אין זיין קרייז און אין זיין מסיבה. היינט רעדן מיר צוזאַמען. היינט ווערט דאָס פּראָבלעם, דוכט זיך, צום ערשטן מאָל געשטעלט אין צענטער פון אַ יידישער וועלט־טריבונע און טאַקע אונטערן פּראָזשעקטאָר פון אונדזער דערפאַרונג אין דער גאָ־רער וועלט, וועט אפשר ווערן אי בולטער און אי פאַרשטענדלעכער די שליחות פון לערער, זיין ראָל און זיין פליכט אין דער איצטיקער צייט, און גלייכ־צייטיק אויך — די ראָל און די פליכט פון דער יידישער געזעלשאַפט לגבי אים — דעם יידישן לערער.

פאַרשטייט זיך, אַז מע קען נישט זען דעם לערער אָן צו זען די שול, ווי מע קען נישט זען דעם שריי־בער אויסער דער ליטעראַטור, דעם קינסטלער אוי־סער זיין ווערק.

די שול איז דעם לערערס שאַפונגס־ספערע; אין איר קומט ער צום אויסדרוק און דורך איר — דורך דער שול — קען מען אורטיילן דעם לערער און זיין אַרבעט.

דער יידישער לערער פאַרנעמט אַ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן פּלאַץ אין לעבן פון יידישן פאָלק. אמת איז, אַז אין פאַרגלייך מיט זיין ראָל האָט מען וועגן אים ווייניק גערעדט און ווייניק געשריבן. אָבער אַפילו ווען ער איז געבליבן אין שאָטן ביי די שריי־בער פון דער געשיכטע, קוקט אָבער אַרויס זיין ווערק מיט אַ גוואַלדיק בולטער ליכט.

ווי וואָלט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן אָן דעם יידישן לערער?

אַוודאי קען מען די זעלבע פראַגע שטעלן אויך לגבי די לערער פון אַלע אַנדערע אומות:

ווי וואָלט אויסגעזען די וועלט אָן די לערער?

פאַראַן אָבער עפּעס וואָס גיט צו דעם יידישן לע־רער אַ באַזונדערע חשיבות וואָס עס האָט די יידישע גייסטיקייט בכלל.

קיין שום פאָלק האָט נישט געלעבט און לעבט נישט אין אַזעלכע באַדינגונגען ווי מיר אין די פאַרשיידענע תפוצות. ביי קיין שום פאָלק האָט דע־ריבער די קולטור, די רעליגיע, די ליטעראַטור, די שול, דער לערער נישט פאַרנומען אַזאַ פּלאַץ ווי ביי אונדז.

ביי אונדז האָט דאָס גייסטיקע לעבן געמוזט אויספילן אַ סך בלויזן. וואָס מיר האָבן נישט פאַר־מאָגט אין די מלוכהשע, פּאָליטישע און מאַטעריע־

*) רעפעראַט — געלייענט אויפן אַלוועלטלעכן יידישן חינוך־קאָנגרעס אין ירושלים.

לע ווערטן, האָבן מיר געזוכט אין דעם גייסטיקן לעבן. אַנדערש וואָלטן מיר דעם גלות נישט אויסגעהאַלטן.

און נישט בלויז אין גלות, נייערט אויך אין דער תקופה פון דער מלוכה אַמאָל און אין דער אויפגעריכטער מדינה היינט מוז דאָס גייסטיקע לעבן פון פאָלק שטיין אויף אַ פיל העכערער מדרגה פון דעם דורכשניטלעכן ניוואָ פון די אַרומיקע פעלקער.

אַנדערש וואָלט נישט מעגלעך געווען אַמאָל — און דאָס זעלבע אויך היינט — אויפצוהאַלטן אונדזער אייגנאַרטיקייט און די אַנדערשקייט פון פאָלק אַפילו אין דעם אייגענעם לאַנד. אָן אַ העכערן קולטור־ניוואָ איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז אַפילו אין מדינת ישראל זאָל די לעוואַנטינישע קולטור פאַרשווענקען אונדזערע אייגענע ווערטן. די מדינה ווייסט עס. און דעריבער איז פאַרשטענדלעך דער גערעאַנגל צו שטאַרקן די גייסטיקע, די קולטורעלע און וויסנשאַפטלעכע פּאָזיציעס פון ישראל. זי ווייסט, אַז פון די לעצטע איז אָפּהענגיק איר זיכערקייט און קיום, נישט ווייניקער ווי פון אירע פּאָליטישע און מיליטערישע פּאָזיציעס.

דאָס ווייסן היינט אַלע קולטור־פעלקער. און דעריבער גייט אָן אין דער וועלט אַ גרויסער גערעאַנגל. נישט בלויז אויפן שטח פון דער פּאָליטיק און אין דער באַוואָפענונג, נאָר אויך אין דער וויסנשאַפט און גלייכצייטיק — אויך אויפן שטח פון בילדונג און דערציִונג.

אויב אין דער מדינה און ביי אַלע קולטור־פעלקער, וואָס לעבן אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, פאַרנעמט די זאָרג און דער גערעאַנגל פאַרן אייגענעם גייסט, פאַר דער אייגענער קולטור און דערציִונג, אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ, דאַן וואָס פאַר אַ פּלאַץ דאַרף שוין אָט דאָס אַלץ פאַרנעמען אין די פאַרשיידענע תפוצות ווו ייִדן לעבן, באַזונדערס אין דער איצטיקער צייט?

נאָך קיין מאָל — דוכט זיך — איז די אַחריות פון דער ייִדישער דערציִונג — און במילא פון ייִדישן לערער — נישט געווען אַזאַ גרויסע ווי היינט.

ווי צעשפּרייט איבער דער וועלט מיר זענען געווען אין די פריִערדיקע צייטן, זענען מיר אָבער גלייכצייטיק געווען אויך איזאָלירט פון דרויסן און פאַראייניקטע צווישן זיך.

אונדזער לעבן איז גייסטיק און קולטורעל, אין אַ געוויסער מאָס, געווען איינהייטלעך. די סביבה, די היים, די שול האָבן געבילדעט אַ האַרמאָנישע איינהייט. דאָס אַלץ האָט באַגינסטיקט דעם חדר, די שול, דעם לערער.

היינט איז אַנדערש אין דער גאָרער וועלט ווו ייִדן וווינען.

די השפּעה פון דער לאַנד־קולטור און פון דער לאַנד־שפּראַך אויפן ייִדישן לעבן, איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי גרויס און פאַרצערנדיק ווי היינט. און מיט זיי צוזאַמען גייט די אַסימילאַציע, אַ געפּאַרטע מיט דער שוידערלעכסטער עם־הארצות, וואָס האָט נישט קיין ביישפּילן אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע.

וועגן דער אַסימילאַציע רעדט מען אַפילו גאַנץ אָפט. אָבער דאָך, גלייב איך, האָט מען נאָך אַלץ נישט דערשאַצט וואָס פאַר אַ שוידערלעכן חורבן זי מאַכט אָן אינעם ייִדישן לעבן. זי האָט צעשטערט, נישט בלויז די גאַנצקייט און האַרמאָנישקייט פון דער סביבה, נאָר אויך די גאַנצקייט פון דער ייִדישער היים. די היים איז אַ צעריסענע, אַ צעשפּליטערטע. נישטאָ קיין גייסטיקע און קולטורעלע אייניקייט צווישן עלטערן און קינדער. אָפטמאָל הערשט ממש אַ תהום צווישן דור און דור; צווישן טאַטן און זון.

בלייבט די ייִדישע שול און מיט איר דער לערער, אין די מערסטע פאַלן — אַליין. אַליין אינעם גערעאַנגל מיט אַ פרעמדער וועלט, מיט גרויסע און מעכטיקע קולטור־השפּעות, און אַליין אין דער פאַראַנטוואָרטלעכער אויפגאַבע, נישט בלויז צו איבערפלאַנצן אינעם תלמיד אַ סכום וויסן, נאָר אויסצופאָרמירן אין אים דעם ווילן און באַגער צו אַ ווירדיק ייִדיש לעבן.

דאָס איז אַ גוואַלדיק שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, וואָס האָט נישט קיין ביישפּילן ביי די אומות העולם און כמעט אויך נישט אין אונדזער אַלטער און לאַנגער ייִדישער געשיכטע.

קילפּאַטריק — דער נאָרד־אַמעריקאַנער פּעדאַגאָג און דענקער — האָט אַמאָל באַצייכנט דעם לערער ווי די „מיטלסטע זייל“. אונדזער לערער — גלייב איך — איז פיל מער דערפון. ער איז נישט בלויז אַ זייל, נאָר דער יסוד. ער איז די אַקס און די נשמה פון דער שול. יעדנפאַלס דאַרף ער אַזוי זיין, כדי ער זאָל קענען דערפילן די אייגנאַרטיקע אויפגאַבע, וואָס עס ליגט אויף אַ ייִדישן לערער אין די היינטיקע באַדינגונגען אין דער גאָרער ייִדישער וועלט.

עס איז נישט נאַטירלעך, אַז דער לערער זאָל פאַרנעמען די ראָל פון טאַטע־מאַמע און פונקט אַזוי דאַרף די שול נישט פאַרנעמען די ראָל פון דער היים. אָבער אין אונדזערע באַדינגונגען דאַרף סיי די שול און סיי דער לערער דערפילן אויך עפּעס פון ביידן, אויב מיר ווילן איינפלאַנצן אין די קינדער אַזאַ ייִדישקייט, וואָס זיי טרעפן נישט ערגעץ אַנדערש, חוץ אין דער שול.

אונדזער שול דאַרף דעריבער זיין עפּעס אַנדערש ווי די אָנגענומענע דורכשניטלעכע שולן ביי די אַנ־

מות העולם און אויך דער לערער אונדזערער דאַרף זיין אַנדערש ווי אַ לערער סתם.

אין אונדזער פֿאַל דאַרף דער לערער אָפּטמאָל זיין אַ גאַנצער אַרקעסטער...

וואָלט זיך עס געהאַנדלט בלויז אין לערנען, אין איבערגעבן די קינדער אַ סכום ידיעות, וואָלט נאָך דאָס פּראָבלעם נישט געווען אַזוי שווער.

אויך לערנען וואָס עס זאָל נישט זיין: לייענען און שרייבן און באַזונדערס רעדן, צי תנ״ך; ליטעראַטור, צי געשיכטע — איז נישט אַזוי פּשוט. לערנען דאַרף מען קענען. דערצו מוז מען האָבן אי וויסן אי טאַלאַנט.

נאָך שווערער איז צו לערנען זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין פּראַקטישן, קיין אוטיליטאַרן צוועק, ווי ס'איז דער פֿאַל מיט אַלץ וואָס די קינדער לערנען אין דער ייִדישער שול.

אָבער דער ייִדישער לערער האָט אַ פֿיל קאָמפּליצירטערע אויפֿגאַבע ווי בלויז צו לערנען אַ סכום ידיעות. ער דאַרף לערנען נישט בלויז ייִדיש וויסן, נאָר דעם וויסן ווי אַזוי ייִדיש צו לעבן.

און לערנען לעבן איז מער פֿון אַלץ. דאָס אַליין איז די גרעסטע חכמה און די גרעסטע קונסט פֿון לערערײַ.

אין אונדזער פֿאַל מוז דעריבער דער טראָפּ געשטעלט ווערן אויף דער דערציִונג. נאַטירלעך מוז מען זאָגן, אַז דער תלמיד זאָל באַקומען וואָס מער וויסן; אַז ער זאָל קענען עברית, וואָס איז אַ שליסל צו אונדזערע גייסטיקע אוצרות און אַ בריק צו ישראל. קיינער, גלייב איך, טראַכט היינט אַפֿילו ניט, אַז ס'איז בכלל מעגלעך ייִדישע בילדונג אָן העברעיִש. און זאָל קענען ייִדיש — די שפּראַך פֿון דער וווּנדערלעכער פֿאָלקס־קולטור, וואָס האָט אַריינגעשריבן גאָלדענע בלעטער אין דעם גייסטיקן שאַפֿן פֿון אונדזער פֿאָלק; אַז ער זאָל קענען דעם תנ״ך און אונדזער געשיכטע און אונדזער ליטעראַטור — די אַלטע און די נייע, און דער עיקר — ער זאָל באַקומען די פֿעיִקייטן צו קענען לערנען אויך אַליין, אויך אויסער דער שול און נאָך דער שול.

אָבער דאָס אַלץ איז אָפּהענגיק פֿון דער דערציִונג, מחמת אין אונדזער פֿאַל, ווו דאָס גאַנצע לערנען איז — אַזוי צו זאָגן — אַ לערנען לשמה, גיט בלויז די דערציִונג אַ זין דאָס לערנען. און חוץ דעם, האָט זי נאָך אַ פֿונקציע, אפשר די סאַמע וויכטיקסטע:

זי פֿירט אַריין דאָס קינד אין דעם אַקטיוון ייִדישן לעבן.

מעגלעך, אַז די דעלעגאַטן פֿון ישראל וועלן עס נישט פֿאַרשטיין גענוג. אָבער אַלע וואָס קומען פֿון חוץ לארץ, סיי לערער און סיי עסקנים, ווייסן וואָס ביי אונדז מיינט ייִדישע דערציִונג.

נעמט, אַ שטייגער, אַזאַ עלעמענטאַרע זאַך ווי שבת.

ווו זעט דאָס קינד שבת, און ווו קען ער פּילן דעם שבת, אויב נישט אין דער שול?

דאָס זעלבע איז שבועות און סוכות און חנוכה און אַזוי ווייטער און ווייטער. און נישט בלויז די ימים טובים זענען אים פֿרעמד. אפשר איז דאָס נאָך דאָס סאַמע נאָענטסטע.

דאָס גאַנצע לעבן איז אים פֿרעמד. און דאָס ביסל ייִדישקייט וואָס ער קען און זעט פֿון צייט צו צייט איז זייער אָרעם און מאָגער. נישט שטענדיק איז דאָס דאָס סאַמע שענסטע און בעסטע וואָס די ייִדישקייט פֿאַרמאָגט. און נאָך ערגער איז, וואָס זייער אָפּט טרעפֿט ער זיך אויף דער גוואַלדיקער סתירה צווישן וואָרט און טאַט; צווישן דער ייִדישקייט וואָס ווערט געפּרעדיקט און דער ייִדישקייט וואָס ווערט פּראַקטיצירט.

אַמאָל איז די ייִדישקייט — אין דער אָדער אין יענער פֿאָרעם — געקומען פֿון דער היים, פֿון דער סביבה און האָט אָנגעפּילט די שול.

עס איז געווען אַ באַשטימטע קולטורעלע האַרמאָניע צווישן זיי אַלע.

היינט איז נישט אַזוי. היינט איז די שול איינזאַם און די דיסאָנאַנץ מיט דער היים און מיט דער סביבה ווערט אַלע מאָל גרעסער.

כדי כאָטש טיילווייז צו פֿאַרשיטן דעם תהום דאַרף די שול איבערפּלאַנצן ייִדישקייט אויך אין די היימען.

אַנדערש וועט אויך די ייִדישקייט פֿון די קינדער נישט האָבן קיין ממשותדיקן און דויערנדיקן ווערט.

די אַרבעט איז אַ שווערע און אפשר נישט קיין נאָרמאַלע, לויט די אָנגענומענע באַגריפֿן פֿון דער עקסיסטירנדיקער שול ביי די אומות העולם. אָבער מיר האָבן נישט קיין ברירה. דאָס איז דער גורל פֿון דער היינטצייטיקער ייִדישער שול.

אין ישראל — פֿאַרשטייט זיך — איז דאָס אַלץ נישט נייטיק, אין ישראל איז אַלץ ייִדיש.

נישט בלויז די היים און די סביבה, נאָר אויך די נאַטור, דאָס פֿעלד, די ווירטשאַפֿט, די אַרבעט.

וואָס נישט?

דער פֿויגל אויפֿן בוים זינגט אין עברית.

אַזוי הערט אים דאָס קינד. עס איז זיין שפּראַך, זיין אייגענער ניגון.

אָבער אין גלות זענען די פֿייגל נישט קיין ייִדישע...

די נאַטור, די סביבה, די אַרבעט, דאָס גאַנצע טאָגטעגלעכע לעבן האָט מיט ייִדישקייט קיין שייכות נישט. און וואָס עס פֿעלט אונדז אין לעבן, זוכן מיר אין דער ליטעראַטור.



פאַרלאַמענטאַריער־דעלעגאַציע פון דער כנסת אויף אַ באַזוך אין דער שלום עליכם־שול
אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע באַגריסט ד"ר ניר



אַ תלמיד באַגריסט דעם ישראל־מיניסטער, לוי אשכול

— ווי האָט געטאָן טביה, ווען ער האָט נישט געהאַט פאַר זיין פערד קיין היי צו עסן?

— ער האָט אים געוויזן אַ „ה" אין סידור.

אויך מיר ווייזן די קינדער די ייִדישקייט אין סי־דור, אָדער אין בוך. און ווי גרויס און ווערטפול עס זאָל נישט זיין אונדזער ליטעראַטור, די אַלטע און די נייע, די רעליגיעזע און די וועלטלעכע, קען זי אָבער דאָס גאַנצע נאַטירלעכע לעבן נישט פאַר־בייטן.

דאָס איז איינע פון די גרויסע פּראָבלעמען מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך דער ייִדישער לערער; וועגן לערער וואָס ווייסט, אַז לערעריי איז נישט קיין מלאכה בלויז אויסצולערנען (לייענען און שרייבן און רעדן, אָדער אַפילו אַ ביסל תנ"ך, צי געשיכטע).

דאָס רעד איך וועגן דעם לערער וואָס פאַרשטייט, אַז אין זיינע הענט איז אָנגעטרויט דאָס שענסטע און טייערסטע וואָס מיר פאַרמאָגן — דאָס קינד; דער לערער וואָס זעט דעם תלמיד און ווייסט, אַז זיין אויפגאַבע איז אים צוצוגרייטן נישט בלויז צום לערנען, נאָר צום לעבן.

אָט דער לערער — אַ געוויסנהאַפטער און פאַר־אַנטוואָרטלעכער פאַר זיין באַרוף — וואָס זעט פאַר זיך אָט די איידעלע און הייליקע פונקציע, שטייט נישט איין מאָל פאַר דער זייער שווערער און קאָמפּ־ליצירטער פראַגע:

ווי אַזוי זאָלן מיר עס דערגרייכן?

ווי אַזוי זאָלן מיר אַריינוועבן אינעם מוח און אין דער נשמה פונעם קינד אָט די איידעלע געוועבן פון דער דערציִונג אין אַ וועלט וואָס איז פול מיט סתירות בנוגע דער דערציִונג וואָס מיר ווילן אים געבן?

אמת: די דערציִונג אין אַלגעמיין לעבט איבער אַ שווערן קריזיס. ער איז אַ פועל־יוצא — דער קרי־זיס — דערפון, וואָס דווקא די וויכטיקסטע ווערטן פון דער מענטשלעכער דערציִונג — דער אמת, דער צוטרוי, די מאָראַל, די מענטשלעכע ווירדע — ווערן געטראָטן מיט די פיס. עס איז אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה, פון פאַשיזם, פון דער דיקטאַטור אין אַלע אירע פאָרמען, וואָס האָט דערדריקט און צעפּליע־טשעט דעם מענטשלעכן גייסט.

דער קריזיס איז אַן אַלגעמיינער. מיר פילן אים היינט אויף טריט און שריט, אויך אין דער ליטעראַ־טור, אין דער קונסט, אין דער פּאָליטיק און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דאָס מאַכט אונדז אָבער נישט לייכטער, נאָר פאַר־קערט. מחמת פונעם אַלגעמיינעם קריזיס ליידן מיר אויך, און צו דעם קומען נאָך צו אונדזערע ספּעצי־פישע פּראָבלעמען פון דעם היינטיקן גלות — אין אַלע זיינע פאָרמען און וואַריאַציעס, וואָס מאַכן נאָך שווערער און קאָמפּליצירטער די אויפגאַבע פון דעם ייִדישן לערער.

פאַר אונדזערע אויגן שטייט דעריבער כסדר די פראַגע:

וואָס איז דער ציל פון דער ייִדישער דערציִונג אין דער היינטיקער צייט און ווי אַזוי קענען מיר דעם ציל דערגרייכן?

דערויף מוז, קודם־כל, געזאָגט ווערן, אַז די דער־ציִונג איז נישט קיין אַבסטראַקטער באַגריף. כדי די דערציִערישע אַרבעט זאָל מצליח זיין, דאַרף זי אָנגעלאָדן ווערן מיט קאָנקרעטע לעבנס־פאָרמען; מיט אַ קלאָרן אינהאַלט פאַר אַלע טאָג־טעגלעכע מע־שים און מיט אַן אידעאַל, וואָס זאָל אָנרעגן, סטימו־לירן און דערהייבן דעם מענטשן.

אָן אַן אידעאַל, אָן אַ ציל, אָן אַ גלויבן איז קיין ערנסטע, פּאָזיטיווע דערציִונג נישט מעגלעך.

יעדע תקופה אין דער מענטשלעכער געשיכטע האָט געהאַט איר דערציִונגס־פילאָסאָפיע, אַ געטרייע די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט און געטריי צו די אידעאַלן וועלכע זי האָט פאַרפאָלגט.

— וועלכע דאַרף זיין אונדזער דערציִונגס־פילאָ־סאָפיע?

— מיר לעבן היינט אין דער תקופה פון נאַציאָ־נאַלן רענעסאַנס; אין דער תקופה אין וועלכער עס ווערט פאַרווירקלעכט דער גרעסטער טרוים און די העכסטע האָפענונגען פון ייִדישן פאָלק.

דאָס איז דאָס סאַמע עיקרדיקסטע און פּאָזיטיוו־סטע פון אונדזער תקופה. נאָך מער: דאָס איז דאָס סאַמע פּאָזיטיווסטע אין דער גאַנצער געשיכטע זינט דעם גלות. דאָס איז די נייע ווירקלעכקייט, מיט וועלכער עס לעבן נישט בלויז די ייִדן אין ישראל, נאָר ממש דאָס גאַנצע פאָלק, איינשליסלעך אויך די ייִדן וואָס געפינען זיך אויסער די גרענעצן פון דער ייִדישער מדינה.

דער גאולה־אידעאַל איז אין אַלע צייטן פון דער ייִדישער געשיכטע געווען דער לייט־מאָטיוו פון ייִדיש־שעפערישן געדאַנק און במילא — אויך פון דער ייִדישער דערציִונג.

מיט דעם אידעאַל זענען דורכגעדרונגען די וויכ־טיקסטע ווערטן וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן.

אַמאָל איז עס געווען בלויז אַ חלום, אַ וויזיע, אַ שטרעבונג.

היינט אָבער איז עס אַ ווירקלעכקייט, אַזאַ ווירק־לעכקייט, וואָס האָט אַלע אייגנשאַפטן צו פאַרוואַנ־דלען זיך אין דעם סאַמע פּאָזיטיווסטן פאַקטאָר פאַר דער ייִדישער דערציִונג.

דאָס איז פּאָזיטיוו און וויכטיק, נישט בלויז צוליב ישראל, מחמת ישראל דאַרף ייִדן און וויל האָבן וואָס מער ייִדן אין איר שויס.

דאָס איז וויכטיק פאַר די קינדער, פאַר דער יוגנט,

וואָס דאַרפן ישראל נישט ווינציקער ווי ישראל דאַרף זיי.

קיין אַנדער אידעאַל און קיין אַנדער אינהאַלט מיט וואָס אָנצופילן די ייִדישע דערציִונג איז היינט נישטאָ.

אָן דעם אידעאַל איז די דערציִונג ציל־לאָז און איז געגליכן — וואָלט איך געזאָגט — צו אַ שיף וואָס שווימט אין אַ צעשטורעמטן ים, אָן אַ ברעקל ליכט פאַר זיך.

וואָס אַזוינס קענען מיר היינט געבן אונדזערע קינדער אויף צו קעגנווירקן די השפעות פון דער נישט־ייִדישער וועלט?

אַוודאי: קודם־כל — ייִדישע קולטור אין עברית און אין ייִדיש; ייִדישע געשיכטע; אונדזערע גײַסטיקע אוצרות — אָנגעזאַמלטע אין אַלע צייטן פון אונדזער געשיכטע; אונדזערע טראַדיציעס און מנהגים. דאָס אַלץ זענען קאָלאָסאַלע פאַקטאָרן. אָן דעם קען מען בכלל קיין ייִד נישט זיין.

אַמאָל האָט אויך אַן עם־הארץ געקענט זיין אַ גוטער ייִד. היינט אָבער איז אַנדערש. קיין ייִדישע עמי־הארצים — וואָס שייך דער אַלגעמיינער קולטור — זענען נישטאָ. פאַראַן אָבער עמי־הארצים אין ייִדישקייט, וואָס זענען פרעמד צום ייִדישן לעבן און ייִדישן שאַפן. די זענען די ערשטע צו ווערן פאַרשוואונקט פון די פרעמדע וואַסערן. בלייבן ביים ייִדישן לעבן וועט דעריבער נאָר דער ייִדישער קולטור־מענטש, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט די גײַסטיקע ווערטן פון אונדזער פאָלק.

אָבער די השפעות פון דער אַרומיקער וועלט זענען נישט בלויז קיין קולטורעלע. זיי זענען אויך פסיכאָלאָגישע, וואָס ווירקן זיך אויס — אין גרעסטן טייל — נעגאַטיוו אויף דער פסיכיק פון אונדזער יוגנט.

אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט ליידט פון אַ מין קאָמפּלעקס פון מינדערוויכטיקייט לגבי דעם נישט־ייִדישן שכן. די סיבות דערפון ווייסן מיר און מיר ווייסן אויך ווי דאָס ווירקט אויף דער פסיכיק און מענטאַליטעט פון אַזעלכע יוגנטלעכע.

דערביי טאָרן מיר נישט פאַרגעסן, אַז מיר לעבן היינט אין אַ צייט אין וועלכער דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פאַרנעמט דעם אויבנאָן ביי אַלע פעלקער, נישט בלויז אין דער פּאָליטיק, נאָר אויך אין דער קולטור און אין דער דערציִונג פון דער יוגנט.

אין אָט דער אַטמאָספער פון נאַציאָנאַליזם, וואָס ווערט אומעטום אונטערגעשטראָכן אויף טריט און שריט, ווערט דאָס פּראָבלעם נאָך שאַרפער.

עס מוז נישט דערגרייכן אַזוי ווייט אַז ייִדן זאָלן צוליב דעם אינגאַנצן אַנטלויפן פון ייִדישקייט. מע קען אַפילו בלייבן ייִדן, אָבער ייִדן מיט אַ פעלער, ייִדן מיט קאָמפּלעקסן צוליב זייער ייִדישקייט און מיט אַ באַשטימטער פּרעדיספּאָזיציע צו וועלן אַנטלויפן פון זיך אַליין, וואָס באַגינסטיקט — נאַטירלעך — דער אַסימילאַציע, הגם עס לייזט קיין מאָל נישט דאָס פּראָבלעם ווי אַזעלכן.

קעגנווירקן דעם קאָמפּלעקס — ווי כ׳וואָלט געזאָגט — פון נאַציאָנאַלער מינדערוויכטיקייט קענען מיר היינט נאָר מיט ישראל.

אַ דאַנק ישראל פילט זיך אונדזער יוגנט — ווו זי זאָל נישט זיין — נאַציאָנאַל נישט פאַריתומט.

דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער באַציִונג און אויך ליבשאַפט צום לאַנד ווו מען לעבט. עס איז נישט קיין סתירה, מחמת עס רעדט זיך וועגן לאַנד פון ייִדישן פאָלק.

אין ישראל — און אַ דאַנק ישראל — דערקענט אַמבעסטן די יוגנט דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון פאָלק. זי זעט אַזעלכע אייגנשאַפטן פון ייִדישער שאַפונג, פון ייִדישער גבורה, פון ייִדישע דערגרייכונגען, וואָס זי זעט נישט ערגעץ אַנדערש. און וואָס העכער און חשובער עס וואַקסט אויס ישראל — דאָס לאַנד און דאָס פאָלק — אין די אויגן פון יוגנטלעכן — אַלץ העכער וואַקסט אין זיינע אויגן זיין אייגענע חשיבות און צוזאַמען דערמיט — זיין גלויבן און צוטרוי צו זיך אַליין

איך זאָג עס איצט נישט צוליב דער גינסטיקייט פאַרן ציוניזם און פאַר מדינת ישראל. דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך.

איך טראַכט איצט וועגן קינד; וועגן זיינע פּראָבלעמען, וועגן זיינע אינערלעכע ראַנגלענישן, וואָס נעמען אָפטמאָל אָן אַ גאָר ערנסטן כאַראַקטער, באַזונדערס צוליב די אָפטע אַנטיסעמיטישן אָנגריפן און אומדערוואַרטעטע (פאַרן קינד) צוזאַמענשטויסן מיט דער נישט־ייִדישער וועלט.

וואָס קענען מיר אים געבן, כדי צו שאַפן ביי אים דעם נייטיקן פסיכישן גלייכגעוויכט און צו פאַרהאַרטעווען אים אַנטקעגן די אַלע געפאַרן, אויב נישט ישראל?

געוויס טאָר מען נישט פאַרזען — ווי כ׳האָב שוין פריִער געזאָגט — אויך אַלע אַנדערע עלעמענטן, וואָס קענען שטאַרקן דעם ייִדישן גייסט און דעם גלויבן אין ייִדישן מענטש. זיי זענען פאַראַן, אָט די עלעמענטן, אין אונדזער געשיכטע פון אַלע צייטן — איינשליסלעך דעם גלות; זיי זענען פאַראַן אין אונדזער ליטעראַטור; זיי זענען פאַראַן ביי די מכביער פון אַמאָל און ביי די געטאָ־קעמפערס פון היינט. אָבער ישראל איז דער קלימאַקס פון נאַציאָנאַלער שאַפונג וואָס איז כולל אַלע ווערטן. ישראל האָט דעריבער דעם כוח צו שאַפן אָט דעם פסיכישן גלייכגעוויכט, אין וועלכן ס׳נייטיקן זיך אונדזערע קינדער.

ווי לערערס, ווי דערציִערס, דאַרפן מיר דעריבער

אָנהייבן צו זען ישׂראל מיט גאָר אַנדערע אויגן ווי ביז איצט.

נישט דווקא מיט די אויגן פון דער מדינה, נאָר מיט די אויגן פונעם קינד, וואָס דאַרף ישׂראל צוליב זיך אַליין, כדי נישט צוזאַמענצוברעכן גייסטיק און פּסיכיש.

פּונקט ווי נאָכן היטלער־חורבן האָט די מדינה געראַטעוועט מאָראַליש אונדזער פֿאָלק אין דער גאַנ־צער וועלט, אַזוי קען זי אויך איצט מאָראַליש שטאַרקן אונדזער יוגנט, ווו זי זאָל נישט זיין.

איך רעד נישט וועגן אַן איינהייטלעכן לערן־פּראָגראַם פֿאַר אַלע ייִדישע שולן אין דער וועלט, ווייל איך גלייב נישט אַז אַזאַ זאַך איז מעגלעך. אונדזער ייִדישע שול איז נישט איינהייטלעך און דעריבער קען אויך קיין אַבסאָלוט איינהייטלעכע לערן־פּראָגראַם נישט זיין.

יעדע פּראָגראַם מוז זיך רעכענען מיט די סאָציאַלע און קולטורעלע באַדינגונגען פון דער סביבה און אויך מיט די געגעבענע אינטערעסן פון דעם אָדער יענעם ישוב. פּונקט אַזוי מוז זי זיך אויך רעכענען מיט די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט און מיט די אינטערעסן פונעם קינד וואָס ווערט דערצויגן.

עס איז אַנדערש די ווירקלעכקייט אין ענגלאַנד און אַנדערש אין אַרגענטינע. עס איז אַן אַנדערע ייִדישע ווירקלעכקייט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע און אַן אַנדערע אין מאַראָקאָ, אָדער אין אַלזשיר. מוז, נאַטירלעך, די אַנדערשקייט קומען צום אויסדרוק אויך אין די לערן־ און דער־ציִונגס־פּראָגראַמען. און נישט בלויז אין די פֿאַרשיי־דענע לענדער, נאָר אויך אינערהאַלב יעדן ישוב באַזונדער איז פֿאַראַן פּלאַץ פֿאַר פֿאַרשיידענע פּראָ־גראַמען.

אונדזער שול איז אַ פֿרייוויליקע און אַ פֿרייע שול. דעריבער איז אויך נאַטירלעך און באַרעכטיקט, אַז די פֿאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, שיטות און ריכטונגען, וואָס זענען פֿאַראַן אין אונדזער לעבן, זאָלן אויך קו־מען צום אויסדרוק אין די פֿאַרשיידענע לערן־פּראָ־גראַמען און דערציִונגס־סיסטעמען.

אין אַ גאָר גרויסער מאָס איז עס אַפֿילו אויך געזונט און נוצלעך, מחמת דווקא אין דער פֿילפֿאַר־ביקייט פון אידייען און אין דעם אידייען־געראַנגל באַשטייט די גרויסקייט און שעפֿערישקייט פון אונ־דזער פֿאָלקס־גייסט און פֿאָלקס־קולטור. אַזוי איז עס געווען אין אַלע צייטן פון אונדזער געשיכטע און אַזוי איז עס אויך היינט.

אָט דער פּרינציפּ מוז אָנגעווענדט ווערן נישט בלויז אין דער טעאָריע, נאָר אויך אין דער טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק. אייגנטלעך איז דאָס דער זין און דער יסוד פון דער עכטער דעמאָקראַטיע, וואָס ווייסט, אַז אמתע געמיינזאַמקייט איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען מען אָנערקענט דאָס רעכט פון דער באַזונדערקייט און פֿאַרשיידנקייט, וואָס די באַטרע־פֿנדיקע ריכטונגען און שטרעמונגען שטעלן מיט זיך פֿאָר. אָן דעם פּרינציפּ — גלייב איך — איז בכלל נישט מעגלעך קיין שום פֿאַרשטענדעניש און אַוודאי נישט קיין שום צוזאַמענאַרבעט.

אָבער קלאָר איז, אַז אינערהאַלב אָט דער פֿאַר־שיידנקייט, דאַרף און מוז זיין אַ געמיינזאַמער יסוד און אַ געמיינזאַמער ציל, וואָס זאָל פֿאַראייניקן, ווי אויף אַן איינציקן אַקט, אַלע לערן־פּראָגראַמען און דערציִונג־סיסטעמען. אַנדערש איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר, אַז מיר זאָלן אויסבילדן פֿאַרשיידענע שבטים און נישט קיין איינהייטלעך פֿאָלק.

דער יסוד — דער איינציקער — לויט מיין מיינונג — וואָס קען זיין פֿאַר אָט דער געמיינזאַמער מיני־מום־פּראָגראַם, איז דער גלויבן אין דער איינהייט־לעכקייט פון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק און דער ציל — די נאַציאָנאַלע אויפֿריכטונג פון פֿאָלק אין זיין אייגן לאַנד, אין גייסט פון דער אייביקער לערע פון אונ־דזערע נביאים.

אויף דעם יסוד קענען זיך בויען פֿאַרשיידענע ריכ־טונגען: העברעיִשע און ייִדיש־העברעיִשע; רעליגיע־זע און וועלטלעכע.

אָן דם יסוד — אָן דעם נאַציאָנאַלן אינהאַלט — האָט קיין קיום נישט געהאַט קיין שום באַוועגונג אין ייִדישן לעבן. עס האָט נישט געהאַט קיין קיום די רע־ליגיעזע פֿילאָסאָפֿיע פון די „דויטשן פון מאָזאַיִשן גלויבן", ווי ס'האָט נישט געהאַט קיין האַפֿט די דאָ־זיקע וועלטלעכקייט, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון נאַ־ציאָנאַלן ייִדישן שטאַם און אויסגעליידיקט פון נאַ־ציאָנאַלן טרוים.

אויף די דערציִונג, וועלכע איז נישט געבויט אויף דעם דערמאָנטן יסוד און האָט נישט פֿאַר זיך דעם נאַציאָנאַלן גאולה־אידעאַל, האָט נישט וואָס צו געבן, סיי דעם פֿאָלק און סיי דעם קינד.

אויך אויף דעם געביט האָבן מיר שוין אַ היפּשע דערפֿאַרונג און דאָס מוז דעריבער שטענדיק געדענ־קען יעדער ייִדישער לערער און יעדער דערציִער.

די אויפֿגאַבע פון דער דערציִונג איז נישט צו פֿאַרדעקן און פֿאַרשטעלן די פּראָבלעמען וואָס די צייט ברענגט פֿאַרן מענטש. פון פּראָבלעמען קען מען נישט אַנטלויפֿן און מע טאָר זיי אויך נישט פֿאַר־גלעטן מיט אילוזיעס און איבערפֿלעכלעכער זעלבס־צופֿרידנקייט. פּראָבלעמען דאַרף מען לייזן. און ס'איז די אויפֿגאַבע פון דער דערציִונג צו אָריענטירן די יוגנט, איר ווייזן דעם וועג, ווי צו געפֿינען אַן ענט־פֿער אויף די פּראָבלעמען פון היינטצייטיקן ייִד.

אויך אין דער היינטיקער תּקופֿה איז אין די תּפֿו־צות דאָס פּראָבלעם פון ייִד און מענטש, ייִד און ייִדישקייט קאָמפּליצירט נישט ווייניקער ווי אַמאָל.

אָבער אין ליכט פון דער מדינה ווערט דער ענט־
פער קלאָרער און פאַרשטענדלעכער. און אפשר איז
עס טאַקע דער איינציקער ענטפער.

יעדע דערציִונג שטרעבט צו האָבן פאַר זיך אַ קאָנקרעטע פאָרשטעלונג, אַ וויזיע, אַ בילד, אַ פּראָטאָטיפּ פון אַזעלכע מענטשן, וואָס פאַרקערפּערן איר אידעאַל און די אַלע מידות און ווערטן, וואָס זי וויל זען פאַרקערפּערט אינעם קינד.

אונדזער דערציִונגס־געשיכטע איז רייך מיט אַזעלכע העלדן, וואָס דריקן אויס דעם גייסט, דעם כאַראַקטער און די שטרעבונגען פון אונדזער פאָלק.

אין די מעשיות, אין די לידער, אין די לעגענדעס, אין דער גאַנצער ליטעראַטור, שוועבן אָט די ווונדערלעכע געשטאַלטן פון די מענטשן פון גייסט און פון טאַט.

די אַלטע מוטער חנה און די לעגענדאַרע שרה בת טובים און מיט זיי — אַ גאַלעריי פון זעלטענע פּערסאָנאַזשן, וואָס שליסט איין יהודה המכבי און בר כוכבא און רבי עקיבא און נאָך און נאָך, ביז הירש לעקערט און יוסף טרומפּעלדאָר; און דערנאָך — די ווונדערלעכע העלדן פון געטאָ און ווידערשטאַנד: מרדכי אַנילעוויטש און חנה סענעש, ביז צו די גיבורים פון ישראל, וואָס האָבן מיט זייער אַרבעט, אויסדויער, מסירת נפש און קאַמף געבראַכט צום אויפקום פון דער ייִדישער מדינה.

אין אָט דער גאַלעריי פון פּראָטאָטיפּן, פון מענטשן וועמענס לעבן און טאַט; וועמענס שאַפונגען און פּערזענלעכער בײַשפּיל עס דאַרף אינספּירירן אונדזערע קינדער און דער יוגנט; אין אָט דער ווונדערלעכער גאַלעריי — דאַרף אויך פאַרנעמען אַ גאַר חשובן פּלאַץ דער חלוץ, וואָס קומט אויף אויפן באָדן פון ישראל.

ער פאַרקערפּערט אין זיך — דער חלוץ — די גאַנצע שיינקייט פון דער אידייע פון אונדזער רענעסאַנס. ער פאַרקערפּערט די ליבע צו דער ערד און צו דער אַרבעט; ווירדע און גבורה; באַגער צו נאַציאָנאַלער פרייהייט און סאָציאַלן יושר. און דער עיקר — דאָס אַלץ איז געבויט אויף עטישע פּרינציפּן. און דעריבער פאַרמאָגט ער אַלע אייגנשאַפטן צו ווערן דער פּראָטאָטיפּ פון אָט דעם העלד פון אונדזער דערציִונגס־ראָמאַן.

אין דער היינטיקער וועלט, וואָס זוכט מיט אַ ליכט אַ ביסל מענטשלעכע דערהויבנקייט, ווי ס׳האָט געזוכט די נשמה, די נע־ונדניצע אין פּרצעס „דריי מתנות"; אין אָט דער וועלט קען דער חלוץ — און דער קיבוץ אַלס גאַנצער — דינען ווי אַ ווונדערלעכער בײַשפּיל פאַר אונדזער יוגנט.

אַזעלכע בײַשפּילן, דווקא נאָענטע, ערדישע, מענטשלעכע, זענען פון קאָלאָסאַלער באַדײַטונג.

זיי דערהייבן די מענטשלעכע חשיבות; זיי רופן אַרויס גלויבן און צוטרוי צום מענטש, צום ייִד, און האָבן די פעיקייט צו אינספּירירן דער יוגנט צו וועלן לעבן אַ גאַנץ, אַ שיין און עכט מענטשלעך לעבן.

היינט איז דאָס אויבן געזאָגטע נישט בלויז קיין טעאָריע.

היינט האָבן מיר שוין אַ גרויסע דערפאַרונג ווי די מדינה — דורך פאַרשיידענע מאַניפעסטירונגען אירע — האָט געווירקט אויף דער פּסיכיק און מענטאַליטעט פון אונדזערע קינדער און פון דער יוגנט.

אַמבעסטן זעט מען עס אין מאָמענטן פון אַ קריזיס, וואָס באַווייזט זיך — ליידער — גאַנץ אָפט אין אונדזער ייִדישער וועלט. דאַן זעען מיר אַ נייעם מאָראַלישן כוח, אַ נייעם צוטרוי און גלויבן צו זיך, וואָס איז אויפגעקומען ביי גרויסע טיילן פון אונדזער יוגנט, אַ דאַנק ישראל.

אין דרום־אַמעריקע זענען מיר לעצטנס עדות פון אַזעלכע בײַשפּילן. די מוטיקייט פון אונדזער יוגנט, איר ווירדיקע האַלטונג בעת די לעצטע אַנטיסעמיטישע געשעענישן, איז זיכער אַ רעזולטאַט — אין אַ גרויסער מאָס — פון דער השפּעה פון דער מדינה אויפן ייִדישן לעבן.

אַוודאי שפּילט דאָ אויך אַ וויכטיקע ראָל די דערציִונג וואָס די יוגנט באַקומט און די סביבה אין וועלכער זי לעבט. אָבער אָן דער מדינה וואָלט היינט אַזאַ דערציִונג נישט מעגלעך געווען. מיר וואָלטן נישט געהאַט דעם מאָראַלישן כוח צו באַוואָפענען גייסטיק אונדזער יוגנט.

און עס ווענדט זיך אַ סך אין די לערער, אַז די דאָזיקע השפּעה זאָל זיין אַ נאָך טיפערע, אַז זי זאָל דינען נישט בלויז ווי אַ מאָראַלישער אָנשפּאַר אין שווערע טעג, נאָר זאָל אויך ווערן אַן אָנרעגונג און אַרויסרוף צו אַ גאַנץ און פול ייִדיש לעבן אויך פאַר די וואָס לעבן נישט אין קיין געפאַר פון אַנטיסעמיטישע אָנגריפן און פאַרפאָלגונגען.

***

זענען די לערער צוגעגרייט צו אָט דער דאָזיקער שליחות?

זענען זיי באַרופן דאָס צו טאָן?

האָבן זיי דערצו דעם געהעריקן אינטעלעקטועלן, פּעדאַגאָגישן און מאָראַלישן כוח?

אייגנטלעך איז אָט די פראַגע דער שווער־פּונקט פון אונדזער פּראָבלעם.

נישט בלויז ביי אונדז, נאָר אין דער גאַנצער וועלט, געפינט זיך די לערעריי אינערהאַלב אַן ערנסטן קריזיס.

פאַראַן פאַרשיידענע סיבות. אין דער ערשטער ריי — דער שוין פריִער דערמאָנטער קריזיס, וועלכן ס׳מאַכט דורך דער מענטשלעכער גייסט בכלל, נישט געקוקט אויף די גרויסע און באמת ווונ־

דערלעכע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט און באַזונדערס פון דער טעכנאָלאָגיע.

פאַראַן אויך ספּעציפישע סיבות, מערסטנס סאָציאַלע, וואָס האָבן צו טאָן דירעקט מיט דער לערערישער פּראָפעסיע. פאַראַן עקאָנאָמישע סיבות. אָבער איינע פון די הויפּט־סיבות — לויט מיין מיינונג — איז די סטאַנדאַריזאַציע פון לערערישן פאַך.

איך זאָג פאַך נישט אָן כוונה. מחמת פאַר לערעריי דאַרף מען באַנוצן אַן אַנדער וואָרט: באַרוף. לערעריי איז אַ באַרוף. אָבער מע האָט עס געמאַכט פאַר אַ פאַך, און אין דער וועלט פון דער מאָדערנער טעכניק האָט מען דאָס דאָזיקע פאַך סטאַנדאַריזירט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פאַכן.

און אַזוי ווי דער לערער, אַזוי איז די שול.

אין די מערסטע לענדער איז די שול אַ מין סטאַנדאַריזירטע פאַבריק, וווּ מע אַרבעט לויט באַשטימטע פאַרפיקסירטע פורעמס, וועלכע זענען צוגעפּאַסט צו אַ מין מאַסן־פּראָדוקציע. דער לערער זעט פאַר זיך דעם קלאַס, אָבער נישט גענוג דעם תלמיד, דעם יחיד, מיט אַלע זיינע פּסיכאָלאָגישע, עמאָציאָנעלע און אינטעלעקטועלע גרענעצן.

אפשר קען אַט די סטאַדאַריזאַציע פון דער לערעריי, ווי עס איז, געבן געוויסע רעזולטאַטן ביים אויסלערנען אַ באַשטימטן סכום ידיעות פון אַזאַ אָדער אַנדער קעגנשטאַנד, הגם אויך דאָס לאָזט זיך דיסקוטירן. אָבער וואָס שייך דער דערציִונג, איז די סטאַנדאַריזאַציע דורכויס אַ נעגאַטיווע דערשיינונג. זי איז אין פולער סתירה צו דעם וואָס אמתע, גוט פאַרשטאַנענע דערציִונג דאַרף זיין, מחמת זי זעט נישט דעם עיקר — דעם מענטש. זי האָט נישט פאַר אים קיין צייט און קיין פאַרשטענדעניש.

אַט די סטאַנדאַריזאַציע האָט זיך באַזעצט אויך צווישן אונדזער יידישער לערערשאַפט און אין אונדזערע יידישע שולן.

און אויב דאָס איז שלעכט פאַר אַלעמען, איז עס פאַר אונדז נאָך ערגער.

מיר האָבן שוין פריִער געזאָגט, אַז אין אונדזערע שולן מוז די דערציִערישע פונקציע פאַרנעמען דעם אויבנאָן. איז דערפון אַליין שוין במילא קלאָר, אַז פאַר דער יידישער לערעריי איז עס ממש אַן אומגליק.

מיר דאַרפן אַ נייעם מין לערער.

דאָס איז מסתמא נייטיק אויך ביי די אַנדערע פעלקער. אָבער אין נאָרמאַלע נאַציאָנאַלע באַדינגונגען; אין אַ נאָרמאַלער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער סביבה, קען אויך אַ דורכשניטלעכער לערער געבן געוויסע רעזולטאַטן.

ער איז פאָרט נישט אַליין. פאַר אים אַרבעט אויך די סביבה, אין וועלכער די קינדער לעבן.

ביי אונדז אָבער, וועט קיין דורכשניטלעכע שול און קיין דורכשניטלעכער סטאַנדאַרד־לערער קיין רעזולטאַטן נישט געבן.

כדי מיר זאָלן דערגרייכן אונדזער ציל, מוז דער לערער זיין זייער אַ גוטער לערער. און וועלן זיין גוטע לערער וועלן אויך זיין גוטע שולן.

מיר מוזן צוגרייטן לערער, פאַר וועמען לערעריי זאָל זיין אַ פּועל־יוצא פון זייער באַרוף; לערער מיט טאַלאַנט, מיט וויסן און דער עיקר — מיט לערערישן געוויסן; לערער פאַר וועמען די ליבשאַפט צום קינד זאָל אַרויסדרינגען פון אַ טיפן אומרו פאַרן גורל פון מענטש און אין אונדזער פאַל — פאַרן גורל פונעם ייִד. און — לסוף — לערער וואָס זאָלן פאַרמאָגן דעם מאָראַלישן כוח צו קענען מיט זייער פּערזענלעכן ביישפּיל זיין אַ מוסטער פאַר די קינדער און פאַר דער יוגנט וועלכע זיי דערציִען.

דערצו איז נייטיק אַ רעוויזיע אין אונדזער גאַנצער שול־אַרבעט אָנהייבנדיק פונעם סאַמע יסוד, פון גן־ילדים און פון דער אָנפאַנג־שול, ביז צו די העכערע און העכסטע אַנשטאַלטן — די מיטלשול און לערער־סעמינאַרן, וווּ ס'ווערט אויסגעבילדעט דער יידישער לערער.

אויב מיר וועלן דאָס דערגרייכן, וועלן מיר האָבן דערגרייכט זייער אַ סך, און אפשר טאַקע דעם סאַמע עיקר.

מיר האָבן צום גליק ביישפּילן — אפשר נישט צופיל — וואָס באַשטעטיקן, אַז דאָס אויבן געזאָגטע קען זיין, נישט בלויז אַ שיינער ווונטש נאָר אויך אַ גרויסע און שיינע ווירקלעכקייט.

מיר האָבן פונדעסטוועגן אין פאַרשיידענע לענדער לערער און שולן, וואָס קענען דינען ווי אַ מוסטער אויפן דאָזיקן געביט. און אויב טייל האָבן דערגרייכט וויכטיקע רעזולטאַטן, איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אויך אַנדערע זאָלן עס קענען דערגרייכן.

**

אין דרום־אַמעריקע, באַזונדערס אין אַרגענטינע, האָבן מיר אַ דערפאַרונג פון העכער 70 יאָר יידישע שול־אַרבעט. צו דעם קאָנגרעס קומען מיר דעריבער נישט בלויז מיט דער טעאָריע וועגן דעם וואָס חינוך דאַרף זיין, נאָר אויך מיט אַלע אונדזערע דערפאַרונגען און נסיונות אויפן דאָזיקן געביט.

מיר האָבן אַ סך פּראָבלעמען, אַ סך שוועריקייטן, אַ סך, זייער אַ סך בלויזן.

מיר האָבן אָבער אויך אַ סך באַדייטנדיקע דערגרייכונגען און פּאָזיטיווע ווערטן, וואָס רופן, נישט זעלטן, די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער וועלט און אַפילו אויך פון דער נישט־יידישער.

איך מיין, אַז אַ מאָל איז כדאַי אַריינצוקוקן אין אַט דער באַלעבאַטישקייט אונדזערער און זען און

פאַרשטיין די סיבות סיי פון די דורכפאַלן און סיי פון די דערגרייכונגען.

וועגן די ערשטע — וועגן די שוועריקייטן און מניעות, וואָס שטייען אין וועג פון דער יידישער דערציִונג — האָב איך פריִער גערעדט. וואָס שייך די צווייטע — די דערגרייכונגען — איז אפשר כדאַי אָנצוצייכענען כאָטש אייניקע מאָמענטן, וואָס האָבן דערמעגלעכט, אַז טראָץ אַלע שוועריקייטן און שטרויכלונגען זאָלן מיר דאָך קומען מיט אַ פּאָזיטיוון באַלאַנס.

קודם־כל — מיין איך — האָבן מיר דאָס אַלץ צו פאַרדאַנקען דעם אינהאַלט און כאַראַקטער פון אונדזערע שולן.

אונדזערע מערסטע און בעסטע לערן־אַנשטאַלטן זענען באַזירט אויפן פּרינציפּ פון דער דערציִונג, וועגן וואָס כ'האָב פריִער גערעדט.

די קינדער טרעפן אין די שולן אַזאַ מין שיינקייט פון יידישן לעבן און אַזאַ מין אַטמאָספער פון גייסטיקער און מענטשלעכער דערהויבנקייט, וואָס זיי האָבן נישט אין דער סביבה און וואָס רופט ביי זיי אַרויס באַציִונג און אינטערעס צום יידישן לעבן.

צווייטנס — זענען די שולן דורכגעדרונגען מיט אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט; מיט ליבשאַפט צום פאָלק און ליבשאַפט צום יידישן לאַנד.

די ליבשאַפט צו ישראל ווי די אינטימע פאַרבונדנקייט מיטן יידישן לעבן בכלל, רופט נישט אַרויס ביי די קינדער קיין פּראָבלעם פון אינערלעכער צעריסנקייט, ווי מאַנכע מיינען, נאָר פאַרקערט:

וואָס נענטער זיי פילן זיך פאַרבונדן מיט ישראל און וואָס מער זיי דערקענען די ווערטן וואָס שטרייכן אונטער די יידישע אייגנאַרטיקייט, אַלץ מער וואַקסט זייער געפיל און באַוווּסטזיין פון זמתער גלייכקייט אויך לגבי די נישט־יידישע חברים זייערע.

דריטנס — שפּילט אַ וויכטיקע ראָל דער פאַקט וואָס כמעט אין אַלע אונדזערע שולן פאַרנעמט אַ וויכטיקן פּלאַץ סיי העברעיִש און סיי יידיש. יידיש איז נישט בלויז אַ טייל פון דעם קוריקולום פון די לימודים, נאָר אַ שפּראַך אויף וועלכער ס'ווערט אויך געלערנט און ס'ווערט איבערגעפלאַנצט וויסן און עמאָציעס.

דאָס דערנענטערט די תלמידים אונדזערע נישט בלויז צו דער יידישער ליטעראַטור און צו די אָריגינעלע ווערטן וואָס זענען פאַראַן אין דער יידישער שפּראַך, נאָר אויך צו דער געזעלשאַפט און אין אַ גרויסער מאָס — אויך צו דער משפּחה.

אַ דאַנק יידיש איז די שול גייסטיק נישט איזאָלירט פון דעם אַקטיוון געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון גרויסע טיילן פון די משפּחה־מיטגלידער פאַר וועמען יידיש איז נאָך אַלץ דער אויסדרוק פון זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן.

דאָס גייט באַין אופן נישט אויפן חשבון פון עברית. העברעיִש ווערט געלערנט אין אַלע אונדזערע שולן. זי ווערט געלערנט ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך; ווי די שפּראַך פון ישראל. און זי ווערט געלערנט ווי די שפּראַך פון תנ"ך און צוזאַמען מיט די שענסטע ווערטן פון משנה און אגדה; פון דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור און פון דער נייער, וואָס קומט אויך אין ישראל.

פערטנס — דער פּעדאַגאָגישער ניוואָ. מיר האָבן בילדונג און חינוך־אַרבעט אַוועקגעשטעלט אויף אַ געהעריקן פּעדאַגאָגיש־וויסנשאַפטלעכן ניוואָ. דאָס זענען אַזעלכע שולן און וועלכע זעען דאָס שולן און דערציִונגס־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זייער קינד; וועלכע פאַרשטייען אים און רעכענען זיך מיט זיינע פּסיכישע און גייסטיקע אינטערעסן און באַדערפעניש ביים אויסאַרבעטן און דורכפירן די לערן־פּראָגראַמען און מעטאָדן פון דער אַרבעט.

דאָס אַלץ זענען פּאָזיטיווע פאַקטאָרן, אַ דאַנק וועלכע מיר האָבן, טראָץ אַלע שוועריקייטן, אויפגעבויט אַ שול־וועזן, וואָס האָט אַ סך פּראָבלעמען און אַ סך בלויזן, אָבער וואָס האָט אויך אַ סך שיינע און וויכטיקע דערגרייכונגען.

עס איז גאָרנישט איבערגעטריבן אויב מיר זאָגן, אַז דאָס חינוך־וועזן געהער צום שענסטן פאַרמעגן פון יידנטום אין אַרגענטינע און פון דרום־אַמעריקע בכלל.

אָבער דאָס אַלץ שטערט אונדז נישט צו זען, נישט בלויז דאָס וואָס מיר האָבן, נאָר אויך וואָס אונדז פעלט.

קודם־כל פעלן אונדז די צענדליקער טויזנטער קינדער, וואָס שטייען נאָך אין גאַנצן מחוץ פון דער יידישער שול. דער שטומער געשריי פון די קינדער וואָס קענען נישט קיין וואָרט העברעיִש און נישט קיין יידיש; וואָס קענען נישט קיין צורת אַלף; וואָס ווייסן נישט ווער מיר זענען און דער עיקר — ווער זיי אַליין זענען; אָט דער דאָזיקער געשריי פון יידישער טויבשטומקייט טאָר אונדז נישט לאָזן צו רו, ביז מיר וועלן נישט געפינען אַ לייזונג פאַרן דאָזיקן פּראָבלעם.

און עס פעלט נאָך אויך אַ סך, אַז די קינדער וואָס קומען שוין יאָ אין דער שול, זאָלן דערגרייכן דאָס אַלץ, וואָס איז נייטיק פאַר זיי און פאַר אונדז.

**
*

איך ווייס נישט צי ווען עס איז אין אונדזער געשיכטע זענען מיר געשטאַנען אין אַזאַ שווערן, באמת דראַמאַטישן גערעאַנגל פאַרן גורל פון אונדזערע קינדער, ווי מיר שטייען היינט אין דער גרויסער וועלט.

פאַרן דאָזיקן גערעאַנגל דאַרפן מאָביליזירט ווערן די בעסטע כוחות וואָס מיר פאַרמאָגן. עס דאַרף מאָ־

בילייזירט ווערן די אָרגאַניזירטע יידישע געזעלשאַפט און דאָס גאַנצע פאָלק. אָבער קלאָר איז, אַז דעם ערשטן פּלאַץ אין דאָזיקן געראַנגל — דאַרף און מוז פאַרנעמען דער לערער. פון די לערער איז אָפּהענגיק מער ווי פון אַלץ און פון אַלעמען, אַז מיר זאָלן נישט פאַרלירן די קינדער אונדזערע פאַרן יידישן לעבן. פונעם לערער איז אָפּהענגיק זייער אַ סך, אַז די קינדער זאָלן זיך אַליין געפינען און זאָלן געפינען זייער פּלאַץ אינעם לעבן פון פאָלק.

דאָס איז די אויפגאַבע און די שליחות פון יידישן לערער.

די פאָדערונג צום לערער, ווי צו יעדן שעפערישן מענטש אין אונדזער צייט, מוז זיין אַ מאַקסימאַלע. אויפן לערער — מער ווי אויף אַלע אַנדערע — ליגט די אַחריות פאַר אונדזער היינט און פאַר אונדזער מאָרגן.

וואָס מער מיר וועלן דערהייבן די פּאָזיציע פונעם לערער און זיין חשיבות אינעם לעבן, אַלץ בעסער וועט עס דעריבער זיין, נישט בלויז פאַרן לערער, נאָר אויך פאַר די קינדער און פאַרן פאָלק.

ווען איך טראַכט וועגן אָט דער שליחות פונעם לערער, זע איך פאַר מיר שטענדיק דעם שמש אין הערצלס ווונדערלעכער אויטאָביאָגראַפישער דערציילונג „די מנורה". ווען ער צינדט אָן אַ ליכטל נאָך אַ ליכטל, ביז עס ווערט ליכטיק דער גאַנצער אַרום, זאָגט ער צום סוף:

„און קיין אַמט פאַרשאַפט נישט מער גליק ווי דער אַמט פון אַ דינער ביים ליכט".

ווען מיר אונדזער שליחות דערפילן מיט אָט דעם באַוווסטזיין און מיט דער וויזיע ווי הערצלס דינער ביים ליכט, וועלן מיר געוויס אויך האָבן דעם כוח אָנצוצינדן אין אונדזערע קינדער דעם גלויבן אין פאָלק און דעם גלויבן אין זיך, און צוזאַמען דערמיט — אָנצוצינדן אין זיי דעם באַגער צו לעבן אַ שיין, אַ גאַנץ, אַ געזונט און ווירדיק יידישן לעבן.



בעת דער אַרבעט אין קלאַס

יודל מאַרק (ניו־יאָרק)

# דאָס לערנען פּילן און דאָס לערנען טראַכטן

פּילן און טראַכטן — דאָס איז כמעט דער גאַנצער מענטש. מיר האָבן אָפט טענות צו דעם יונגן דור, אַז זיין אופן פּילן איז נישט גענוג פאַרשאַרפט, ניט גענוג פאַרטיפט, אַז עס פעלט אים ערגעץ ווו אין האַרץ אַ פידעלע וואָס האָט געשפּילט דין־דין אין דעם האַרץ פון דעם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִד — אויב מיר זאָלן זיך דערלויבן אַ שאַבלאָניש בילד. ליידער שטויסן מיר זיך אָן אויך ביי אונדזערע תלמידים אָדער געוויזענע תלמידים אויף דער אומפעיִקייט קריטיש צו טראַכטן אָדער — נאָך ערגער — אויף אַ פוילקייט צו טראַכטן. הייסט עס, מע דאַרף לערנען פילן, מע דאַרף לערנען טראַכטן, ווי זשע קען מען עס?

די אינסטיטוציע, וואָס לערנט פילן, איז די היים, שפּעטער — חברים אין גאַס. די גאָט־געבענטשטע לערערין פון פילן איז די מוטער. אירע מיטלען זענען איר צערטלעכקייט, איר גאַנצע מאַמישקייט. עס שפּילן־מיט דער פאָטער, די מיטקינדער, די נאָענטע קרובים, אַלע וואָס שאַפן די וואַרעמקייט פון דער היים. ליידער איז נישט יעדע משפּחה אַ היים, און דערפון קומען אַרויס אומצייליקע צרות. אָבער וואָס קען דאָ טאָן די שול?

אויב איך וואָלט געדאַרפט אויסמאָלן אַ בילד, וואָס זאָל בולט אַרויסגעשטאַלטיקן דאָס לערנען, וואָלט דאָס נישט געווען אַ בילד פון אַ קלאַסצימער, מיט ווענט, מיט אַ טאָוול, און אַפילו אָן ביכער. דאָס וואָלט גיכער געווען אַ ווינקל פון אַ גאָרטן, מיט אַ בוים, און אונטער אים אַ גרופּע קינדער מיט אַן עלטערן וואָס דערציילט זיי אַ מעשה. דער לערער דערגרייכט די הייכן פון זיין באַרוף ביים דערציילן אַ מעשה. די מעשה איז דער מיטל אין דעם פּראָצעס פון לערנען פילן.

מיטאָס, לעגענדע, געשיכטע, קינסטלערישע דערציילונג — דאָס אַלץ איז מעשה. אַזוי ווי די שול קען קוים לערנען דורך מוסטערן פון טוונגען, פון מעשים ממש, ספּעציעל מעשים טובים (דאָס טוט די היים און די גאַס), בלייבט איבער צו לערנען דורך מעשיות. די מעשה דערמעגלעכט צו זיין אין די פאַרשידענע צייטן, אין כלערליי לעבנס, אין כל־ערליי סיטואַציעס. מעשיות קומען צום קינד אויף פון אומגעזונטע אגן אַפילו פון פאַרסמטע קוואַלן, האָט די שול אַ מעגלעכקייט סיסטעמאַטיש צו האָדעווען אויף אויסגערייניקטע, אויף דערהייבנדיקע, אויף פון אינעווייניק באַלויכטנדיקע מעשיות.

אונדזער ייִדישע דערציִונג באַשטייט אין אַ היפּשער מאָס אין דעם וואָס מיר באַרייכערן נישט בלויז דאָס וויסן, נאָר דאָס געפיל־וועלט פון קינד מיט ייִדישע מעשיות. די מעשיות דאַרפן זיין פון אַלטע און פון נייע קוואַלן, אָבער דאָס דאַרפן זיין ייִדישע קוואַלן. פון דאָרטן נעמען מיר אויך נישט אַלץ. אַלץ איז דער גרעסטער ליגן — האָט שוין געזאָגט י. ל. פּרץ. מיר נעמען בלויז דאָס וואָס שטימט מיט אונדזער געמיט, מיט אונדזער היינטצייטיקער מאָראַל. מיר נעמען בלויז דאָס מיר דערשפּירן אין דעם אַ פונק פון הייליקייט, וואָס זאָל קענען אָנצינדן נשמות. דאָס דאַרף זיין די מאָס ביי דעם אויסקלייב אַפילו פון טראַדיציאָנעל פאַרהייליקטע מקורים און אַוודאי איז עס די קריטעריע ביים אויסקלייבן פון נייערע מקורים.

די עכטע מעשה, דאָס הייסט, אַזאַ וואָס האָט אין זיך אַ ניצוץ פון קינסטלערישקייט, האָט אויך אין זיך אַ כישוף־כוח צו ווירקן אויפן קינד, אויפן יונגן מענטשן. מע דאַרף זיך פאַרלאָזן אויף אָט דעם פאַרבאָרגענעם כוח. עס איז אָפט איבעריק צו צעפּעדעמען אַ מעשה, זי צו שטאַרק צו אַנאַליזירן, ביז זי פאַרלירט איר טעם און איר חן. דעריבער דאַרף מען זיך גוט באַטראַכטן צי מע זאָל פאַרלאַנגען פון אַ תלמיד איבערצודערציילן די מעשה, ספּעציעל ווען די מעשה איז אַ טיף־מאָראַלישע און אַ צאַפּלדיקדראַמאַטישע. נישט יעדע בלום דאַרף מען נעמען אין האַנט אַריין. און אַוודאי נישט רייסן אירע צאַרטע בלעטעלעך. בכל אופן ערשט נאָך דעם ווי מען האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט איר שיינקייט און מיט איר ריח מעג מען לערנען וועגן אירע באַשטאַנדטיילן.

עס איז מיר אַ גרויס רחמנות אויף קינדער פון יענע אַלט־פרענקישע שולן, וואָס נעמען נאָך אַלץ נישט אַריין אין זייער פּראָגראַם אונדזערע מאָדערנע קינסטלערישע ליטעראַטור. נאָך אַ גרעסער רחמנות איז אויף קינדער פון יענע ווילד־ראַדיקאַלע שולן, ווו מע האָט נישט געלערנט קיין מעשיות פון חומש און קיין מעשיות פון מדרש. עס איז נישט מעגלעך קיין ייִדישע דערציִונג אָן דעם אַריינבעמען

און אויפנעמען דעם גאַנצן אוצר פון ליכטיקע ייִדי־שע מעשיות.

קלאָר, אַז מע דאַרף נישט פאַרוואַרלאָזן די אַנ־דערע פאָרמען פון קונסט, וואָס העלפן לערנען פּילן (געזאַנג, מאַלעריי אאַז״וו). אָבער אויפן ערשטן אָרט בלייבט פּאָרט די מעשה, הן בעל־פּה, הן בכתב, אין און דורך דעם בוך. די גאַנצע חכמה פון לייענען איז נישט בלויז דער וועג צום וויסן, נאָר העכער פון דעם איז דער וועג צום פּילן.

***

דאָס לערנען וועגן דער נאַטור פון וועלט און פון מענטש ווי אַ טייל פון דער נאַטור איז אַ באמתדיק לערנען, ווען עס בינדט זיך מיט דעם לערנען טראַכטן. אַזוי דאַרף אויך זיין דאָס לערנען וועגן קולטור, וועגן דעם מענטש וואָס ראַנגלט זיך מיט דער נאַטור און וואָס שאַפט אין דעם דאָזיקן גע־ראַנגל זיין קולטור. אויך דאָ איז דער עיקר נישט סכום ידיעות, וואָס מע גיט איבער, נאָר דאָס כסדר־דיקע שטויסן צום קריטישן טראַכטן. באַזונדער וויכטיק איז עס בנוגע תלמידים אין דער תקופה פון דערוואַקסנשאַפט, אין דער צייט פון זייער יוגנט־לעכקייט.

אַוודאי דאַרף דער לערער האָבן אַ סך ידיעות, אָבער דער גוטער לערער איז נישט דער וואָס גיסט און גיסט אויס זיינע ידיעות אויף די קעפּ פון די תלמידים, נאָר דער וואָס שטעלט זיי כסדר אין סי־טואַציעס, אַז זייערע קעפּ זאָלן טראַכטן. ביים לער־נען געשיכטע איז דער עיקר נישט בויען אויפן זכרון, נאָר דאָס אַרויסרופן פראַגעס און קשיות מצד די תלמידים. דאָס איז דער געזונטער מעטאָד ביי אַלע סאָציאַלע לימודים. פינף־יאָריקע און זעקס־יאָ־ריקע קינדער פאַרמאַטערן אָפּט די עלטערן מיט זיי־ערע שטענדיקע פראַגעס „פאַרוואָס״? אָט דער קינ־דערשער „פאַרוואָס״ איז דער סימן פון גייסטיקן וואַקסן. על אחת כמה וכמה דאַרף אין אַ קלאַסצימער מיט יוגנטלעכע זיין אַבסאָלוט פריי דער קריטישער „פאַרוואָס״. עס דאַרף אויך אַלע מאָל זיין דער אפשר. עס איז גאָר נישט גוט אָנצונעמען אָן קרי־טיק דעם לערערס מיינונג, דעם לערערס זאָג. דאָס קען פירן בלויז צו אויטאָריטאַטיווער דערציִונג, בשעת מיר ווילן דאָך עכטע דעמאָקראַטישע דער־ציִונג. דער לערער איז טאַקע אַן אויטאָריטעט, אַ נישט איז ער קיין לערער נישט. דער לערער איז אָבער אַ באַגרענעצטער אויטאָריטעט, באַגרענעצט דורך דעם טראַכטן, דורך די ספקות, דורך די אַנ־דערע פריי־אַרויסגעזאָגטע מיינונגען מצד די תל־מידים. דער לערער מוז אַפילו נישט בלייבן שטענ־דיק דער גערעכטער ביי אַ דיסקוסיע. דאָס ריכטיקע איז נישט אלע מאָל אין באַשטימטער זאַץ. דאָס ריכטיקע קען אַ מאָל שטעלן אין אַ גאַנצן בינטל זאַצן, וואָס זיי מעגן זיך פונאַנדערגיין אין פאַרשי־דענע ריכטונגען. דאָס איז אַ שווערער אָנווייז פאַר דעם לערער, ווייל דער יצר־הרע צו זיין אַ מושל בכיפה (לאָמיר עס לייענען: בכיתה, אין קלאַס) איז ביים לערער. וואָס עלטער עס זענען די תלמידים אַלץ מער און מער ווערט דער לערער אַן עלטערער חבר צווישן גלייכע. מיר האָבן דערמאָנט דאָס לער־נען געשיכטע. אָבער פונקט אַזוי איז אויך בנוגע דעם לערנען וועגן היינט און היינטצייטיקע פראָ־בלעמען, און אַוודאי אויך ביים לערנען ליטעראַטור. דער לערער פעלשט זיין שליחות, ווען ער מיינט, אַז זיין אויפגאַבע איז אַרויפצווינגען זיינע מיינונגען. ער בלייבט געטריי זיין שליחות, ווען ער זאָגט זיינע מיינונגען אַרויס ווי אַ מאַטעריאַל צו טראַכטן וועגן זיי, זיי צו אַנאַליזירן, זיי צו קריטיקירן. נאָך בעסער איז ווען דעם לערערס מיינונגען קומען אַריין ווי אַ טייל פון דער דיסקוסיע. לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז אין סנהדרין האָט מען פריִער אויסגעהערט די ייִנ־גערע, די וואָס האָבן געהאַט ווייניקער אויטאָריטעט, אַז ערשט שפּעטער זענען געקומען די רייד פון די קאַרפּנקעפּ.

ס׳איז אַפילו נישט גענוג ווען עס הערשט אין קלאַסצימער אַ פרייע אַטמאָספער, וואָס דערשטיקט נישט דעם באַגער מצד דעם תלמיד זיך אַרויסצו־זאָגן. דאָס איז מובן מאליו. כדי צו לערנען טראַכטן, דאַרף דער לערער אויפוועקן פראַגעס און ספקות, שטעלן פאַר פּראָבלעמען, אַרויסברענגען נישט נאָר זיין אייגענע מיינונג, נאָר אויך אַנטקעגנדיקע מיי־נונגען, אַפילו ווען דאָס רירט אָן אַ שטח וואָס איז דעם לערער באַזונדער טייער. דער לערער טאָר נישט זיין קיין פּראָפּאַגאַנדיסט. זיין פונקציע איז צו זיין אַ הייבאַם פון אידייען. דער וואָס איז לויט זיין נאַטור אַן אומגעדולדיקער דאָגמאַטיקער דאַרף זוכן אַן אַנדער פּראָפעסיע, נישט לערעריי.

***

אין אַלע עלטערס דאַרף מען לערנען אי פּילן אי טראַכטן, און דאָך איז דאָ פאַראַן אַ חילוק בנוגע עלטער. מיט דעם קינד איז דער עיקר דאָס לערנען פּילן. מיט דעם דערוואַקסלינג איז דער עיקר דאָס לערנען טראַכטן.

# אַנטי־גלות־דערציִונג

פון **א. גאָלאָמב** (מעקסיקע)

פעדאַגאָגיק איז נישט קיין עקזאַקטע וויסנשאַפט. נישטאָ בכלל איצט קיין עקזאַקטע וויסנשאַפטן אַ חוץ מאַטעמאַטיק. אַפילו פיזיקאַלישע געזעצן הענ־גען אָפּ פון אָרט און צייט; וואָג און מאָס זיינען אָפּ־הענגיק פון אָרט, פון דער הייך, פון דער באַוועגונג. אַ פּשיטא שוין, די געזעצן פון פעדאַגאָגיק. דערציִונג איז אַ קונסט. און די פעדאַגאָגיק איז די טעאָריע פון דער קונסט, און ווי אַלע קונסט־טעאָריעס איז אויך פעדאַגאָגיק פאַרשיידן לויט פעלקער, סביבות, לויט תקופות און באַדינגונגען. די וועגן פון אַ דער־ציִונגס־סיסטעם פאַר ייִדן אין גלות הענגען בכן אָפּ פון דעם ווי מיר זעען דעם מצב פון ייִדישן ישוב, פון דעם ווי מיר זעען פאָרויס די ריכטונג, די צו־קונפט פון דעם ייִדישן ישוב, — מיט איין וואָרט — פון דעם ווי מיר באַנעמען די גורלות פון דעם ישוב, פון אונדזער וועלט־באַנעם.

ווי זעען מיר דאָס ייִדישע לעבן אין די נייע ייִדי־שע ישובים און ווי זעען מיר פאָרויס זייער אַנטוויק־לונג?

איך גלייב אַז דער ריכטיקער וועג וואָלט געווען זיך צו לערנען פון אונדזערע טעותים. און אונדזער ייִדישע דערציִונג האָט שוין איר געשיכטע, מיר האָבן שוין פון וואָס זיך צו לערנען, מיר הייבן נישט אָן פון אַ בראשית.

מיט ניין און דרייסיק יאָר צוריק, אין 1918, אויך אין אַ זונטיק, איז מיר אויסגעקומען אָנצוהייבן אַ קורס פון מעטאָדיק אויף זומער־קורסן פאַר לערער, וואָס אַ רעגירונג האָט געעפנט פאַר ייִדן אין די ראַ־מען פון אַ ייִדישער אויטאָנאָמיע. אַכציק ייִדישע לערער פון גאַנצן לאַנד, אַ ייִדישער מיניסטער פאַר ייִדישע ענינים, אַן אויטאָנאָמע ייִדישע קולטור, און איך האָב געלערנט מעטאָדיק פון נאַטור־וויסנשאַפ־טן אין ייִדישע שולן אויף ייִדיש.

און אונדזער גאַנצע אַרבעט, אונדזער גלויבן איז געווען אַ טעות, אַ פילפאַכיקער טעות: עס איז געווען אַ טעות, אַז מען וועט אונדז לאָזן לעבן, אַז מען וועט היטן אונדזער קולטור־אויטאָנאָמיע, אַז ייִדן גופא וועלן וועלן אַן אייגענע קולטורעל־גייסטיקע פאַרזי־כיקייט, אַז אַזאַ קולטורעלע פאַרזיכיקייט איז מעג־לעך אָן אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישער און טעריטאָריע־לער פאַרזיכיקייט. עס איז געווען אונדזער טעות צו גלייבן, אַז די שיכטן און קרייזן וואָס האָבן גע־קעמפט פאַר אַזאַ אויטאָנאָמיע וועלן אויך אין גע־ענדערטע באַדינגונגען פון נאָך דער רעוואָלוציע בלייבן געטריי די פּרינציפּן, און זיי וועלן אין זיי נישט בוגד זיין ביי דעם ערשטן שיין פון מעגלעכער אינטעגראַציע מיט דעם הערשנדיקן פאָלק.

מיר האָבן אומזיסט געגלייבט, אַז די ייִדישע קאָ־מוניסטן וועלן נישט פאַרקויפן זייער פּרינציפּ פון ייִדישער קולטורעלער פאַרזיכיקייט פאַר אַ טאָפּ לינדזן פון אינטעגראַציע. מיר האָבן אומזיסט גע־גלייבט, אַז מיר וועלן קענען בלייבן אַ ייִדישע מינ־דערהייט מיט אַ פאַרזיכיק לעבן און ייִדן וועלן האָבן די נייטיקע געטרייקייט און די נייטיקע אמונה, עק־שנות, פעסטקייט פון ווילן דאָס איינצוהיטן.

עס איז געווען אַ טעות צו גלייבן, אַז מיר וועלן קענען בלייבן פאַרזיכיק קולטורעל־שטייגעריש אויך אָן דער ייִדישער רעליגיע, אַז די לעצטע האָט שוין גאָר נישט קיין ווערט פאַר דער איינהיטונג און אייג־האַלטונג פון קולטורעל־גייסטיקער אַנדערשקייט. אַ טעות איז געווען, אַז מיר וועלן קענען איינהיטן דאָס ייִדישע לשון אָן דעם דורותדיקן אינהאַלט און אַז מיט דעם לשון אַליין וועלן מיר קענען בלייבן אַ קולטורעל־פאַרזיכיקע גאַנצקייט אין אונדזער צע־שפליטערטקייט. דאָס זעלביקע — און אפשר נאָך מער — דאַרף געזאָגט ווערן בנוגע צום שפּראַכיזם פון די העברעיִסטן. עס איז בכלל געווען אַ טעות דער שפּראַכיזם, דאָס גלייבן צו קענען שטעלן דעם מען האָט עס גערופן שלילת הגלות, צי מען האָט עס גאַנצן קיום פון אַ פאָלק אויף דער שפּראַך. עס איז געווען אַ טעות דער פאַרלאַנג אָפּצוּוואַרפן די גאַנ־צע שטייגערישע פאַרגאַנגענהייט אונדזערע — צי מען האָט עס גערופן שלילת הגלות, צי מען האָט עס

אָפּגעוואָרפן צוליב נעגאַציע פון רעליגיע אָדער מחמת וואָסערע עס זאָלן נישט זיין אַנדערע מאָטיווירונגען.

מיט איין וואָרט, עס איז געווען אַ טעות צו גלייבן אַז די טעריטאָריעלע פעלקער, וואָס האָבן פריִער צוזאַמען מיט אונדז געקעמפט פאַר זייער פּאַרזיכיקייט, וועלן אונדז לאָזן בלייבן פאַרזיכיק ווען זיי זיינען געוואָרן די בעלי־בתים און אַז מיר גופא — ייִדן וועלן וועלן און קענען בלייבן פאַרזיכיק אין דירעקטער שכנות מיט אַ סווערן פּאָלק און נישט אין אַ קאָנגלאָמעראַט פון אַ גרויסער צאָל סובאָרדינירטע פעלקער.

מיר — ייִדישע לערער — האָבן געהאַט אַ טעות צו גלייבן, אַז מיר וועלן באמת קענען אויפהאַלטן און אָפּהיטן ייִדישע שולן מיט אַלע לימודים אויף ייִדיש (אָדער העברעיִש). איך פּערזענלעך האָב בטעות פאַרלוירן אַ סך יאָרן פון מיין לעבן זיך צו ספּעציאַליזירן ווי אַ מעטאָדיסט פון די נאַטור־לימודים, מיינענדיק אַז מיר וועלן דאָס דאַרפן אין אַלע ייִדישע שולן.

אמת, דער לימוד איז טאַקע געווען דורכויס ייִדיש ווייט נישט בלויז מיט זיין שפּראַך, ער האָט געהאַט ביי אונדז אַ ספּעציפיש־ייִדישן כאַראַקטער, אָבער איינהאַלטן דאָס און איינהיטן דאָס האָבן מיר דאָך נישט געקענט ווי צוליב דרויסנדיקע פאַקטאָרן אַזוי אויך צוליב דעם אומווילן פון די ייִדישע סביבות גופא.

איך גלייב אַז מיר דאַרפן זיין ערלעך מיט זיך און מודה זיין אויף אונדזערע פעלערן און טעותים בפה מלא. אָבער נישט מיר אַליין האָבן געזינדיקט בשוגג און אפשר אויך במזיד. עס האָבן אויך געזינדיקט און זיי זינדיקן ווייטער די רעליגיעזע ייִדן, וואָס לייקענען די המשכדיקע גאַנצקייט פון דער ייִדישער קולטור און זיי זיינען ביז היינט מבדיל בין קודש לחול, זיי גרענעצן זיך אָפּ פון גאָר דער וועלטלעכער קולטור, וואָס האָט זיך ביי אונדז אַזוי צעוואקסן.

כולנו חטאנו, אַלע האָבן מיר געזינדיקט, — און אַלע דאַרפן מיר איצט אין די נייע ישובים אונדזערע, אין אַלע גלותן און אויך אין דער מדינה תשובה טאָן, אומקערן זיך פון אונדזער צעשפּאָלטענער ייִדישקייט און מיר דאַרפן זוכן איר כּוללדיקע גאַנצקייט.

פאַר זיך וויל איך גלייבן, אַז די אַלע טעותים אונדזערע האָבן טיפערע פסיכאָלאָגישע מקורים, אָבער וועגן דעם קענען מיר דאָ נישט פאַרשפּרייטן זיך. עס איז אָבער אַ טרויעריקער פאַקט: מיר שטייען פאַר אַ געבראָכענער קאָרעטע פון אונדזערע אַמאָליקע האָפענונגען און עס מאַטערט ווידער דער אַלטער פסוק „ובנויים לא ינוח“.

און ווי זעט אויס אונדזער סטאַטיק איצט אין די נייע ייִדישע ישובים?

די אַלטע ייִדישע דורותדיק־איינגעפעסטיקטע ישובים זיינען אַלע הרוב. עס זיינען געבליבן בלויז רעשטלעך, שארית הפליטה פון זיי אין נייע ישובים, צעזייט און צעשאָטן איבער נייע וועלטן. ווי זשע זעט איצט אויס אונדזער היינט?

לאָמיר זאָגן אָפן, לאָמיר ווידער זיין ערלעך מיט זיך אַליין: מיר האָבן שלום געמאַכט מיט דעם גלות; מיר זיינען צופרידן און מיר לייקענען אַפילו אַז עס איז גלות. תפוצות וויל מען האָבן, אָבער חלילה נישט קיין גלות.

אַלע אונדזערע ייִדישע אונטערנעמונגען הייבן זיך אָן זונטיק. יענע אַמאָליקע קורסן האָבן מיר אויך אָנגעהויבן זונטיק. מער נישט וואָס מיט אַ גרויסן אונטערשייד: דעמאָלט האָט מען אויסגעקליבן דעם זונטיק, ווייל ער איז געווען אונדזער אַרבעטס־טאָג, נאָך אונדזער אייגענעם ספּעציאַלן רו־טאָג. היינט האָט מען די קאָנפערענץ אָנגעהויבן זונטיק, ווייל עס איז דער ייִדישער רו־טאָג. אונדזערע אַרבעטס־טעג זיינען ביי אונדז פאַרנומען מיט וויכטיקערע זאַכן, מיר קענען נישט אָפּגעבן זיי פאַר קולטור, דער ייִדישער שבת איז אין גלות. צוזאַמען מיט אים אונדזער גאַנצער פאַרזיכיקער שטייגער, — און מיר פילן עס אַפילו נישט, עס אַרט אונדז נישט.

נישט פון איצט פאַרלייקענען ייִדן דעם גלות און פאַרשרייען אים ווי פרייהייט. אַזוי האָבן געטאָן די ייִדן אין מערב־אייראָפּע בשעת דעם פאַלשן שיין פון דער עמנציפּאַציע, אַזוי האָבן ייִדן געשריען „אהבתי את אדוני“ אין פוילן און אין רוסלאַנד בענקענדיק נאָך עמאַנציפּאַציע; אַזוי האָבן אָפּגעלייקנט אַל דאָס ייִדישע די ייִדישע קאָמוניסטן אין פאַלשן צייטווייליקן שיין פון זייער „גלייכבאַרעכטיקונג“. און אַזוי זיינען ייִדן אין אַמעריקע גליקלעך צו פאַרלייקענען זייער גלותדיקייט אין די אַמעריקעס: מען איז צופרידן מיט דעם סטאַטוס און מען איז גרייט מער אָדער ווייניקער באַצאָלן דערפאַר מיט גאָר דער ייִדישקייט (וואָס איז אפשר אין תוך אַריין גאָר נישט ליב און מען איז גערן זי אָפּצוואַרפן ווי נאָר מען לאָזט).

עס קענען פאַר ייִדן זיין צוויי וועגן אין פרייהייט:

מען איז פריי צו בויען אַ פאַרזיכיק לעבן,

מען איז פריי זיך צו אַסימילירן.

ייִדן גייען אין די אַמעריקעס אויף דעם צווייטן וועג. אין זייער דראַנג זיך צו אַסימילירן האָבן ייִדן פאַרביטן די טערמינאָלאָגיע: דאָס אַמאָליקע פאַרזיכיקע לעבן רופט מען „געטאָ“; דאָס כסדרדיקע צופּאַסן זיך צו פרעמדס רופט מען „פרייהייט“.

פאַרזיכיק פריי פירט זיך אַ קליינע פראַנצויזישע מינדערהייט אין די מערב־פּראָווינצן פון קאַנאַדע;

פרייוויליק מאָראַליש פאַרשקלאַפט איז אַ ייִדישע מערהייט אין אַ ברוקלין.

אָט דער אינעווייניקסטער ייִדישער דראַנג צו אינטעגראַציע טרעפט אָן ביי די מערהייט־פעלקער אַ פאַרקערטן דראַנג צו זיין און צו בלייבן פאַר זיך, אַ קעגן־באַריער קעגן דער ייִדישער „אַריינדרינגונג". די אַנטי־אינטעגראַציע איז ווייט נישט אַלע מאָל אַנטיסעמיטיש. עס איז אַ נאַטירלעך געפיל צו זיין פאַר זיך, צו בלייבן היימיש צווישן אייגענע און צווישן דעם אַלעם אייגענעם. עס קען אָבער ווערן גאָר אָפט אויך אַנטיסעמיטיש.

אָט די קאָליזיע צווישן דעם ייִדישן פונצענטרישן דראַנג צו אַל דעם פרעמדן און דעם נישט ייִדישן צוצענטרישן דראַנג צו בלייבן צווישן אייגענע רופט אַרויס ביי ייִדן אין די „פרייע גלותן" אַ רעאַקציע אין דער פּסיכיק און אין אויפיר: זי דריקט זיך אויס אין:

1. — אין אַ מורא, טאָמער חלילה, וועט מיין פרעמדקייט זיך צו פיל וואַרפן אין די אויגן.

2. — אַ מורא, טאָמער חלילה, די שעה זאָל נישט זיין, דער באַלעבאָס וועט אין כעס ווערן.

3. — אַ ווילן צו פאַרמינערן די צאָל ייִדישע סימנים: נעמען, שפּראַך, שטייגער, ביז אַפילו זיך לאָזן שניידן די נאָז, זי זאָל זיין נישט אַזוי „מיאוס־ייִדישלעך". ווען מיר דערמאָנען זיך פון דער ייִדישער געשיכטע אין דער העלעניסטישער תקופה אין בית שני זיינען געווען די אַזוי גערופענע „מושכי ערלה", כדי מען זאָל נישט דערקענען אויף דעם נאַקעטן קערפּער אַז זיי זיינען געמלט, זעען מיר אַז עס איז נישט קיין נייעס ביי ייִדן אָט דער דראַנג.

4. — אין אַ פאַראַכטונג צו אַלץ וואָס מאַכט קענטיקער די אָנגעהעריקייט צו ייִדישקייט, ווי צו עפּעס וואָס איז שולדיק אין דעם וואָס מיר זיינען, נעבעך, אָפּגעזונדערט, ווי צו דער סיבה פון אונדזער דערווייטערטקייט פון דער דער געגאַרטער געזעלשאַפט.

5. — אין אַן איבערגעטריבענער געטרייקייט צו דער געזעלשאַפט פון הויפּט־פאָלק, אַ חן־זוכעניש ביי אים.

6. — אויף וויפל מען פילט זיך אומבאַקוועם און אומגעוווּנטשן אין דער געזעלשאַפט פון הויפּט־פאָלק שאַפט מען יאָ אַן אייגענע געזעלשאַפטלעכקייט וואָס זאָל זיין ענלעך, בצלמה וצדמותה פון די זעלביקע וואָס ביי די בעלי בתים.

7. — אין דער זעלביקער צייט אָבער וויל מען נישט איבעררייסן אין גאַנצן מיט דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט כל זמן מען פילט זיך נאָך פרעמד צווישן דעם הויפּט־פאָלק, מען איז נאָך נישט זיכער מיט דער פולער אינטעגראַציע. דאָס איז אַ מעלה, עס האַלט אויף דעם צובונד צום ייִדישן פאָלק. מתוך שלא לשמה אתה בא לשמה.

מיט איין וואָרט, מיר האָבן אין די פרייע גלותן שלום געמאַכט מיט דער גלותדיקייט, מען איז צופרידן מיט דעם גלות, מען איז גערן זיך צו באַפרייען פון יעדער ייִדישער פאַרזיכיקייט, און אַז מען קען, אַז מען לאָזט איז דאָך געוויס גוט.

## ווי זעט אויס די ייִדישע דערציונג אין די אַמעריקעס

עס פאַרשטייט זיך ,אַז ביי אַזאַ מין גלותדיקער גליקזעליקייט, ביי אַזאַ צופרידנקייט מיט דעם פרייען גלות, איז נישטאָ צו דערוואַרטן קיין פולע ייִדישע פאַרזיכיקייט אין דערציִונג. מיט אַ לייכטן געמיט האָט מען זיך גערן אָפּגעזאָגט, זאָגט מען זיך אָפּ פון אַ שול, וואָס זאָל זיין דורכויס ייִדיש אין אַלע לימודים; אַז מען פאַרוואַרפט ייִדיש לשון אין די היימען, אומעטום, איז דאָך אין דערציִונג זיכער און זיכער. אין בעסטן פאַל טראַכט מען וועגן „ייִדישע לימודים" וואָס זיינען אַ מין צוגאָב צו דער אַלגעמיינער שול. אַפילו ווען מען האָט גאַנצע ייִדישע שולן, איז די אַלגעמיינע פּראָגראַם, שפּראַכלעך, נישט קיין ייִדישע, נישט שפּראַכלעך און נישט לויט דעם אַלגעמיינעם גייסט.

וואָס עלטער דער ישוב, אַלץ ווייניקער ייִדישקייט אין דער דערציִונג.

ווי אין אַנדערע פאַלן ווייזט די רעליגיע אַרויס מער שטאַנדהאַפטיקייט ווי קולטור בכלל, הגם אויך זי ווערט ביסלעכווייז רעדוצירט צו אַ דאַוון־טעמפּל, וואָס ווערט באַזוכט אַ פּאָר מאָל אין יאָר. שפּראַך און שטייגער־קולטור זיינען אַלע מאָל די גרינגסטע קרבנות.

בדרך כלל גייען די ייִדישע ישובים אין אַמעריקע אויף דעם זעלביקן וועג בלויז מיט עטלעכע ספּעציפישע אָפּנייגונגען מחמת אָרטיקע פאַרהעלטענישן (די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון פּריוואַטער שול אויך ביי דער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג. דער „יחוס" פון ענגליש אויך לגבי שפּאַניש).

אונדזערע שולן — אין מעקסיקע — זיינען אין תוך אַריין רעגירונג־שולן (פאַר ייִדיש געלט), מיט אַ צוגאָב פון אַ מינימום „ייִדישע לימודים" (דאָס פּראָטעסטירט אין מיר דער אַלטער ייִדישער לערער, וואָס פאַר אים זיינען אַלע לימודים מחויב צו האָבן אַ ייִדישן גייסט). אַלע לימודים, דער גאַנצער שולשטייגער אין וואָך און אין יום־טוב געהערט צו דעם אַלגעמיינעם נישט־ייִדישן שולוועזן פון לאַנד. די פּאָר צוגעגעבענע נישט אָבליגאַטאָרישע לימודים

גילטן ווי „אידעאָמאַס" (לשון), נישט מער, מען דולדעט זיי. דאָס אויך נאָר אין אַ געוויסער מאָס. אין די ייִדישע שולן אונדזערע זיינען די קנאַפּע ייִדישע לימודים ווי אין גלות: ביי דער שול־מאַכט, ביי די אַלגעמיינע נישט־ייִדישע לערערס, ביי די ייִדישע עלטערן, וואָס זיינען גאָר נישט גערן די קינדער זאָל אין שול קריגן „צופיל" ייִדישקייט, ביי די קינדער גופא. וואָס קומען אין שול אייגנטלעך נישט נאָך וויסן נאָר נאָך אַ דיפּלאָם, אַז מען פאַרשפּאָרט שוין מער צו לערנען. זיי זיינען ווייט נישט צופרידן מיט דעם ייִדישן צוגאָב, וואָס די היים און די געזעלשאַפט שעצט נישט לגמרי און צו דער קאַריערע דאַרף מען דאָס אויך נישט.

די ייִדישע שולן אין מעקסיקע זיינען ווייט מער אין גלות ווי די טאָג־שולן אין די שטאַטן און אין אַרגענטינע. יענע האָבן מער פרייהייט, ווייניקער מלוכה־ רעגלאַמענטאַציע. נאָך מער אין גלות זיינען אונדזערע שולן אין פאַרגלייך מיט די ייִדישע טאָג־שולן אין קאַנאַדע.

אפשר איז עס לכתחילה ביי דער גרינדונג פון דער ערשטער שול געווען אַ טעות זי צו אינקאָרפּאָרירן ביי דער רעגירונג, אָבער איצטער איז עס שוין זייער שווער צוריקצוציִען. עס האָט געקאָסט נישט ווייניק מי אַרויסצונעמען די קינדער־גערטנער פון דער אינקאָרפּאָראַציע.

נאָך שטאַרקער אין גלות איז דאָס ייִדישע לשון, וואָס פאַרבינדט און וואָס קען פאַרבינדן אַלע ייִדישע ישובים אין דער גאַנצער וועלט אין איין גאַנץ פאָלק.

אָן דעם לשון ייִדיש דראָט דעם גאַנצן פאָלק צעשאָטן צו ווערן אויף אַ גרעסערער צאָל באַזונדערע שבטים, קליינע גרופּעס אין באַזונדערע לענדער מיט אַ דראַנג צו די באַזונדערע הערשנדיקע פעלקער, אָן אַ צוזאַמענבונד צווישן אַנאַנד. און אָט די צעשאָטענע שבטים וואָלטן באַזונדער געמוזט דעגענערירן. די שפּראַך האָט צעשפּאָלטן אַמאָל אונדזער פאָלק אויף אַשכנזים און אויף ספרדים. אָן אַן אייגענער שפּראַך דעגענערירן אין מערב־אייראָפּע די עמאַנציפּירטע ייִדישע שבטים אין איטאַליע, פראַנקרייך וכדומה. דאָס דראָט איצט ווייטער דעם גרויסן צעוואָקסענעם אַשכנזישן שבט אָן דעם לשון ייִדיש.

מיט איין וואָרט — אונדזער גאַנצע ייִדישע דערציִונג אין די פרייע לענדער איז אין אַ שווערן גלות, ווי די ייִדישקייט בכלל. זאָל זיין אַז אַפילו יעדער ייִד באַזונדער איז פריי, אָבער דער ייִדישער ציבור, דער כלל און דאָס כללישע, דאָס וואָס פאַרבינדט אַלע ייִדן אין אַ כלל — דאָס איז אין אַ טיפן גלות. און ווי די גאַנצע ייִדישקייט איז די דערציִונג אַ גלותדיקע — די שול, די לימודים, דער לערער — אַלץ. אַפילו דער פּעדאַגאָגישער געדאַנק איז אויך נישט קיין אָריגינעלער, ער איז אפשר נאָכמאַכעריש, איבערגעזעצט נאָך איידער ער ווערט אַרויסגעבראַכט אין וואָרט.

ווי אַזוי בויט מען אויף אַ קולטור און אַ דערציִונג אין די לענדער ווו מיר זיינען אַ מינדערהייט, זיי זאָלן נישט זיין אַזוי אין גלות?

עס קענען זיין עטלעכע וועגן:

א. — עס קען זיין אַ ביטול הגלות. מען זאָל ווייטער זאָגן „שלא שם חלקנו כהם וגורלנו ככל המונם", פאַרגעסן לגמרי, אַז אַרום הערשט אַ שטאַרקע און מעכטיקע קולטור, נישט זען און נישט וויסן פון איר, און יוצא.

אַזאַ ביטול הגלות האָבן ייִדן געהאַט אין משך פון אַ סך דורות אין אונדזערע אַלטע שטעטלעך, אין דורכויסיקע ייִדישע ישובים, צווישן סובאָרדינירטע פעלקער, ווען זיי זיינען געווען אַ שטאַנד פאַר זיך אין אַ שטאַנדן־געזעלשאַפט: צום פריץ — צו הויך, צום פויער — צו נידעריק. ביטול הגלות האָט געקענט זיין אין ארץ ישראל, ווען עס איז געלעגן אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון דער טערקישער אימפּעריע. ביטול הגלות קען מען געפינען ביי געציילטע יחידים אַפילו אין אַמעריקע, אָבער דאָס קען מען דערוואַרטן בלויז טאַקע ביי יחידים מיט גאָר אַ שטאַרקן גלויבן, וואָס זאָל פאַר זיי פאַרשטעלן דעם גאַנצן אַרום. אַזאַ מין שטאַרקער גלויבן איז דאָס רוב אַ רעליגיעזער, אָבער עס זיינען פאַראַן געציילטע פאַלן פון אַזאַ שטאַרקן וועלטלעכן גלויבן. ער טאָר אָבער נישט זיין קיין געזאָגטער גלויבן, אַזאַ גלויבן קען זיין ביי יחידים, קיין מאַסן־דערציִונג קען מען אויף אים נישט בויען.

ביטול הגלות קען מען געפינען ביי די פראַנצויזן אין די מערב־פּראָווינצן פון קאַנאַדע, ווו זיי זיינען טאַקע אַ קליינע מינדערהייט, אָבער זיי בויען זיך פאַרזיכיקע פאַרשטעטלעך, ווו זיי לעבן ווי אַ דורכאויסיקע מערהייט. טיילוויז מערקט זיך אַזאַ טענדענץ ביי די אוקראַיִנער. אָבער נישט ביי ייִדן. ביי די פראַנצויזן איז פאַראַן אין דער פּסיכיק אַ וועלטלעכער נאַציאָנאַליזם, אַ געטרייקייט צו אַלעם אייגענעם, ביי ייִדן איז פאַראַן אפשר אַ רעליגיעזער נאַציאָנאַליזם, אָבער נישט קיין וועלטלעכער, נישטאָ קיין אַכטונג און געטרייקייט צו דער וועלטלעכער קולטור און שטייגער. די וואָס דעקלאַרירן זיך פאַר וועלטלעכע ייִדן, האָבן זיי גענוג וועלטלעכקייט אָפּצוּוואַרפן דאָס רעליגיעזע אָבער נישט געטרייקייט צו היטן די וועלטלעכקייט וואָס אין שפּראַך און שטייגער. עס איז אַ נעגאַטיווע וועלטלעכקייט, אַ „שלילת הגלות" פון דער לינקס. די ייִדן יאָגן זיך פאַרקערט, צו צעשטויבן, צו אינטעגראַציע, זיי זיינען גערן צו מאַכן זייער לעבן און שטייגער, זייער פיר און פאָרעם, אָפּהענגיק פון דער הערשערישער

מערהייט. ייִדן זײַנען מקבל באהבה דעם גלות, זיי פֿאַרמערן די גלות־עלעמענטן אין לעבן מער ווי עס וואָלטן געוואָלט די פֿעלקער, וואָס אין זיי ווילן די ייִדן זיך אינטעגרירן. מיר אַליין פֿאַרשטאַרקן דעם גלות, מיר נוצן פֿאַר דעם אויס די פֿרייהייט וואָס מיר געניסן אין די דעמאָקראַטיעס, מען איז צופֿרידן מיט דעם גלות — אויב נישט גליקלעך — און מען לייקנט אַז עס איז גלות, עס איז אַ תּפֿוצה, עס איז אַ „ליכטיקע נאַכט״, — און מען באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות צו פֿאַרגעסן, אַז די ליכטיקע נעכט האָבן אין דער נאַטור און אויך אין אונדזער גאַנצער געשיכטע די טבע זיך צו פֿאַרבײַטן מיט אַנדערע נעכט וואָס זײַנען שוין גאָר נישט אַזוי ליכטיק... אונדזער פּסיכישער גלות־דראַנג איז אָפֿט שולדיקער אין גלות איידער די פֿרעמדע פֿאַקטאָרן...

דער דאָזיקער דראַנג קען פֿירן צו פֿולער צעשטויבונג פֿון ייִדישע מאַסיוון ווען פֿון דרויסן איז נישטאָ קיין מניעה. און אַזאַ צעשטויבטער מאַסיוו ווערט אַ מאַסע פֿון באַזונדערע זעמדעלעך, וואָס מען קען פֿון זיי נישט בויען, אַפֿילו נישט קיין פֿאַרטיידיקונג ווען אַזאַ ווערט נייטיק...

די ייִדישע דערציִונג אין די פֿרייע גלותן דאַרף ווערן איינער פֿון די וויכטיקסטע פֿאַקטאָרן קעגן דער צעשטויבונג־טענדענץ.

פֿאַראַנען ביי אונדז אָפּטימיסטן, וואָס זעען אונדזער אַנטוויקלונג פֿריידיקער, — הלוואַי וואָלט איך געקענט מיט זיי מסכּים זײַן, אָבער די געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק פֿון דער „גליקלעכער״ עמאַנציפּאַציע אָן לערנט מיך צו פֿאַרשטיין די פּסיכאָלאָגיע פֿון אָט דעם אָפּטימיזם, אָבער ווייט נישט זײַן לאָגיק.

בנוגע צו דערציִונג דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז די עצם נייטיקייט פֿון אַזאַ ספּעציעלער דערציִונג פֿאַר ייִדן איז ווייט נישט אָנגענומען, נישט אָנערקענט.

די זעלביקע גלות־טענדענץ, וואָס פֿירט פֿון ייִדישקייט און פֿון ייִדנטום (אינהאַלט און פֿאַרנעם פֿון באַגריף ייִדיש פֿאָלק) איז געווען און איז דאָ אויך אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער און אויך אין מעקסיקע. דאָס וואָס מען באַרימט זיך מיט דער גרויסער אַבסאָלוטער צאָל קינדער אין ייִדישע שולן איז לגמרי נישט קיין באַווייז: עס קען אַ מאָל זײַן אַ קליינע צאָל וואָס האַלט אין שטייגן לגבי דעם וואָס עס איז געווען פֿריִער. און אַ מאָל קען זײַן אַ גרויסע צאָל און זי איז דאָך אַ ירידה לגבי די פֿריִערדיקע צאָלן.

די עצם־ווילקייט צו בויען ייִדישע שולן איז — ווי אין אייראָפּע — אַזוי אויך אין די נייע ישובֿים פּראָפּאָרציאָנעל צו דער נטיה צו בויען פֿאַר זיך שולן ביי דער נישט־ייִדישער באַפֿעלקערונג: אין מעקסיקע איז זי גרעסער ווי אין קאַנאַדע, אין קאַנאַדע גרעסער ווי אין די שטאַטן. אָבער זי האָט אויך אין מעקסיקע אַ נטיה צו ווערן קלענער. און אויך דאָ שטייט פֿאַר דער באַוווּסטזיניקער ייִדישער עפֿנטלעכקייט אַ גרויסער קאַמף וואָס קען וואָס ווייטער ווערן אַלץ שווערער, אַ קאַמף קעגן די גלותדיקע אַסימילאַציע־טענדענצן אין דער ייִדישער פּסיכיק, וואָס זיי ציִען די ייִנגערע דורות אַלץ טיפֿער אין די גלות־זומפּן אַרײַן.

## אַנטי־גלות־פּעדאַגאָגיק

און דעריבער מוזן מיר ייִדן אין די פֿרייע גלותן בויען אַ ספּעציפֿישע, אייגנאַרטיקע פּעדאַגאָגיק פֿאַר זיך. מיר קענען זי נישט לערנען פֿון קיינעם, ווײַל קיין אַנדער פֿאָלק דאַרף זי נישט, האָט זי נישט, מיר מוזן דאָ זײַן אָריגינעל, ווײַל גאָר פּשוט מיר האָבן נישט פֿון וועמען צו אַדאָפּטירן עפּעס ענלעכס.

אויך די דערציִונג־סיסטעם און די דערציִונג־פֿילאָסאָפֿיע פֿון מדינת ישראל פּאַסט נישט פֿאַר אונדזערע נויטן דאָ. ערשטנס, האָט זיך דאָרטן גופֿא אויך נאָך נישט אויסגעקריסטאַליזירט קיין ריכטיקע, אַדעקוואַטע, זיכערע און פֿעסטע דערציִונג־פֿילאָסאָפֿיע. פֿון דער האָפֿערדיקער שלילת הגלותדיקייט אין דער פֿראַזע „עד שקמנו אנו״ אין 1913 (אויף דער ערשטער גראַדויִרונג פֿון גימנאַזיע הערצליה) ביז דעם זוכנדיקן אויסרוף „במה אני יהודי״ אין 1956 איז אַ ווייטער וועג פֿון זוכענישן. די שלילת הגלות האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ שלילת הגולה, וואָס איז שעדלעך פֿאַר מדינת ישראל און איז פֿול מיט סכּנות אין גלות, וווּ מיר מוזן פֿלאַנצן אַ שנאה צום גלות און אַ שטאַרקע ליבע צו די גולה — צו די ייִדן. פֿאַראַכטונג צום גלות און כּבֿוד און אַכטונג צום פֿאָלק, וואָס האָט אַריבערגעטראָגן אַלע גלותן! דאָס מוז זײַן דער לאָזונג פֿון אונדזער דערציִונג און פֿון דער גאַנצער קולטור. מדינת ישראל וואָלט אונדז דאָ אַ סך געקענט געבן, ווען זי אַליין היילט זיך פֿריִער אויס פֿון איר גלותדיקער שלילת הגולה.

דאָס וואָס עס איז אפשר גוט אין דער מדינה איז נישט שטענדיק פּאַסיק אין גלות. דאַרפֿן מיר, הייסט עס, נעמען זיך צו בויען אָן אייגענע ייִדישע דערציִונג־פֿילאָסאָפֿיע פֿאַר די „גליקלעכע״ גלותן אונדזערע.

ערשטנס, דאַרף מען וויסן, אַז מיט שולן אַליין קענען מיר נישט יוצא זײַן. מען דאַרף אײַנשפּאַנען אין דער דערציִונג: די רעליגיע, סאָציאַלע פֿאַרזיכערקייט אין לעבן, פֿרומע געטרייקייט צו וועלטלעכער ייִדישקייט, מאָדערנע קולטור־אינסטיטוציעס און פּראָפּאַגאַנדע. די שולן דאַרפֿן ווערן אין עלעמענט

בלויז פון אונדזער נאַציאָנאַל־ייִדישן קולטור שטייגער. מיר וועלן אָבער אָנהייבן פון די שולן.

דער ערשטער יסוד דאַרף זײַן: דערציִעריש לערנען. אין די אַמעריקאַנער לענדער איז דער ציל פון די שולן און פון זייערע פּראָגראַמען דאָס געבן אַ סכום וויסן, וואָס זאָל זײַן נוציק אין ווייטערדיקן לעבן. אויף דער השפּעה פון דעם לערנען אויף דעם פיר און כאַראַקטער, אויף זײַן דענקען און פילן ווערט געלייגט נישט אין פאַרגלײַך ווייניקער אַכט. מיט איין וואָרט, דאָס לערנען איז פּאָזיטיוויסטיש. מיר נייטיקן זיך אָבער אין אַ ריין הומאַניסטישער דערציִונג. מיר דאַרפן האָדעווען דעם מענטשן, זײַן מאָראַלישן פּרצוף מער ווי זײַן וויסן. מיר נייטיקן זיך נישט אַזוי אין אַ ייִדישן וויסן ווי אין אַ ייִדישן געוויסן. אויסלערנען ריידן אַ ביסל ייִדיש, אַ ביסל העברעיִש, אויסלערנען דאַוונען — דאָס אַלץ זענען בלויז דעטאַלן פון אַ ברייטער פּראָגראַם און פון אַ וויכטיקערער: מיר דאַרפן אין גלות אויסהאָדעווען מענטשן אָן אַ גלות־פּסיכיק.

לאָמיר דאָס אויפקלערן: וואָס אַזוינס איז גלות? דאָס איז דער צושטאַנד ווען אַ מינדערהייט דאַרף זיך אונטערוואַרפן אַ מערהייט, זיך צופּאַסן צו די נאָרמעס און צו די פאָרמעס וואָס די מערהייט שטעלט איין פאַר זיך.

עס איז נישט קיין פראַגע פון פרייהייט סתם, פון אַן אָפּגעזונדערטקייט, פון אַ „געטאָ" ווו מען איז אַליין. אין אַ היים זענען מענטשן אויך אַליין, נאָר מיט דער אייגענער משפּחה, און אין אַ תּפיסה איז אַ מענטש אַליין. דער אונטערשייד איז וואָס אין אַ היים פיר איך זיך ווי איך וויל, ווי איך שטעל איין, און אין אַ תּפיסה מוז איך זיך צופּאַסן צו דעם וואָס אַנדערע ווילן, וואָס אַנדערע הייסן. אין אַ גלות איז די מינדערהייט מחויב זיך צוצופּאַסן צו דער מערהייט, די נויטווענדיקייט צו לעבן ווי אַנדערע האָבן איינגעשטעלט פאַר זיך — דאָס איז גלות.

מערהייט און מינדערהייט — די צוויי באַגריפן זענען אָפּט בלויז רעלאַטיווע. איך ווייס נישט ווו דער פּראָצענט ייִדן איז גרעסער — צי אין חיפה אָדער אין ברוקלין, און דאָך פירן זיך ייִדן אין ברוקלין ווי אין אַ גלות. פראַנצייזן אין וויניפּעג — קאַנאַדע — זענען אַ קלענערע מינדערהייט אין צאָל איידער די ייִדן, — און דאָך פירן זיי זיך פאַר זיך, נישט ווי אין אַ גלות, און די ייִדן זענען יאָ אין גלות. אין דער פּראָווינץ קוויבעק — קאַנאַדע — האָבן די ייִדן אין אָנהייב פון יאָרהונדערט געקענט קריגן אַן אייגענעם שולוועזן ווי די פראַנצייזן און ווי די ענגלענדער. האָבן אָבער די ייִדן נישט געוואָלט, זיי איז געווען ליבער צו זײַן אַ מינדערהייט אין דעם ענגליש־פּראָטעסטאַנטישן שולוועזן — בעסער הייסט עס, לויט אונדזער פריִערדיקער דעפיניציע, אין גלות איידער פאַר זיך. מען האָט זיך געשראָקן פאַר דער איזאָלאַציע, פאַר דער „געטאָ". דאָ האָבן מיר שוין פאַר זיך נישט קיין מאַטעמאַטישע מערהייטן און מינדערהייטן נאָר פּסיכישע איינשטעלונגען. זענען דאָ — דערציילט מען — אין אַ ווינקל פון ברוקלין אַ קליינע צאָל חסידים וואָס נוצן אויס די פרייהייט פון אַמעריקע צו לעבן לויט זייער אייגענעם שטייגער אָן אַ וואָסער עס איז צופּאַסונג צו דער מערהייט. מען וואָלט געקענט ברענגען נאָך ביישפּילן פון קליינע גרופּעס וואָס שטעלן יאָ איין פאַר זיך אַ באַזונדער לעבן, אַן אייגענעם, נישט קיין גלות־דיקן שטייגער. אָבער מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט דעם געבראַכטן. דאָ האָבן מיר פאַר זיך די ווירקונג פון דער פּסיכישער איינשטעלונג, עס איז ביי אונדז פאַראַן אַ פּסיכאָלאָגישער גלות, אַן „עבדות בתוך חירות", ווי אחד העם האָט עס אָנגערופן מיט מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. און פאַרקערט, האָב איך אַמאָל געהערט פון גרויסן רעוואָלוציאָנער און געלערנטן פּראָפ' יוזעף לוקאַטעוויטש, אַז ער האָט אין שליסעלבורגער פעסטונג ווו ער איז געווען פאַרשפאַרט פינף און צוואָנציק יאָר, געשטודירט צוזאַמען מיט „וויערקאַ" (וויעראַ פיגנער) די געאָלאָגיע פון געגנט. דערביי האָט ער זיך אויסגעדריקט: „געווען אַ גוט צייטעלע". דאָס איז געווען דאָס פאַרקערטע — „חירות בתוך עבדות" — פרייהייט אין קנעכטשאַפט. פאַראַן הייסט עס אַ גלות אַרום אונדז און אַ גלות אין אונדז.

אָט די צוויי גלותן — ווער איז דער „אב" און ווער — די „תולדה"; ווער איז די סיבה און ווער איז דער רעזולטאַט?

עס זענען פאַראַן מיינונגען אַז דער גלות אין אונדז איז שולדיק אין דעם גלות אַרום אונדז. „וואָלט די שכינה נישט אַזוי ווייט געווען, וואָלט דער גלות נישט אַזוי לאַנג געווען", — זינגט זיך עפּעס אין אַ חסידיש לידל, און עס איז אַזוי. עס איז שולדיק אין גלות אונדזער דראַנג צו וועלן זײַן אין גלות. עס איז דער פאַרלאַנג פון כמעט אַלע יחידים פון אונדזער פאָלק צוצופּאַסן זיך, אַרייַנצודרינגען אין די פרעמדע שטייגערישע פאָרמען, דער דראַנג צו באַפרייען זיך פון די אייגענע טראַדיציעס. דאָס איז די פאָרמול פון שמונה עשרי „מפּני חטאינו גלינו". און פאַר „אהבתי את אדוני" פלעגט מען לויט דער תּורה דאַרפן לעכערן דעם אויער. די וועלט לעכערט אונדז פאַר דער זעלביקער עבירה נישט דעם אויער, נאָר די קעפּ און די הערצער...

## אין וואָס דריקט זיך אויס אונדזער פּסיכישער גלות?

לאָמיר פריִער אונטערשיידן די צוויי באַגריפן — מאַסע און מאַסיוו. דער ערשטער באַצייכנט אַ סכום

יחידים וואָס זענען נישט באַהעפט צווישן זיך, דער צווייטער באַצייכנט אַ סכום צונויפגעהעפטע יחידים. דער מאַסיוו האָט נישט אין פאַרגלייך מער אינערץ, מער שטאַנדהאַפטיקייט, מער ווידערשטאַנד. אַ גרויסער שטיין און אַ קופּע זאַמד. יעדער ווינטל טראָגט מיט זיך גרויסע סכומים באַזונדערע זעמדעלעך וווּהין ער וויל, אָן אַ ווידערשטאַנד.

מיר זענען געוווינט צו ריידן וועגן „ייִדישע מאַסן“. אַמאָל אין די אַלטע היימען האָבן די ייִדן זיך פאָרגעשטעלט נישט קיין מאַסן נאָר מאַסיוון. אין די נייע לענדער זענען מיר נישט קיין מאַסיוון, יעדער יחיד האָט די נייגונג זיך באַזונדער צו אינפילטרירן אין דער אַרומיקער געזעלשאַפטלעכקייט. אָט די נייגונג ביי יעדער ייִדישן יחיד ברענגט צו:

סנאָביזם, נאָכמאַכעריי, אַסימילאַציע, וואָס איז זייער אויבנאויפיק, ווייט פון אַ טיפערן אַריינדרינגען אין דער קולטור פון „אַסימיליר־פאָלק“, די נייגונגען רופן אַרויס אַ שיפלות־געפיל, אונטערטעניקייט און אַומאַכטונג און אומצוטרוי צו אַלץ וואָס איז טראַדיציאָנעל אייגנס. דער ערשטער קרבן זענען שפּראַך, נעמען, זיטן און מנהגים, עס קומט אַ ביטול צו דער גאַנצער קולטור פון אייגענעם פאָלק און אַ היפּערטראָפירטע אַכטונג צו אַלץ וואָס געהערט דעם הערשערישן פאָלק, מען קוקט אַרויף צו יענעם און אַראָפּ — צו זיך, מען זוכט צו געפינען חן ביי אַנדערע, מען רייסט זיך דווקא אַהין וווּ מען וויל נישט האָבן קיין ייִדישע שכנים, אַ דראַנג צו מאַכן וואָס ווייניקער קענטיק די פיזישע און שטייגערישע סימנים פון ייִדישקייט, אַ האַס צו „זיי“ ווייל זיי שטערן צו דערגרייכן דעם ציל פון „איינגלידערונג“. עס ווערט אַ דראַנג צו אַנטלויפן פון ייִדישע שכנישאַפט, צו קריגן נישט־ייִדישע פריינד, מען זוכט אויף אַלץ וואָס מען טוט און וואָס מען וויל טאָן אַ הסכמה און אָנערקענונג פון גוטע גויים. דאָס אַלץ צוזאַמען נעמען מיר אַרום מיט איין באַגריף „עגאָפאָביע“. די עגאָפאָביע שוואַכט־אָפּ דעם מיטגעפיל, די סימפּאַטיע צו אַנדערע ייִדן, צו ייִדן אין אַנדערע לענדער; עס אַטראָפירט אַפילו דאָס מיטגעפיל צו זייער פיין און וויי, ווען זיי ליידן. דער גאַנצער, דער גרויסער מאַסיוו, פאָלק, צעשיט זיך ביסלעכווייז אויף באַזונדערע שטיקער, און לסוף אויף באַזונדערע יחידים. מען האַלט תמיד אין טראַכטן וואָס וועלן זאָגן די באַלעבאַטים, ווי וועלן זיי רעאַגירן; עס גייט פאַרלוירן די פעיִקייט צו פאַרזיכיקער אַקטיוויקייט, אַפילו אין געדאַנק, דערפאַר זענען ביי ייִדן פאַראַן נישט אין פאַרגלייך מערער געניאַלע אויספירער, שפּילער אויסטייטשער איידער אָריגינעלע שעפער. מען פילט מיט ווייטיק דעם נאַטירלעכן ווידערווילן פון דעם „באַלעבאָס“ זיך צו ברידערן מיט אונדז און מען זוכט כסדר די סיבות אין אונדז, ייִדן זענען דאָס

די שולדיקע אין אַנטיסעמיטיזם, ייִדן דאַרפן זיך בייטן, זיך ענדערן כדי מען זאָל זיי נישט פיינט האָבן.

דאָס אַלץ צוזאַמען שטעלט צונויף דעם קאָמפּלעקס גלות אין אונדז גופא. און קעגן דעם אַלעם דאַרף דאָס די דערציִונג קעמפן. לאָמיר קלאָר זאָגן באַלד: קיין שום שול אין דער וועלט אַליין קען די אויפגאַבע נישט אויספירן. עס איז אַ פּראָבלעם פאַרן גאַנצן סכום לעבן פון ייִדן. אָבער מיר וועלן דאָ גיין כסדר.

עס איז „שווער צו זיין אַ ייִד“. דאָס פירט צו דער עגאָפאָביע־קראַנקייט מיט אַלע אירע פועל־יוצאס. אָבער די דאָזיקע שוועריקייט איז פאַרקערט פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם סכום ייִדישקייט וואָס דער ייִד טראָגט אין זיך: וואָס מער ייִדישקייט, וואָס שווערער און גרעסער עס איז די אָנלאָדונג אַלץ גרינגער איז זי צו טראָגן. און פאַרקערט: וואָס ווייניקער ייִדישקייט, אַלץ שווערער וועט זי זיין. וואָס מערער אַלץ גרינגער, וואָס ווייניקער אַלץ שווערער. דאַרף דאָס די ייִדישע דערציִונג היילן די יוגנט פון דער גלות־פּסיכיק.

די דערציִונג דאַרף איינפלאַנצן:

א. — אַ געפיל און אַכטונג צו דער ייִדישער אַנדערשקייט, אַ וויסן פון איר ווערטיקייט;

ב. — איינגעווווינען די יוגנט אין דער דאָזיקער אַנדערשקייט, אַריינלעבן זי אין דער אַנדערשקייט;

ג. — אַנטוויקלען אין דער יוגנט אַ צוגעבונדנקייט צו אַלץ וואָס איז ייִדיש און צו אַלע מענטשן וואָס טראָגן זי אין זיך — צו אַלע ייִדן ווו זיי זאָלן נישט זיין.

די דערציִער — די שולן און די לערערס דאַרפן זיין באַוווסטזיניק און טראָגן אין זיך אַ טיפן גלויבן, אַז:

די גאַנצע ייִדישקייט דורך אַלע דורות איז איין „אחד“ — איין גאַנצקייט וואָס מען טאָר נישט צעטיילן, נישט צעשניידן;

די וועלטלעכע ייִדישקייט איז נישט קיין צווייטע ייִדישקייט. זי איז די זעלביקע וואָס די רעליגיעזע נאָר אַן אַנטוויקלונג אירע, נאָר אירע אַ פאַרברייטערונג. וועלטלעכע ייִדישקייט וואַרפט נישט אָפּ קיין שום עלעמענט פון די פריִערדיקע נאָרמעס און פאָרמעס, נייערט זי נעמט זיי אויף נישט פאַר גאָט, נישט כדי צו קריגן גן־עדן, נאָר אויס ליבע און דרך־ארץ צום פאָלק און צו זיינע טראַדיציעס;

אַלע דערציִער דאַרפן פאַרשטיין און אָנערקענען די גרויסע ראָל פון רעליגיעזער פּראַקטיק ווי אַ ייִדישקייט־פאַקטאָר אויב אַפילו זי ווערט נישט באַגלייט מיט רעליגיעזער פרומקייט, זי פאַרבינדט ייִדן דורך דורות און איבער לענדער.

די דערציִער דאַרפן וויסן און גלייבן, אַז אונדזער גאַנצע וואָרט־קולטור איז איין גאַנצקייט, פון בראשית ברא ביז די נייסטע שאַפונגען פון אונדזער דור. ייִדישקייט איז אין ספרים און יעדער ספר וואָס האַלט אין זיך ייִדישן גייסט איז ייִדישקייט, אומ־אָפּהענגיק צי ער איז קאַנאָניזירט דורך דער רעלי־גיע צי נישט, אומאָפּהענגיק צי ער איז אין ייִדיש אָדער אין העברעיִש.

אַלע אָפּוואַרפער, אַלע פאַרלייקענער ,אַלע שפּאַל־טער וואָס טיילן ייִדישקייט — צי זיי זענען פון רעליגיעזן סעקטאָר אָדער פון וועלטלעכן — שטעלן אין סכנה דעם קיום פון ייִדישן פאָלק.

אָט די אַכטונג צו דער ייִדישער אַנדערשקייט וואָס די דערציִונג דאַרף אַנטוויקלען ביי דער יוגנט איז נישט ווייט פון דער אַלטער פאַרמול „אתה בחרתנו״. אַז אַ שטעקן איז אויסגעבויגן אין איין זייט און מען וויל אים אויסגלייכן דאַרף מען אים בייגן אין דער פאַרקערטער זייט. איבעריקנס פאַר־מאָגט איטלעך פאָלק אַ מין אתה בחרתנו. מען דאַרף נאָר עטוואָס ענדערן די אַלטע פאָרמול: אָנשטאָט אתה בחרת דאַרפן מיר לייענען אנו בחרנו — מיר יונגע ייִדן ווילן זיין ייִדן און האָבן ליב צו זיין דאָס.

## דערציִענדיקע יידישקייט־פאַקטאָרן

ווי אויבן שטייט קען עס קיין שום שול אַליין נישט דערגרייכן. מיר דאַרפן אַריינציִען אין דער אַרבעט אַ גאַנצע ריי פאַקטאָרן. און דאָס זענען זיי:

1. — ייִדיש לשון;
2. — רעליגיעזער שטייגער אין דער היים און נאָך מער;
3. — רעליגיעזע פּראַקטיק אין בית־מדרש;
4. — ליטעראַטור, פּרעסע און קונסט — אַלטע און נייע ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן;
5. — מדינת ישראל;
6. — צדקה;
7. — אידעאָלאָגישע משיחישע שטרעבונג צום באחרית הימים וואָס איז אינסופיק.

איטלעכער פון די פונקטן פאַרלאַנגט אויפקלערונג.

ייִדיש לשון איז ביי היינטיקן טאָג דער וויכטיק־סטער פאַרבינדער פון ייִדן איבער דער גאָרער וועלט און אַזוי אויך מיט די פריִערדיקע דורות. איבער־הויפּט איז עס וויכטיק איצט ווען דאָס ייִדנטום פון מזרח־אייראָפּע איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאָרער וועלט, צווישן אַלע פעלקער. אָן ייִדיש־לשון וועלן מיר צעשניטן ווי אַ פאָלק־כרת. ייִדיש און העב־רעיִש זענען נישט קיין צוויי באַזונדערע קולטורן וואָס באַקעמפן זיך צווישן אַנאַנד, זיי זענען נישט קיין שנים אוחזין בטלית און מען קריגט זיך. זיי זענען ביידע איין קולטור, טיילן פון איין קולטור, און ווו עס איז נישטאָ קיין ייִדיש, דאָרטן האַלט זיך שוין אויך נישט קיין העברעיִש. עס געפעלט נאָר מיר נישט די מאָדע וואָס עס האָט זיך איינגעשטעלט אין די קרייזן צו ווערן צווייִשפּראַכיק: זאָגן אַ וואָרט און אים תיכף איבערזעצן, שרייבן אַ וואָרט און אים תיכף איבערזעצן, שרייבן אַ דאָקומענט איז ווידער תיכף אין ביידע שפּראַכן. דאָס ערשט מאַכט אונדז פאַר אַ מין צוויי פעלקער, וואָס ווינען צוזאַמען, עלעהיי פראַנצייזן און ענגלענדער אין קוויבעק, ענגלענדער און אַפריקאַנס אין דרום־אַפריקע. מיר אָבער זענען נישט קיין העברעער און ייִדן, מיר זענען דווקא פאַר־קערט איין פאָלק און מיר האָבן קולטור־ווערטן וואָס זענען אַ מאָל אין ייִדיש און אַ מאָל — אין העברעיִש. אַ מאָל ריידן מיר, אַ מאָל שרייבן מיר ייִדיש און אַ מאָל העברעיִש. אונדזער ייִדיש יחוסט זיך מיט העברעיִש און אונדזער העברעיִש דאַרף האָבן אַ ייִדישן טעם. מיר האָבן פון אייביק אָן געהאַט ביידע שפּראַכן און זיי זענען ביי אונדז געווען ווי אַ שטוב מיט אַ שאלקע, אַ וואָך און אַ שבת אָבער נישט קיין אויסערשלאַק מיט אַן אונטערשלאַק, וואָס איינער קומט נישט אָן דעם צווייטן.

כל־זמן עס וועט לעבן ביי ייִדן ייִדיש, וועלן מיר זיין איין פאָלק אין אַלע אונדזערע צעשפּרייטונגען, וועלן מיר ממשיך זיין אונדזער קולטור־וועג, אונדזער רעליגיעז־וועלטלעכע טראַדיציע און שטייגער און אַ טייל פון דעם וועט זיין אין העברעיִש, מסתמא וועט עס זיין דער רעליגיעז־יום־טובדיקער. וועלן מיר אָבער זיך אָפּזאָגן פון ייִדיש, אָדער מיר וועלן אָפּי־ציעל יוצא זיין פאַר צוויי שפּראַכן וואָס קריגן זיך צווישן זיך, ווי פאַר צוויי באַזונדערע פרויען וואָס מיר דערקלערן זיך ביידן אין ליבע, וועלן מיר פאַר־לירן ביידע און געווינען וועט גאָר אַ דריטע, אַ פרעמדע.

דער רעליגיעזער שטייגער אין שטוב און אין בית־מד״ש איז ביי אונדז — אין תוך אַריין — דער נאַציאָנאַלער שטייגער וואָס האָט אין משך פון דורות געקראָגן אַ רעליגיעזן מאַנטל. ווי אַזאַ נעמט ער אַרום נאָך מער ייִדן, איז ער נאָך עלטער ווי ייִדיש־לשון. ער איז פאַר אונדז גאָר אַן אומגעהייער וויכטיקער צעמענטירנדיקער פאַקטאָר אין ייִדישן לעבן איבער דער וועלט. כל־זמן ייִדן זאָגן שמע ישראל... אחד, וועלן זיי זיין אויך עם אחד. עס גייט דאָ לגמרי נישט וועגן רעליגיעזן הונדערט־פּראָצענטיקן גלויבן, — די פּראַקטיק שאַפט די נאַציאָנאַלע גאַנצקייט און נישט דער גלויבן. עס איז אויך פאַלש און נאַציאָנאַל שעדלעך דער צוגאַנג אַז מען מוז זיין אַ ייִד וואָס גלייבט אין אַלע עיקרים כדי צו גיין אין אַ בית־

מדרש אַריין, און אויב נישט, איז מען אַ היפּאָקריט, אַ ליגנער און אַ פֿאַלשער מענטש. מיינע מצוות און עבירות זאָל ציילן דער רבונו של עולם, ער האָט געניג ציילער און בוכהאַלטאָרן. — איך ווייל אָבער זיין מיט ייִדן און מיט דער ייִדישער טראַדיציע אויב אַפילו עס איז נאַריש און איך ווייל נישט זיין אַן אָפּגעריסענער חכם, וואָס דערווייטערט זיך פון ייִדן און פון ייִדישקייט, ווייל עס איז מוקצה מחמת רע־ליגיע. עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס אין מדינת ישראל האָט מען הײַיאָר געמאַכט אַ שטאַרקן השיבנו נאַזאַד צום בית־מדרש אַריין אַפילו אין אַלע קיבוצים. איך בין חושד, אַז דער וויזיט פון אַ גרופּע יונגטלעכע האָט דאָ געהאַט אַ ווירקונג מען האָט זיך אַרומגעזען אַז מען מוז האָבן אַ שטייגערישע פֿאַרבינדונג מיט אַלע ייִדן. כל־זמן עס איז אָנגעגאַנגען אַ מין „אתה בחרתנו מכל היהודים“, האָט מען קיין רעליגיע־שטייגער נישט געוואָלט קענען און וויסן. אַז מען האָט זיך פּאַרקערט, פֿאַרבענקט נאָך ייִדן, נאָך ייִדן הינטער אַ באַריער, האָט מען זיך פֿאַרבענקט נאָך רעליגיעזער ייִדישקייט אויך. און נאָך מער איז עס נייטיק אין די גלותן: אַ ייִד וואָס איז נישט פֿרעמד אין בית־מדרש, איז ווייטער פון אַסימילאַציע; מיר איז נישט שטאַרק צום האַרצן דער „בעבור שנדב“ אין בית־מדרש, אָבער איך גלייב אַז דער ייִד וואָס איז נישט צוגעווינט צו דעם, וועט אויך אויף אַנדערע צוועקן זיין אַ קנאַפּער געבער. בכלל איז די וועלטלעכע ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכקייט אַ טראַנספֿאָרמאַציע פון דער רעליגיעזער. אָן איר האָבן מיר נישט קיין אַנדער שטייגער, קיין פֿעסטן איינגעוואָרצלטן, טראַדיציאָנעלן שטייגער און עקס ניהיל ניהיל עסט, אַ יש מאַין קענען מיר נישט שאַפֿן און מיר בלייבן אויך אָן אַ נאַציאָנאַל־וועלטלעכן שטייגער. אָן אַ שטייגער קען זיך ייִדישקייט האַלטן העכסטנס אַ פּאָר דורות און זי מוז אָנווערן יעדער אינהאַלט.

בכן דאַרף די רעליגיעזע שטייגערישע ייִדישקייט שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער דערציִונג. עס איז נאָר אַ טעות צו מיינען אַז דאָס קען מען געבן אין דער לערנשול, אויף לעקציעס. דאָס איז דער אויפֿגאַב פון דעם בית־מדרש, פון דער היים אָבער נישט בלויז פון דער שול.

מען דאַרף אָבער דערביי געדענקען, אַז עס איז אַ גרויסער טעות (און אַ מאָל נאָך ערגער) פון די וואָס ווילן שטעלן די גאַנצע ייִדישע דערציִונג נאָר אויף רעליגיע אַליין, דאָס איז בכלל די טאַקטיק פון די טיילווייזע ייִדן, וואָס נעמען איין טייל פון דעם גאַנצן סכום ייִדישקייט און זיי ווילן מיט דעם יוצא זיין. דעם זעלביקן טעות און אפשר נאָך אַ גרעסערן — מאַכן די וואָס שטעלן די גאַנצע ייִדישע דערציִונג נאָר אויף מדינת ישראל. אין דעם זענען פֿאַראַן אַ סך סכנות פֿאַרן המשך פון ייִדישקייט. די פֿאַרזיכיקייט, וואָס עס האָט זיך געקענט דערלויבן ארץ־ישראל אונטער טערקיי, די פֿולע אויטאָנאָמיע וואָס ארץ־ישראל האָט געהאַט בנוגע צו דערציִונג אין די צייטן פון מאַנדאַט, און — נאָך מער — איצט אין צייטן פון מדינישער סוווערענקייט, קען זיך קיין שום ישוב אין קיין גלות נישט דערלויבן.

אָבער אויך דאָרטן זענען פֿאַראַן צוויי טענדענצן, איינע אַ געזונטע און די צווייטע איז אַ שעדלעכע און מסוכנע. די ערשטע איז די פֿולע אומאָפּהענגיקייט, די גאַנצקייט פון דער גאַנצער דערציִונג, וואָס נאָר אַ מדינה קען זיך דערלויבן. וועלן מיר דאָס רופן ביטול הגלות. און די צווייטע איז די אַלטע טענדענץ פון שלילת הגלות. די לעצטע דריקט זיך אויס אין אַ פֿאַרלאַנג זיך אָפּצורייסן פון דער גאַנצער ייִדישער דורותדיקער קולטור פון גלות, פון דער שפּראַך, פון דער ליטעראַטור, פון דער געשיכטע אַפילו, אין דעם פֿאַרלאַנג צו וועלן בויען אַ ניי פֿאָלק וואָס אין לו חלק ביעקב. די לעצטע טענדענץ האָט שוין געפֿירט צו אַ באַוועגונג פון כנעניזם: מען האָט זיך געמאַכט צו קליינגעלט, צו אַ נאַרישן שפּיל פון ייִנגלעך. אָבער אין משך פון עטלעכע יאָר האָט די זעלביקע טענדענץ זיך אָפּצורייסן פון היסטאָרישן ייִדישן פֿאָלק באַקומען נייע פֿירער אין פּערזאָנען וואָס שטייען בראש פון דער מדינה. דאָס ווילן זיי מאַכן דעם „שפּרונג אין דער געשיכטע“ פון דעם תנ״ך ביז זיי, פון מסדה ביז תל חי, פון די חשמונאים ביז בן־גוריונען. אַלץ וואָס צווישן דאַרף מען אַוועקוואַרפֿן, אַרויסוואַרפֿן. מען דאַרף זיך אָפּזאָגן, אָפּגעזעגענען פון דעם גאַנצן פֿאָלק וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין דער צווישנצייט, וואָס האָט געלעבט און געשאַפֿן אין אָט דער גאַנצער צייט־אומצייט און וואָס ער האָט דאָס־פֿאָלק־אומפֿאָלק וואָס מען דאַרף אויסמעקן זיין געדעכעניש, וואָס ימח שמו, האָט דאָס דערפֿירט ביז צו דער מדינה. „מיינע קינדער, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין תל־אָביב האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט פּלאָנסק (בן גוריונס געבוירן־שטאָט)“. דאָס זאָל האָבן געזאָגט אָדער געשריבן דער באַליבטער פֿירער פון דער מדינה, און דאָס באַטייט „כרת“ — אָפּשניידן זיך פון דעם היסטאָרישן ייִדישן פֿאָלק. (איך מיין אַז יעדער לייענער פון די פּאָר שורות פֿילט דעם זעלביקן ווייטיק אין האַרצן לייענענדיק וואָס דער שרייבער — שרייבנדיק! ווי איז אונדז!) דאָס איז די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער שנאה און האַס נישט צום גלות נאָר צום פֿאָלק אין גלות וואָס אין דער רעדע פון יונגן גראַדואַנט פון דער הרצליה־גימנאַזיע אין יאָר 1913, אין דער פֿראַזע „עד שקמנו אנו“. און קומען קומט דאָס פון דעם אַלט באַקאַנטן מקור — פון דער עגאָפֿאָביע.

אין דער זעלביקער צייט איז די צווייטע טענדענץ, וואָס מיר האָבן באַצייכנט ווי אַ געזונטע, דער ביטול

הגלות וויט נישט קיין פולע. די גאַנצע פּעדאַגאָגיק אין ארץ ישראל איז אין אָנהייב פון יאָרהונדערט געווען געבראַכט פון רוסלאַנד. שפּעטער איז אַ שטיקל צייט געווען אַ דייטשישע השפּעה, ווייטער איז גע־קומען אַ השפּעה פון פראַנקרייך און איבערהויפּט פון ענגלאַנד. איצט האַלט מען אין איין אַדאָפּטירן גע־דאַנקען און אידעען פון אַמעריקע. ביז ווהין עס קענען פאַרפירן די קאָמבינירטע פולע שלילת הגלות מיט דעם נישט פולן ביטול הגלות — זאָל שוין בע־סער אין גאָט אויסהיטן. אַפילו די צוקונפט פון דער העברעיִשער שפּראַך איז ווייט נישט גאַראַנטירט. נישט איין מאָל איז אין אונדזער געשיכטע געשען אַן אַסימילאַציע אין דעם אייגענעם לאַנד גופא. באשר עס פריידט אונדז צו וויסן אַז אין דער זעלביקער מדינת ישראל זענען פאַראַן גאַנץ שטאַרקע אַנדערע טענדענצן, טענדענצן פון המשך. לאָמיר האָפן אַז זיי וועלן גובר זיין.

נישט אין פאַרגלייך שעדלעכער און מסוכנער זע־נען די שלילת הגלות טענדענצן ווען מען וויל זיי איינפלאַנצן אין גלות גופא, ווען מען וויל בויען די גאַנצע דערציִונג בלויז אויף מדינת ישראל, בלויז אויף דעם עצם פאַקט פון מדינת ישראל און אויף אירע קולטור־טענדענצן. אָט דער גאַנצער אימפּאָרט פון שלילת הגלות אין גלות אַריין קען בלויז העלפן דער אַסימילאַציע, וואָס איז אַזוי אויך גענוג שטאַרק כדי אומצוברענגען דעם שארית ישראל אין דער וועלט. אַזאַ דערציִונג בלויז אויף מדינת ישראל קען אָפּרייסן די קינדער פון זייער סביבה, פון זייערע עלטערן, זיידעס און טראַדיציע בכלל, פון שטייגער, פון יידיש לשון פון בית מדרש און פון דעם בית־מדרש לשון, פון לשון־קודש מיט זיין טראַדיציע; די פּעדאַגאָגיק וואָס וויל גלאָריפיצירן דאָס לעבן אין מדינת ישראל דאַרף דאָך נישט פאַרהאַסן דאָס פאָלק אין גלות, די גולה, איר קולטור און איר שטייגער... זי קען אָבער נישט־פאַרמינערן דעם אָנזען פון דער לאַנד־קולטור. קומט אַרויס: דאָס יידישע איז פאַר־מיאוסט, און דאָס נישט־יידישע איז נאָרמאַל און הערשעריש און קאַריעריסטיש און געאַכפּערט און געשעצט. נמצא, אַז די דערציִונג בלויז אויף מדינת ישראל מוז פירן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, זי העלפט דער אַסימילאַציע. זי רייסט אָפּ פון יידישקייט.

עס קומט אַרויס אַ שלילת הגולה און אַ חיוב הגלות — פון יידן צו דעם הערשנדיקן אַרומיקן פאָלק, צו אַסימילאַציע. און מיר דאַרפן אין אונדזער דערציִונג דאָס פאַרקערטע: אַ שלילת הגלות און אַ גבורת הגולה, גדולה שבתפארת, שבגבורה פון דער גולה וואָס האָט אַריבערגעטראָגן און גרייט זיך ווייטער אַריבערטראָגן אַלע גלותן און אַלע עגאָפּאָבישע שלילות.

נישט געקוקט אויף אַלע סכנות און דעפעקטן ווערט דאָך מדינת ישראל ווי אַ פּראָדוקט פון יידיש פאָלק אין דער גאָרער וועלט גאָר אַ וויכטיקער דערציִענ־דיקער פאַקטאָר, ווי אַ פאַרבינדער צווישן יידן אין אַלע עקן וועלט, ווי אַן אויסדרוק פון די משיחישע שטרעבונגען אין פאָלק, ווי אַ פאַרקערפּערונג פון אַלטע גאולה־חלומות וואָס זענען און וואָס דאַרפן בלייבן אין־סופיק, אייביק.

ווי גוט וואָלט עס געווען ווען מדינת ישראל בויט איר קולטור־שטייגער ווי אַ דירעקטער המשך פון אונדזער גאַנצער היסטאָרישער קולטור ווי דאָס פאָלק האָט זי געשאַפן און געטראָגן ביז איצט! ווי נוציק עס וואָלט געווען ווען די מדינה וויזט אַ ביישפּיל ווי יידן קענען בויען אַ פולשטענדיק פאַרזיכיק לעבן ווען זיי ווילן! זענען מיר אָבער פאַרשאָלטן מיט דער עגאָפּאָביע און זי קומט און צעמזיקט אַלץ וואָס עס קען זיין גוט ביי אונדז אַפילו אין דער אייגענער מדינה.

ווי אַ הומאַניסטישע מוז זיך אונדזער דערציִונג באַזירן איבערהויפּט אויף ליטעראַטור. זי איז דאָס בכוח אַרויסצוווייזן די גבורת הגולה, זי קען ווייזן דעם הוד שבתפארת פון דער גולה אין דעם „אבי גלות מרה" (ביאַליק). ליטעראַטור איז דער וויכ־טיקסטער לימוד פון אַלע לימודים אין דער יידישער שול. דער קריטעריִ ביים אויסקלייבן ווערק צום ליי־ענען, צום לערנען איז אהבת ישראל און תפארת ישראל. די איבעריקע קריטעריעס זענען ריין מעטאָ־דישע און נישט דאָ דאַרף מען זיי באַטראַכטן.

## די פאַרשיידענע דערציִערס

עס טאָר קיין לערער נישט זאָגן אַז ער קען דורכ־פירן אַלע אויפגאַבעס, עס קען קיין שול נישט נעמען אויף זיך די אַלע אויפגאַבעס און פּרובירן קאָנצענט־רירן ביי זיך אין אירע ווענט אַלע פאַקטאָרן וואָס דאַרפן דערציִען אַ פולן פילזייטיקן יידן אין אַ האַר־מאָנישער גאַנצקייט. עס טויג נישט אַז די דערציִונג וועט זיין אַ רעליגיעזע און אָפּגעטיילט פון איר אויך אַ וועלטלעכע: זי דאַרף איינצייטיק זיין אַ רעליגיעז־וועלטלעכע, זי דאַרף מיט דער זעלביקער פּיעטעט, מיט דעם זעלביקן הייליקן געפיל געבן די קינדער דאָס רעליגיעזע און דאָס וועלטלעכע, זי דאַרף אַנט־וויקלען איינצייטיק אַ רעליגיעז־באַגייסטערטן געפיל צו דעם וועלטלעכן און אַ וועלטלעך־דערהויבענעם געפיל צו דעם רעליגיעזן. פּונקט אַזוי דאַרף די יידישע דערציִונג אין גלות זיין איינצייטיק אַ יידיש־העברעיִשע. נישט אין איין שעה זאָל דער העברעיִש־לערער מבטל זיין יידיש, כדי אין אַ שעה שפּעטער זאָל עס טאָן דער יידיש־לערער בנוגע צו העברעיִש. עס טאָר נישט זיין קיין יידישיסטיש־העברעיִסטישע נאָר איין יידישע וואָס איז כולל אויך דאָס העברעיִש.

אַזוי ווייטער דאַרף די שול זיין אַן אַלט־נייע, אַ תנ״כיש־ליטעראַרישע, און אַ וועלטלעך־תלמודישע, אַ גלותדיק־ישראלישע. עס טאָר נישט זיין ווי צוויי קעגנער וואָס מאַכן שלום צווישן זיך נאָר ווי איין גאַנצקייט וואָס האָט צוויי חלקים, צוויי אויגן, אַ האַרץ און לונגען און בײדע זענען גלייך וויכטיק, ווייל אַלע צוזאַמען שטעלן זיי צונויף דאָס וואָס מיר רופן ישראל אחד, צוזאַמען שאַפן זיי די אחדות האומה ושלמותה, איר גאַנצקייט און איינהייטלעכקייט.

דאָס איז דער זינען און די פּראָגראַם פון דער אינטעגראַלער ייִדישקייט און דאָס איז דער תוך פון דער אינטעגראַל־ייִדישער פּעדאַגאָגיק.

דאַרף די דערציִונג פון אַן אינטעגראַלן ייִדישן מענטשן זיין צעטיילט אין פאַרשיידענע ערטער אויך מחוץ דער לערנשול. בית־מדרש און טעאַטער, חזן און קאָנצערטן, ספּאָרט און קלאַס. איינס שטערט נישט דעם צווייטן נאָר ער איז ממלא.

מיך פּערזענלעך פריידט עס וואָס איך קען אַריינ־נעמען אין מיין וועלטלעכן וועלטבאַנעם נישט בלויז דעם תנ״ך מיט זיינע רעליגיעזע פאַרהייליקטע נבי־אים, נישט בלויז אַ היפּש בינטל מאמרי חז״ל וואָס איך זע זיי וועלטלעך און וואָס העלפן מיר אָפט שאַפן מיינע ריין וועלטלעכע מיינונגען און געדאַנקען, ניי־ערט אַפילו דעם תניא. קיין אַרבעט האָט מיך מאָראַ־ליש אַזוי נישט באַפרידיקט ווי די: זי האָט מיך אי־בערצייגט אין מיין אייגענער אינטעגראַלער ייִדיש־קייט.

און כדי צו דערגרייכן די איינהייטלעכקייט אין דער פילזייטיקייט פון דער ייִדישער דערציִונג וואָלט געדאַרפט זיין אַ פאַרשטענדניש צווישן עטלעכע צענטערן פון ייִדיש לעבן: דער רעליגיעזער דעפּאַר־טאַמענט פון דער קהילה דאַרף ענערגיש זיך נעמען צו אָרגאַניזירן דעם אָנטייל פון די קינדער און יוגנט־לעכע אין רעליגיעזן לעבן פון בית־מדרש, יוגנט־מנינים, סיסטעמאַטיש אָנטייל אין דאַווענען פון גרוי־סע, מיטדאַווענען און מיטהאַלטן דעם נוסח־ניגון, שבת־קלאַסן פאַר קריאת התורה, בר־מצווה (און בת־מצווה! אומבאַדינגט!) מיט באַשטימטע פאַרפליכטונ־גען, חזנים־גרופּעס וכדומה. דאָס אַלץ קען די לערנ־שול נישט מאַכן, סיידן זי וויל נאָר יוצא זיין, האָבן מיט וואָס זיך צו באַרימען. דאָס אַלץ דאַרף זיין אַ באַזונדערער אויפגאָב פאַר די בתי־מדרשים.

דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה־דאַרף באַזונדער אויסטיילן פון זיך אַ קאָמיטעט זיך צו פאַרנעמען מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער אויסער־שול־אַקטיווקייט פון די שולקינדער און פון די יוגנט־לעכע. ער דאַרף אָרגאַניזירן סיסטעמאַטישע קאָנ־צערטן, טעאַטער, רעציטאַציעס, דיסקוסיעס, מוזיק־אוידיציעס מיט דערקלערונגען, אויסשטעלונגען פרעסע איבערזיכטן, שטודיר־קרייזן, מוזיי און בי־בליאָטעק מיט אַקטיווע אַרבעט־פּלענער.

בלייבט פאַר די שולן צו געבן ייִדיש וויסן און דורך דעם וויסן צו ווירקן אויף דעם געוויסן, צו קאָאָרדינירן די אַלע אַקטיווקייטן פון אַנדערע דע־פּאַרטאַמענטן. דעמאָלט, בין איך זיכער, וועט די דערציִונג האָבן דעם אמתן דערפאָלג און מיר וועלן אויסהאָדעווען אַקטיווע ייִדן.



**חיים בעז** (ניו־יאָרק)

# די יידישע ליטעראַטור און די מאָדערנע יידישע שול

— I —

אין דער ייִדישער וועלט ווערט היי־יאָר געפייערט די דאַטע פון 100 יאָר ייִדישע ליטעראַטור. מיט 100 יאָר צוריק האָט דער זיידע, מענדעלע מוכר ספרים, פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ווערק אויף ייִדיש א״נ „דאָס קליינע מענטשלע״ און האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן עולם.

„דאָס קליינע מענטשעלע״ האָט זיך געדרוקט אין המשכים אין דער ערשטער ייִדישער צייטונג „קול מבשר״, וואָס האָט גענומען דערשיינען אין יאָר 1863 אין רוסלאַנד.

די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּרעסע און פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז געגאַנגען האַנט אין האַנט. די ייִדישע ליטעראַטור האָט דערהויבן און געגעבן נאַציאָנאַלן און קינסטלערישן באַטייט דער ייִדישער בלאַט־צייטונג. די פּרעסע, אַנטקעגן, האָט פאַר דער נייער ליטעראַטור געדינט ווי אַ גוטע אַכסניה און געהאָלפן אַנטוויקלען דעם ייִדישן לייענער. ביסלעכווייז זעען מיר די ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען אין ייִדישן לעבן:

א) די ייִדישע ליטעראַטור באַקומט פליגל. זי גיט אַרויס אַזעלכע גרויסע שריפטשטעלער, ווי י. ל. פּרץ, שלום עליכם, אַברהם רייזען, פון דעם אָרעמען מעמד פון אַ פּאַקן־טרעגער־ליטעראַטור ווערט זי אַ ליטעראַטור ממש. עס קומט אויף אַ גאַנצע פּלעיאַדע טאַלאַנטירטע ייִדישע שרייבער.

י. ליניעצקי, מ. ספּעקטאָר און יעקב דינעזאָן זענען נאָך בעיקר געווען שרייבער פאַרן פאָלק. זיי האָבן געזוכט צו באַלערנען די ייִדישע פאָלקסמאַסע, שילדערן דאָס ייִדישע פאָלקס־לעבן און אַריינטראָגן פרייד אין דער ייִדישער שטוב. דער טיפּ ליטעראַרישע שאַפונג, ווי עס איז געווען „דאָס פּוילישע יינגל״, „דער ייִדישער מוזשיק״, „יאָסעלע״, האָט נישט געטאָרט צו פיל אָפּווייכן פון דעם דורכשניטלעכן געשמאַק און האָט זיך נישט געקאָנט אויפהייבן צו הויך איבער דער גייסטיקער וועלט פון ייִדישן לייענער.

מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פּרץ, ה. ד. נאָמבערג שטעלן שוין מיט זיך פאָר אַ נייע מדרגה אין אונדזער ליטעראַטור. זיי זענען פאָלקשרייבער און נישט אַלע מאָל שרייבער פאַרן פאָלק. פאָלקשרייבער באַטייט שריפטשטעלער וואָס העלפן בויען און אַנטוויקלען דורך זייערע ווערק אַ נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. זיי ווילן רעדן אויך צום למדן, צום אויפגעקלערטן, פּונקט אַזוי ווי צום פּשוטן און ווייניק־אויפגעקלערטן לייענער. זיי האָבן אויך געזוכט צו דערגרייכן די ניי־אויפגעקומענע אינטעליגענטישע שיכטן אין ייִדישן לעבן, וואָס האָבן שוין גענאָסן פון דער אייראָפּעיִשער בילדונג, וואָס האָבן שוין טועם געווען פון דער רוסישער, פּוילישער און פון דער רייכער מערב־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור.

מיט פּרצן גייט די יונגע ייִדישע ליטעראַטור אַרויס אויפן ברייטן שליאַך. זי זוכט דעם „אויבן נאָך ניט העכער״ אין ייִדישן לעבן און זי נעמט אויף אין זיך די שעפערישע השפּעות פון דער גרויסער און רייכער וועלט־ליטעראַטור. י. ל. פּרץ זעט אין ייִדיש אַ נאַציאָנאַלן כוח וואָס דאַרף פאַרבינדן דורות און צייטן און דאַרף אָפּשפּיגלען די גאַנצע אייגנאַרטיקייט און סאָציאַלע פילאַרטיקייט פון אונדזער פאָלקס־לעבן.

ב) די ייִדישע פרוי, וואָס איר וועלט איז פריִער געווען די „צאינה־וראינה״, ווי ווייבערישע תחינה, אָדער די מעשה וואָס איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, איז איצט געוואָרן די באַהאַרצטע ייִדישע „לעזערין״. דער נייער ייִדישער שרייבער האָט אויך גענומען שילדערן מיט אַ סך ליבשאַפט און לעבנסגעטרייִשאַפט די ייִדישע פרוי. דאָס איז געשען אין דער צייט, ווען די גרויסע ענדערונגען אין די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון לעבן האָבן געפירט צו אַן אינעווייניקסטער עמאַנסיפּאַציע פון דער פרוי אין דער ייִדישער געזעלשאַפט.

די פאַרצייטיקע ייִדישקייט האָט געלויבט די ייִדישע פרוי ווי אַן אשת־חיל — איר איבערגעגעבנקייט און געטרייִשאַפט צו דער משפּחה. די מאָדערנע אַרבעטער־ און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען האָבן פון דער פרוי געמאַכט אַ קאָמפּעריין, וואָס האָט צוזאַמען מיטן מאַן דערפילט דעם אָנזאָג פון דער שטורמדיקער צייט.

די ייִדישע ליטעראַטור אין די ווערק פון י. ל.

פּרץ, שלום אַש, אַברהם רייזען, דוד בערגעלסאָן, יוסף אָפּאַטאָשו, האָט די ייִדישע פּרוי געשילדערט ווי אַ מענטש. דאָס איז געווען די העכסטע מדרגה פון אינערלעכער און פולער עמאַנסיפּאַציע.

ג) עס איז צום לויב פון דער נייער ליטעראַטור, וואָס זי האָט אירע לייענער געפונען צווישן די פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן, וואָס האָבן עקסיסטירט אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. אַזוי דאַרף זיין די פּאָזיציע פון אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. דער סאַמע געטרייסטער לייענער, וואָס האָט געטראָגן די גרעסטע נאָענטקייט צום ייִדישן שרייבער, איז אָבער געווען דער ייִדישער אַרבעטער און פאָלקס־מענטש. אין דער ליטעראַטור האָט ער דערקענט זיך אַליין, זיין אייגן לעבן.

די ייִדישע דיכטונג האָט אויפגענומען זיין ווייגעשריי און די עוולה וואָס ער האָט געטראָגן קעגן דעם פאַלשן סדר־העולם: י. ל. פּרץ, אַברהם רייזען, ש. פרוג — אין רוסלאַנד און פּוילן; מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד, ד. עדעלשטאַדט און י. באָוושאָווער — אין די פאַראייניקטע שטאַטן; זייער סאָציאַלער פּראָטעסט האָט אויפגערודערט די ייִדישע אַרבעטערשאַפט. אין קיין צייט איז נישט געווען אַזאַ נאָענטע פאַרבינדונג צווישן אַ ליטעראַטור און דעם רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד ביי אַ פאָלק ווי אין יענער פּיאָנערישער תקופה, ווען עס איז אַנטשטאַנען די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור.

י. ל. פּרץ און מ. ספּעקטאָר האָט מען אַרעסטירט ביי אַ פּאָליטישער פאַרזאַמלונג, וואָס איז אין וואַרשע דורכגעפירט געוואָרן ווי אַ כלומרשטע חתונה מיט מחותנים, אונטערפירערס אאַז״וו. ביידע ייִדישע שרייבער האָבן פאַרבראַכט שיינע עטלעכע וואָכן אין דער וואַרשעווער תפיסה. ספּעקטאָר האָט דעם אינצידענט געענוי באַשריבן. דאָס סימבאָלישע איז, וואָס די צוויי באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע ווערק פון י. ל. פּרץ זענען געשריבן געוואָרן אין וואַרשעווער פּאַוויאַק. די צוויי דערציילונגען זענען: „אויב נישט נאָך העכער“ און „צווישן צוויי בערג“.

ד) אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָבן געווירקט צוויי טענדענצן: אַ מענדעלע־טענדענץ און אַ י. ל. פּרץ־טענדענץ. איינע איז געווען קריטיש בנוגע דעם ייִדישן לעבן און געזען די ייִדישע ווירקלעכקייט גראָטעסק, האָט אויפגענומען, בעיקר, דאָס וואָכעדיק־גרויע און דאָס וואָס מוז קריטיש באַהאַנדלט ווערן. די צווייטע האָט געזען די טיפערע כוחות וואָס ווירקן אין ייִדישן לעבן, נישט די וואָך, נאָר אפשר דעם נס פון ייִדישן קיום.

י. ל. פּרץ האָט אויפגענומען דאָס שבת־יום־טובדיקע, די נשמה־יתירה פון פּשוטן ייִדן. רעאַליזם איז בעיקר געווען אַ דורכגאַנג־תקופה אין זיין שאַפן. שפּעטער איז י. ל. פּרץ דורכויס אַ רעאַליסט־ראָמאַנטיקער. ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז אויך דעם מענטשלעכן „א י ך“. ער זעט דאָס בונטאַרישע און נישט נאָר די נאָכגיביקייט פון אַן עדה ייִדן וואָס ווייסן נישט ווי אַזוי אַרויסצורייסן זיך פון דעם אייגענעם געמויזעכץ.

אין די ווערק פון י. אָפּאַטאָשו, ווי: „אין די פּוילישע וועלדער“, „ייִדן־לעגענדע“, „ווען פּוילן איז געפאַלן“ — קומט צו אַ פאַראייניקונג פון ביידע טענדענצן: די פּרץ־שיטה און די מענדעלע־שיטה. אויך י. אָפּאַטאָשו פאָדערט די טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט, „דעם מאָנטיק און דעם מיטוואָך“, דעם מענטשן מיט זיינעליידנשאַפטן, זיין אײדלקייט און אויך מיט זיין מענטשלעכער פּראָסטקייט. י. אָפּאַטאָשו דערהייבט זיך אָבער אין זיינע שפּעטערדיקע שאַפונגען פון ווירקלעכקייט צו ייִדן־לעגענדע. יעדער טאָג פון ייִדנס לעבן איז צוויי מאָל אַ נס אין דער גאַנצער ייִדישער לעבנשטייגער. די ראַנגלענישן פונעם ייִדן אין אַ פרעמדער וועלט אויפצוהיטן זיין יום־טוב און זיין וואָך איז אַליין אַן אַקט צו באַוווּנדערן.

די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור איז ביסלעכווייז אַוועק פון דער פאַרניינונג, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט איר ערשטע תקופה, און איז דערגאַנגען ביז צו באַיאָונג, וואָס כאַראַקטעריזירט די סאַמע שעפערישסטע תקופות אין דעם ייִדישן ליטעראַרישן שאַפן.

ה) די ייִדישע ליטעראַטור האָט נישט נאָר אַריינגעטראָגן אַ נייעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַוווּסטזיין, זי האָט אויך געהאָלפן דורכפירן גרויסע רעפאָרמען אין ייִדישן לעבן. די וויכטיקסטע פון זיי איז געווען צו העלפן רעפאָרמירן די ייִדישע דערציִונג און באַשאַפן אַ נייע און מער מאָדערנע ייִדישע שול.

— II —

די מאָדערנע ייִדישע שול האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געפייערט אַ האַלבן יאָרהונדערט פון איר עקסיסטענץ. פאַר אַ מאָדערנער באַוועגונג אין אונדזער ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז דאָס אַ גאַנץ היפּשער משך צייט. ווי אַלט זענען אַלע אַנדערע גרויסע באַוועגונגען אין אונדזער פאָלקסלעבן? מען קען אָנווייזן אויף איין יאָרצענדליק, אָדער איין־און־אַ־האַלב יאָרצענדליק (1897—1908), ווען אַלץ אין ייִדישן לעבן האָט זיך גענומען פורעמען, ווען ס'האָט גענומען פון דאָס ניי געבוירן ווערן: די נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין ייִדישן לעבן, די ייִדישע אַרבעטערבאַוועגונג און די ייִדישע קולטור־באַוועגונג.

איצט — אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער — קענען מיר זיי אַלע באַטראַכטן אין פּערספּעקטיוו. היינט זעען מיר זייערע גרונט־טענדענצן און זייער היסטאָ־

רישע גרונט־כּוונה. דאָס לעבן פון יידן אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע האָט זיך דעמאָלט געפונען אויפן זעלבן שיידוועג, ווי דאָס לעבן פון די מערב־אייראָפּעישע יידן אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד און עסטרייך צווישן די רעוואָלוציעס פון 1789 און 1848. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, פאַר אַריינטרעטן אין דער אייראָפּעישער געזעלשאַפט, פאַר מאָדערניזירן דעם יידישן לעבן־שטייגער און מאַכן פּראָדוקטיווער די יידישע פרנסות.

אין מערב־אייראָפּע איז אָבער דער דרך געווען אַזאַ: כּדי צו באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג זענען פראַנצייזישע און דייטשישע יידן געווען גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון זייער געמיינדע־לעבן, דערקלערן זיך פאַר אויס נאַציע און איבעררייסן מיט זייער עקסיסטענץ ווי אַ היסטאָרישער קאָלעקטיוו.

די מזרח־אייראָפּעישע יידן, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן זייער קאַמף פאַר פּאָליטישע רעכט, פאַר נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און עמאַנסיפּאַציע, זענען אַרויסגעטראָטן פון דורכויס אַנדערע הנחות: זיי האָבן געפאָדערט בירגער־רעכט און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג, אָבער נאָר אויפן יסוד פונעם ווייטערדיקן המשך פון דער יידישער נאַציע, איר קולטור און געמיינדע־לעבן.

מיר האָבן געזען די פאַרווירקלעכונג פון אַ נאָרמאַלער יידישער אַנטוויקלונג ווי אַ פאָלק ערשט אויפן יסוד פון אַן אייגענעם מלוכה־לעבן און פאַליטישער סוווערעניטעט און ווי אַ פאָלק אויף אַן אייגענער טעריטאָריע אין היסטאָרישן יידישן היימלאַנד.

אַנדערע האָבן געגלויבט, אַז די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין דער אייראָפּעישער געזעלשאַפט, זענען אַזוי נאָענט און ממשותדיק, אַז די גאַראַנטיעס, וואָס די מאָדערנע דעמאָקראַטיעס קענען געבן דער יידישער מינאָריטעט, קענען זיין דורכויס זיכער און סטאַביל.

***

דער צושטאַנד אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אַרום 1908 איז געווען אַזאַ: עס איז שוין געווען אַן אַקטיווע פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס איז טיף אַריינגעדרונגען אין די מאַסן פון פאָלק; עס איז געווען אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג. ד״ר הערצלס זאָג „אויב איר ווילט, איז דאָס נישט קיין חלום״ האָט ווייט און ברייט אָפּגעקלונגען אין דער יידישער וועלט. די טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908) האָט אויך אָנגעצייכנט די ריכט־ליניעס פון אַ יידישער קולטור־באַוועגונג.

עס האָט אָבער געפעלט אין יידישן לעבן די נייע שול פאַר דעם יידישן קינד און יוגנטלעכן. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ שול, וואָס זאָל ברענגען צום אויסדרוק דעם נייעם לעבנס־קוק, די נייע האָפענונגען און פאַראַנטוואָרטלעכקייטן, וועלכע עס האָבן אַרויסגעשטעלט די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אין יידישן לעבן.

וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט געהאַט די יידישע דערציִונג סוף 19טן יאָרהונדערט קענען מיר געפינען אין „דאָס קליינע מענטשעלע״ פון מענדעלע מוכר ספרים; „וואָס אַ תלמוד־תורה איז, ווייסט איר זייער גוט, שרייבט מענדעלע, איך פאַרשפּאָר עס אייך צו שילדערן. דאָס איז אַ קבר אויף צו באַגראָבן אָרעמע יידישע קינדער, צו פאַרשלאָגן זיי די קעפּ און אָפּצורייסן פון דער וועלט. דאָס איז אַ פאַבריקע אויף צו פאַבריצירן טויגעניכטסן, לוידיקגייער, בידנע, פאַרוואָרלאָזטע, אומגליקלעכע נפשות״.

די יידישע דערציִונג, וואָס האָט געהאַט אירע גלאַנץ־פּעריאָדן, האָט אַרויסגעגעבן גאונים, רבנים, תלמידי־חכמים, האָט איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס, ווי עס האָט בכלל איבערגעלעבט דער מזרח־אייראָפּעישער ישוב. י. ל. פּרץ כאַראַקטעריזירט דעם דאָזיקן צושטאַנד אין זיין עסיי „דער טאָג״, וועלכן ער שרייבט אין 1905:

„טאַנדעט.

אַלץ איז טאַנדעט: דאָס לעבן, דער האַנדל, די אַרבעט...

אָן ליבשאַפט, אָן זיכערקייט — אָן מאָרגן און שפּעטער — ציטערדיקע שאָטן, ציטערדיקע און כאַפּנדיקע...

פון דער לופט אין דער לופט אַריין...

אַלץ איז נע־ונד; דער ייד, זיין אַרבעט, זיין לעבן, זיין פּאָליטיק... אין אָרט ווי אין דער צייט... צווישן „קויפן״ און „פאַרקויפן״ האָט דער סוחר קיין צייט נישט אָפּצואָטעמען... אָפּהאַלטן, אויסהאַלטן איז ער נישט אומשטאַנד...

אויסגעלערנט אַ שטאָך מיט דער נאָדל, חתונה געהאַט, אַ ווערקשטעל געעפנט — אם לא עכשיו, אימתי? אָפן שטייט די גרוב און וואַרט!

אַלץ איז אויף דער מינוט און פאַר דער מינוט: מיד ליד, פון האַנט צו האַנט... אַבי ווייטער!״

עס האָט געמוזט קומען אין דער יידישער סביבה פון רוסלאַנד, פּוילן, און שפּעטער אין די קאָלאָניעס, וואָס דאָס רוסישע און פּוילישע יידנטום האָבן אויפגעבויט, אַ נייער טיפּ יידישע שול, וואָס זאָל העלפן אין דעם שווערן פּראָצעס פון מאָדערניזירן דאָס יידישע לעבן.

צום ערשטן מאָל האָט אַזוי פּאַסירט, אַז אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון אַ היסטאָרישער תקופה זאָל מען דערהערן די שטים פון פּראָטעסט אין די אינטערעסן פון קינד.

זשאַן זשאַק רוסאָ האָט אָנגעשריבן די נאָוועלע „עמיל", און עס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. עס איז אָבער געווען אַן אינדיווידועלער אַקט, זײַן איינציק־אַרטיקע אַרויספאָדערונג צו דער געזעלשאַפט. אין דער יידישער ליטעראַטור, סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, שטויסן מיר זיך אָן מיט אַ מין קאָלעקטיווער מאַניפעסטאַציע. עס דערשײַנען י. ליניעצקיס „דאָס פוילישע יינגל", דינעזאָנס „יאָסעלע", שלום עליכמס קינדער־מעשיות. דאָס געפיל פון מיטלייד צום יידישן קינד, פאַר וואָס עס געניסט אַזוי ווייניק פרייד און לעבן, פאַר וואָס זײַן קינדהייט און יוגנט פאַרגייען אָן גליק, פילט אויס די ווערק פון מענדעלע, י. ל. פרץ, ח. נ. ביאַליק, אַברהם רייזען און פיל אַנדערע.

לגבי דער ווירקלעכקייט, וואָס פרץ האָט זי כאַראַקטעריזירט ווי אַ לעבן „אָן ליבשאַפט, אָן זיכערקייט, טאַנדעט", פילן מיר שוין דעם ליידנשאַפטלעכן באַגער נאָך אַן אַנדער שטייגער לעבן, וואָס זאָל קענען באַפרידיקן דאָס געמיט פון מאָדערנעם יידן, וועלכער טרעט אַרײַן אין 20סטן יאָרהונדערט. דעם דאָזיקן באַגער טרעפן מיר אָן ביי פרצן שוין אין זײַנע זשורנאַליסטישע אַרבעטן פון די יאָרן 1905—1908. דאָס איז נאָך אײדער דאָס שטורמישע פרצישע געמיט רייסט זיך דורך אין זײַנע שפּעטערדיקע דראַמעס, ווי: „די גאָלדענע קייט", „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק" אד"גל.

וואָס זענען די עלעמענטן פון פרצישן געדאַנקען־גאַנג?

א) דער יידישער באַוווסטזיין און שטאָלץ מיט דער אייגענער נאַציאָנאַלער פאַרגאַנגענהייט. „מען האָט אַמאָל געמיינט — שרייבט פרץ — אַז אַ מענטש ווערט געבוירן אַ ליידיקער טאָוול (טאַבולאַ ראַזאַ) און דאָס לעבן קומט מיט זײַן גריפל און שרייבט. היינט ווייס מען שוין, אַז דער מענטש איז אויך טעטיק, אַז לעבן איז אַ פּראָצעס פון קאַמף צווישן מענטש און מיליע, צווישן מענטש און נאַטור; אַז דער מענטש קומט אויף דער וועלט שוין מיט אַ גרייטער ירושה, מיטן זאָמען פון זײַן ווילן, פון אייגנאַרטיקער קראַפט, מיט זײַן לעבנס־ און קאַמפּס־פעיִקייט, צי ער וועט זיגן, צי ער וועט פאַלן".

י. ל. פרץ מיינט, אַז פונקט ווי דער יחיד־מענטש קומט מיט זײַן אייגענער באַשערטער ירושה, אַזוי קומט אויך אַ פאָלק מיט זײַן היסטאָרישער ירושה, מיט זײַן אייגנאַרטיקן וועג אין לעבן.

דער באַוווסטזיין פון נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט באַוועלטיקט פרצן אין יענער צייט זייער שטאַרק. ער רופט אויס צו דער אַסימילאַציע: „מיט דרך־ארץ רעדט, דרך־ארץ פאַרן אַלטן, פאַרן עלטסטן פאָלק!... דרך־ארץ פאַר אַ פאָלק, וואָס זײַן געשיכטע איז די איינציקע העראָישע וועלט־טראַגעדיע; אָן עפּאָכע פון מסירת־נפש, קידוש השם און אומ־מענטשלעכסטע פּיין און ליידן פאַר דער אידיי".

ב) ביי פרצן פילט מען כסדר נישט נאָר דעם באַוווסטזיין פון פאָלק אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, נאָר אויך פון פאָלק אין דער היינטיקער היסטאָרישער תקופה. פרץ איז קעגן „ווינקל־בויערײַ". ער זוכט די אַלגעמיין־יידישע פאָלקס־אידיי. ער ווייס, אַז „קיין מאָל האָט דאָס בלוטיקנדיקע יידישע האַרץ נישט אַזוי געבענקט צום נביא ווי היינט. צום נביא, וואָס זאָל זיך שטעלן אויפן שפּיץ פון העכסטן באַרג, די וועלט זען און די יידישע וועלט־נשמה אין איר אַנטפּלעקונג".

דעם פּיאָנער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור טוט ווי דאָס האַרץ, פאַרוואָס דאָס יידישע לעבן איז אַזוי פראַגמענטיזירט, פאַר וואָס עס פעלט גאַנצקייט און עס פעלט דאָס באַוווסטזיין, אַז אין דעם קאַמף, וואָס אַ פאָלק פירט, מוז זײַן אייניקייט. מיט באַדויערן שרייבט פרץ:

„אַ וועלט־פאָלק געוואָרן, אַ וועלט מיט בלוט באַפּרוכפּערט, אומעטום אייגענע בית־עלמינס, אומעטום קברים פון אומגעקומענע אויף קידוש־השם, און געאַרבעט ווערט אין ווינקעלעך, אין יעדן לאַנד באַזונדער, אויף יעדן שטיקל ערד באַזונדער און יעדערער פאַר זיך, לויט זײַן שטיקעלע יידישקייט, לויט דעם טראָפּן שכינה...

ווו איז די אַלגעמיין־יידישע פאָלקס־אידייע?"

ג) פרצעס לעבנס־קוק איז מאָדערן, וואָלונטאַריסטיש און אויך טראַדיציע־אָריענטירט. ער רעדט וועגן דעם, אַז עס מוז אויף ס'ניי אויפבלייען אַ יידיש לעבן, וואָס שטיצט זיך אויף פאָלקסטימלעכע סימבאָלן, טראַדיציעס, אַז מען מוז די ביבל צוריק ברענגען צום פאָלק ווי אַ זאָמען. ער רופט אויס, אַז עס מוז אויפגעהויבן ווערן די פאָן פון יידישן רענעסאַנס, פון משיח און וועלט־משפּט, פון וועלט־באַפרייונג.

דאָך איז י. ל. פרץ נישט פאַרבלענדט, ווי זײַנע אַנדערע בני־דור ביים אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט, פון דעם הערשנדיקן אָפּטימיזם. אַוודאי, פרץ איז אַ גלויביקער אין פאָלקס־רענעסאַנס. עס איז אָבער פאַראַן אַ טראַגישער אונטערטאָן אין אַלץ וואָס ער שרייבט יענע יאָרן. דער גאון פון פוילישן יידנטום האָט שוין ביים אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט דאָס פאַרגעפילט, אַז די אומות העולם, אַפילו אין זייער גערעכטן קאַמף, טראָגן ווייניק ליבשאַפט צום שווער־געפּרוווטן פאָלק. דאָס יידישע פאָלק וועט זײַן דאָס לעצטע אין דער ריי פון באַפרייונג. אַזוי ווי די וועלט וואָלט צום יידן געזאָגט: „דו גיי און בלוטיק ווייטער. דו ביסט דער

שוואַכסטער און דער מינדסטער און וועסט אויסגעלייזט ווערן ערשט צו אַלטערלעצט... אַזוי לאַנג ווי עס וועט בלוט פאַרגאָסן ווערן, אַ ווילן — אונטערדריקט, אַ פליגל — אונטערגעשניטן, — וועלן עס זיין דיינע פליגל, דיין ווילן, דיין בלוט". (י. ל. פּרץ).

עס איז צו באַוווּנדערן פּרצעס הויכן פלי אין דער ספערע פון יידישן געדאַנק. דאָס איז געווען פּרצעס אייגנאַרטיקע דערגרייכונג. עס האָט אָבער אויך אָפּגעשפּיגלט די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פון דער תקופה: דאָס אַלגעמיינע געמיט פון רעוואָלוציאָנערן דור. נישט אַלע האָבן געטיילט זיין יידיש־טראַגיזן באַוווּסטזיין. דאָס רוב האָבן אויפגענומען בעיקר דעם אָפּטימיסטישן גלויבן און דאָס געפיל, אַז מען לעבט אין דער תקופה פון אַ יידישן רענעסאַנס.

מיט דעם געפיל און באַוווּסטזיין האָט מען צו־ערשט אין פוילן, רוסלאַנד און ליטע, און שפּעטער אויך אין אַרגענטינע, מעקסיקע, פאַראייניקטע שטאַטן געבויט די מאָדערנע יידישע שול.

דער האַלבער יאָרהונדערט געשיכטע פון מאָדערנער יידישער דערציִונג, וועט ערשט אַ מאָל ריכטיק קענען אָפּגעשאַצט ווערן. דאָס אומגעקומענע יידישע שולוועזן אין פוילן און ליטע וועט באַטראַכט ווערן ווי אַן אויסערגעוויינלעכער דערציִערישער עקספּערימענט וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן. באַזונדערס וועט אויסגעטיילט ווערן דער פאַקט, וואָס די יידישע שול האָט אירע דרייסטע פּעדאַגאָגישע עקספּערימענטן געבראַכט צו די סאָציאַל־אונטערדריקטע און די סאַמע באַוואָהלטע שיכטן פון פאָלק.

די מאָדערנע יידישע שולן וואָס זענען אויפגעקומען אין די נייע ישובים, וועט מען באַטראַכטן ווי דאַמבעס קעגן אַסימילאַציע, ווי די איבערגעגעבנ־כטע איבערפלאַנצונגען פון אַ פולבלוטיקן רייכן קולטור־שטייגער אויפן באָדן פון אַ נייעם קאָנטינענט. אויך דאָ וועט מען מוזן אָפּשאַצן דעם סאָציאַלן פאַקט, אַז די נייע שול האָבן געבויט די דעמאָקראַטישע שיכטן אין יידישן לעבן, די סאַמע אַוואַנגאַרד־גרופּעס וואָס האָבן פאַרבונדן נאַציאָנאַלע שטרעמונגען צוזאַמען מיט דעם קלאָרן סאָציאַלן באַוווּסטזיין.

וועגן דעם דאָזיקן באַוווּסטזיין האָט מיט אַן ערך 100 יאָר צוריק געשריבן משה העס אין זיין ווערק „רוים און ירושלים". נאָר די פיזישע וועלט, האָט ער געזאָגט, איז שוין באַשאַפן געוואָרן, אָבער נישט די וועלט פון מענטשן, די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, די קולטור, מאָראַל, די גייסטיקע וועלט. דאָס באַשאַפט דער מענטש אַליין. דער מאָדערנער ייד האָט אין 20סטן יאָרהונדערט גענומען באַשאַפן זיין אייגענע גייסטיק־סאָציאַלע וועלט.

— III —

עס איז נייטיק אָפּצושאַצן די פּאָזיטיווע און די נעגאַטיווע מאָמענטן פון דער סביבה, אין וועלכער די יידישע שול ווירקט היינט צו טאָג אין די פאַרשיידענע לענדער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

די מאָדערנע יידישע שול ווירקט אין אַ סביבה, וווּ איר השפּעה איז היפּשלעך אַנדערש לגבי דער ווירקונג פון די שולן ביי די אומות העולם, און אין דער יידישער שול אין פוילן אַמאָל. די יידישע שול האָט נישט דאָס קינד און דעם יוגנטלעכן דורכאויס אין איר רשות. דער מאָדערנער ייד וואַקסט אויס אין דער ספערע פון צוויי־קולטורישקייט, דאָס איז סאָציאַל אַ מוז.

אויך אין ישראל האָט זיך געשאַפן אַ ביסל אַן ענלעכע לאַגע. תל אָביב, למשל, איז אַ קאָסמאָפּאָליטישע שטאָט; אויסלענדישע זשורנאַלן, ביכער, צייטונגען דערפילן אַ וויכטיקע באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג. די ישראל־יוגנט טראָגט אין זיך אַ פאַרלאַנג צו זיין אויסגעבונדן מיט אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער גרויסער וועלט אַרום. ניו־יאָרק, פּאַריז, לאָנדאָן, רוים פאַרמאָגן אַ צויבער וואָס שייך אידייען, וויסנשאַפטלעכע דערפינדונגען, מאָדעס און, בעיקר, מאָדעס אין דעם אופן, ווי אַזוי אַ יונגער מענטש לעבט זיך אויס און לערנט זיך אַ הנאה צו האָבן פון לעבן. די נייע לעבנס־מאָדעס פאַרמאָגן אַ גרויסן כישוף.

דער אונטערשייד וואָס מען קען מערקן, ווען מען פאַרגלייכט דעם „קאָסמאָפּאָליטישן" גייסט, וועלכן מען פילט אין די גרויסע שטעט פון ישראל, מיט דעם וואָס עס קומט פאָר אין די יידישע תפוצות, איז אַזוי: אין ישראל האָבן מיר צו טאָן מיט אַן אייגענער קולטור, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם פעסטן קערן און די צווייטע קולטור איז נישט מער ווי די פּעריפעריע. אויפן יוגנטלעכן ווירקט די אויטענטישקייט פון אייגענעם ישראלדיקן לעבנס־שטייגער, די גרויסע אחריות אין וועלכע דער מענטש ווערט אַריינגעצויגן, אויף וויפל עס האָט צו טאָן מיט דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן פון לאַנד.

די עכטקייט און די רייכקייט פון דער לעבנס־דראַמע, פונעם אינעווייניקסטן לעבן איז גענוג צו סטאַביליזירן און אויפהיטן דאָס נשמה־לעבן פונעם מענטשן. עס איז פיל אַנדערש אין די תפוצות, ווען די נשמה פונעם מענטשן ווערט געטיילט גלייך אויף גלייך, ווען ביידע קולטור־כוחות פאַרמעסטן זיך גלייכצייטיק צו פאַנגען דעם יונגן יידן; פון איין

זייט, ווירקט די מי און דער אָנשטרענג אים איבער־צוגעבן די קולטור, דעם לעבנס־שטייגער, די עטישע ווערטן פון דעם אייגענעם היסטאָריש־ייִדישן קאָלעקטיוו, און פון דער אַנדערער זייט, ווירקט די בירגערלעכע קולטור און די ציוויליזאַציע פונעם לאַנד אין וועלכן דער ייִד וואַקסט אויף, וועמעס קולטור־שטייגער ער מוז איבערנעמען.

די וועלט רעדט צו אים אויף צוויי באַזונדערע לשונות, עס איז אַ געטיילטע וועלט! די וועלט פון ייִדישן עבר און פון ייִדישן היינט רעדט צום קינד זייער אייגענעם פאַרטרויטן לשון און פון דער אַנדערער זייט ווירקט די וועלט — פון דער אַרומיקער ציוויליזאַציע; דאָס איז אַ ממשותדיקע וועלט וואָס נעמט אַרום דאָס מלוכהשע, דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון לאַנד און די פּאָליטישע ווירקלעכקייט. הינטער דער ממשותדיקער וועלט שטייען אויך די כוחות, וואָס פאַרבינדן דעם מענטשן מיט נאַטור, ווירטשאַפט, וויסנשאַפט און קאָסמאָס; די אַלע השפּעות קומען צו אים אין לבוש פון אַן אַנדער טראַדיציע, פון אַן אַנדער געשיכטע, שפּראַך און זענען געקריינט מיט זייערע אייגנאַרטיקע ווערטן.

נאָך דער דערפאַרונג פון אַ האַלבן יאָרהונדערט ייִדישע דערציִונג ווערט קלאָר, אַז נאָר דעמאָלט קען די ייִדישע דערציִונג ווירקן און אויספורעמען אַ ייִדישן מענטשן, מיט אַחריות צו דעם ייִדישן לעבן, ווען זי פּרמאָגט גאָר, גאָר הויכע קוואַליטעט. דאָס מוז זיין אַ ייִדישע דערציִונג, וואָס שטייט פּעדאַגאָגיש אויף אַ הויכער מדרגה און וואָס שטעקט אויך טיף אין די טראַדיציעס פון אייגענעם פאָלק; דאָס מוז זיין אַ דערציִונג וואָס זעט דאָס ייִדישע לעבן אין היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, וואָס די קולטור־פּראָדוקטן, וועלכע זי ברענגט, זענען טאַקע אויטענטישע; נאָך עפּעס — דאָס מוז זיין אַ דערציִונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט די העכסטע נאַציאָנאַלע, עטישע און סאָציאַלע אידעאַלן. אַ שול וואָס קען די ווירקלעכקייט פון אונדזער היינט פאַרבינדן מיט די פּערספּעקטיוון פון אַ ייִדישן מאָרגן.

יעדע דערציִונג וואָס וואָלט זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט דער קלאַסישער ירושה, בלויז מיט די שאַפונגען פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט, וואָלט נישט געקענט און קען נישט האָבן יענעם כוח אויפצורוידערן די נשמה פון ייִדן און אויפהיטן אים אין אַ וועלט וווּ ער מוז, ווי אַ מענטש לעבן אַ צעטיילטן לעבן. פונקט אַזוי וואָלט געווען אומפּרוכטבאַר אַ דערציִונג וואָס פאַרלייקנט די קלאַסישע תקופה פון אונדזער קולטור־שאַפונג — דעם תנ״ך, די נביאים, די אַלטע ייִדישע געשיכטע און איר פאַרהייליקטע ווערטן.

עס איז דער זכות פון דער מאָדערנער ייִדישער שול, וואָס מיר קענען היינט אין דער פּערספּעקטיוו זאָגן, אַז דורך איר פּראָגראַם האָט זי, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, זיך דערוואָרבן אַ גרויסע השפּעה אויפן קינד און אויפן יוגנטלעכן.

ווי האָט זי דאָס דערגרייכט? ערשטנס, איז דאָס געווען דער כוח פון דער ייִדישער געשיכטע, וועלכע די שול האָט געבראַכט צום קינד; אין דער געשיכטע האָט דאָס ייִדישע קינד געזען אונדזער פאָלק אין הערואישן קאַמף פאַר זיין פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט. עס האָט געזען אונדזער פאָלק אין די יאָרהונדערטער פון שווערע ליידן און פון הייליקן קידוש־השם. מער ווי אַלץ האָט עס אָבער געזען דעם פּרווו פון ייִדישע ישובים, אָנגעהויבן פון סורא און פּומפּאַדיתא אָן, און שפּעטער דורך קאָרדאָווע, מיינץ, ווילנע, וואַרשע, ניו־יאָרק און בוענאָס־איירעס אויפצוהיטן די ייִדישע אייגנאַרטיקייט, די באַזונדערקייט פון אַ ייִדיש געמיינע־לעבן און אַ קולטור־שטייגער.

אַזאַ געשיכטע, ווען אַ יונגער מענטש ווערט דורך איר דורכגעדרונגען, קען אויפוועקן אין זיין נשמה כוחות פון ווידערשטאַנד און כוחות פון גרויס צוגעבונדנקייט. דאָס איז אַ ווידערשטאַנד קעגן אונטערגעבן זיך די השפּעות, וואָס גראָבן אונטער און מאַכן דעם מענטשן זיך פילן מינעריק און נעמען ביים ייִדן צו די גייסטיקע קרעפטן, אַנטקעגן צו שטעלן זיך די השפּעות פון דער פרעמד, וועלכע קענען אים פּסיכיש אומברענגען. פון דער אַנדערער זייט, האָט די ייִדישע געשיכטע פאַרפלאַנצט אַן אינעווייניקסטן געפיל פון אַחריות, וואָס דער ייִד טראָגט צום לעבן פון אַן אויסטערלישן פאָלק, וואָס מיט אים זענען אַזוי פיל קאַטאַסטראָפעס געשען, און דאָך לעבט עס, דאָך שטייט עס צוריק אויף נאָך יעדן חורבן.

דער באַוווסטזיין פון היסטאָרישער געבונדנקייט איז זייער וויכטיק פאַרן מאָדערנעם ייִדן. עס איז געווען אַ צייט, ווען אַ ייִד האָט געקענט אויסוואַקסן אַ ייִד, נאָר דורך דער השפּעה פון די סאָציאַלע פאַקטאָרן פון ייִדישן לעבנס־שטייגער אד״גל. עס האָט אויך צוגעהאָלפן דער פאַקט וואָס דאָס ייִדישע לעבן איז געווען אָפּגעזונדערט — וואָס ייִדן זענען געווען פרעמד דער וועלט און די וועלט איז געווען פרעמד דעם ייִדן. אַ ייִד האָט געקענט אויסוואַקסן במילא אַ ייִד, אַזאַ במילאדיקער ייִד האָט געקאָנט לעבן און זיך פרוכפּערן און געבוירן ווייטערדיקע דורות גאָר אָן שוועריקייטן.

מענדעלע מוכר ספרים האָט דעם טיפּ ייִד געשילדערט אין „דאָס קליינע מענטשעלע״ אין „מסעות בנימין השלישי״. עס איז די עדה ייִדן, וואָס זייער לעבן ווערט רעגולירט יעדע שעה און יעדע רגע. דער

טיפּ ייִד האָט געקאָנט עקסיסטירן נאָר אין אַ שטעט־טלדיקער קולטור; די שטעטל־קולטור און דער שטעטלדיקער לעבנס־שטייגער האָבן פֿאַרמאָגט אַ סך שיינקייט, האָבן אַרויסגעגעבן וווּנדערלעכע מענטשלעכע טיפּן. עס איז געווען אַ מין מלוכה אין אַ מלוכה, עס איז בפירוש געווען אַ געמיינדע אין אַ צווייטער געמיינדע.

פֿון זינט דער פֿראַנצייזישער רעוואָלוציע פֿון 1789 און די רעוואָלוציעס, וועלכע זענען פֿאָרגעקומען אין מערב־אייראָפּע אין 1848, האָבן זיך געביטן פֿון גרונט אויס די פֿאַרהעלטענישן פֿון דער ייִדישער געמיינדע לגבי דער אַרומיקער גרויסער געזעל־שאַפֿט. מיר האָבן היינט צו טאָג צו טאָן מיט אַ גאַנץ אַנדערער סיטואַציע. אויב מיר אַרבעטן אויפֿ־צוהיטן די היסטאָרישע אייגנאַרטיקייט פֿון ייִדישן לעבן, קען מען זי נאָר אויפֿהיטן בשותּפֿות, אין דער נאָענטקייט, אין דער געבינדנקייט מיט דער ציוויִ־ליזאַציע, וואָס רינגלט דעם ייִדן ביים היינטיקן טאָג אַרום.

**
*

נאָך אַ גרויסער כּוח איז אין דער מאָדערנער שול געווען די ייִדישע ליטעראַטור. זי האָט פֿאַרמאָגט דעם צויבער און די קראַפֿט צו ווירקן אויף דעם נשמה־לעבן פֿון ייִדישן קינד און יוגנטלעכן. די ייִדי־שע ליטעראַטור האָט געשילדערט די שיינקייט פֿון ייִדישן לעבנס־שטייגער; זי האָט אַרויסגעבראַכט וווּנדערלעכע ייִדישע טיפּן און פּאַרשוינען. זי איז געווען מער ווי אַ באַשרייבעריִן פֿון דער ווירקלעכ־קייט. די ייִדישע ליטעראַטור האָט אויך אויפֿגע־וועקט די בענקשאַפֿט נאָך דעם „אויב נישט נאָך העכער״. די ייִדישע ליטעראַטור אין דער ייִדישער שול איז געווען דער באַליבטסטער לימוד. אָן דעם ווירקונגס־כּוח פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור קע־נען מיר זיך נישט פֿאָרשטעלן קיין ייִדישע שול. אַלץ וואָלט אין אַ גרויסער מאָס געווען דרויסנדיק, פֿרעמד און מעכאַניש ווען עס וואָלט נישט געווען דער כּוח, וואָס זאָל באַגלייטן דאָס ייִדישע קינד פֿון די ערשטע שוליאָרן אָן.

פֿון אָנהייב האָט געווירקט די וווּנדערלעכע ייִדי־שע קינדער־ליטעראַטור, וועלכע האָט אַריינגע־בראַכט פֿרייד, שפּאַס און לעבנסלוסט; שפּעטער האָבן געווירקט די ווערק פֿון די ייִדישע שרייבער, וואָס האָבן געקענט וועקן רחמים, הומאַניטעט צום מענטשן און אויך געוועקט ביים קינד אהבת ישׂראל. די ייִדישע ליטעראַטור איז געוואָרן דער סאַמע יסוד פֿון דער ייִדישער דערציִונג אין דער מאָדער־נער שול.

די ייִדישע היסטאָריקער, ווי: היינריך גרעץ, שמעון דובנאָוו און ד״ר י. שיפּער האָבן געמוזט, כּדי זיך צו דערגראָבן צו די אויטענטישע פֿאַקטן פֿון ייִדישן לעבן, אָפּגעבן יאָרן און יאָרן מיט פֿאָרשונג. דאָך האָט די ייִדישע היסטאָריאָגראַפֿיע נאָך אַלץ נישט דערגרייכט יענע הויכע מדרגה פֿון שלמות, צו וועל־כער עס האָבן דערגרייכט י. ל. פּרץ, שלום עליכם, שלום אַש, י. אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק. בנוגע אַ סך תּקופֿות זענען אונדזערע ידיעות פֿון דער ייִדישער געשיכטע נאָך אַלץ פֿראַגמענטאַריש; ערשט אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז דאָקומענטירט געוואָרן דער ייִדישער לעבנס־צוגאַנג אַפֿילו אין די קליינע און פּשוטסטע פֿאַקטן פֿון לעבן. פֿון דער אַנדערער זייט האָט די ייִדישע ליטעראַטור געקאָנט ווייזן די נשמה־יתירה, אַפֿילו אין די פּשוטסטע סיטואַציעס פֿון לעבן.

אָט דאָס געפֿיל פֿון אַן אויטענטישער איבערלע־בונג, פֿון אַ באַריר מיט דער אמתער לעבנס־ווירק־לעכקייט — דאָס איז געווען דער גרויסער שעפֿע־רישער און באַלערנדיקער כּוח, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור האָט אַריינגעטראָגן אין דער מאָדער־נער שול.

**
*

צו דעם אַלעמען מוז מען אויסשטעלן נאָך איין וויכטיקן פּעדאַגאָגישן פֿאַקטאָר:

די מאָדערנע שול איז געווען קודם־כּל אַ שול; זי האָט באַטראַכט דעם גאַנצן לערן־פּראָצעס ווי אַ דיאַלאָג, ד״ה אַ שמועס צווישן „איך״ און „דו״. אַ לאַנגער פֿיל־יאָריקער שמועס, דורך וועלכן די נשמה פֿון מענטשן באַהעפֿט זיך און פֿרעגט קשיות איר צייט, דעם קולטור־שטייגער, דער וועלט. אין דעם לאַנגן דיאַלאָג קומט פֿאָר אַ פּראָצעס פֿון דער־נענטערן זיך און פֿון דערווייטערן זיך, ביז די נשמה פֿון מענטשן קומט צו דעם אחד און זי פֿילט זיך גוט ווען זי שטייט פּנים אל פּנים מיט דער ווירק־לעכקייט.

עס איז בכלל נישט אַזאַ פּשוטע זאַך, אָט דער דיאַלאָג, אָט די קאָנפֿראָנטאַציע פֿונעם יונגן מענ־טשן פֿון 20סטן יאָרהונדערט מיט זיין וועלט, מיט זיין צייט, מיט זיינע אחריותן.

דער ייִדישער מענטש שטייט אַ צעטומלטער צו־ליב די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, צוליב חורבן און תּחיה, צוליב די פֿיל נייע און אַלטע כּוחות, וועלכע ווירקן אין אונדזער ציוויליזאַציע, צוליב די גוואַלדיקע און גורלדיקע געשעענישן, אין וועלכע ער ווערט פֿאַרוויקלט. אַזוי שטייט דער מענטש און במשך פֿון יאָרן דאַרף ער אויפֿנעמען אין זיך אַ ייִדישע וועלט און אַ ייִדישע ווירקלעכקייט, וואָס אירע יסודות זענען שיין אין דעם פֿיזישן אַספּעקט היפּשלעך אונטערגעגראָבן געוואָרן, וואָס אירע גרויִ־

סע אַמאָליקע צענטערס פון באַפעלקערונג אין פּוילן, ליטע, רומעניע זענען חרוב געוואָרן. דאָך ווייסן מיר פון דער וועלט־געשיכטע, אַז מענטשלעכע קולטור און ציוויליזאַציע זענען מעגלעך, ווען עס ווערן אויפגעהיט אַפילו נאָר די היסטאָרישע דערפאַרונגען, די מענטשלעכע בענקשאַפטן און דערקענטענישן. מיר ווייסן, אַז היסטאָרישע תקופות און ציוויליזאַציעס לעבן און ווירקן אַפילו, ווען זייער פיזישע עקסיסטענץ איז צוליב דעם גזר פון פּאָליטישע אַנטוויקלונגען, אָדער צוליב קאַטאַסטראָפעס אונטערגעהאַקט געוואָרן.

וואָס וואָלט די מענטשלעכע פילאָסאָפיע, קונסט, וויסנשאַפט געווען אָן דער רייכער ירושה, וואָס עס האָט איבערגעלאָזט די אַמאָליקע העלענישע קולטור־וועלט בראש מיט אַטען; וואָס וואָלט ביים היינטיקן טאָג געווען דער מענטשלעכער געדאַנק אָן פּלאַטאָ, אָן אַריסטאָטעל, אָן דעם פרעגנדיקן און אומרויִקן גייסט פון סאָקראַטעסן? און וואָס וואָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט די מענטשלעכע ציוויליזאַציע אָן דעם אומרויִקן גייסט פון אונדזערע נביאים, אָן עמוס, אָן ישעיהו, אָן ירמיהו? וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט די וועלט־ליטעראַטור פאַרמאָגט אָן דער גרויסער השפּעה וואָס עס האָט געהאַט די ביבל מיט אירע וווּנדערלעכע שיינקייטן? ירושלים און אַטען — זייער קולטור הערט זיך אַריבער צייטן און דורות!

עס איז בכן פאַראַן די מעגלעכקייט אין אונדזער גאַנצער קולטורעלער אַנטוויקלונג אויפצונעמען קולטור־פּראָדוקטן, עטישע ווערטן, קינסטלערישע מאָנומענטן און אויך דערפאַרונגען פון ווייטע צייטן און אַלטע תקופות. אויב זיי ריידן נאָר צו אונדז פאַרטרויט, אויב נאָר אין זיי איז אויפגעהיט געוואָרן די גרויסע קאָנצענטרירטע קראַפט, וועלכע קומט צום אייסדרוק אין היסטאָרישע דענקמעלער און אין די קרוין־ווערק פון אַלטע ליטעראַטורן.

דורך די אַלע דאָקומענטן פון אונדזער יידישער פאַרגאַנגענהייט רעדט צו אונדז אַ געהויבענער עטישער וועלט־באַנעם. דער כוח פון דעם יידיש־עטישן וועלט־באַנעם איז נאָך שטאַרקער צוליב דעם, ווייל ער קומט צו אונדז נישט ווי עפּעס אַן אַבסטראַקטער קאַטעכיזם, אָדער אַן אַלטער קאָדעקס, נאָר ער ווירקט ווי אַ לעבעדיקע דערפאַרונג פון אַן אַלט, שווער־געפּרווט און געבענטשט פאָלק; יאָ, געבענטשט, אַפילו ווען עס איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אַזוי פיל פּלאָג און יסורים און קאַטאַסטראָפעס.

***

דער כוח פון דער נייער יידישער שול האָט געשטאַמט אויך פון דעם, וואָס עס איז געווען אָריענטירט נישט נאָר אויף דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך אויף דער יידישער היינטצייטיקייט.

די יידישע שול, וואָס וועט נישט קענען אויסנוצן און וועט נישט ווייסן ווי אַזוי פון דער יידישער היינטצייטיקייט צו שעפּן אינספּיראַציע, און אין דער היינטצייטיקייט אַרויסהייבן די גרויסע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע ווערטן, וועט זיך שטעלן מיטן רוקן צו דער ווירקלעכקייט.

***

פון אַלע פּורעמס, וואָס די יידישע שול האָט באַשאַפן צו באַווירקן און געשטאַלטן דאָס יידישע קינד, האָט איין פורעם פאַרמאָגט גאָר אַ באַזונדערן כישוף און גאָר אַ באַזונדערע קראַפט. די נייע יידישע שול איז נישט נאָר געווען יידיש אין איר תוכן, נאָר אויך יידיש — אין וואָרט, קלאַנג, אַטמאָספער, אויסדרוק. פון אַלע היסטאָרישע ווערטן האָט די יידישע שול געבראַכט איין ווערט, וואָס איז דער שענסטער ווערט און די שענסטע יצירה פון דער טויזנט־יאָריק אַשכנזישער יידישקייט — יידיש, מאַמע־לשון.

היינט ווייסן מיר, אַז דער כוח פון וואָרט איז אין לשער. אין וואָרט, פּונקט ווי אין דער מענטשלעכער טראַדיציע, איז פאַראַן מער ווי דאָס אויער און דאָס אויג קען פאַרנעמען. ביידע — דאָס וואָרט און די טראַדיציע — האָבן אַזעלכע טיפע דימענסיעס, וואָס קענען זיך צום מענטשן אַנטפּלעקן ערשט אין דעם לאַנגן דויער פון אַ פול לעבן. בעת אַלע אונדזערע געביטן פון לעבן קענען דעם מענטשן העלפן אַריינקריגן ווייסן, ד"ה עפּעס וואָס ווערט קלאָר פאָרמולירט, וואָס מען קען געדענקען (ד"ה וואָס מען קען אויך פאַרגעסן) עפּעס וואָס האָט קלאָרע און בולטע גרענעצן, פאַרמאָגט אָבער הן די טראַדיציע פון אַ פאָלק און הן זיין לשון, דעם כוח פון אַנטפּלעקונג. דורך דעם וואָרט קומען צום אויסדרוק אַלע פאַרבאָרגענישן פון אַ פאָלקס אופן טראַכטן און אויפנעמען די וועלט; ערשט דורך שפּראַך קומט דער מענטש צו דער מדרגה וואָס ער ווייס מער וויפל ער פאַרנעמט און ער פאַרנעמט מער וויפל ער ווייס. דאָס לשון פון אַ פאָלק דריקט מיט זיך אויס נישט נאָר זיין באַוווסטזיין, נישט נאָר די אינטימלעכקייט פון זיין אופן קוקן אויף דער וועלט, נאָר דאָס וואָס זעצט זיך אָפּ במשך פון דורות אין דער אַנטוויקלונג פון אַ קולטור אין אַ פאָלקס געשיכטע. דאָס וואָלטן מיר געקאָנט אָנרופן דאָס היסטאָרישע און פאָלקישע אומבאַוווסטזיין, יענע פאַרבאָרגענע און געהיימע אָבער גרויסע כוחות, וואָס ווירקן אויף אונדז, וואָס ערשט אין מאָמענטן פון קריזיס אָדער פון גרויס אַנטפּלעקונג אָדער התלהבות דערפילן מיר, אַז זיי זענען אין אונדז פאַראַן.

הויך־באַגאַבטע שריפטשטעלער, בעיקר דיכטער, ווייסן דעם כּוח, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין ווערטער, און דערפאַר טוען זיי תפילה און וואַרטן אויף דער שעה, ווען דאָס וואָרט און דורך דעם אויך די כּוונה און דער באַטייט וועלן נתגלה ווערן און וועלן זיך אַנטפּלעקן פאַר זיי. אָבער יעדן איינציקן מענטשן פון פאָלק, וואָס זיין קולטור־שטייגער איז גאַנץ, אַפילו ווען זיי נשמה איז צעריסן און צעווייטיקט, איז באַשערט, אַז ער זאָל דורך דעם בלויזן פאַרמעגן פון זיין שפּראַך, טראָגן אין זיך — ווי אַ כּסדרדיקן כּוח פון שטאַרקונג און פון דערהייבונג — דעם סוד און די חכמה פון וואָרט.

במשך פון טויזנט יאָר אשכּנז, איז אונדזער פאָלק געווען באַשערט אין די ענגע און פולע פורעמס פון דעם ייִדישן לשון אַריינצולייגן גאָר די היסטאָרישע דערפאַרונג, גאָר די נשמה־גאַנצקייט און נשמה־צעשפּאָלטנקייט, דעם גאַנצן טראַגישן, האָפערדיקן און ניכטערן קוק אויפן לעבן.

יעדע פאָרעם פון ייִדישער דערציִונג — וויפל נייטיקע אינפאָרמאַציע זי זאָל נישט ברענגען צו דעם ייִדישן קינד, מיט וויפל גוטע און טייערע אוצרות פון אונדזער אַמאָל און אונדזער היינט זי זאָל אים נישט באַשענקען במשך פון די יאָרן פון זיין יוגנט — וועט פאַר אים דאָך נישט האָבן אויפגעטאָן דאָס, וואָס עס האָט אויפגעטאָן פאַר דעם סאַמע פּשוטסטן מענטשן דער בלויזער כּוח פון זיין אייגע־נעם לשון, די ברכה וועלכע ליגט אין דעם סוד און אין דעם פּשט, וועלכע עס טראָגן ייִדישע רייד און ייִדישע ווערטער.

וואָס קען מען זאָגן צום צוויייענדיקן יום־טוב פון דער ייִדישער שול און דער ייִדישער ליטעראַטור? זאָל דער בונד וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דער ייִדישער שול און דער ייִדישער ליטעראַטור קיין מאָל נישט צעשטערט ווערן! די מאָדערנע ייִדי־שע שול האָט מיט דער גרעסטער ליבשאַפט און גע־טריישאַפט געלערנט די ווערק פון די ייִדישע שריפטשטעלער. די ייִדישע ליטעראַטור האָט אָפּגע־צאָלט כּפל־כּפלים. עס איז אויפגעקומען אַן אייגנ־אַרטיקע ייִדישע קינדער־ליטעראַטור. י. ל. פּרץ, וואָס איז געווען דער פּיאָנער אויף אַ סך ליטעראַ־רישע געביטן, האָט אויך געשאַפן די ערשטע קינ־דער־לידער. שפּעטער זענען געקומען מאַני לייב, ל. קוויטקאָ, אפרים אויערבאַך, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, אלף כּץ א״אַ.

וויפל לעבנספרייד, ייִדישער חן און שיינקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף די שאַפונגען פון דער ניי־ער ליטעראַטור פאַרן ייִדישן קינד. שלום עליכמס וועלט האָט העל אויפגעלויכטן אין דער ייִדישער שול דורך זיינע יום־טוב־מעשיות, דורך זיין „מאָטל פּייסי דעם חזנס" און אַנדערע ווערק. די נייע ליטע־ראַטור איז געווען אַן אויטענטישע ייִדישע שאַפונג. אַלץ איז געווען אָרנטלעך, לעבנס־געטריי, אָן פעל־שונג און סענטימענטאַליזם. דורך דער ליטעראַטור האָט דאָס ייִדישע קינד דערפילט די נשמה יתירה פון זיין פאָלק; עס האָט אָבער אויך זיך געלערנט צו פאַרשטיין דעם „מאָנטיק" און דעם „מיטוואָך", די פּשוטע טאָג־טעגלעכע ייִדישע ווירקלעכקייט.

היינט, ווען די ייִדישע שול טרעט אַריין אין דער צווייטער העלפט פון 20סטן יאָרהונדערט, ווייסן מיר וואָס פאַר אַ מזל־ברכה די ייִדישע ליטעראַטור איז געווען פאַרן ייִדישן קינד. אין דעם יאָר, ווען מיר פייערן „100 יאָר ליטעראַטור" און צאָלרייכע דאַטעס, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן אויפקום פון די מאָדערנע ייִדישע שולן אין אַרגענטינע, מעקסיקע, פאַראייניקטע שטאַטן, קענען מיר בלויז אויסדריקן אַן אויפריכטיקן ווונטש:

זאָל דער געבענטשטער בונד צווישן דער מאָדער־נער ייִדישער שול און דער נייער ייִדישער ליטעראַ־טור קיין מאָל נישט איבערגעריסן ווערן!



גרשון סאַפּאַזשניקאָוו



# די טראַגיק פון קינד אין דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור



## אַ מענטש דאַרף ליבן און געליבט ווערן

אין אַ קליינער דערציילונג „אַ גנב“, שילדערט יונה ראָזענפעלד אַ פּאַרצייטיקן סטאָליער־וואַרשטאַט. אַ שטיק לעבנסשטייגער ווערט גענומען ווי אונטער אַ פאַרגרעסער־גלאָז, און מיר ווערן טיף גערירט פון אַ קינדערשער טראַגעדיע, פון אָפּגענאַרטע קינדישע האָפענונגען און פאַרשוועכטע תמימותדיקע טרוימען. עס רירט אונדז דער גורל פון יונגן העלד, און עס טוט וויי די געפילזלאָזיקייט און רשעות פון די אַרומיקע מענטשן. די סביבה איז שוין אַלט און אָפּ־געלעבט, אָבער עס לעבן און געפינען אַן אָפּקלאַנג אין האַרצן די ליידן און פריידן פון דעם מענטשן, וועלכער איז דורך אַלע דורות און צייטן אונטער־געוואָרפן די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, אין יסוד פון וועלכער עס ליגט דער אייביקער דראַנג זיך אויסצולעבן אין סאָלידאַרישער, אינטימער און האַרציקער פאַרבינדונג מיט מענטשן.

זייער זעלטן הערט יאָסל — דער העלד פון דער דערציילונג — אַ גוט וואָרט פון זיין באַלעבאָס; און ווען ער הערט עס וואָלט ער פאַרן באַלעבאָס אין פייער אַריין געלאָפן. „און עס מוטשעט אים דאָס גע־וויסן פאַר וואָס ער קען נישט אַרבעטן, פאַר וואָס דער באַלעבאָס דאַרף זיך מיט אים דאָס האַרץ אָפּעסן“...

דער באַלעבאָס שיקט אים עפּעס קויפן, און עס דאַכט זיך אים, אַז דער קרעמער האָט ווייניק גע־געבן; ווען ער האָט ביי זיך אַ פּאָר קאָפּיקעס וואָלט ער דערלייגט און געקויפט אַ סך „דער באַלעבאָס זאָל אים זאָגן מאָלאָדיעץ, און אפשר נאָך אַ גלעט טאָן אין בעקל“...

און אָט רופט אים די באַלעבאָסטע זיך שפּילן מיטן קינד. אַלע לאַכן פון יאָסלס קונצן און „דאָס האַרץ איז אים צעבראָכן פון ליבשאַפט“. דער באַלעבאָס האָט אים געשלעפּט פאַר די אויערן... זיך געשפּילט מיט אים הייסט עס. ער איז גליקלעך. מיט וואָס זאָל ער אים אָפּצאָלן? ווי זאָל ער אים אָפּדאַנקען? און נאָך לאַנגן טראַכטן באַשליסט יאָסל אויפצושטיין פריער פון אַלעמען צו דער אַרבעט.

און ווען ער גייט אין דער פינצטער צו דער אַר־בעט, פאַלט עפּעס אַראָפּ, די באַלעבאַטים כאַפּן זיך אויף, זענען חושד אַז ער האָט געוואָלט גנבענען, און ער כאַפּט אַריין אַ ביטערן פּסק, ווי עס קומט פאַר אַזאַ פאַרברעכן...

נישט בלויז קינדער דורשטן נאָך היימישער וואַ־רעמקייט, און קענען קיין עלנט און איינזאַמקייט נישט פאַרטראָגן. אויך דערוואַקסענע קענען אָן פריינדשאַפט און ליבע נישט לעבן. דער מענטש איז אַ געזעלשאַפטלעכע „בריאה“ און ווערט „ווילד“ אין אַ סביבה פון קאַלטער אוממענטשלעכקייט. אָן דער אַפעקטיווער וואַרעמקייט פון זיינע מיטמענטשן קען ער נישט לעבן ווי אָן לופט. **אַ מענטש דאַרף עמעצן ליבן און געליבט ווערן**, ס׳איז אַן עלעמענ־טאַרער געזעץ פון דער מענטשלעכער נאַטור, אַן אור־קראַפט וואָס ליגט אין יסוד פון מענטשלעכן וועזן.

## דער סאָציאַלער אינסטינקט

אָט די באַדערפעניש זיך אויסצולעבן צווישן מענטשן, איז אַ סאָציאַלער אינסטינקט, וואָס האָט געזיכערט דעם קיום פון מענטשלעכן מין און סטי־מולירט די אַנטוויקלונג פון זיינע העכערע גייסטיקע קרעפטן.

די לעבעדיקע באַשעפענישן, וועלכע די נאַטור האָט באַזאָרגט מיט שטאַרקע נעגל אָדער ציין, מיט פּאַנצערס אָדער גיפט, לעבן אָפּגעזונדערט און איזאָ־לירט אין זייערע לעגער און היילן. דאַקעגן די, וועל־כע פאַרמאָגן נישט קיין נאַטירלעכע שוץ־מיטלען, זוכן רעטונג און שוץ אין קעגנזייטיקער סאָלידאַרי־טעט פון זייער־גלייכן, אין בשותפותדיקער מיטאַר־בעט צווישן זיך, וואָס זיכערן די עקסיסטענץ פון פרט מיטן כוח פון אָרגאַניזירטן כלל.

אַ בינשטאָק קען דינען ווי אַ מוסטער פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבויט אויפן יסוד פון אינסטינקטיווער קאָאָפּעראַציע, אָן וועלכער דער אי־זאָלירטער יחיד וואָלט געווען פאַרמשפּט אויף אומ־

פאַרמיידלעכן אומקום. דאָס זעלבע אויך ביי פיל הע־
כערע מינים אויפן ביאָלאָגישן אַנטוויקלונג־לייטער.
אילוסטראַטיוו אין דעם זין און זייער איינדרוקס־
פול איז דאָס בילד ווי ווילדע פערד גיסן זיך צו־
נויף אין אַ געאייניקטן קרייז אין מאָמענט פון גע־
פאַר, און קאָפּ צו קאָפּ באַשיצן זיי זיך מיט די
הינטערשטע פיס קעגן געמיינזאַמען שונא. העלפאַנטן
דאַקעגן, בילדן מיט די קערפּערס אַן אייזערנע וואַנט,
און ווי צונויפגעשמאָלצן דורך איין געאייניקטן ווילן
און סאָלידאַרישן געפיל, שטעלן זיי אַרויס קעגן
פיינט אַ שפּיציקן פאַנצער פון זייערע מעכטיקע
טראָמבעס.

ס'איז טיילווייז אַן אינסטינקטיווע רעאַקציע, וועל־
כע דער בעל־חי ירשנט צוגליך ווי דעם אינסטינקט
פון הונגער אָדער פאַרמערונג. זיכער איז אויך פאַ־
ראַן אין דעם די לערע און דער ביישפּיל פון די על־
טערן, וואָס זאָגן עדות אויף אַ געוויסער דאָזע אינ־
טעליגענץ און סאָלידאַרישן סענטימענט, וועלכע
קאָמפּענס־רן די איינגעבוירענע שוואַכקייט פון די
פיזישע קרעפטן.

## דאָס מענטשן־קינד

די נאַטירלעכע שוואַכקייט פון מענטשלעכן גוף
צווינגט אַרויף אויף אים אַ פּערמאַנענטע באַדערפע־
ניש אין סאָלידאַרישער מיטאַרבעט: די פרוי ניי־
טיקט זיך אין אויפזיכט און שטיצונג בעתן שוואַנ־
גערן און געבורט, און דאָס קינד איז אין פאַרלויף
פון לאַנגע יאָרן אָנגעוויזן אויף דער מיטהילף פון
די עלטערן.

דאָס מענטשן־קינד האָט די לענגסטע קינדהייט
צווישן אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, און אָט די
יאָרן־לאַנגע אומבאַהאָלפענע צאַרטקייט פון קינד
פאַרבינדט מיט אַן אַפעקטיווער האַרץ־וואַרעמקייט די
משפחה אַרום אים, און אַנטוויקלט טיפע און דויִ־
ערהאַפטע הומאַניטאַרע געפילן אין מענטשן.

די צוגרייטונג פון דער קינדהייט צו די קאָמפּלי־
צירטע אויפגאַבן פון ציוויליזירטן לעבן פאָדערט די
קאָלעקטיווע מיטאַרבעט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט
פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. די זאָרג פאַר דער
צוקונפט פון די נאָכקומענדיקע דורות האַלט שפּי־
רעוודיק־וואַך דאָס געפיל פון סאָציאַלער אַחריות
ביי די דערוואַקסענע און אַנטוויקלט אין קינד דעם
סאָציאַלן אינסטינקט פון אינטימער אָנגעהעריקייט
צום כלל, וועלכער עפנט פאַר אים אַ וועג צו דער
וועלט און באַגלייט טריט זיינע ערשטע טריט אין
לעבן.

און ווייל דער מענטש איז אַזוי אומבאַהאָלפן אָן
דער וואַרעמער מיטהילף און מיטגעפיל פון זיינע
מיטמענטשן, דעריבער איז אַזוי טיף זיין פּיין אין
צושטאַנד פון עלנט און גרויס די מורא פאַר איזאָ־
לירונג און איינזאַמקייט. ס'איז אַ שרעק וואָס ווערט
איינגעזאַפּט מיט דער מאַמעס מילך. אַ קינד וואָס
זעט נישט די היימישע און ליבע פּנימער אַרום זיך
פאַרלירט דעם גלייכגעוויכט און זיכערקייט, און ווי
אָפּגעריסן פון באָדן, עלנט און פאַרלאָרן, פאַלט עס
אַריין אין אַ צושטאַנד פון אַנגסט ווי אין אַ געפאַר
פון אומקום.

## דאָס מינדערווערטיקייט־געפיל

אַלפרעד אַדלער האָט אויפגעבויט די גאַנצע סיס־
טעם פון זיין „אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע" אויפן
פּרינציפּ פון מינדערווערטיקייט־געפיל, ווי אַ רעזול־
טאַט פון אָט דער איינגעבוירענער שוואַכקייט און
אומזיכערקייט, וועלכע דער מענטש באַמיט זיך זיין
גאַנץ לעבן און מיט אַלע מיטלען צו באַהערשן און
גובר זיין.

אין הסכם מיט דער דאָזיקער טעאָריע באַשטייט
די הויפּט־אויפגאַבע פון דער דערציִונג אין סטימו־
לירן דאָס קינד, אים צוגעבן מוט, שטאַרקן דעם
גלויבן אין זיינע אייגענע קרעפטן, און ביי יעדער
שוועריקייט, צווייפל און אומרו העלפן אים צו באַ־
הערשן די מינדערווערטיקייט, וואָס פּאַראַליזירט
דעם אונטערנעמונגס־גייסט און דערשטיקט די שעפ־
פערישע קרעפטן.

די פּרינציפּן פון אַדלערס אינדיווידועלער פּסי־
כאָלאָגיע ווערן מיט באַדייטנדיקן דערפאָלג אָנגעו־
ווענדט אין דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק, וואָס באַמיט
זיך צו שאַפן אַ וואַרעמע אַטמאָספערע פון פריינד־
שאַפט אַרום קינד, פון צוטרוי און ליבשאַפט, וואָס
זאָלן צוגעבן מוט, שטאַרקן דעם גייסט און דעם
גלויבן אין דער פולווערטיקייט פון זיין אייגענער
פּערזענלעכקייט.

אונטער דער לאַסט פון מינדערווערטיקייט און אָן
גלויבן אין זיך, ווערט אונטערגעבראָכן דאָס געפיל
פון צוטרוי און זעלבסטזיכערקייט, עס אַנטשטייט
די אַנטמוטיקונג און צווייפל, די מורא און אומצו־
פרידנקייט, וואָס פאַרביטערן דאָס לעבן. זיין אינער־
לעכן צושטאַנד טראַנספּערירט נאָך דעם דער מענטש
אויפן דרויסן. דער אומגלויבן צו זיך פאַרוואַנדלט
זיך אין חשד, קנאה און פאַרביטערונג צו אַלע אַנ־
דערע. און אָן צוטרוי און ליבשאַפט אין האַרצן איז
אוממעגלעך צו שאַפן אַ האַרמאָנישע פאַרבינדונג
מיט מענטשן, אָרגאַניש זיך איינגלידערן אין דער
סביבה און פאַרווירקלעכן די אייגענע מעגלעכקייטן;
זיך שאַפן, ווי אַדלער זאָגט, אַ „געזונטן און נאָר־
מאַלן סטיל פון לעבן".

די קונסט האָט די פּרינציפּן פון אַ „געזונטן און

נאָרמאַלן לעבנס־סטיל" פאַרגעשטעלט אויף איר אופן און מיט אירע אייגענע מיטלען. און די שפּראַך פון קינסטלערישע סימבאָלן איז סוגעסטיווער און איבערצייגנדיקער ווי די וויסנשאַפטלעכע אַרגומענטן.

## די שפּראַך פון קינסטלערישע סימבאָלן

דער יונגער העלד פון יונה ראָזענפעלדס אויבנדערמאָנטער דערציילונג לעכצט פאַרצווייפלט נאָך אַ טראָפּן היימישער וואַרעמקייט, נאָך אַ פריינדלעכן בליק פון מענטשן. די איינזאַמקייט פּרעסט אים ווי אַ שטיין אויפן האַרצן, וואַרפט אָן אַ פּחד אין האַלב־פינצטערן וואַרשטאַט, און באַהערשט פון בענקשאַפט און אַנגסט „קומט אים אויף די געדאַנקען זיין געשטאָרבענע מוטער"...

אין מאָמענט פון אויסגאַנגסלאָזער פאַרצווייפלונג, ווען דער געמיט איז צוזאַמענגעבראָכן אין די צוואַנגען פון אַ פיינלעכער ווירקלעכקייט, מאַכט אָפּט דער מענטש דורך אַ מין צוריקגאַנג צו דער קינדהייט. עס שווימען אין דמיון אַרויס די ליבע אימאַזשן פון די פאַרגאַנגענע צייטן און אין בענקשאַפט שטרעקן זיך די געפילן צום וואַרעמען שויס פון דער מוטער, ווי אַ זכר פון די פאַרשווונדענע קינדישע פריידן, וואָס האָבן געגעבן ליבע און באַשיצונג.

אָט רופט מען יאָסלען זיך צו שפּילן מיטן קינד אין שטוב. ער שפּילט זיך מיטן יינגעלע און „די באַלעבאַטים לאַכן פון יאָסלס קונצן". דאָס געפיל פון עלנט און דערשלאָגנקייט איז אויפן מאָמענט פאַרשווונדן און אַ פריידיקער שטראָם האָט ווי אויף פליגלען דערהויבן זיין גאַנץ וועזן. ער איז איבערגליקלעך, מער נישט איינזאַם און פאַרלאָזן. ער האָט איינגעשטעלט אַן אַפעקטיוון קאָנטאַקט, אַ האַרציקע פאַרבינדונג, מיט מענטשן און ווידער זיך איינגעשלאָסן אין ריטעם פון אַרומיקן לעבן.

אַן עלנטע נשמה איז דאָרשטיק צוגעפאַלן צו אַ טראָפּן מיטגעפיל, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון פרעמדע אויגן און פאַרשיכורט מיט דער פרייד איז ער גרייט צו טיילן זיין גליק מיט אַלע מענטשן. דער אינטימער אָטעם פון היימישער וואַרעמקייט האָט אין אים אָנגעצונדן די בלוטן און פאַרן געשענקטן שטראַל גוטסקייט איז ער גרייט אָפּצוגעבן אַ שטיק לעבן.

מיט זיין גרויסער פּשטות פון וואָרט, וואָס איז אַזוי געדיכט אָנגעלאָדן מיט עמאָציאָנעלער איבערלעבונג, גיט יונה ראָזענפעלד אַ בילדערישן אויסדרוק דעם נשמה־צושטאַנד פון אומגליקלעכן קינד און זאָגט, אַז יאָסלס האַרץ איז „צעבראָכן פון ליבשאַפט"... עס הייסט, די פרייגעלאָזענע געפיל־סטיכיע האָט ווי אַ פרילינגס־שטראָם זיך צעגאָסן און די ליבשאַפט פליצט אַריבער די ברעגן: „ווען ער האָט ביי זיך אַ פּאָר אייגענע גראָשן וואָלט ער דערלייגט און געקויפט אַ סך, דער באַלעבאָס זאָל אים געבן אַ קניפּ אין בעקל"...

אַ גוט מענטשלעך וואָרט האָט געעפנט די טירן פון האַרצן, אַ שטראַל ליבשאַפט האָט אויפגעבראָכן דעם קאַלטן צודעק פון אייז און אַ וואַרעמער קוואַל פון אַפעקטן — פון ליבע־סענטימענטן — האָט אימפּולסיוו אַרויסגעשטראָמט גרייט מיט זיין פריידיקן גליק צו באַשענקען אַלע מענטשן.

אַ פריינדלעכער מענטשלעכער טאָן רופט אַרויס אַן ענלעכן אָפּקלאַנג אין יעדן האַרצן. אויף ליבע, ענטפערט, דאָס רוב, אַ מענטש מיט ליבשאַפט און אויף שנאה — מיט שנאה. אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט עבירה גוררת עבירה און אַזוי אויך מצווה גוררת מצווה; אַן אויפריכטיק און האַרציק וואָרט רופט אַרויס גוטע און האַרציקע סענטימענטן, וואָס דערהייבן צו שיינע מעשים דעם מענטשן.

דער אַפעקטיווער הונגער איז ביי אַ קינד פיל שטאַרקער ווי דער פיזישער הונגער. אַ קינד פאַרדערט ליבשאַפט אָן אויפהער, און די פאַרברויכטע ליבעס־ענערגיע וואַרעמט אויס אין אים געפילן פון גלייבן אין זיך און פון צוטרוי צו מענטשן. אַ קינד דאַרף מען לערנען ליב האָבן און דאָס דערגרייכט מען מיט ליבע — נישט מיט קיין שטעקן.

אונדזערע קינסטלערישע ליטעראַטור איז אין דעם זין פול מיט באַלערנדיקע ביישפּילן. די קונסט איז זיך מקדים דער וויסנשאַפט און דער קינסטלער אינטויִרט טיף די באַדערפעניש פון דער מענטשלעכער נאַטור, גיט רעאַלן אויסדרוק, און שטעלט פאַר אין קאָנקרעטע לעבנס־בילדער די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן און די פאַרבאָרגענע פּסיכישע טענדענצן אין דער נשמה פון מענטשן.

## „יאָסעלע" פון יעקב דינעזאָן

אין דער יידישער ליטעראַטור איז באַזונדערס באַוווּסט די טראַגישע פערזענלעכקייט פון אַן אַנדער קינדער־העלד — יאָסעלע — פון יעקב דינעזאָן. אין דער סענטימענטאַלער געשיכטע, געשריבן אין אַ פּרימיטיוון משכילישן סטיל, איז יאָסעלע אַן אומגליקלעכער קרבן פון די אַלע איבלען פון פאַרצייטיקן יידישן לעבנס־שטייגער. די מוטער וויל פון אים מאַכן אַ למדן און שיקט אים צו אַ מלמד אַ יחסן ביי וועלכן עס לערנען בלויז נגידישע קינדער. שלאָגט דער רבי דאָס אָרעמע קינד אויף אָנצושרעקן זיינע ציטעריקע תּלמידים. דער אייגענער טאַטע, דער געוועזענער שמש, שלאָגט אים ווייל „די תּורה הקדושה פליט אַליין אין קאָפּ נישט אַריין, מען מוז

זי אין קאָפּ אַריינשלאָגן"... יאָסעלע געפינט געלט און מאַכט אויף אַ קורצער צייט גליקלעך די משפּחה, און כדי ווידער צו זען אַ פריידיקע מינע אויף זיין מוטערס ליב געזיכט גנבעט ער ביים רבין עטלעכע מטביעות און באַצאָלט צום סוף דערפאַר מיטן לעבן. „יאָסעלע" — דאָס ווערק טראָגט דעם נאָמען פון זיין טראַגישן העלד — איז אין דער השכלה־ליטעראַטור דער שאַרפסטער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן סאָציאַלן אומרעכט, אַבערגלויבן, אומזין און רשעות אין דער פאַרצייטיקער באַציִונג צו קינדער.

אין דעם ראָמאַן ברענגט אַרויס דינעזאָן אייניקע אויך מער שלימותדיקע פּערסאָנאַזשן און לירישע שילדערונגען. דאָס ווערק האָט רירנדיקע סצענעס, וועלכע דריקן אויס די פאַרבאָרגנסטע עמאָציעס פון די העלדן, ווי אין מאָמענט פון פאַרצווייפלונג, צום ביישפּיל, ווען עס ווערט אויפגעקלערט, אַז דאָס געלט איז געגנבעט, און דאָס קינד נעמט אויף באהבה די שטראָף, ווייל עס פאַרלייכטערט זיין שולד־געפיל און גיט אַ געלעגנהייט דער מוטער אויסצולאָדן איר פאַרביטערניש. אַפילו דער מלמד ווערט דערהויבן צו אַ גאַנצער און טראַגישער פיגור, וועלכן דאָס געוויסן מאַטערט. ער האָט מורא פאַר דעם ווייב און פאַר די רייכע באַלעבאַטים, אָבער ער האָט אויך מורא פאַר גאָט און וויל ביים משפּט יאָסעלען נישט באַשולדיקן, אָבער ער האָט קיין מוט נישט אים צו פאַרטיידיקן.

די צאַרטע אומבאַהאָלפנקייט פון קינד, וואָס ליידט אָפט זייער טיף פון דערוואַקסענער ענגהאַרציקייט און טעמפּקייט, איז קודם געקומען צום אויסדרוק אין דער ליטעראַטור. שפּעטער איז געקומען די וויסנשאַפט, די פּסיכאָלאָגיע, די פּעדאַגאָגיק, די געזעצגעבונג. די וויסנשאַפט האָט געלערנט נישט נאָר פון רעאַלע ביישפּילן נאָר אויך פון ליטעראַרישע געשטאַלטן, וועלכע זענען אַזוי רירנדיק און טיף דראַמאַטיש.

שלום עליכם, דער גרויסער מייסטער פון יידישן הומאָר, איז אויך אַ גרויסער קינסטלער אין דער שילדערונג פון קינד. ער אַליין האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קינד — פאַר מאָטל פּייסי דעם חזנס — און האָט מיט מאָטלס תמימותדיק־קינדישע אויגן באַטראַכט גאָטס גרויסע וועלט. קינדער האָבן הנאה און לאַכן פון מאָטלס איינפאַלן, אָבער די טיפע טראַגיק פון מאָטלס לעבן, פון זיין „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום" — דער העכסטער אויסדרוק פון הומאָר אין דער וועלט־ליטעראַטור — דאָס קענען פאַרשטיין נאָר דערוואַקסענע. „מאָטל פּייסי דעם חזנס" איז נישט געשריבן פאַר קליינוואַרג, ס'איז געשריבן פאַר די גרויסע.

## „דאָס מעסערל" פון שלום עליכם

אָבער שלום עליכם האָט אויך דערציילונגען פון קינדער פאַר קינדער. דער דאַזיקער זשאַנר אין שלום עליכמס שאַפן פאָדערט אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג, מיר וועלן אין שייכות מיט דער טעמע זיך באַנוגענען בלויז מיטן דערמאָנען זיין קליין מייסטערווערק „דאָס מעסערל". דער העלד פון דער דערציילונג איז שוין נישט קיין אָרעם קינד און דער גורם פון זיין טראַגעדיע איז נישט די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט. און דאָך איז זיין טראַגעדיע עכט און זיינע ליידן טיף. ער געהער צו דער אונטערדריקטער קינדער־ראַסע, און קעמפט אויף זיין שטייגער פאַר זיינע רעכט, פאַר דער באַפרידיקונג פון זיינע קינדישע באַדערפענישן, וועלכע זיינען נישט ווייניקער צודרינגלעך און עקשנותדיק ווי די אַנדערע אינסטינקטיווע נויטן און באַדערפענישן אינעם מענטשלעכן אָרגאַניזם.

דאָס קינד זיצט לאַנגע שעהן אין חדר ביים לערנען און אין שטוב טרייבט אים דער פאָטער ווידער צום ספר. וויל ער זיך שפּילן אַ ביסל און מאַכט באַהאַלטנערהייט אַ מעסערל פון אַ געגנדזענער פעדער. דערטאַפּט עס דער טאַטע און וואַרפט אַרויס. מאַכט ער אַ צווייט מעסערל און איז גליקלעך מיט זיין שאַפונג. ער איז פאַרליבט אין זיין אויפטו און זיך שפּילנדיק מיטן מעסערל פאַרגעסט ער די ליידן פון חדר און דעם אומעט פון שטוב. דאָס מעסערל איז פאַר אים ווי אַ טרייער חבר, אין חדר טראַכט ער אַז דאָרט, באַהאַלטן אין גריבעלע, וואַרט געדולדיק אויף אים זיין מעסערל. ער וועט קומען וועלן זיי זיך שפּילן... אָבער דאָס גליק האָט לאַנג נישט געדויערט. דער טאַטע איז אויך געפאַלן אויף די שפּורן פון נייעם מעסערל. דאָס קינד באַוויינט דאָס מעסערל „ווי מען באַוויינט אַ טויטן". אָבער טאַטע־מאַמע האָבן טויבע אויערן פאַר זיין געוויין און פאַרשטאָפּטע הערצער פאַר זיינע ליידן, כאָטש זיי האָבן שטאַרק ליב זייער בן־יחידל.

איין מאָל גייט אַריין דאָס קינד אין צימער פון גאַסט וואָס איז צו זיי געקומען און דערזעט דאָרט אויפן טיש אַ טייער פּערלמוטערן מעסערל. עס גיט אים אַ בלענד אין די אויגן: אַזאַ אוצר, אַזאַ וווּנדער! ער נעמט דאָס מעסערל אין האַנט עס אָנצוקוקן, אָבער אין דעם מאָמענט דערהערן זיך טריט און דערשראָקן לויפט ער אַרויס מיטן מעסערל. דער גאַסט כאַפּט זיך גלייך, אַז עס פעלט אים דאָס מעסערל און דאָס קינד געפינט נישט קיין געלעגנהייט עס צוריקלייגן. אויף מאָרגן האָט מען אין חדר באַשטראָפט אַ תלמיד וועלכן די מאַמע אַליין האָט פאַרמסרט, אַז עס שלעפּט קאָפּיקעס פון צדקה־פּושקע. יעדער שמיץ פון רבינס קאַנטשיק האָט זיך אויך איינגעשניטן אין



די ערשטע פייערונג נאָכן איינקויף פון באָדן פאַרן אויפבוי פון דער מיטלשול (1950). עס רעדט ח. פינקעלשטיין

האַרצן פון יינגל, וואָס האָט „געגנבעט" דאָס מע־
סערל...

מיט אַ זעלטענעם חוש פאַר די דינסטע פסיכישע רעגונגען, שילדערט שלום עליכם דעם דראַמאַטישן קאַמף, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער נשמה פון קינד, וועלכן עס מאַטערט דאָס געוויסן אַז מען טאָר נישט גנבענען. סימבאַליש ווערט דאָס געוויסן פאַרגעשטעלט ווי די לבנה, וועלכע קוקט אים נאָך. שטום שטיקט ער אין זיך זיין אומגליק ביז ער פאַלט אַריין אין אַ שווערער היץ־קראַנקייט. אַראָפּ פון קראַנקן־בעט האָט ער דאָס ערשטע אַרויסגענומען דאָס טריפהנע מעסערל פון דער באַהעלטעניש און ווי אַ שרץ עס אַריינגעשמיצט אין ברונעם אַריין... עס האָט זיך דערהערט אַ כליופּ פון וואַסער און דאָס מעסערל איז פאַרשוווּנדן אין דער טיפעניש. דעם יינגל איז ווי אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן און מיט אַן אויסגעלייטערט געמיט האָט ער זיך געלאָזן אויפן וועג צום חדר, האָט געדריקט דעם חומש אונטערן אָרעם און שטיל געשעפּטשעט: איך וועל מער נישט גנבענען, איך וועל מער נישט גנבענען!...

אין אומבאַוווּסטזיין פון קינד איז די קראַנקייט אויפגענומען געוואָרן ווי אַ שטראָף פאַרן גנבענען. איז ער שוין זיינס אָפּגעקומען. ער האָט אָנערקענט זיין זינד און באַקומען די פאַרדינטע שטראָף. דאָס מעסערל איז אויפן דעק פון טיפן ברונעם און פאַרן גנבענען האָט ער שוין געהאַט זיין אָפּקומעניש. דאָס געוויסן וואָס האָט אים אַזוי לאַנג געמאַטערט און אים קראַנק געמאַכט, האָט מער נישט קיין רעכט אויף קיין פאַרוווּרפן. ער האָט דעם חוב אָפּגעצאָלט מיט אַ שטיק פון אייגענעם געזונט. פאַרקערט, ער איז איצטער אין דער בחינה פון אַ בעל־תשובה, פון אַ העלד, וואָס איז בשלום דורכגעקומען אַ שווערן נסיון און, האָט אָנגענומען אַ העראָיִשן באַשלוס: מער נישט צו גנבענען! — און ער וועט שוין, נעבעך, פאַרזאָגן אַ צענטן...

## דער וועג פון קינד — צו מענטש

דער קינסטלער שטייט בטבע נעענטער צו דער פּערזענלעכקייט פון קינד, ווייל ער אַליין טראָגט אין זיך אַ היפּשע דאָזע פון קינדישער טרוימערישקייט און שפּילעוודיקייט. דער עצם ענין פון קינסטלערישער טעטיקייט, פון אָפּערירן מיט פאַנטאַזיעס, אַנטהאַלט אין זיך עפּעס פון דעם מין שפּיל. דער קינסטלער איז דעריבער דער ערשטער אַריינגעדרונגען אין דער פאַנטאַסטישער צויבער־וועלט פון קינד.

אין דער פאַרצייטיקער יידישער סביבה איז דאָס קינד באַזונדערס געווען מוראדיק באַוולהט; מען האָט גלייך אויף אים אַרויפגעלייגט, ווי דער זיידע מענדעלע האָט געזאָגט, דעם גאַנצן יאָך פון יידישקייט; יעדעס קינד איז געווען אַ קליין יידעלע, און אין דער ווירקלעכקייט איז אַ קינד נישט קיין „מענטש" אין מיניאַטור, בזעיר אנפּין, נאָר גאָר אַן אַנדער מין באַשעפעניש, דעריבער איז עס אין דער שיינער יידישער ליטעראַטור געקומען צו אַזאַ בולטן אויסדרוק די טראַגיק פון קינד, וואָס פאָדערט פון דער וועלט, און קודם כל פון זיינע אייגענע עלטערן, מער ליבשאַפט צו זיך, מער פאַרשטענדעניש און איינזען אויף דעם שווערן און לאַנגן וועג וואָס פירט פון קינד — צו מענטש. אַ קינדישע נשמה איז זייער אַ צאַרטער אינסטרומענט, מען דאַרף אויף אים קענען שפּילן. איין אומפאַרזיכטיקער גראָבער טאָן און עס בלייבט אַ וווּנד אויפן גאַנצן לעבן. און ווי אַזוי עס איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אַזאַ צאַרטע קינדישע נשמה, וועל איך צום סוף געבן נאָך איין קינסטלערישע אילוסטראַציע און ווידער אַ מאָל — פון דעם וויניק באַקאַנטן, אָבער זייער טאַלאַנטפולן יידישן שרייבער, יונה ראָזענפעלד.

## „וואָס מען האָט פון אים געמאַכט"

שלמהקע איז נאָך קיין יאָר נישט אַלט געווען ווען דער טאַטע זיינער האָט אים אָנגעהויבן צו „לערנען" מיט אַ געשריי, מיט אַ טופּ מיטן פּוס, מיט אַ פּעטשעלע און שפּעטער מיט אַ ריטעלע. ווען שלמהקע איז דריי יאָר אַלט געווען, האָט אים דער טאַטע דריי שמיצעלעך אין אונטערחלקל געגעבן — אַן אַדערויף הייסט עס — און אים אַוועקגעשיקט אין חדר אַריין; און ווייל ער האָט געוואָלט, אַז פון בן־יחידל זאָל אויסוואַקסן אַ „כלי", האָט ער אים אָפּגעגעבן צו אַ שטרענגן מלמד, ביי וועמען דער קאַנטשיק איז תמיד געלעגן אויפן טיש און געהאַלטן אין שטענדיקער מורא די קליינע עופהלעך. און וואָס מער מען האָט אים געשלאָגן אַלץ עקשנותדיקער און טיפער איז געוואָרן זיין שנאה צו מענטשן. די שמיץ האָבן אים אויפגעהערט צו שרעקן, האָט ער אויף יעדן קלאַפּ געענטפערט — אויף זיין שטייגער — מיט אַ קלאַפּ. דער טאַטע איז אַן עקשן און כעסן געווען, האָט דער זון, ווי עס שיינט, געירשנט זיינע אייגנשאַפטן. זיין רעאַקציע אויף די קלעפּ איז ווי אויטאָמאַטיזירט געוואָרן, און ער האָט אומבויגזאַם און אומפאַרמיידלעך געענטפערט מיט פייניקן זיינע פייניקער, מיט אַרויסברענגען זיין פון די כלים, מיט דערפירן זיי ביז טירוף־הדעת.

ווען דער טאַטע שרייט שמייסנדיק אים: „דו וועסט נאָך, דו וועסט נאָך?" ענטפערט ער מיט שוים אויף די ליפן און מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן: „איך וועל נאָך! איך וועל נאָך"!

ער קריכט אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ דאַך גרייט יעדע מינוט אַראָפּצופאַלן, און האָט ווילד הנאה ווען

ער זעט ווי דער פֿאָטער פֿאַדעט אַרום דער שטוב ווי אַ משוגענער. אויף דער מאַמען האָט ער טאַקע רחמ־נות, אָבער די פֿאַרצווייפֿלונג פֿון טאַטן פֿאַרשאַפֿט אים אַ ווילדן פֿאַרגעניגן, און ווען דער פֿאָטער גיט אים אָפּ, אַלס שטראָף, צו אַ שוסטער, וועלכער טוט אים אָן געברענטע לייד, צינדט ער אונטער די שטוב און בלייבט ליגן מיט דער כוונה אומצוקומען אין די פֿלאַמען, תמות נפשי עם פלשתים. די גאַנצע סביבה ווערט אַריינגעצויגן אין דער פֿאַרפֿאָלגונג פֿון אומגליקלעכן קינד, די שכנים האַלטן מיטן טאַטן, די קינדער העלפֿן דעם רבין צו כאַפּן אים און שמייסן, שפּריט ער אויס זיין שנאה אויפֿן גאַנצן אַרום און וואַרפֿט אַריין אַ קאַץ אין שטאָטישן ברו־נעם; און ווען ער באַקומט דערפֿאַר אַ ביטערן פּסק, בינדט ער אָן אַ שטיין אויפֿן האַלדז פֿון אַ לעבעדי־קער קאַץ און וואַרפֿט זי אַריין אין טייך.

„און אַ שווידער האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע וועזן זיינס, ווען ער האָט דערזען ווי די קאַץ האָט פֿון וואַסער דאָס קעפּל אַרויפֿגעהויבן, און אַ קוק געגעבן אויף אים מיט צוויי ווילדע קעצישע אויגן". און ווידער האָט דער פֿאָטער געשלאָגן מכת רצח, די מאַמע האָט געגאָסן מיט טרערן, און פֿרומע שכנות האָבן געשראָקן, אַז „די טויטע קאַץ וועט ביינאַכט דיך קומען ווערגן"...

און אָט די פּיינלעכע דערפֿאַרונג האָט אויך באַ־שטימט זיין ווייטערדיקן גורל. זיין פֿאַרגעניגן צו פּייניקן דעם פֿאָטער איז ווי טראַנספּערירט געוואָרן אויף דעם אייגענעם איך, ווייל אין זיין אייגענעם פּיין האָט ער אומבאַוווסטזיניק געפֿילט דעם טאַטנס שטראָף און אומגליק.

די ליבע צו דער מוטער איז צו שוואַך געווען אים צו דערהאַלטן ביים לעבן, און די שנאה צום פֿאָטער גענוג שטאַרק, אויף טרייבן צום טויט. און ווען דער זעלבסטמאָרד־פּרווו אינעם שוסטערס שטיבל האָט זיך נישט איינגעגעבן, פֿאַלט ער אַריין אין אַ טיפֿער דעפּרעסיע און לויפֿט צום טייך, זעצט זיך אַריין אין אַ שיפֿל, ווי עס שיינט, מיט דער אונטערבאַוווסט־זיניקער כוונה צו מאַכן אַ סוף מיטן לעבן.

דער רבי מיטן פֿאָטער זוכן אים אָפּ, און געראַ־טעוועט פֿון שטראָף האָט אים עפּעס אַן אָרעמע קינ־דערלאָזע אַלמנה, וואָס האָט אים אַרויסגעריסן פֿון די שטראָפֿנדיקע הענט. און ווען די פֿרוי האָט צו אים אַרויסגעוויזן אַ מוטערלעכע אויפֿמערקזאַמקייט, האָט די לאַנג־דערשטיקטע בענקשאַפֿט נאָך מענטש־לעכער וואַרעמקייט אַרויסגעריסן ביי אים אַ קוואַל פֿון דערלייכטערנדיקע טרערן.

אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט. דער גייסטיקער צוזאַמענברוך איז געקומען, און דער ביז־צום־טויט־פֿאַרשמיסענער און צעטראָטענער איך, האָט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל איבערגעריסן אַלע פֿעדעם, וואָס האָבן אים פֿאַרבונדן מיט דער גיהנומדיקער ווירקלעכ־קייט: מיטן טאַטן, מיטן רבין, מיט די קלעפּ און שמיץ, מיט די פּיינלעכע דערינערונגען פֿון זיין קורץ, אָבער שווידערלעך־שווער, לעבן.

שלמהלע איז אַנטלאָפֿן פֿון דער רעאַלער וועלט, וואָס האָט אים פֿאַרשאַפֿט אַזוי פֿיל יסורים און שרעק, און האָט זיך באַהאַלטן אין אַ פֿינצטערן גליווער פֿון נישט־זיין, אין אַ וועלט פֿון האַלוצינאַציעס, אין אַ וועלט פֿון שגעון.

דער אַקטועל־לעצטער גורם פֿון אויסברוך, וואָס איז געפֿאַלן ווי אַ פֿונק אויפֿן יאָרנלאַנג אָנגעזאַמלטן אויפֿרייס־שטאָף, זענען געווען די שפּיזיקע אויגן פֿון דער דערטרונקענער קאַץ... עס איז געווען אין אַ גרויען פֿרימאָרגן, די אַלמנה איז אַרויס און דאָס יינגל איז געלעגן פֿאַרטראַגן אויף זיין געלעגער אין דעם שטילן הויז ביים טייך.

„פּלוצעם האָט פֿון אונטערן טיש עפּעס אַ בליאַסק געטאָן: עס האָבן אַ גלאַנץ געטאָן אַ פּאָר אויגן, אַזוי לעבעדיק, און שטיל, שטיל... און ערגעץ טיף ביי אים, אין אַ פֿאַרוואָרפֿן פֿינצטער ווינקל, האָט דער גלאַנץ געקריגן אַן אָפּשיין, ווי ערגעץ ביי אים וואָלט שוין לאַנג עפּעס ענלע־כעס געלעגן באַהאַלטן, ווי דאָס וואָלט עפּעס אַ מין ווייטע בולט־שאַרפֿע דערינערונג געווען..."

די פּאָר אויגן פֿון אונטערן טיש, האָבן אַרויסגע־רופֿן דעם שווידער־בליק פֿון דער דערטרונקענער קאַץ. דער טראַומאַטישער איינדרוק פֿון דער גרויל־סצענע ביים טייך, וועלכער איז פֿאַרטריבן געוואָרן אין תהום פֿון פֿאַרגעסונג, איז אין מאָמענט פֿון פֿאַר־צווייפֿלונג און שוואַכקייט, אַרויסגעשווומען אויף דער אויבערפֿלאַך און מיט זיין שווידער־בילד פּאַראַלי־זירט, פֿאַרגליווערט, זיין גאַנץ וועזן, וואָס האָט אויפֿ־געהערט צו זען, צו הערן, צו פֿילן...

„אַרום איז געווען שוואַרץ און שטיל, און פֿון דער שוואַרצער שטילקייט האָבן געגלאַנצט אַ פּאָר אויגן... האָבן אַריינגעקוקט אין אים, און האָבן פּאַמעלעך, שטיל, ווי די שטילקייט אַליין, זיך דערנענטערט צו אים; און געדאַכט האָט זיך אים, אַז צוזאַמען מיט די אויגן רוקט זיך אַלץ אָן אויף אים. די גאַנצע שטוב רוקט זיך צונויף, ווערט קירצער און שמעלער, און טיף באַהאַלטן אונטער דער שטילקייט, טוט זיך עפּעס... טוט זיך עפּעס... אַ טייך!... גלאַט און דורכזיכטיק... די זון... אַ פּאָר אויגן... שווימען צו אים... שטיל... שטיל, שטיל...

„— מיאַ־או־או...

„די קאַץ וועט דיך קומען ווערגן ביינאַכט!... וועט דיך קומען ווערגן!...

„דער געדאַנק איז עפּעס פון ווייט־ווייט אָנגע־קומען... האָט זיך שאַרף אַריינגעשניטן אין מוח און געדאַכט האָט זיך אים, אַז עמעצער האָט עס אים נאָר וואָס איינגערוימט אין אויער אַריין. און די פּאָר אויגן האָבן שטום־רעדעוודיק עס באַ־שטעטיקט:

„איך בין געקומען דיך ווערגן!“...

„ווען די מוטער איז געקומען האָט זי שוין דאָס קינד נישט דערקענט. דאָס פּנים איז געווען פאַר־קרימט, די אויגן זענען געשטאַנען שטאַר, ווי פאַרגליווערט, און געקוקט זיין אין פינטל... ער האָט אַ לאַך געטאָן... נישט שלמהלע, עפּעס אַ פרעמדער האָט פון אים אַרויסגעלאַכט... אַ פּאָר אומפאַרשטענדלעכע ווערטער האָבן זיך אַרויסגע־ריסן... אָבער סיי דאָס לאַכן און סיי זאָגנדיק די ווערטער, האָט זיך דאָס פּנים זיינס נישט געענ־דערט, און די אויגן זענען שטאַר געשטאַנען און געקוקט אין איין פינטל...“



ל. חיין־שמעוני (חיפה)

# אין דער הייך

...„איך גלויב, אַז אַ שטאַם וווּנדערבאַרע ייִדן וועט אַרויסוואַקסן פון דער ערד“.

„די מכבים וועלן אויפשטיין און צוריקקומען צום לעבן“.

ד״ר הערצל.

גערופן האָט מען זיי „שעכטעריסטן“, מחמת אַ באַקאַנטער דענקער און פּעדאַגאָג, וואָס האָט געהייסן ד״ר יוסף שעכטער, האָט זיי דערצויגן און דערהויבן אין אַ סקױט־באַוועגונג ביז זיי האָבן פאַרענדיקט זייער מיטלבילדונג און זענען נישט אַוועק אין אוניווערסיטעטן מאַכן אַן אַקאַדעמישע קאַריערע, נאָר פריִער אין אַ סך אַ העכערער שולע — אין אַ הכשרה־פּונקט אין מדינת ישראל. בס״ה זענען זיי געווען עטלעכע צענדליק יונגע בחורים מיט מיידלעך, אַלע „צאַבּרעס“, קינדער פון גוטגעשטעלטע היימען, ווו ס׳האָט נישט געפעלט קיין פויגלמילך...

די „שעכטעריסטן“ האָבן פון זייער פריסטער יוגנט געשטרעבט צו עפּעס העכערס, צו פּערזענלעכער הגשמה, צו מקיים זיין ס׳געבאָט פון אויסלאָדן זייערע אָנגעקוואָלענע יונגע קרעפטן צוזאַמען מיט די חלומות, — אין מעשים, ווי ס׳האָבן געטאָן די פריִערדיקע דורות חלוצים, די תפארת פון ייִדישן אַרבעטנדיקן פאָלק, די יעניקע, וואָס האָבן זיך דערצויגן און דערהויבן, צוריק אויפצולעבן די פאַרוואָרלאָזטע, פאַרשטייניקטע וויסטענישן פון ארץ־ישראל. אַזוי האָבן די „שעכטעריסטן׳ געשאַפן די קבוצה „יובלים“, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ הכשרה במשך פון 3 שווערע, פּרוכטבאַרע יאָרן אין שרון, אין די בערג פון יהודה, אין נוה אילן און קרית ענבים, אין מקומות, וואָס האָבן אַנטשפּראָכן זייער ווילן, זייערע כאַראַקטערן און שטרעבונג צו בויען אַ היים אין אַ באַרגיקער לאַנדשאַפט פון מדינת ישראל.

שטופּנווייז האָבן זיי אויספאָרמירט אַ געאייניקט אַנטשלאָסענעם קאָלעקטיוו פון 30 חברים, וואָס האָט דורכגעמאַכט שווערע ניסיונות, זיך צו לערנען פון אַנדערע געניטע חלוצים, צו פאַרהאַרטעווען דעם גייסט מיטן ווילן, צוזאַמען מיט די יונגע קרעפטיקע הענט אין אַ ווערקצייג, וואָס זאָל זיין פעיִק עוקר הרים זיין. דער קאָלעקטיוו האָט געאַרבעט און געלערנט מיט פלייס און ברען, גלייכצייטיק צו פאָדערן פון די התישבות־קערפּערשאַפטן, נישט נאָר אָנערקענונג נאָר באָדן, ערד, ווו זיך צו באַזעצן און שלאָגן וואָרצלען אין דער טיף פון ייִדישן לאַנד.

ס׳איז נישט געווען אַזוי לייכט און פּשוט, בעת שוואַרצע, יונגע, התלהבותדיקע טשופּרינעס, מיט פלאַמען אין די אויגן, האָבן זיך געטראָפן מיט גרויע עסקנישע קעפּ, מיט צעקנייטשטע פּנימער, „פּראַקטיקער“, וואָס זענען אַליין דורך אַ סך שווערע ניסיונות, ביז זיי זענען געוואָרן די פאָרזיכטיקע פּוסקים, — „מי לחיים“. מען האָט זיי געשיקט פון איינעם צום צווייטן, ביז זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אינעם ריכטיקן אַדרעס און ריכטיקער פּערזאָן, וואָס האָט דערפילט נישט נאָר דעם גלי פון זייערע אויגן, נאָר אויך דעם גלי פון זייערע יונגע נשמות, פון זייער ווילן, זיי האָבן געטראָפן דעם קרן קימת זייל, דעם אויסגעפּרוּווטן יוסף ווייץ, וואָס האָט זיי אויך גוט פאַרשטאַנען און פאָרגעלייגט עולה זיין אין אַ גאָר וויסטער, נייער געגנט, וואָס שרייט, מאָנט און פאָדערט: התישבות, ייִדישע הענט, שווייס, פּראַצע, אויסדויער און טיפן אינערלעכן חלוציזם צו מעשי בראשית. ער האָט זיי פאָרגעלייגט דעם פאַרוואָרפענעם היסטאָריש־באַרגיקן שטח פון יודפת, אינעם ליידיקן צענטראַלן גליל. די חברה האָט דערפילט, אַז „דאָס איז דאָס“, וואָס זיי האָבן געזוכט. זיי האָבן צוגעשטימט, צו וויסן לכתחילה, אַז דאָס באַטרעטן אַזאַ שטח, פאָדערט נישט נאָר אויסדויער, נאָר נייע גלגולים, נייע נסיונות מיט צווישן־סטאַנציעס.

בקיצור, ערשט אין 1959, זענען זיי געקומען מיט „האַק און פּאַק“ אינעם נאָענטסטן נייעם ישוב שגב, אַן אַרבעטס דאָרף פון נייע עולים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט צוגרייטן באָדן פון קרן קימת, פאַר קאָלאָניזאַציע און באַוואַלדונג. די חברה האָט פאַרנומען די לעצטע, ווייטסטע, ליידיקע הייזער פון דאָרף, אויף אַ באַרג, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף דער אַלט היסטאָרישער יודפת, און זיך גלייך גענומען צו

דער שווערער מלאכה, האַנט ביי האַנט מיט די נייע עלטערע עולים. זיי האָבן זיך גיך אויסגעמישט מיטן אַרטיקן האַרעפּאַשנעם עולם, אַריינגעבראַכט יוגנטער־לעכן ברען מיט פלייס.

זיי, די אינטעליגענטע בחורים און מיידלעך, האָ־בן זיך נישט „געפּוילט״ אָנצונעמען זייטיקע אַר־בעטן, און אויסטיילן פון זיך לערער פאַר דער אַרטיקער שולע, זיי האָבן זיך נאָר פאַררעכנט מיט דער צייט: — די חברים האָבן געמיינט, אַז די הכנות צו באַאַרבעטן די ערד פון יודפת וועלן דוי־ערן אַ פּאָר חדשים, בעת אין דער וואָר, האָט גע־דויערט קנאַפּע צוויי יאָר, ביז ס׳זענען אויסגעבויט געוואָרן די ערשטע פאָר הייזער אין יודפת, ביז צו זיי האָבן זיך באַהעפט נאָך יוגנטלעכע ענטוזיאַסטן פון פאַרשידענע טיילן פון ישראל און — — — נאָך זיבן שווערע יאָרן פון גלגולים, קריזיסן און נסיונות, האָבן זיי באַטראָטן די ערד, וואָס איז גע־וואָרן זייער היים, און אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען באַצייכנט געוואָרן די גרענעצן פון זייער נחלה — אַן אויסגאַנג־פּונקט, פאַר אַ גאַנצער רייע נייע ישובים, וואָס דאַרפן דאָרטן בקרוב אויסגע־בויט ווערן.

***

עפּעס „וועגן נגב פון גליל״:

דער צענטראַלער גליל שפּרייט זיך אויף אַ שטח פון אַ מיליאָן מיט 50.000 דונאַם, פון וועלכע קנאַ־פּע 6600 טויזנט דונאַם איז וויסט און ליידיק, ליי־דיק ביז שטוינען. דאָרטן זענען פאַראַנען מקומות, ווו ביז איצט האָט נאָך אַ מענטשלעכער פוס נישט באַטראָטן...

פונעם צענז פון 1961, ווערט מען געוווירר, אַז די יידישע באַפעלקערונג ציילט דאָרטן בס״ה וואָ־סערע 13 טויזנט נפשות. צייט 1961 ביז איצט, האָט זיך אין דעם פּרט, דער מצב נאָך פאַרערגערט, ווייל דער נאַטירלעכער צוווקס ביי די אַראַבער באַ־טרעפט 21,6 פּראָצענט, בעת ביי די יידן, דער־גרייכט ער קוים 4,6 פּראָצענט, און נאָך עפּעס: אין יענער געגנט קאָנצענטרירט זיך די יידישע באַפעל־קערונג אל פּי רוב אין אַזעלכע שטאָטישע פּונקטן ווי נצרת־עילית און מעלות, בעת די אַראַבער זע־נען עס די, וואָס זענען מקיים דעם „המוציא לחם מן הארץ״...

די יידישע שומרים האָבן נישט גערוט און אויס־געאַרבעט אַ פּלאַן צו באַפעלקערן דעם ליידיקן צענ־טראַלן גליל. במשך פון די נאָענטע 15 יאָר מוזן דאָרטן געגרינדעט ווערן 35 יידישע דערפער, באַ־זירט אויף לאַנדווירטשאַפט, פּלאַנטאַציעס, און בהמות־צוכט. חוץ די 35 דערפער מוזן געשאַפן ווערן נאָך 7 האַלבשטאָטישע ישובים, וואָס זאָלן די־נען ווי צענטראַלע פּונקטן מיט הונדערטער משפחות אין יעדן אָרט.

די צענטראַלע ישובים וועלן באַדינען די אַרומיקע דערפער מיט ראַיאָן־שולעס, מעדיצינישע אַמבולאַ־טאָריעס, קולטור און פאַרוויילונגס־פּונקטן, און מיט אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. פון אַלדאָס גוטס, וועלן נאַטירלעך אויך געניסן די אַראַבישע דערפער, ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון ישראל.

דער פּלאַן רעאַליזירט זיך: — דער קרן קימת פירט דאָרטן דורך אַ ריזיקע אַרבעט, קודם כל מיט דורכברעכן און אויסבויען וועגן, און מעליאָרירן די ערשטע 70 טויזנט דונאַם באָדן, באַדעקן זיי מיט פּרוכט־פּלאַנטאַציעס, און צוגרייטן אַקערלאַנד נאָכן אויסשטייניקן די ווויסטעניש. די דערמאָנטע ריזן־אַרבעט איז שוין אין פולן שוווּנג. די נייע שטאָט כרמיאל צווישן עכו—צפת בויט דער באַוווינונג־מיניסטעריום, מען זעט שוין דאָרטן גרויסע בלאָקן הויכע הייזער, וואָסער־רערן מיט נייע אַספאַלטיר־טע ברייטע כבישים, גלייכצייטיק ווערט פאַרגרע־סערט דאָס שטעטל מעלית, נאָענט צו דער גרענעץ פון לבנון.

ווי אַ הויפּט־מחותן פון דערמאָנטן ריזן־ווערק, וועט דער קרן קימת אינוועסטירן אינעם ווערק 34 מיליאָן פונט, דער באַוווינונגס מיניסטעריום וועט אויך אינוועסטירן אַזאַ סומע און נאָך 15 מיליאָן פונט וועט צוגעבן די התישבות־אָפּטיילונג פון דער יידישער אַגענץ. אויב מיר וועלן צוגעבן נאָך קלע־נערע נישט פאַרויסגעזעענע הוצאות, האַנדלט זיך דאָ אין אַ נאַציאָנאַלע אינוועסטיציע פון קנאַפּע 100 מיליאָן פונט, וואָס מדינת ישראל צוזאַמען מיטן יידישן פאָלק, ווי שותפים צו דער מדינה, וועלן מוזן שאַפן, ווייל דאָס רעאַליזירן דעם פּלאַן, פון באַזעצן די וויסטעניש פון צענטראַלן גליל, איז אַ לעבנס־פראַגע פאַר דער צוקונפט און זיכערקייט פון יידישן לאַנד. און וויפל די שונאים פון ישראל זאָלן נישט בילן, וועט אָט די אַנטוויקלונג ברענגען אַ סך גוטס מיט מזל־ברכה אויך פאַר דער אַרטי־קער אַראַבישער באַפעלקערונג, וואָס וועט נאַטיר־לעך אינטעגרירט ווערן אין דער ווירטשאַפטלעך־קולטורעלער ראַם פון נייַ אויפגייענדיקן גליל.

דאָס אַלץ איז פּראָזע, גרויע לעבעדיקע פּראָזע פון פּראָצע, פון שווייס, פּלאַנירונג און טעכניק, אָבער מיר טאָרן אַ רגע נישט פאַרגעסן די „פּאָעזיע״ — די לעבעדיקע מענטשן, וואָס דאַרפן דאָס דער־מאָנטע רעאַליזירן. הונדערטער אַזעלכע מענטשן, בעיקר נייע עולים, שטייען שוין ביי דער אַרבעט צו באַדינען הויב־קראַנען, דרילן, סקרייפּערס און צו אַרבעטן פּשוט: מיט קירקעס, מיט ברעך־אייזנס, מיט רידלעס און אַרבעטס־בהמות. דאָס זענען די

ערשטע מחנות מגשימים פון דער פּאָעמע: אינזשי־
ניערן, טעכניקער, פּאַרמעסטער, וואַסער־אינסטאַ־
לאַטאָרן, שומרים, מאַשיניסטן, טראַקטאָריסטן, שאָ־
פערן, שטיינברעכער, ביז די פּשוטע יידישע פֿאָלקס־
מענטשן, יונגע ברוינע בחורים מיט אייזערנע הענט
אין שטאָלענע ווילנס, ביז די טייערע שטילע מזרח־
יידן, מיט בערד און טיכער אויף די קעפּ, מיט פּסו־
קים תהילים אויף די ליפּן, אַלע, אַלע פֿאַרשטויב־
טע, צעפּלאָמטע, פון זון פֿאַרברוינטע, אויסגע־
שמירטע מיט ניי־ערד, פֿאַרמישט מיט שווייס, אַלע,
אַלע, וואָס ציילן דערווייל אין די הונדערטער, און
דאַרפן קריגן פֿאַרשטאַרקונג פון נאָך טויזנטער,
וואָס וועלן געשעפּט ווערן פון לאַנד גופא, ווי פון
דער עליה, וואָס שטראָמט אָן אויפהער אין ישראל,
פון נאָענט און פון ווייט — — —

לײדער זענען נישט ווייניק צייטונגס־מענטשן אין
ישראל מער פֿאַרנומען מיט באַשרייבן דעם שאָטן
מיטן מיסט, ווי מיטן דערציילן און באַשרייבן דאָס
ליכט, וואָס גייט איצט אויף אין גליל, די מעשי־
פלאים פון די דערמאָנטע פּיאָנערן, וואָס אין זייער
אָנבליק דאַרפן און מוזן דערצויגן ווערן נאָך און
נאָך קאַדרען, ווייל די צייט איז גורלדיק און קורץ,
די צייט מאָנט: — פֿאַרשפּעטיקט נישט די פּאַראַ־
נענע היסטאָרישע מעגלעכקייטן משלים צו זיין די
מלאכה!

**

נישט ווייט פון יודפת קוקט אַרויף צום הימל
דער באַרג „חזון“, צפון־מזרחדיק פונעם אונטערשטן
גליל, און צפונדיק פונעם איבער טויזנט מעטער
הויכן באַרג „מירון“. פונעם באַרג חזון זעט מען
גוט פון ווייטן דעם בלויען סאַמעט פון כנרת, מיט
שטיקער פעלד אינעם טאָל „אַרבל“. אָט ווערט דער
ווייסטער באַרג חזון אַ ישוב. אויף זיין קאָפּ און רוקן
זעט מען פויזען ריזיקע בולדאָזערס מיט טראַקטאָרן,
באַגלייט מיט פֿאַרשטויבטע יידישע אַרבעטס־מענ־
טשן, וואָס מאַכן אַ „תל“ פון אַ חלק פון דער אַמאָ־
ליקער חומש־נחלה פונעם שבט נפתלי. איר זעט
דאָ אַ שטיק מעשי־בראשית, ווי מען ברעכט דורך
אַ וועג, אויפן ראַנד פון אַ תהום, אַ טעכניש מייס־
טער־ווערק פון ישראל־ אינזשיניערן און טעכני־
קער. מען רייסט און צעשמעטערט פעלדזן פון
פֿאַנטאַסטישער גרויס; מען שאַפט, מען גרייט צו
מאַמע־ערד פֿאַר פּלאַנטאַציעס מיט פּלעצער פֿאַר אַ
ניי שטעטל, מיט נאָך צוויי האַלב־לאַנדווירטשאַפט־
לעכע ישובים. ווער עס זעט די ניי־געשאַפענע,
גרייטע צום פּלאַנצן 800 דונאַם קרקע, זעט שוין
די צוקונפט פון הר חזון, וואָס זיין ניי־ערד איז
פול מיט דיקע רעגן־ווערעם, און שניידט זיך אונ־
טער די אַקער־קלינגען ווי ברוינער קעז. געגנוג
„חזון“ וואָס מיינט וויזיע, פון וויזיע ווערט יש מיט
ווירקלעכקייט, געגנוג האָט דער באַרג געשלאָפן צו
טראָגן אין זיך די בלוטיקע זכרונות פון יידישן
אומקום מיט 1900 יאָר צוריק, ווען די רוימישע
לעגיאָנען פון עספּאַסיאַנוסן מיט זיין זון טיטוס האָבן
אויסגעראָטן די יידישע ישובים צוזאַמען מיט די
„עמי הארץ“ — די אַמאָליקע יידישע ערד־אַרבע־
טער פון גליל.

דער באַרג חזון טרייסלט פון זיך אַראָפּ די אַלטע
צייטן, בקרוב במהמה בימנו, וועלן דאָרטן יידישע
לערער אין שולעס דערציילן די קינדער פונעם
דאָרטיקן יידישן גבורה־עבר, מיט די טייכן בלוט,
וויסט, פֿאַרגליווערט און פֿאַרשטייניקט געוואָרן.

**

דער באַרג חזון ליגט 600 מעטער איבערן ים
התיכון, אַזוי אַז מען לאָזט זיך פון אים אַראָפּ מיט
אַ נייעם וועג צו אַ קרייצונג פון כביש עכו־צפת.
די אויגן ווערן נישט זאַט מיט שמעקעדיקן וווּנ־
דערלעכן סאַמעט גרינס פון די נייע יידישע ישובים
אין טאָל. פריער זעט מען די שטיקער נאַקעטקייט
מיט די שטיין־ברעכערייען אין דער נאָענט פון שגב,
אַזוי אַז די גרינקייט פרישט אָפּ און איז מחיה. מען
שפּאַנט פֿאַרביי אחיהודי יסעור, ביז מען באַטרעט
די גרענעצן פון דזשיידע מיטן גרויסן בלייענדיקן
אַראַבישן דאָרף כפר־יאַסיף ווו עס געפינט זיך אַ
גאָר פֿאַרצייטיקער, פֿאַרוואַקסענער יידישער בית־
הקברות. נאָכהער לויפט מען פֿאַרביי בית העמק,
נתיב השיירה מיט בן עמי פון מערב־זייט, ביז מען
קומט צום דענקמאָל־שטיין פון כברי, לזכר די טיי־
ערע יידישע יונגע קעמפער, וואָס די דאָרטיקע אַראַ־
בער האָבן אויסגעמאָרדעט, ווען זיי זענען געגאַנגען
צו הילף דעם פֿאַרוואָרפענעם קיבוץ אין די בערג
— יחיעם אין אָנהייב פון באַפרייונגס־קריג; די
אַראַבער זענען געווען צען אויף איין יידישן בחור,
די שלאַכט האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט...

נאָכן פֿאַרנייגן דעם קאָפּ פֿאַרן דענקמאָל און
פֿאַרלירן אַ שטילע טרער, דערנענטערט מען זיך
צו מצובה, און צו אַ נייער קרייצונג פון וועגן, וואָס
פירן קיין יערה, בצת, שלומי און חניתא, גאָר הויך,
אויף דער גרענעץ פון לבנון. די דאָזיקע בערג־קייט
פֿאַרכישופט מיט איר נאַטור פּראַכט, מיט די יונגע
וועלדלעך, מיט די באַנאַנעס און פּרוכט־פּלאַנטאַ־
ציעס אויף די רוקנס פון די בערג, מיט די נאָר
וואָס געשניטענע גאָלד־קאָלירטע פעלדער, וואָס
דאַרפן זיך נישט שעמען אַקעגן דער אייראָפּעיש
באַזונגענער שווייץ, חלילה! איר האָט אַ יידישע
גלילער שווייצאַריע מיט יידישע פעלדער, וועלד־
לעך, פּרוכט־פּלאַנטאַציעס, וואָס ווימלען מיט יידי־

שע ערד־אַרבעטער. די וועגן זענען פול מיט יוגנט־לעכע וואַנדערער פון כלערליי שולעס און „תנועות״, וואָס קריגן דאָ זייער וויזואַלע דערציִונג און באַ־גייסטערונג, זייער אהבת המולדת.

דאָ ברויזט אויך אַ ריזן אַרבעט, וואָס דער קרן קימת פירט דורך, עס לעבן דאָ אויף אין זכרון די גבורה־קאַמפן פון צה״ל אינעם באַפרייונגס־קריג, וואָס דערמאָנען די אַמאָליקע ייִדישע גבורה וואָס יוסיפוס פלאַוויוס האָט באַשריבן.

די מענטשן פון קרן קימת ברעכן דאָ דורך אַ נייעם וועג אויף דער סאַמע גרענעץ פון לבנון, וואָס ציט זיך פּאַראַלעל צום לבנונער כביש, אָפּגערוקט בסך הכל אַ פּאָר צענדליק מעטער וויטער, צפונ־דיק.

דער נײַ־בוי פון ישראל־כביש איז איינגעהילט אין אַ וואָלקן שטויב, ריזן מאַשינעס רייסן אויף שטיקער בערג, עס דונערן די אויפרייסן, דער באַרג שפּייט צום הימל מיט שטיינער און פעלדזן. פון איין אויפרייס ביזן צווייטן, ציטערט די ערד, מחמת דרילן עקבערן און גרונטעווען אין דער טיף פאַר נייע לאַדונגען אויפרייס־שטאָף, דערווײַלע פאַר־טרייבט דער ווינט דעם שטויב, עס ווערט קלאָר די לופט און די זון פון אויבן, שרפעט און האָט הנאה...

עס איז צו באַוווּנדערן די ליכט פון אַ באַנײַטן חלוציזם, וואָס דער קרן קימת האָט אָנגעצונדן דאָ, אין די וויסטע בערג מיטן נייעם אַנטוויקלונגס־ווערק אויף דער סאַמער גרענעץ מיט לבנון, ווו מען זעט פון דער נאָענט דעם שטח פון דער צווײ־טער מדינה מיט איר פאַסטאָראַלן פּייזאַזש: — סטאַ־דעס שאָף און ציגן, רינדער, פערד מיט אייזלען, לבנונער פעלאַכן אַקערן געדולדיק מיט פּליס זייי־ערע פיצלעך טעראַסירטן באָדן, זיי רייסן עס אויף מיט הילצערנע אַקערס געשפּאַנטע מיט אייזלען און פּרידות, אָדער מיט אָקסן, זיי ווייסן דאָ נישט פון פּעלקער שנאה, אויב מען צינדט איר נישט אָן. דער גרענעץ פון לבנון, איז דער רויִקסטער פון אַלע גרענעצן פון ישראל.

בעת דו געפינסט זיך אין די מקומות, טראַכסטו, ווי הימל ווייט דאָ איז די אַטמאָספער פון די פול באַזעצטע קאַפע־הייזער אין דער דיזנגאָף גאַס פון תל־אָביב, אָדער אינעם צענטראַלן כרמל פון חיפה, ווו דעם נייעם מענטשן דוכט זיך, אַז „די מלאכה איז פאַרענדיקט״, מען קען שוין זיצן רויִק אינעם ציגאַרעטן־רויך און זיך פאַרווײַלן, ביז צו פאַרגעסן ביידע נגבס, פון דרום און צפון, — אָט די שממה, די וויסטעניש, דער שונא פון מדינת ישראל...

ווייטער פונעם אויפרייס־שטח, איז די לופט כולו בשמים פון פיסטַציע און לאָרבער ביימער, פון ציפּרעסן, סאָסנעס, אַלטע דעמבעס און — — — ייִדישע פּלאַנטאַציעס פולע מיט צייטיקע פּרוכט, מיט בינשטאָקן ווו בינען זינגען און שאַפן האָניק, ווו עס קומט צו נאָך אַ געזאַנג פון וואַסער־שפּריצן מיט פייגל, וואָס מען פלעגט זעלטן זען, איידער ייִדישע שווייס האָט באַפרוכפּערט דעם געגנט, איי־דער מען האָט דאָ דורכגעבראָכן דעם נייעם וועג, וואָס ברענגט דיר אין אַ נייעם אוראַלטן רעגיאָן וואָס הייסט בירנית.

דער שטח פון בירנית באַצייבערט דיר מיט זיין פּרעכטיקער באַרג־לאַנדשאַפט, אַ שטח לײַדיק, דערווייַלע אָן מענטשן... די געגנט פון בירנית האָט אַמאָל געהערט צום שבט נפתלי און איז געווען גע־דיכט באַפעלקערט. שלמה המלך האָט שטיקער לאַנד פון אָט דער געגנט אַוועקגעשאָנקען דעם קעניג חירם פון צור, ווי אַ געשאַנק פאַר די צעדער־ביי־מער, וואָס ער האָט געליפערט ירושלים צו בויען דעם ערשטן בית המקדש. אלכסנדר ינאי האָט דאָ שפּעטער אויסגעבויט אַ פעסטונג, וואָס אירע שפּורן זעט מען ביז היינט, די פעסטונג האָט געהייסן „בירנית״, „בירנית״ סינאָנימיזירט זיך מיט „מצו־דה״, מצודה איז אין ייִדיש לשון: אַ פעסטונג.

20 יאָרהונדערט שפּעטער, האָט זיך דאָ אָפּגע־שפּילט די גורלדיקע שלאַכט פאַרן באַפרייען דעם גליל, בעת דעם באַפרייונגס־קריג, דעם פאַרמעסט האָט צה״ל געגרופּן „מבצע־חירם״, צום אָנדענק פו־נעם קעניג, וואָס מיט זיין געהילף האָט מען געבויט דעם ערשטן בית המקדש.

אינעם שטח פון בירנית דרייט מען שוין איבער די געאָגראַפיע פון תנ״ך, מיטן קאָפּ אַראָפּ. — — — דער קרן קימת, האָט דערווייל באַוויזן דורכ־ברעכן 14 קילאָמעטער נייעם וועג, וואָס דערמעג־לעכט צוצופירן אַלע מאָדערנע שווערע מאַשינען, וואָס רודערן דאָ איצט און גרייטן צו אַ באַזע פאַר התישבות גאָר בקרוב, נאָך 20 קילאָמעטער וועג געפינט זיך אין בוי, און גאָר נאָענט צו דער אַל־טער בירנית פון אַלכסנדר ינאי, ליגן שוין מעליאָ־רירט און טעראַסירט הונדערטער דונאַמס ניי־לאַנד פאַרן נייעם דאָרפישן ישוב זרעית און פאַרן רע־גיאָנעלן צענטער פון ניי־בירנית.

**
*

מיר קערן זיך צוריק צו אונדזער „שעכטעריסטן״ אין יודפת, וואָס זיצן דאָרטן אין אַ ווינקל אויפן היסטאָרישן באַרג, ווו יעדער שטיין און פעלדז איז באַהויכט מיט אַלט־ייִדישער געשיכטע, און נייע ייִדישע מעשים. מען זעט דאָ די ליידיקייט אַרום, צו דערפילן איר שטילקייט, מען ווערט טיף עמאָ־ציאָנירט, ס'גיט אַ ציטער ס'ייִדיש האַרץ: — דאָ

האָבן זיך אָפּגעשפּילט די ביטער־בלוטיקע שלאַכטן, צווישן די לעצטע ייִדן פון יודפת מיט די רוימישע האָרדעס פון עספּאַסיאַנוסן, וואָס האָט באַשלאָסן אָפּצומעקן פון דער ערד די שטאַרקע פעסטונג פון די ייִדישע בני הגליל.

אין אָנהייב פון דער באַלאַגערונג פון יודפת מיט 1900 יאָר צוריק, איז יוסף בן מתתיהו (יוסיפוס פלאַוויוס) געווען דער קאָמאַנדיר און קאָמענדאַנט פון דער דערמאָנטער פעסטונג, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ פעלדזיקן שפּיץ־באַרג, אַרומגערינגלט מיט קאָפּ־שווינדלדיקע תהומות. יוסף האָט פאַרפעסטיקט און דערהויבן די מויערן, וואָס האָט דערמונטערט די באַפעלקערונג מיטן העלדישן גאַרניזאָן. עס איז קלאָר געווען, אַז די רוימישע לעגיאָנען זענען איבערוועגנדיק אין מענטשן, אין כלי־זיין און שווערע כלי־משחית. די ייִדן האָבן עס גוט געוווּסט, און זייער פאַרטיידיקונגס־קאַמף איז געווען אַ פאַרצווייפלטער, אויף לעבן און טויט, אָן דער מינדסטער האָפענונג צו קריגן פאַרשטאַרקונג פון דרויסן, זיי זענען געווען אַרומגערינגלט אַרום און אַרום, אָפּגעשניטן פון דער וועלט.

יוסף בן מתתיהו האָט געוואָלט אויסניצן די גבורה פון יאוש, און ער האָט זיך געווענדט צום פאָלק אַזוי צו זאָגן:

„ס'האָט געשלאָגן די שעה אַרויסצוגיין אין שלאַכט, מיר האָבן נישט די מינדסטע האָפענונג צו אַנטרינען. ס'וועט זיין גוט אויב מיר וועלן דערווערבן אַ גוטן נאָמען פאַרן פּרייז פון אונדזערע לעבנס, און פאַרן טויט, אַרויסווייזן ווונדער־גבורה, וואָס זאָל בלייבן לזכרון ביזן לעצטן דור" — — — — — — — — — — — —

אומר ועושה: האָבן זיך ייִדישע שלאַכט־לייט כסדר אַרויסגעריסן פון די מויערן פון יודפת, געקעמפט ווי לייבן און געשלאָגן די רוימער אויף רעכטס און לינקס, אַזוי טעג און נעכט, וואָכן און חדשים. דערווייל האָבן די רוימער באַוויזן אָנפילן אַרום דער פעסטונג ריזיקע אָנשיטן, אויף וואָס זיי האָבן אַרויפגעשלעפּט זייערע אייזערנע שטויס־בעק, מיט קאַטאַפּולטן צו שטורעמען די מויערן און באַליגן די שטאָט יודפת מיט אַנגעגליטע שטיקער אייזן, מיט שטיינער און ברענענדיקע פאַקלען. די ייִדן האָבן געענטפערט מיט דער זעלביקער מטבע, און יעדער דורכגעבראָכענע שפּאַלט אין מויער צוריק פאַרפעסטיקט, צו צאָלן דערפאַר מיט בערג טויטע קעמפער.

די רוימער האָבן געבראַכט שליידער־ און טומל־מאַשינען, וואָס האָבן געדרוישט אָן אויפהער צו פאַרווירן און פאַרטומלען די באַלאַגערטע ייִדן, וואָס האָבן זיי געענטפערט פון די מויערן אַראָפּ מיט טעפּ זודיקן בוימל, וואָס זיי האָבן געגאָסן די רוימער אויף די קעפּ און גופים.

אונטערן מוראדיקן פייער האָבן די ייִדן כסדר געהעכערט די מויערן מיט נייע שיכטן שטיינער, די רוימער, ווידער, האָבן געהעכערט זייערע ערד־אָנשיטן אַרום און אַרום.

אינעם 47סטן מעת לעת פון דער אַנטגילטיק־טאָטאַלער באַלעגערונג האָט זיך עספּאַסיאַנוס דערוווּסט פון אַ ייִדישן געפאַנגענעם, אַז די ייִדישע קרעפטן לאָזן זיך אויס, ס'לאָזט זיך אויס די לעצטע רעזערוון שפּייז און וואַסער, און די ייִדישע שלאַכט־לייט זענען אַממערסטן מיד אין די פאַרטאָגן, ווען אַ סך פון זיי שלאָפן איין מיט געווער אין האַנט. עספּאַסיאַנוס האָט אויסגעניצט די דאָזיקע ידיעה, און אַ באַזונדערס שטאַרק נעפּלדיקן באַגינען האָט ער אַרויסגעפירט זיינע לעגיאָנען צום לעצטן שטורעם. עס איז אים געלונגען איינצוברעכן די לעצטע מידע ייִדישע קרעפטן, די מויערן זענען דורכגעבראָכן געוואָרן, יודפת איז געפאַלן, 40 טויזנט ייִדן זענען געפאַלן טויט — —

אַזוי דערציילט אונדז יוסף בן מתתיהו הכהן אין זיינע כתבים. ער אַליין, דער באַרימטער ייִדישער קאָמאַנדיר, איז דעמאָלט אויך געפאַלן, נישט פיזיש, נאָר מאָראַליש, אין פאַרצווייפלונג האָט ער זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די רוימער, בעת זיינע איבערגעבליבענע חברים האָבן זיך אַליין אומגעבראַכט, כדי נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקע אין די הענט פון שונא.

יוסף בן מתתיהו, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַקאַנטן היסטאָריקער יוסיפוס פלאַוויוס, און זיך געשטעלט אין דינסט פון די רוימער, צו באַצירן די סוויטעס פון עספּאַסיאַנוסן מיט זיין זון טיטוס הרשע — — — — — — — — — — — — — —

זיכער האָט יוסיפוס פלאַוויוס נישט געחלומט, אַז די רוימישע אימפּעריע וועט אונטערגיין, און דער ייִדישער שטאַם וועט בלייבן ווייטער לעבן ווי עס שטייט געשריבן: בדמיך חיי!

1900 יאָר שפּעטער, נאָך יענער גבורהדיקער עפּאָפּייע, האָבן זיך די אור־אור־אייניקלעך פון יענע ייִדישע שלאַכט־לייט אין גליל, די גימנאַזיסטן פון אַ חיפהער מיטלשול, צוריקגעקערט, צוזאַמען מיט ייִדישע עולים — שבי ציון, מזרח־ייִדן, אויף די בערג פון יודפת צוריק באַלעבן די געגנט, וואָס איז בשעתו חרוב געוואָרן, צעמענטירט געוואָרן מיט ייִדיש בלוט, נישט אומזיסט רופן אונדזערע קינדער די פייער־רויטע בלומען, וואָס וואַקסן אין יענע בערג: „דם המכבים" — בלוט פון מכבים, וואָס סינאָנימיזירט „ייִדישע קעמפער".

יאָ, די נייע ייִדן באַוואַלדיקן איצט די געגנט פון יודפת, זיי שטייניקן די פעלדער, זיי קערן איבער די בערג, זיי גרייטן צו דאָס אַלטע־ניי־לאַנד פאַר נייע ייִדישע ישובים.

דאָרטן ווו עס האָבן מיט 1900 יאָר צוריק גע־טומלט עספּאַסיאַנוסעס אייזערנע שטורעם בערג און קאַטאַפּולטן, רוישן היינט ריזיקע טראַקטאָרן, בולדאָזערס און סקרייפּערס, זיי ברעכן דורך וועגן און זענען עוקר הרים, צו רעוואַנשירן די „יהודייאַ קאַפּטאַ״ פון רוים, מיט דער נייער צום לעבן גע־קומענער מדינת ישראל, וואָס איר זין, די חלוצים און פאַרטיידיקער שטייען נישט אָפּ, און פאַרשעמען חלילה נישט די אַמאָליקע גבורים פון יודפת, וואָס יוסיפוס פלאַוויוס האָט באַשריבן אין זיינע כתבים.

דאָרטן איז לעת עתה דער בראשית פון נייעם ייִדישן לעבן אין יענע בערג פון גליל, אין צענ־טראַלן גליל, דאָרטן איז שוין אויפגעריכט געוואָרן אַ הויכער וואַך־טורעם פונעם יונגן קיבוץ מצפה — יודפת, דאָרטן זעט מען שוין זייערע ערשטע הייזער, זייער בלומיקן הויף, אַרומגערינגלט מיט ווענט און יונגע פרוכט־ביימער. מיר זעען דאָרטן די פּרעכטיקע יונגע בחורים, מיידלעך און פאָרלעך מיט די ערשטע פיר קינדער, געבוירענע אין ניי־יודפת.

מען דאַרף אַריבערשפּרייזן אַ באַרג אין דער נאָ־ענט פונעם וואַך־טורעם, וועט זיך אַנטפּלעקן אַ וווּנ־דערלעכע מראה: — דער גרינער צעפּערטלטער טאָל פון בית נטופה, וואָס איז דורכגעשניטן מיילן, מיילן ווייט מיטן לאַנגן אָפענעם בעטאָנירטן קאַנאַל פונעם וואַסער־מאַגיסטראַל, וואָס דאַרף ברענגען מים־חיים פון ירדן און כנרת צו זעטיקן די דור־שטיקע נגבס פון ישראל.

ויהי ערב: די זון נידערט אין פלאַמען אויף נאַכט־לעגער אין ים התיכון. די לופט, מיט די בערג, מיט די קנאַפּע שפּורן פון אַלטן יודפת נעמען בייטן זייערע קאָלירן פון גרוי, גרין און גאָלד אויף פלאַ־מיק־רויט, אַלץ זעט אויס ווי אַ וווּנדערלעכע זע־אונג פון אַ פאַרכישופטן לאַנד, וואָס אָטעמט מיטן הויך פון גבורה געשיכטע פון אַמאָל, און פון נייעם היינט, וואָס זאָגט צו אַ שיינעם ליכטיקן מאָרגן אין אויסגעוווּיטיקטן לאַנד ישראל.



צווישן איין לעקציע און דער צווייטער



עס ווערט געלייגט דער גרונדשטיין פון דעם מיטלשול־בנין (1955).

קינדער פון די שלום עליכם־שולן מאַרשירן פאַרביי די דעלעגאַציעס

חיים פינקעלשטיין

# וועגן קריזיס אין דער וועלטלעכער יידישקייט

## א.

אַן אַלטער וויכוח, וואָס האָט במשך אַ סך יאָרן פאַרשאַפט אַ היפּש ביסל בייז בלוט, איז לעצטנס ווידער באַנייט געוואָרן. דאָס מאָל איז עס געשען אויפן אידעאָלאָגישן כינוס פון פּועלי־ציון — התאַחדות (מפאַ״י) אין אַרגענטינע. און האַנדלען האַנדלט זיך וועגן אַ פראַגע וואָס איז פאַר אונדז פון גרעסטן און וויכטיקסטן אינטערעס: די יידישע דערציִונג — ווי דאַרף זי זיין, אַ רעליגיעזע צי אַ וועלטלעכע?

וויכוחים איבער אידעאָלאָגישע פראַגן זענען נישט איבעריק. אָפט מאָל זענען אַזעלכע וויכוחים דווקא זייער נייטיק און נוצלעך, בפרט אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ פראַגע וואָס שטייט ממש ברומו של עולם. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז די חינוך־פראַגע געהער היינט צו די סאַמע וויכטיקסטע פּראָבלעמען מיט וועלכע ס׳ראַנגלט זיך די גאַנצע יידישע וועלט. דערפאַר טאַקע דאַרף אָט די פראַגע, צוליב איר וויטאַלער באַדייטונג, באַהאַנדלט ווערן מיט דער גאַנצער אַלזייטיקייט, וואָס איז נאָר מעגלעך.

ס׳איז ריכטיק, אַז דער יידישער חינוך מאַכט דורך אַ קריזיס. אָבער דעם קריזיס מאַכט דורך דער גאַנצער חינוך־וועזן — איינשליסלעך אויך דער רעליגיעזער — און נישט בלויז איין צד — דער וועלטלעכער, ווי ס׳איז געזאָגט געוואָרן אויפן דערמאָנטן כינוס. דאָס פּראָבלעם איז אַן אַלגעמיינס. און די סיבות פונעם קריזיס שטעקן, לויט מיין מיינונג, נישט אין דער וועלטלעכקייט פונעם חינוך, נאָר אין פיל אַנדערע פאַקטאָרן, אַ סך טיפערע.

קודם־כל מוז מען געדענקען, אַז דער קריזיס וועגן וועלן מ׳רעדט, איז נישט בלויז אין דער דערציִונג. דער קריזיס שפּרייט זיך אויס אויף אַלע שטחים פון דער קולטור און גייסטיקן לעבן, און נישט בלויז ביי יידן, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. דער קריזיס איז אַן אַלגעמיינער. ער איז אויך פאַראַן אין דער ליטעראַטור, אין דער קונסט און אין אַלע אַנדערע גייסטיקע מאַניפעסטירונגען פון דעם היינטיקן מענטשן.

גורמים זענען פאַראַן פאַרשיידענע. אָבער ווי אַ ביישפּיל איז גענוג אָנצוווייזן בלויז אויף איינעם פון זיי — דעם סאַמע וויכטיקסטן און געפערלעכסטן אין דער היינטיקער צייט.

אָט ווערט שוין באַלד ווערן 20 יאָר זינט די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט. אָבער די השפּעה פון דער מלחמה: די השפּעה פון נאַציזם, פון בלוטיקער דיקטאַטור אין אַלע אירע פאָרמען, וואָס האָט אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן און דערביי צעטראָטן די מענטשלעכע מאָראַל, די ווירדע, דאָס געוויסן און גלויבן פונעם מענטשן — אָט די שוידערלעכע השפּעה פילן מיר נאָך היינט, און די וועלט וועט זי נאָך מסתמא פילן אַ היפּש ביסל צייט.

דער דור וואָס האָט איבערגעלעבט דעם קאָשמאַר און דער דור נאָך דער מלחמה זענען טראַגישע דורות. דורות — וואָס האָבן איבערגעלעבט נישט בלויז פיזישע ליידן, נאָר אויך די גרעסטע גייסטיקע און מאָראַלישע דערנידעריקונגען און אַנטוישונגען. דאָס זענען דורות וואָס — ווייניקסטנס גאָר גרויסע טיילן פון זיי — האָבן פאַרלוירן דעם צוטרוי צום מענטשן און דעם גלויבן אין מענטשן. איז נאַטירלעך אַז דאָס זאָל ווירקן אויף דער היינטיקער קולטור, אויף דער קונסט, אויף דער דערציִונג און אויף אַלע אַנדערע אויסדרוקן פונעם מענטשנס גייסט. קונסט און דערציִונג זענען געבויט אויף אמת, אויף צוטרוי. דאָס איז דער יסוד פון יעדער אמתער קונסט אין דער דערציִונג אָבער אַז דאָס לעצטע פעלט, גראָבט עס אונטער די וואָרצלען סיי פון דער ערשטער און סיי פון דער צווייטער.

די רעזולטאַטן פון אָט דער לאַגע זעען מיר אויף טריט און שריט ביי דער היינטיקער יוגנט, צו וועלכער מיר האָבן אַ סך טענות, מחמת מיר אַליין פאַרגעסן זייער אָפט, אַז זי, די יוגנט, איז נישט די שולדיקע, נאָר גראָד דער קרבן פון אַ ביטערער ווירקלעכקייט.

איז דען אַ וווּנדער פאַר וואָס די יוגנט איז אידעענלאָז, אַנטוישט און אַנטלויפט פון געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען?

דער קריזיס — ווי געזאָגט — איז אַן אַלגעמיינער. זיין יסוד איז אַ מאָראַלישער. דעריבער ווירקט ער אַזוי טיף און ער מיידט נישט אויס קיינעם.

אויך אונדזער יידישע יוגנט, וועלכע לעבט אין דער זעלבער סביבה, מיידט ער נישט אויס.

— ווירקט עס אויף דער דערציִונג?

— געוויס.

אָבער נישט בלויז אויף איין טייל פון דער דערציִונג — אויף דער וועלטלעכער — ווירקט עס. נישט ווייניקער השפעה האָט דאָס אַלץ געהאַט אויף אויף דער רעליגיעזער דערציִונג. און אויב זוכן אַ לייזונג צום קריזיס, דאַרף מען זי זוכן אין דער טיף, פון וואַנען דער קריזיס וואָרצלט. קוים אָבער מיינט מען, אַז מיטן אַריבערכאַפּן זיך פון איין וואָגן אויפן צווייטן, וועט מען לייזן דאָס אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם, מאַכט מען אַ שווערן טעות.

ב.

מען קען נישט רעדן וועגן דערציִונג ווי וועגן אַן אָפּגעזונדערטע זאַך פונעם לעבן.

אויב אַ רעוויזיע; אויב מען דאַרף איבערגיין — ווי עס איז געזאָגט געוואָרן אויפן כינוס — פון וועלטלעכקייט צו רעליגיע, דאַרף מען דאָך גיין דעם גאַנצן וועג ביזן סוף. וואָס פאַר אַ זין האָט צו רעדן וועגן אַ רעוויזיע בלויז אין דער דערציִונג און דער־ביי פאַרשווייגן דאָס גאַנצע לעבן אין אונדזער סביבה, וואָס איז נישט רעליגיעז?

אויב עמעצער ווערט אַ רעליגיעזער מענטש, איז קלאָר, אַז ער זאָל פאַרלאַנגען אויך אַ רעליגיעזע דערציִונג. אָבער בלייבן אַליין נישט־רעליגיעז און וועלן די רעליגיעזע פּרינציפּן און ווערטן אַריבער־טראָגן בלויז אין דער דערציִונג, האָט דאָך קיין זין נישט.

פאַר יעדן לערער און פאַר יעדן פּשוטן בעל שכל איז קלאָר, אַז מ׳קען נישט לערנען קינדער עפּעס אַזוינס אין וואָס מ׳גלייבט נישט אַליין.

נעמט, למשל, אַ לערער, אַ וועלטלעכן מענטש, וואָס אַרבעט אין אַ רעליגיעזער שול. לאָמיר זאָגן, אַז ער פאַרשטייט, אַז ער קען נישט לערנען די קינ־דער צו זיין פרום און אַליין, אין זייער אָנוועזנהייט, טון דאָס פאַרקערטע. דאַוונט ער לפנים וועגן און באַמיט זיך, ווייניקסטנס אין דער אָנוועזנהייט פון די קינדער, צו טון דאָס אַלץ וואָס ער לערנט זיי. איז עס שוין גענוג? וועט אויף אַזאַ אופן זיין אַרבעט זיין אַן עכטע, אַ שלימותדיקע?

יעדער בר דעת פאַרשטייט, אַז נישט ווייל עס איז נייטיק עפּעס מער דערפון; מער ווי די לפנימדיקע פרומקייט; עס איז — קודם־כל — נייטיק אַז דער לערער זאָל אַליין גלייבן באמונה שלימה אין דעם וואָס ער לערנט. מחמת קינדער באַגרייפן זוואָס עס איז עכט און וואָס נישט. און וואָס קען אַרויסקו־מען פון אַזאַ דערציִונג, אויב די קינדער פאַרלירן דעם צוטרוי צום לערער, צום דערציִער?

קיין צוויי מאָסן קענען דעריבער נישט זיין. וועלט־לעכקייט פאַר די גרויסע און רעליגיעזע דערציִונג פאַר די קינדער, איז אַן אוממעגלעכע זאַך. און אויב עמעצער פּראַקטיצירט עס, ברענגט ער דערמיט מער שאָדן ווי נוצן, סיי פאַר די קינדער און סיי פאַר די צילן פון דער דערציִונג.

ג.

אויפן דערמאָנטן כינוס האָט מען אָפּט איבערגע־חזרט דעם נאָמען פון חיים גרינבערג ז״ל. מיין אויפ־גאַבע איז נישט צוצוגעבן און נישט אַראָפּצונעמען פון דעם וואָס חיים גרינבערג האָט געזאָגט מיט אַ סך וויסן און טאַלאַנט. איין זאַך איז אָבער קלאָר, אַז קיין דאָגמאַטיקער איז חיים גרינבערג קיין מאָל נישט געווען. ער האָט אָפּט פאַרלאַנגט רעוויזיעס אינעם לעבן, באַזונדערס בנוגע די גייסטיקע ווערטן אונדזערע. אָבער פאַרלאַנגט האָט ער עס ביי אַלע־מען, ביי די רעליגיעזע, נישט ווייניקער ווי ביי די וועלטלעכע. איינער פון די בולטסטע און כאַראַקטע־ריסטישסטע שטריכן פון חיים גרינבערגס געדאַנ־קען־גאַנג איז די עכטקייט. עכטקייט איז פאַר אים אויך געווען דער יסוד פון שעפערישקייט.

אין איינעם פון זיינע גייסטרייכע עסייען, אונטערן נאָמען „תפילה״, ציטירט חיים גרינבערג די רייד פון אונדזערע חכמים, וואָס האָבן געזאָגט, אַז תפילה אָן באַנייִונג איז קיין תפילה נישט. ער ברענגט די וואָ־רענונג פון דער משנה: „אל תעש תפלתך קבע״ מאַך נישט דיין תפילה קיין שאַבלאָן, קיין מעכאַנישן אַקט. ווייטער זאָגט ער, אַז רב אושיעה איז געווען גע־נייגט צו „באַפרייען״ פון דאַוונען יעדן יידן וואָס „תפילתו דומה עליו כמשאו״, וואָס תפילה איז פאַר אים בלויז אַ משא, אַ לאַסט, עפּעס אַרויפגעצוווּנ־גענעס, וואָס ער טוט נאָר כדי יוצא צו זיין, אַ מין נודנע פליכט. רבה און רב יוסף, ווי מ׳קען זען אין דער זעלבער משנה, זענען געגאַנגען אַזוי ווייט ווי צו באַטראַכטן פאַר „פּסול״ די תפילה פון יעדן איי־נעם „אינו יכול לחדש בה דבר״, איז נישט אין שטאַנד עפּעס נייעס אין איר אַריינצוטראָגן.

איז ווי קען יעדער דאַוונער באַנייען די תפילה וואָס איז אַ געשריבענע, אַ פאַרפיקסירטע אין אַ פעסטגעשטעלטן טעקסט?

דערויף ענטפערט חיים גרינבערג, מיט דער שפּראַך און גייסט פון דער משנה, אַז די באַנייִונג איז דאָ אין דער כוונה. דער דאַוונער וואָס דאַוונט מיט עכטער כוונה, וואָס פילט יעדעס מאָל אַ פרישע אויפציטערונג אַנטקעגן דעם זעלבן גוט באַקאַנטן טעקסט, באַנייט די תפילה.

אָן באַנייִונג, אָן כוונה — הייסט עס — איז די תפילה קיין תפילה נישט. זי קלאַפּט נישט אָן אין די שערי שמים, דערגרייט נישט צום כסא הכבוד און

בלייבט ערגעץ שטעקן נע ונד צווישן מענטש און גאָט.

ווי זשע איז מיט דער דערציִונג?

חינוך — אַפילו אין דער עטימאָלאָגיע פונעם וואָרט — איז געבויט אויף באַנייונג. אָן באַנייונג איז קיין גוטע, קיין עכטע דערציִונג נישט מעגלעך. ווי זשע קען זיין אמתע באַנייונג אָן עכטער כוונה, ווי באַלד די טרעגער און רעאַליזירער פונעם חינוך וועלן טון עפּעס אַזוינס וואָס שטימט נישט מיט זייער אייגענעם לעבן?

ד.

ס׳קען זיין, אַז ס׳וועלן זיך געפינען אויך אַזעלכע — און געוויס זענען זיי פאַראַן — וואָס זענען גרייט אויף אַ רעוויזיע בכלל. ס׳טרעפט זייער אָפט אַז מענטשן בייטן די באַן, אַ מאָל באַוווסטזיניק און אַ מאָל אויך ווייל ס׳איז אין דער מאָדע...

אין דער לעצטער צייט פעלן נישט קיין בעלנים אַרויסצושיסן אַלערליי מינים פיילן קעגן דער וועלטלעכער יידישקייט. איז אפשר דערפאַר טאַקע נייטיק צו מאַכן פון צייט צו צייט אַן ערנסטן חשבון: צי די וועלטלעכע יידישקייט איז בלויז אַ נעגאַטיווער פאַקטאָר אין אונדזער היסטאָרישן גאַנג, אָדער זי האָט אויך בייגעטראָגן פּאָזיטיווע און שעפערישע ווערטן פאַרן לעבן פון אונדזער פאָלק?

פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף אונטערשיידן פון וועלטלעכקייט און וועלטלעכקייט.

פּונקט ווי נישט אַלע רעליגיעזע שיטות און באַוועגונגען זענען די וועלטלעכע ריכטונגען נישט אַלע פון איין שניט.

אַלע ווייסן, אַז אין דער יידישער געשיכטע האָט די רעליגיע געשפּילט אַן אויסערגעוויינטלעך וויכטיקע ראָל. אָבער אַז מען אַנאַליזירט גרינטלעך די פאַרשיידענע רעליגיעזע ריכטונגען און באַוועגונגען, זעט מען, אַז זייער ווירקונג איז נישט אַלע מאָל געווען די זעלבע. אויך די השפּעה פון דער רעליגיע איז געווען אָפּהענגיק פון דער מאָס אויף וויפל זי איז געווען פאַרבונדן מיטן פאָלק. קוים האָט מען די רעליגיע דערווייטערט פונעם פאָלק, איז זי געוואָרן פרוכטלאָז און אָן אַ פּאָזיטיווער ווירקונג פאַר דער דערהאַלטונג פון יידישן לעבן.

אַזעלכע ביישפּילן האָבן מיר געהאַט נישט וויניק, אָנהייבנדיק נאָך פון די גאָר אַלטע צייטן. אַלכסנדריה של מצרים איז איינער פון זיי. שפּעטער האָבן מיר געהאַט אויך אַנדערע ענלעכע ביישפּילן אין פאַרשיידענע תקופות פון דער יידישער געשיכטע. דעם סאַמע בולטסטן און אויך ווייטיקלעכסטן ביישפּיל האָבן מיר געהאַט אין דייטשלאַנד, אין סוף אַכצנטן און אָנהייב ניינצנטן יאָרהונדערט. די „דייטשן פון מאָזאַישן גלויבן" וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק און געבליבן בלויז ביי דעם גלויבן אַליין, האָבן, — ווי ס׳איז באַוווסט — לאַנג נישט אויסגעהאַלטן.

צעשיידטע פון דעם יידישן פאָלק, צעשיידטע פון זיין לעבן און שטרעבן, נאַציאָנאַלן אינהאַלט מיט אַקטיוון יידישן לעבן און יידישן שאַפן, און מיט פון זיין קולטור און טראַדיציעס, איז לאָגישערווייז גאָר גיך געקומען דער גט אויך מיטן יידישן „גלויבן". און וואָס דער סוף איז געווען, איז אַלעמען גוט באַקאַנט.

דאָס זעלבע איז אויך געשען און געשעט מיט דעם מין וועלטלעכקייט, וואָס האָט אויסגעשיילט פון זיך יעדן שמץ פון נאַציאָנאַלן אינהאַלט. די דאָזיקע וועלטלעכקייט האָט געמוזט באַנקראָטירן, ווי ס׳האָט באַנקראָטירט די טעאָריע, אַז ס׳איז מעגלעך אַ יידישע רעליגיע אָן דעם יידישן פאָלק.

פאַראַן, אָבער, אויך אַן אַנדער מין וועלטלעכקייט, אַ דורכגעדרונגענע מיט די אייביקע ווערטן פון אונדזער פאָלק.

די יידישע געשיכטע וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן יענע באמת גלויביקע יידן, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען פאַר דער אמונה; וועלכע זענען געגאַנגען על קידוש השם, ווייל גאָט און ייִד איז פאַר זיי געווען איין אומצעטיילבאַרער באַגריף.

אָבער אויך וועלטלעכע יידן האָבן זיך מקריב געווען פאַר יידישקייט מיט נישט ווייניקער געטריישאַפט און מסירת־נפש.

דאָס יידישע פאָלק וועט תמיד געדענקען וואָרמס און מאַינץ. עס וועט געדענקען די שטאָלצע זין, וועלכע זענען געגאַנגען מיט געהויבענע קעפּ צו די אויטאָ־דאַפעס אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל. אָבער עס וועט אויך געדענקען מיט דער זעלבער פאַרערונג די וועלטלעכע קעמפער אין די געטאָס, אין די זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציעס און אין דער באַפרייונג פון ישראל.

די עשרה הרוגי מלכות זענען פאַרהייליקט, ווייל זיי זענען געשטאָרבן ווירדיק פאַר גאָט און פאַרן פאָלק. אַזוי איז אויך פאַרהייליקט ר׳ עמנון, פאַר זיין גרענעצלאָזער אמונה, ווי עס זענען פאַרהייליקט רבי מאיר ב״ר ברוך — דער מהר״ם מ׳ראָטנבערג און פיל, פיל אַנדערע, וואָס האָבן זיך מוסר געווען פאַרן כבוד פון ישראל. און אַזוי וועלן אויך בלייבן פאַרהייליקט די וועלטלעכע יידן ווי יוסף חיים ברענער און יוסף טרומפּעלדאָר, מרדכי אַנילעוויטש און חנה סענעש און מרדכי טענענבוים און עמנואל רינגעלבלום און נאָך און נאָך פאַר זייער גרענעצלאָזער טריישאַפט צום יידישן פאָלק.

אויב מענטשן, אידייען און באַוועגונגען ווערן אויסגעפּרוּווט דורך שווערע נסיונות, האָט — דוכט זיך — די וועלטלעכע יידישקייט, די וועלכע איז אָנ־

געזאַפּט מיט גלויבן אין ייִדישן פאָלק און ממילא מיט טיפן נאַציאָנאַלן אינהאַלט, אויסגעהאַלטן דעם סאַמע שווערסטן עקזאַמען. דער וועלטלעכער ייִד האָט אין די סאַמע שווערסטע און ביטערסטע צייטן, וועלכע מיר האָבן אָקערשט איבערגעלעבט, נישט אַנטוישט און נישט פאַרשעמט אונדזער פאָלק.

ה.

וואָס שייך דער שעפּערישקייט, דער כוח פון יצירה, וואָס איז אַלע מאָל דער וויכטיקסטער סימן פון וויטאַליטעט, פאַר יעדער אידעע און באַוועגונג, האָט אויך אין דער הינזיכט די נאַציאָנאַל־וועלטלעכע ייִדישקייט אַרויסגעוויזן אַ וווּנדערלעכן כוח.

עס איז בכלל שווער פאָרצושטעלן זיך ווי ס׳וואָלט היינט אויסגעזען אונדזער פאָלק, ווען אויפן נאַציאָנאַלן שטאַם וואָלט נישט געווען קיין פּלאַץ אויך פאַר זיינע וועלטלעכע צווייגן. אין דער הינזיכט האָט די וועלטלעכע ייִדישקייט ממש געראַטעוועט אונדזער פאָלק פון אַ מעגלעך געפערלעכער פיזיש און גייסטיקער ראַכיטישקייט.

אָבער דער וועלטלעכער לאַגער, וואָס איז אָרגאַניש באַהאָפטן צום ייִדישן פאָלקס־שטאַם און ציט זיין גייסטיקע יניקה פון די אייביקע קוואַלן פון ייִדיש־שעפּערישן גייסט, איז דאָך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. ער האָט אין דעם לעצטן יאָרהונדערט אַרויסגעבראַכט אַ שלל מיט שעפּערישע ווערטן, וואָס האָבן אין אַ גרויסער מאָס באַלעבט אויך די אַלטע ווערטן אונדזערע. ער האָט אָנגערעגט צו נייע שאַפונגען, וואָס זענען דער יסוד פון דער המשכדיקייט פון יעדער לעבעדיקער קולטור; אָנגעזאָגט אויפקום פון פאַרשיידענע אידייען און באַוועגונגען און — אפשר טאַקע דער סאַמע עיקר — ער האָט אַרויפגעפירט אונדזער פאָלק, ווי אַ מאָדערנע נאַציע, אויף דער וועלט־אַרענע צווישן אַלע פעלקער.

איז דאָך דער ציוניזם אַליין אַ פּראָדוקט פון דער וועלטלעכער ייִדישקייט, וואָס האָט פאַרוועלטלעכט דעם אַלטן גאולה־טרוים; פאַרוועלטלעכט און פאַרהיינטצייטיקט די אידייע פון משיח, און אַ דאַנק דעם געבראַכט צום אויפקום פון מדינת ישראל.

וועגן ייִדישן סאָציאַליזם, איז דאָך אָפּגערעדט. ער איז געקומען געפּאָרט מיט דער פאַרוועלטלעכונג פון ייִדישן לעבן. אמת: זיינע וואָרצלען שטעקן אינעם סאָציאַלן באָדן און אין די אַלגעמיינע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון דער מענטשלעכער געשיכטע, אָבער אין זיין גאַנצן מהות און טיף הומאַניטאַרן אינהאַלט איז ער דער אָרגאַנישער המשך פון דעם אַלטן נביאים־אידעאַל, וואָס דריקט אויס דעם אייביקן און אייגנאַרטיקן גייסט פון אונדזער פאָלק.

און די מאָדערנע העברעיִשע ליטעראַטור?

און די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור, זינט מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם?

די וווּנדערלעכע פּלעיאַדע פון דיכטערס, בעלעטריסטן, דראַמאַטורגן, עסייִסטן אין ביידע אונדזערע שפּראַכן — זיי אַלע זענען דאָך אַ פּראָדוקט פון דער וועלטלעכער ייִדישקייט.

און ביאַליק אַליין — דער מחבר פון „הלכה ואגדה" און פון „עיר השחיטה" — איז ער דען נישט געווען אַ וועלטלעכער ייִד, וואָס האָט אָן אַ שיעור בייגעטראָגן צום פאַרוועלטלעכן און פאַרהיינטצייטיקן די העברעיִשע ליטעראַטור?

דער זכות פון דער וועלטלעכקייט געהער נישט בלויז צום נעכטן. אויך היינט שפּילט נאָך די וועלטלעכע ייִדישקייט אַ גאָר וויכטיקע ראָל אינעם לעבן פון אונדזער פאָלק. און זעט אויס — אויף וויפל מ׳קען פאַרויסזען די אַנטוויקלונג פון גייסטיקע פּראָצעסן — אַז אויך דער מאָרגן איז נישט פאַרזיגלט פאַר איר.

פאַראַן נאָך פון דעסט וועגן אַ שעפּעריש ייִדיש לעבן איבער דער וועלט און אויך אין ישראל פאַרנעמט די וועלטלעכע ייִדישקייט דעם אויבנאָן.

וועט מען געוויס זאָגן, אַז עס פעלן נישט קיין פּראָבלעמען און טענות צו ישראל און צום ייִדישן לעבן איבער דער וועלט. איז עס ריכטיק. אָבער דאָס האָט נישט צו טון בלויז און אויסשליסלעך מיט דער וועלטלעכקייט.

אויך אַמאָל, ווען מען האָט נאָך פון דער וועלטלעכקייט נישט געוווּסט, זענען געווען טענות, און דווקא זייער גערעכטע. די בעסטע עדות דערויף זענען די נביאים און שפּעטער — די תנאים און אמוראים.

און אין דער ייִדישער וועלט פונעם נישט ווייטן נעכטן, וואָס האָט נאָך אויך נישט „געליטן" פון וועלטלעכקייט, האָבן אויך קיין טענות נישט געפעלט. מענדעלע און שלום עליכם און יל״ג, און ביאַליק און נאָך און נאָך באַשטעטיקן עס אויף טריט און שריט.

דאָ איז נישט דער פּלאַץ אויסצורעכענען אַלץ וואָס די וועלטלעכע ייִדישקייט האָט בייגעטראָגן פאַרן לעבן פון אונדזער פאָלק. דאָס איז אויך אוממעגלעך אין די ראַמען פון איין מאמר און פון פיל מער. אָבער ווער נאָר ס׳קען אונדזער געשיכטע און פאַרמאָגט אַ חוש פאַר קולטור־ווערטן, ווייס אַז די וועלטלעכע ייִדישקייט האָט אַריינגעבראַכט מיט זיך אַ וועלט מיט באַנייונג אין דעם ייִדישן לעבן: די ליטעראַטור אין ייִדיש און העברעיִש, דאָס טעאַטער און די קונסט אין אַלע אירע פאָרמען; די ייִדיש־העברעיִשע בילדונג און דערציִונג; דאָס צייטונגס־וועזן; די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און אַרבעטן; די קולטור־טעטיקייט אין אירע פאַרשיידנאַרטיקסטע מאַניפעסטירונגען, וואָס האָט ווי אַ טויזנטפאַכיקער

רעגנבויגן זיך צעשיינט אויפֿן פֿאַרחושכטן ייִדישן הימל. דאָס אַלץ האָט רעוואָלוציאָניזירט אונדזער לעבן, אַרויסגערופֿן נייע אידייען, נייע באַוועגונגען, אַ וועלט מיט שעפֿערישן אומרו, באַנייטן גלויבן און צוטרוי צו די אייגענע כּוחות. אין רעזולטאַט פֿון אָט די און אַנדערע פֿאַקטאָרן האָט אונדזער פֿאָלק, אין אַ פֿאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט, אַ שפּרייז געטאָן מיט ריזיקע שריט פֿאָרויס צום אייגענעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן רענעסאַנס.

ו.

אַוודאי: עס איז נאָך גאָר ווייט פֿון צו זיין גוט אין ייִדישער וועלט. אין פֿיל הינזיכטן — וואָס שייך דאָס קולטורעלע און גייסטיקע ייִדישע לעבן אין די תּפֿוצות — איז היינט אומפֿאַרגלייכלעך שווערער און קאָמפּליצירטער ווי אַמאָל. די סיבות זענען באַקאַנטע און קלאָרע, באַזונדער אין דער לעצטער צייט, נאָכן חורבן פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום. ווי וועט דעריבער זיין צו אונדז, אויב מיר וועלן זיך פֿאַרוויגן מיט די דערגרייכונגען און פֿאַרשרייען אין אונדז דעם אומרו און די זאָרג איבער די געפֿאַרן וואָס הענגען ווי געדיכטע כמאַרעס איבער אונדזער הימל. אָבער ווער קען קאַווירן, אַז אָן דער וועלטלעכער ייִדישקייט וואָלט היינט געווען בעסער?

ווער ווייס ווי מיר וואָלטן נאָך אַלץ געשטעקט, ווען נישט די וועלטלעכע ייִדישקייט, וואָס האָט פֿונאַנדערגעעפֿנט טיר און פֿענצטער פֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס? און ווער ווייס צי אין די היינטיקע באַדינגונגען וואָלטן מיר אָן דער באַנייונג, וואָס די וועלטלעכע ייִדישקייט האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער לעבן, בכלל געקענט אויסהאַלטן דעם דרוק פֿון דער פֿרעמדער וועלט?

דער עיקר פֿון דער באַנייונג, וועגן וועלכער מיר רעדן דאָ, באַשטייט אין שטעלן דעם טראָפּ אויף פֿאָלק, אויף נאַציע. במשך הונדערטער יאָרן זענען די דאָזיקע באַגריפֿן געוואָרן פֿאַרבלאָסט און גאָר היפּש פֿאַרקריפּלט. נישט בלויז די פֿרעמדע היסטאָריקערס וואָס האָבן געשריבן די ייִדישע געשיכטע און די פֿרעמדע וועלט בכלל, נאָר אויך זייער פֿיל ייִדן האָבן געשטעלט די האַרבע פֿראַגע צי ייִדן זענען אַ פֿאָלק, צי נישט?

וויפֿל האָט מען זיך מיט דער דאָזיקער פֿראַגע געמאַטערט? וויפֿל מוח־גימנאַסטיק האָט מען פֿאַרוואַנדט אַרום דער פֿראַגע?

גראָד די וועלטלעכע ייִדישקייט האָט געגעבן אַ דעפֿיניטיוון ענטפֿער. סיי טעאָרעטיש און סיי פּראַקטיש האָט זי געווענדט דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס אויף פֿאָלקישע, נאַציאָנאַלע רעלסן.

אין דער אַמאָליקער וועלט האָבן ייִדן אפֿשר געקענט עקסיסטירן אויך אָן דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין וועגן ייִדן און ייִדישקייט ווי אַ פֿאָלק. די גאַנצע וועלט — אויך די נישט־ייִדישע — איז געווען אַן אַנדערע ווי די היינטיקע. די פֿרעמדע וועלט האָט זיך במשך אַ סך הונדערטער יאָרן געשלייערט אין אַ מאַנטל פֿון רעליגיע. אַלע אינטערעסן און כּוונות; אַלע הערשערישע אַפּעטיטן איבער אייגענע און פֿרעמדע זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג אין נאָמען פֿון גאָט און פֿון דער הייליקער קירכע. אויך די שׂנאה קעגן ייִדן; די פֿאַרפֿאָלגונגען, די גירושים און אויטאָ דאַ פֿעס האָבן געטראָגן פֿאָרמעל אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. קעגן אָט דער וועלט האָבן ייִדן געקענט זיך ווערן מיטן כּוח פֿון דער אייגענער רעליגיע. די ייִדישע רעליגיע האָט דערצו פֿאַרמאָגט אַלע אידייִשע און מאָראַלישע אַטריבוטן, וואָס האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין דעם מאָראַלישן און גייסטיקן אָנשפּאַר פֿאַר ייִדן.

די היינטיקע נישט־ייִדישע וועלט קעמפֿט נישט קעגן דער ייִדישער רעליגיע און די השפּעה פֿון דער פֿרעמדער קולטור איז נישט דווקא אַ רעליגיעזע, ווי אין די אַמאָליקע צייטן. די השפּעה איז אַ וועלטלעכע, און טראָגט מערסטנטייל אַ נאַציאָנאַלע כאַראַקטער. בכלל איז אין דעם געדאַנקען־גאַנג פֿון די פֿעלקער און אין דער פּאָליטישער פֿילאָסאָפֿיע אויף וועלכער ס׳ווערן דערצויגן די נייע דורות, נאָך אפֿשר קיין מאָל נישט אונטערגעשטראָכן געוואָרן אַזוי שאַרף דער נאַציאָנאַלער מאָמענט, ווי אין דער היינטיקער צייט. אויך דער דרוק וואָס די היינטיקע נישט־ייִדישע וועלט איבט אויס קעגן אונדז איז געווענדט נישט קעגן דער ייִדישער רעליגיע, נאָר קעגן ייִדן ווי אַ פֿאָלק, ווי אַ נאַציע, וועמען זי וויל נישט טאָלערירן ווי אַזעלכע אינערהאַלב איר אייגענער נאַציאָנאַלער סביבֿה.

דאָס לעצטע — ווי באַקאַנט — גייט באַגלייט פֿון איין זייט — מיט אַ שטאַרקן דרוק פֿון נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע און פֿון דער צווייטער, לויט די סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען — מיט אַנטיסעמיטיזם און פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון אַלע מינים.

עס איז שווער צו גלייבן צי אין דער היינטיקער צייט וואָלט מען מיט רעליגיע אַליין געקאָנט ביישטיין קעגן אָט די דאָזיקע סכּנות.

דער וויכטיקסטער כּלי־זין אין דעם דאָזיקן שווערן געראַנגל פֿאַרן ייִדישן זיין איז דער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזיין; די זעלבסט־דערקענטעניש וועגן אונדזער פֿאָלק, וואָס גיט אונדז די מעגלעכקייט צו קעמפֿן פֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ.

פֿאַר דער פֿאַרמירונג פֿון דעם דאָזיקן זעלבסטבאַוווּסטזיין און אַקטיוון ייִדיש פֿאָלקישן לעבן פֿון איין זייט, און פֿון דער צווייטער — פֿאַרן געבן אַ דעפֿיניטיוו נאַציאָנאַלע לייזונג פֿון דעם ייִדן־פּראָבלעם, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיטן אויפֿקום פֿון

דער מדינה, האָט די וועלטלעכע ייִדישקייט געגעבן
דעם סאַמע גרעסטן און וויכטיקסטן בייטראַג.

ז.

ס׳איז קלאָר: אין דינאַמישן פּראָצעס פֿונעם ווירקן האָבן זיך געענדערט פֿיל באַגריפֿן פֿון דער וועלטלעכקייט. אָבער דאָס איז זייער נאַטירלעך פֿאַר יעדער לעבעדיקער אידייע און באַוועגונג, וואָס קען נישט פֿאַרבלייבן סטאַטיש, פֿאַרגליווערט, ווי אַ שטייענדיק וואַסער.

מען האָט אַמאָל די וועלטלעכקייט שלעכט פֿאַרשטאַנען. און די וועלטלעכע ייִדן — די טרעגער פֿון דער אידייע — האָבן זיי נישט ווייניק מאָל פֿאַלש אינטערפּרעטירט.

וועלטלעכקייט, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון ייִדישע טראַדיציעס, פֿון די אייגענע ימים־טובים, פֿון שבת און אַנדערע, וואָס זענען אָרגאַניש צוזאַמענגעוואָקסן מיטן ייִדישן פֿאָלק, איז נישט קיין ייִדישע וועלטלעכקייט.

די גוט פֿאַרשטאַנענע וועלטלעכקייט האָט די דאָזיקע ווערטן שוין לאַנג איינגעשלאָסן אין איר אוצר, מחמת דאָס איז אַ נאַציאָנאַלער פֿאַרמעג און אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־קולטור.

פּסח איז אַ יום־טוב פֿאַרן וועלטלעכן ייִדן, נישט ווייניקער ווי פֿאַרן רעליגיעזן. דאָס זעלבע איז אויך שבועות און ראש־השנה און סוכות און חנוכה און אַזוי ווייטער. פֿאַרמאָגן דען נישט די דאָזיקע ימים־טובים אַ וועלט מיט נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אינהאַלט און פֿאָלקישע איבערלעבונגען, וואָס זענען אייגן אויך דעם וועלטלעכן ייִדן?

אָט זענען אויפֿגעקומען פֿאַר אונדזערע אויגן נייע פּייערונגען: די געטאָ־פּייערונג און יום העצמאות. זענען זיי דען דווקא רעליגיעזע פּייערונגען? פֿילן זיי דען נישט אַן — די ערשטע — מיטן גרעסטן טרויער און די צווייטע — מיט דער העכסטער פֿרייד אַלע ייִדן, אָן אונטערשייד, רעליגיעזע צי וועלטלעכע?

פֿאַרצייטנס זענען אויך אַן ענלעכן אופֿן אויפֿגעקומען אַלע אַנדערע ימים־טובים און טרויער־טעג, וואָס זענען דורכגעוועבט מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע געשעענישן. אַ דורכויס רעליגיעזן כאַראַקטער האָבן זיי — ווי ס׳איז באַקאַנט — באַקומען אין גלות, ווען דאָס פֿאָלק האָט פֿאַרלוירן דאָס לאַנד און די נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט.

אין מדינת ישראל, ווו דאָס נאַציאָנאַלע לעבן ווערט באַנייט און נאָרמאַליזירט, גייט מען טאַקע צום שורש אויך אויף דעם געביט, ווי אויף אַ סך אַנדערע געביטן.

אין סך הכל: די טראַדיציעס, שטייגער און ימים־טובים פֿון פֿאָלק זענען דאָס אייגנטום נישט בלויז פֿונעם רעליגיעזן ייִדן. די דאָזיקע ווערטן זענען אומצעטיילבאַר פֿון דער ייִדישער געשיכטע, פֿון דער גאַנצער פֿאָלקס־קולטור און פֿון אַלע האָפֿענונגען און שטרעבונגען פֿון אונדזער פֿאָלק. אויך דער וועלטלעכער ייִד, ווי אַ קולטור־מענטש, קען זיך אָן זיי נישט באַגיין. און אַוודאי קען נישט זיין קיין רייד פֿון אַ וועלטלעכער ייִדישער דערציִונג, וואָס זאָל נישט שענקען אָט די דאָזיקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע ווערטן די ווייט גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט.

אין דעם זין, דוכט זיך, איז היינט קיין רעוויזיע נישט נייטיק. נישט פֿאַראַן היינט — ווייניקסטנס אין אַרגענטינע — קיין איין נאַציאָנאַל־וועלטלעכע שול, ווו די דאָזיקע אַלע ווערטן זאָלן נישט פֿאַרנעמען אַ גאָר בכבודיקן פּלאַץ.

ח.

דאָך איז אַ רעוויזיע נייטיק. עס איז נייטיק אַן ערנסטע איבערשאַצונג פֿון די באַגריפֿן בנוגע אונדזער לעבן בכלל; בנוגע אונדזערע קולטור־ווערטן און באַזונדערסט טאַקע בנוגע די צילן וואָס מיר שטעלן פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג. אָבער די רעוויזיע איז נייטיק אויפֿן גאַנצן שטח פֿון ייִדישן לעבן און ייִדישן חינוך, סיי אויפֿן וועלטלעכן און סיי אויפֿן רעליגיעזן. זי איז נייטיק שוין דערפֿאַר, מחמת מיר אַליין דאַרפֿן — קודם־כל — זיך קלאָר מאַכן, וואָס פֿאַר אַ צילן מיר שטעלן זיך און וואָס מיר ווילן פֿון דער ייִדישער דערציִונג אין דער היינטיקער צייט.

צייטן בייטן זיך. עס בייטן זיך די אומשטענדן, די באַגריפֿן, אינטערעסן און צילן. אין ליכט פֿון דעם אַלעמען מוז אויך קלאָר פֿאַרשטאַנען ווערן די פֿונקציע פֿון דער דערציִונג אין די היינטיקע נייע באַדינגונגען.

אונדזער גאַנץ לעבן, סיי דאָס רעליגיעזע און סיי דאָס וועלטלעכע, אונדזער שטייגער און קולטור־טעטיקייט און ממילא אויך אונדזער חינוך־וועזן האָבן זיך במשך אַ סך יאָרן איינגעשטעלט על פּי נוסח מזרח־אייראָפּע. כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן ייִדישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע איז געווען די אָפּגעזונדערטקייט פֿון דער אַב אָלוטער מערהייט ייִדן פֿון דער אַרומיקער וועלט. עס איז געווען גוט צי שלעכט, ייז אַ באַזונדערע פּר[illegible]ע. אַגבֿ איז קלאָר, אַז נישט די ייִדן האָבן אויסגעקליבן איזאָלירטקייט, נאָר מע האָט זיי דערצו געצוווּנגען. אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן די השפּעה פֿון דרויסן און ממילא אויך — די אַסימילאַציע קיין גרויסע שליטה נישט געהאַט. דערווייטערט פֿון דער אַרומיקער וועלט, איז דאָס ייִדישע לעבן געווען פֿיל פּשוטער, נאַטירלעכער,

גאַנצער. די ייִדישע קולטור, אַזוי די רעליגיעזע ווי די וועלטלעכע, איז געווען די איינציקע קולטור פון דעם ייִדישן מענטשן.

היינט איז אַנדערש. היינט לעבן ייִדן אין ערגעץ נישט בלויז אין דער ייִדישער קולטור אַליין. אין בעסטן פאַל, אויב מיר ווילן נישט אויפגעבן די אייגענע ווערטן מוזן מיר לעבן אין צוויי קולטורן.

ווי אַזוי שאַפן דעם סינטעז פון די צוויי קולטורן — דער אַלגעמיינער און דער ייִדישער? ווי אַזוי אַריינפּאַסן די ייִדישקייט אונדזערע אינערהאַלב דער נייער סביבה, וואָס האָט געוואָרפן די מויערן פון געטאָ און תחום המושב? דאָס איז היינט צו טאָג די גרויסע און שווערע פּראָגע.

אונדזער שטרעבונג איז: אויפהאַלטן אונדזער אַנדערשקייט, אונדזער אייגנאַרטיקייט, נישט פאַרלירנדיק דערביי אונדזערע רעכטן ווי גלייכע בירגער און גלייכע שותּפים אויך צו דער אַלגעמיינער קולטור.

נאָך מער: מיר זענען איבערצייגט, אַז אָן דער אַנדערשקייט; אָן די רעכטן אויף אייגנאַרטיקייט, איז קיין אמתע גלייכקייט נישטאָ.

אָבער אין וואָס זאָל זיך אויסדריקן אונדזער אַנדערשקייט אין די אויגן פון אונדזערע קינדער און פון דער יוגנט?

בלויז אין דער פאָרעם און אין די אויסערלעכע סימנים אַליין — ווי מאַנכע האָבן פאַרגעלייגט אויפן פריִער דערמאָנטן כינוס — איז, דוכט זיך, ווייט נישט גענוג. כדי צו קענען און וועלן זיין אַנדערש אינערהאַלב דער נישט־ייִדישער סביבה, דאַרף די אַנדערשקייט זיין אַ גרינטלעך באַזינטע. זי דאַרף דעריבער זיין דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן אינהאַלט, מיט ווייזע און אידייען, וועלכע מאָטיווירן און באַרעכטיקן אונדזער אַנדערשקייט.

באַשטייט אָבער די אַנדערשייט בלויז אין דער רעליגיע?

אַוואַדאי איז די ייִדישע רעליגיע אַנדערש ווי די פאַרשידענע רעליגיעס ביי די אומות העולם. אָבער נישט בלויז די רעליגיע אַליין איז אַנדערש. די אַנדערשקייט באַשטייט, קודם־כּל, אינעם פאָלק גופא, אין זיין גאַנצן מהות און כאַראַקטער. במילא איז זי אויך פאַראַן אין דער רעליגיע, וואָס דאָס פאָלק האָט באַשאַפן און אַרויפגעלייגט אויפֿ איר זיין אייגנאַרטיקן חותם, ווי אויף אַלע אַנדערע ווערטן, וואָס זענען אויפגעקומען אינעם היסטאָרישן גאַנג פון אונדזער פאָלק. די אַנדערשקייט אונדזערע איז אַרויסגעוואַקסן פון אונדזער אייגענעם וועלט־באַנעם, פון אונדזער פילאָסאָפיע בנוגע מענטש און וועלט; זי איז דריבער אויסגעוואַקסן נישט בלויז צו אַ קולטור מיט אַן אייגענעם נוסח, וואָס איז נאַטירלעך פאַר יעדן פאָלק, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגן לעבן, נאָר צו אַ ציוויליזאַציע, וואָס האָט אין משך פון אונדזער היסטאָרישן גאַנג אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, נישט פאַרלירנדיק דערביי דעם אַלגעמיינעם אוניווערסאַלן און הומאַניטאַרן זין און אינהאַלט.

זענען דאָך אויך אונדזערע נביאים געווען דורכויס נאַציאָנאַל. זיי זענען דער סאַמע כאַראַקטעריסטישסטער אויסדרוק פגון ייִדישן גייסט; פון די אידייען און געוויסן פון פאָלק; פון זיינע ליידן און שטרעבונגען. אָבער אין דער זעלבער צייט — אויך אוניווערסאַל, אַלמענטשלעך אין זייערע וויזיעס און לערעס.

באַחרית הימים — די וויזיע פון ישעיה הנביא — איז אין איר גאַנצן מהות אַ דורכויס ייִדישע. זי דריקט אויס די פילאָסאָפיע און די אייביקע שטרעבונגען פון ייִדישן פאָלק. אָבער גלייכצייטיק טראָגט זי אין זיך די אוניווערסאַלע אידייע פון וועלט־דערלייזונג. דאָס זעלבע געשעט אויך מיט עמוס, מיט ירמיהו, מיט יחזקאל און אַלע אַנדערע נביאים.

אויף דער דאָזיקער אויפפאַסונג פון מענטש, פאָלק און וועלט, וואָס די נביאים האָבן מיט ליידנשאַפט און הייסן גלויבן אַרויסגעבראַכט אין זייערע רייד; אין דער נאָכאַנאַנדיקער שטרעבונג צו שלימות, צו שלום, צו פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט, באַזירט זיך די אידייע און אינהאַלט פון דער ייִדישער ציוויליזאַציע.

די יוגנט וועט געוויס בעסער פאַרשטיין דעם באַגער אונדזערן צו אויפהאַלטן די ייִדישע אַנדערשקייט, ווען זי וועט דאָס אַלץ באַנעמען; ווען זי וועט זען אונדזער פאָלק אין זיין גאַנצער ליכט און וועט באַגרייפן, אַז אָט די אַנדערשקייט, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט אויסגעפורעמט פון זינט זיין בראשית דורך דורות פון דער ייִדישער געשיכטע, איז אומצעטיילבאַר פון אונדזער גאַנצן נאַציאָנאַלן וועזן. דאָס איז אפשר אויך דער איינציקער וועג אַ דאַנק וועלכן די יוגנט זאָל פאַרשטיין, אַז דער אומדערמידלעכער היסטאָרישער געראַנגל פון אונדזער פאָלק איז אומפאַרמיידלעך און איז אויך כדאי, מחמת עס האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע ייִדיש־אַלמענטשלעכע אידעאַלן און ווערטן, אָן וועלכע אונדזער פאָלק קען בכלל נישט עקסיסטירן.

אָט די אַנדערשקייט, אַ געטרייע צו דער ייִדישער עטיק; אַ געטרייע צו די ייִדישע פּרינציפּן פון גלייכהייט און פרייהייט, וואָס זענען דער רוקנביין פון דער ייִדישער געשיכטע, איז באַרופן צו אויספורעמען דעם ייִדיש־קייט־באַוווסטזיין פון אונדזער יוגנט; באַרופן צו ווערן דער עמוד האש, וואָס זאָל איר ווייזן דעם וועג אין אירע זוכענישן און בלאָנדזשענישן און ממילא אויך — צעשטערן די מחיצות וואָס שטייען צווישן גרויסע טיילן פון דער יוגנט מיטן ייִדישן פאָלק.

**
*

כדי די קינדער און די יוגנט, וואָס באַקומט ייִדישע

בילדונג און דערציִונג זאָלן עס באַנעמען און זאָלן זיך אַריינלעבן אין אָט די אידייען און ווערטן, דאַרף קומען אַ גאַנץ ערנסטע רעוויזיע אין אַלע אונדזערע לימודים און דערציִערישע טעטיקייטן. עס דאַרף, למשל, קומען אַן ענדערונג אין דעם אופן ווי עס ווערט ברך כלל געלערנט און אינטערפּרעטירט ייִדישע געשיכטע. מערסטנס איז עס אַ צו מעכאַנישער ענין, אַן צו פאַרשטיין דעם ציל פון לימוד און אָפט מאָל פאַרנעמט מען זיך מיט אַזוי פיל זייטיקע דעטאַלן, אַז דעם סאַמע עיקר זעט מען נישט אַרויס. דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דעם לימוד פון ליטעראַטור — דער אַלטער און דער נייער — אין העברעיִש און אין ייִדיש. און דאָס זעלבע אויך — בנוגע אַלע אַנדערע קענטענישן און איבערלעבונגען וואָס ווערן איבערגעפּלאַנצט אין די מוחות און נשמות פון די קינדער.

די ייִדישקייט — אַזאַ ווי די נביאים אונדזערע האָבן זי פאַרגעשטעלט — אַ דורכגעדרונגענע מיט נאַציאָנאַלע ווערטן, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט די דערהויבנסטע סאָציאַלע און הומאַניטאַרע ווערטן; די ייִדישקייט — ווי ס'האָט זי פאַרשטאַנען דער נישט־ייִד רענאַן — ווי אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז דורכגענומען מיט אַ טיף עטישן באַגער צו פרייהייט אָדער ווי ס'האָט זי פאָרמולירט משה העס — דער אָנזאָגער פון אונדזער רענעסאַנס — ייִדישקייט ווי די טרעגערין פון היסטאָרישן שבת פאַר דער גאַנצער וועלט — אָט די ייִדישקייט, איז געוויס באַרופן צו ווערן דער גייסטיקער קעגנגעוויכט צו די איבערגעטריבענע השפעות פון דער פרעמדער קולטור, וואָס פירט געוויינטלעך צו אַסימילאַציע און פאַרפרעמדונג און זיך פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציאָנאַל־גייסטיקן און מאָראַלישן אָנשפּאַר פאַר אונדזער יוגנט.

ט.

און אַחרון, אַחרון — מדינת ישראל.

ווי קען מען היינט רעדן וועגן ייִדישן חינוך און נישט זען די ייִדישע מדינה?

דורות־לאַנג האָט די בענקשאַפט צו ציון באַלעבט דעם שעפערישן גייסט פון אונדזער פאָלק. נישטאָ אייגנטלעך קיין איין שעפערישע מאַניפעסטאַציע במשך דעם לאַנגן גלות, וואָס זאָל נישט זיין באַווירקט פון דעם גאולה־טרוים. היינט, ווען די מדינה איז אַ ווירקלעכקייט, קען איר השפּעה זיין פון דער סאַמע דעצידירנדיקסטער באַדייטונג אויף אַלע געביטן פון ייִדישן לעבן און אַוודאי און אַוודאי — אויפן שטח פון דער ייִדישער דערציִונג.

אויך אין דעם זין דאַרף אַריינגעבראַכט ווערן אַ גרינטלעכע רעוויזיע אין דער חינוך־טעטיקייט. אַ חינוך־אידעאָלאָגיע וואָס איז ניט דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט צו ישראל, זינדיקט נישט בלויז לגבי דעם פאָלק און לאַנד, וואָס געפינט זיך אינעם פּראָצעס פון דער סאַמע אייגנאַרטיקסטער רעוואָלוציע וואָס די וועלט האָט געזען, נאָר זינדיקט נישט ווייניקער אויך לגבי די קינדער גופא; לגבי דער יוגנט, וואָס ווערן באַרויבט פון אַ גרויסן אידעאַל, וועלכער איז באַרופן צו באַווירקן דעם גאַנצן אינהאַלט און כאַראַקטער פון זייער לעבן.

עס זעט אַפילו אויס אומגלויבלעך, אָבער ליידער איז עס אַ פאַקט, אַז אַפילו נאָך היינט זענען פאַראַן שולן וואָס פאַרמאַכן טיר און פענצטער פאַר אָט דער גרויסער ווירקלעכקייט און ווילן נאָך עד היום נישט אָנערקענען די מדינה ווי אַ חינוך־פאַקטאָר.

אַזעלכע שולן זענען פאַראַן אי רעליגיעזע אי וועלטלעכע. און פאַראַן אויך שולן, וועלכע זוכן כל־ערליי פּסעוודאָ־רעליגיעזע פאָרמען, וואָס דאַרפן מכלומרשט ווערן אַ נייער לעבנס־נוסח פאַר דער יוגנט, אַבי נישט „אָנצוקומען" צו דער מדינה און נאָך ווייניקער — צום ציוניזם, ווי אַן אידעאַל פאַר דער יוגנט.

אַז מען זאָגט די פּסעוודאָ־רעליגיעזע דערציִונג, דערמאָנט זי אָפט אין פּרצס אוצר, וואָס אַ ייִד האָט באַהאַלטן אין דער ערד און ווי אַ סימן, אַוועקגעלייגט אַ שטיין. דעם זון האָט ער דערציילט דעם סוד וועגן אוצר און אָנגעזאָגט יעדעס יאָר צו לייגן נאָך אַ שטיין, אַזוי זענען געגאַנגען יאָרן און דורות. מיט דער צייט האָט מען פאַרגעסן איבערצוגעבן דעם סוד וועגן אוצר. געבליבן איז בלויז דער מנהג צו טראָגן שטיינער...

וואָס קען געבן דער יוגנט אַזאַ פּסעוודאָ־רעליגיעזע ייִדישקייט, אָן אמונה, אָן אמתן גלויבן, אָן אַקטיוון ייִדישן לעבן; אָן אויסגעהוילטע פון נאַציאָנאַלן אינהאַלט און פרעמד צו די ווערטן פון דער שעפערישער ייִדישער קולטור.

ביי יעדן פאָלק ווערט די דערציִונג אָפּגעשאַצט לויט דער מאָס אויף וויפל זי איז געטריי צו דער תקופה: געטריי צום פאָלק און צו די אינטערעסן פון דעם מענטשן, וועמען זי מוז שטענדיק זען פאַר די אויגן. אין דער מאָס ווי זי דערפילט די דאָזיקע אויפגאַבע, דערפילט זי איר שליחות, נישט בלויז לגבי דעם פאָלק, נאָר אויך לגבי די קינדער, וועלכע זי לערנט און דערציט.

די דאָזיקע מאָס דאַרף אָנגעווענדט ווערן אויך לגבי דער ייִדישער דערציִונג.

נאָך מער: מיר מוזן תמיד אין זינען האָבן, אַז די ייִדישע דערציִונג איז דאָך אַנדערש, קאָמפּליצירטער, שווערער, פול מיט אייגענע פּראָבלעמען. דעריבער מוז מען מיט נאָך מער אייפער אָפּהיטן דעם דאָזיקן כלל, ווי אַלע פריִער דערמאָנטע פּרינציפּן, אָן וועלכע קיין גוטע און ערנסטע דערציִונג איז בכלל נישט מעגלעך.

אויף דעם געביט איז פאַראַן אַ סך וואָס צו באַ־נייען און מתקן צו זיין אין אַלע מינים שולן.

מיטן פּנים צום פאָלק, צום לאַנד און צום קינד; מיטן פּנים צו די אייביקע און כסדר באַנייענדיקע שעפערישע יידישע ווערטן — אָט אין דער ריכטונג דאַרפן געווענדט ווערן אונדזערע לערן־ און דערציִונגס־פּראָגראַמען. יעדער לימוד, יעדע טעטיקייט, יעדער יום־טוב, אַלץ וואָס ווערט געלערנט און געטאָן, פון דער גרעסטער ביז דער קלענסטער אַרבעט, דאַרף זיין ממש ווי דורכגעלייכטן מיט אָט דעם ציל.

***

אויב אַלע וועלן באמת האָבן מוט און כוח צו מאַכן די דאָזיקע רעוויזיע אויפן גאַנצן פראָנט; אויב עס וועלן געפונען ווערן די געהעריקע מיטלען און מע־טאָדן אַריינצוברענגען אין אונדזער לעבן — און ממילא אויך אין דער דערציִונג — אָט דעם נייעם גייסט, וואָס די צייט אין וועלטלעכער מיר לעבן איז מחייב; דער גייסט פון יידישקייט אינעם עכטסטן און שענסטן זין פונעם וואָרט; דער גייסט פון אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס טראָגט אין זיך די דער־הויבנסטע אידעאַלן פון פאָלק און מענטש־דערלייזונג; אויב די אַלע ווערטן וועלן זיך אַזוי פאַראייגענען צו אונדזער יוגנט, אַז זיי זאָלן ווערן אַ פּערזענלעכער באַשטאַנדטייל אין דעם גייסטיקן פאַרמעגן פון יעדן יוגנטלעכן; אַן אידעאַל אין זיין לעבן; אַ שטרעבונג, וואָס רעגט אָן צו שעפערישע מעשים און זעלבסט־פאַרווירקלעכונג; אויב דאָס וועט געשען, וועט די יידישע דערציִונג זיין באַרופן נישט בלויז צו ראַנגלען זיך קעגן די פרעמדע השפּעות און גייסטיקע קרי־זיסן, נאָר צו פאַרוואַנדלען זיך אין דעם סאַמע יסודות־דיקסטן אָנשפּאַר פאַרן לעבן פון אונדזער פאָלק און פאַר דער צוקונפט פון אונדזערע קינדער.



שלום עליכם מיט זיינע „העלדן" אויף אַ קינדער־פאַרשטעלונג אין דער שלום־עליכם־שול

ד״ר ל. זשיטניצקי

# געדאנקען וועגן דער יידישער שול

אונדזער ייִדישע שול אין אַרגענטינע האָט שוין צו פאַרצייכענען אַ סך בלעטער געשיכטע. זי האָט שוין דורכגעמאַכט פאַרשיידענע עטאַפּן פון אַנטוויקלונג און עקספּערימענטן, איבערהויפּט אויף די ערשטע שטופן פון אירע אָנהייבן, ביז זי איז געקומען צו איר מאָדערנער דעפיניטקייט. אַמאָל זיינען די ייִדישע שולן אין אַרגענטינע, ווי מ׳האָט זיי דעמאָלט גערופן און מען רופט זיי היינסט „צוגאָב־שולן״, געבויט געווען אויף אַן אומזיכערן באָדן, בעת אַצינד האָבן זיי אַ יסוד. און טאַקע ווייל זיי האָבן אַ יסוד צווינגט עס נאָך מער נאָכצודענקען נישט אַזוי וועגן זייער ווייטערדיקן גורל, ווי וועגן זייער אינהאַלט. און אינהאַלטן האָט שוין די ייִדישע שול אין אַרגענטינע געהאַט פאַרשיידענע. אָבער: צי האָבן די אַלע פריערדיקע אינהאַלטן געגעבן וועלכע עס איז רעזולטאַטן?

אפשר קליינע און ערגעץ ווו, דאָך נישט אַזעלכע, אַז זיי זאָלן באַטראַכט ווערן ווי פּאָזיטיווע אין ייִדישן לעבן. אָבער יענע צייטן דאַרף מען שוין איבערלאָזן פאַר דער געשיכטע און בליקן מער אין דער קעגנוואַרט. וואָס פאַר אַן אינהאַלט זאָל האָבן אין דער איצטיקער צייט די ייִדישע שול? ערשטנס, אַז זי זאָל פאַרענטפערן די הצטרכותן פונעם ייִדישן קינד, איינוואָרצלען אין דעם נישט נאָר די ליבע צו ייִדיש און העברעיִש, נאָר פאַרפלאַנצן אין אים דעם געדאַנק און באַוווסטזיין פון ייִדישן המשך, און, צווייטנס, אַז זי זאָל ווערן דער ריכטיקער סינטעז פונעם נאַציאָנאַלן „דאָ״ און „דאָרט״. און ווען מען רעדט „דאָ״ און „דאָרט״ מיינט מען נישט ווי אַמאָל, די אַלטע היימען און די נייע, נאָר דעם דאָרט פון ישראל און דעם דאָ פונעם ייִדישן לעבן אויסער ישראל און אין אונדזער פאַל אין אַרגענטינע.

עס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן „ייִדיש און העברעיִש״ און מיט דעם אַליין איז מען אויסן נישט נאָר עפּעס אונטערצושטרייכן, נאָר אָנווייזן אויפן „דאָ״ און „דאָרט״ און די פראַגע ווערט קאָמפּליצירט מיט דעם, וואָס מ׳מוז קענען שאַפן דעם גלייכגעוויכט צווישן אַ צווייִשפּראַכיקייט, וואָס דריקט אויס איינעם און דעם זעלבן נאַציאָנאַלן געפיל און באַוווסטזיין און זיינען וואָרצל און בוים פון איינער און דער זעלביקער קולטור. מיר האַלטן, אַז די פראַגע איז אַקטועל, פונקט ווי קאָמפּליצירט און מ׳מוז זען און פאָרשן, נאָכטראַכטן און נאָכדענקען ווי אַזוי עס אַריינפאַסן אין דער קינדישער עמאָציע און ווירקלעכקייט.

דאָס פּראָבלעם פון דער ייִדישער שול, איבערהויפּט אין אַרגענטינע, ווי אַ צוגאָב־שול, אין איר גרעסטן טייל, און די פראַגע וועגן דעם ייִדישן קינד איז קאָמפּליצירט אויך אַ דאַנק דעם, ווייל מ׳קען נישט אָנווענדן צו דער ייִדישער שול די מאָסשטאַבן און תקנות פון דער אַלגעמיינער פּעדאַגאָגיק, אַפילו פון דער העברעיִשער, וואָס איז מאָסגעבנדיק פאַר די שולן פון ישראל. קיין ספּעציעלע פּעדאַגאָגיק איז אין דעם פּרט נאָך נישט אויסגעאַרבעט געוואָרן. און דער אונטערשייד צווישן די אַלגעמיינע שולן און דער ייִדישער צוגאָב־שול איז דער, וואָס די אַלגעמיינע שולן זיינען אינסטרוקטיווע, בעת די ייִדישע צוגאָבשול איז אַ דערציִערישע, וואָס פירט צו אַ נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, צו ייִדישקייט און ייִדישן לעבן. מ׳קען אַפילו אויסזעצן הלמאי מ׳באַצייכנט די אַלגעמיינע שולן נאָר ווי אינסטרוקטיווע, אָבער אַזוי איז עס. אינסטרוקטיוו מיינט צו זאָגן שולן, ווו קינדער באַקומען בילדונג, און באַקומען בילדונג הייסט נאָך נישט באַקומען דערציִונג, בעת דער ציל פון דער ייִדישער צוגאָבשול איז איינצופלאַנצן אינעם קינד אַ באַוווסטזיין פון נאַציאָנאַלן און ייִדישן. און עס איז דער וויכטיקסטער פּונקט אין דער שול־אַרבעט. עס איז די העכסטע צייט אויסצואַרבעטן אַ ספּעציעלע פּעדאַגאָגיק פאַר די ייִדישע צוגאָבשולן און באַזונדערס דאַרף פאַר דעם זיין צוגעגרייט דער ייִדישער לערער און דערציִער. עס וועט זיין נישט ריכטיק און נישט צוגעפּאַסט פאַרן כאַראַקטער פון די שולן, אויב מ׳זאָל אַפילו וועלן קאָפּירן די פּעדאַגאָגישע מעטאָדן, וואָס ווערן אָנגעווענדט אין ישראל, טאַקע ווייל דאָרט איז די שול אַ גאַנצע און דאָס קינד גייט אין איר פון שטופע צו שטופע ביז עס קומט אין דער הויכשול. אויך דאָרט איז נישט פאַראַן דאָס פּראָבלעם פון אַריינפירן דאָס קינד אָרגאַניש צום נאַציאָנאַלן, בעת אין די אַנדערע לענדער פונעם ייִדישן זיין איז עס פיל אַנדערש, — אין די תפוצות דאַרף מען ערשט דאָס ייִדישע קינד דערציִען אויף אַזאַ שטייגער, אַז עס זאָל נישט פאַרפרעמדט ווערן צום ייִדיש־נאַציאָנאַלן. אין אַ גרויסער מאָס איז עס דערגרייכט געוואָרן.

די שול דאַרף אויף אַזאַ אופן פירן איר פּעדאַגאָ־



שווים־באַסיין אין דער קאָלאָניע „קינדערלאַנד"

גישע טעטיקייט, אַז דאָס קינד זאָל אויף אַ גאַנץ אָרגאַנישן אופן דערפילן זיין צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק און דער מדינה און עס טאָר נישט געטאָן ווערן אויפן חשבון פון אַנטוויקלען ביי אים א נעגאַטיווע באַציִונג צום לאַנד אין וועלכן עס וווינט. פונקט ווי מ׳דאַרף היטן די באַציִונג צווישן העברעיִש און יידיש, אַז עס זאָל אָנגעהאַלטן ווערן דער גלייכגעוויכט פון דער נייטיקער צווייִשפּראַכיקייט, אַזוי דאַרף מען אויך מקפיד זיין, אַז עס זאָל אָנגעהאַלטן ווערן אַ האַרמאָנישער גלייכגעוויכט צווישן ישראל, דעם לאַנד פון דער יידישער רעהאַביליטאַציע און צווישן די וווינלענדער, די ערטער פון דער באַזעצונג און זייך. איינס טאָר נישט ליידן אויפן חשבון פונעם צווייטן און דאָס צווייטע אויפן חשבון פון ערשטן. מיר האַלטן עס פאַר אויסערסט וויכטיק אין די ניי־געשאַפענע אומשטענדן פאַרן יידישן פאָלק, און מעגלעך, אויך פאַר די נייע ריכטונגען, וואָס דאָס יידישע לעבן קען און וועט אָננעמען. דעריבער איז עס נישט נאָר אַ פראַגע אין צייט, נאָר אַ דרינגלעכקייט פאַר דער יידישער שול, דעם יידישן קולטור־טוער און יידישן לערער עס צו באַטראַכטן און באַהאַנדלען מיטן גאַנצן ערנסט און אַחריות.



יוסף אָפּאַטאָשו אויף אַ באַזוך אין דער שלום עליכם שול



אויף אַ קינדער־פאָרשטעלונג אין טעאַטער־זאַל פון דער שלום עליכם־שול

מ. שענדעריי

# דער ביישפּיל פון די שלום עליכם־שולן פאַרן דערציִונגס־וועזן אין לאַנד

עס איז געוואָרן דרייסיק יאָר זינט עס איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע שלום עליכם־שולע, נאָך דעם ווי די באַראָכאָוו־שולעס זייַנען געשלאָסן געוואָרן אין 1932.

די שלום עליכם שולעס זייַנען פון לכתחילה גע־ווען יידישער ווי די באַראָכאָוו־שולעס. זיי זייַנען טאַקע געווען און געבליבן וועלטלעך, אָבער נישט אַזוי עקסטרעם ווי זייערע פאָרגייערס.

כפי די ערשטע שולע איז געגרינדעט געוואָרן צום 75סטן יאָרטאָג פון גרויסן יידישן הומאָריסט שלום עליכם ז״ל, טראָגן זיי דערפאַר זיין נאָמען.

די ערשטע שלום עליכם שולע איז געווען אויף סאַרמיענטאָ 2270, אין צענטער פון שטאָט, אָבער באַלד האָבן זיך גענומען גרינדן ענלעכע שולעס אין די פאָרשטעט: ווילאַ קרעספּאָ, מאַטאַדעראָס, פלאָ־רידאַ א״אַ. ביז 1937 זייַנען געגרינדעט געוואָרן פינף שולעס פון דעם טיפּ.

די שולע פון ווילאַ קרעספּאָ, וואָס מען באַצייכנט ווי די צענטראַלע, האָט אָנגעהויבן בויען איר אייַ־גענעם בנין, וואָס איז געווען אַ נייעס.

די ערשטע יידישע שולעס זייַנען נאָך דאַן געווען אין געדונגענע דירות, און דער בנין אויף סעראַנאָ 341 איז געווען אַן אָנזאָג אויף נייע פאַרמעסטן, און אַ געוויסע טרייסט־דערשייַנונג אין יענער שווידער־לעכע טרויער־טעג, ווען די נאַצישע בעסטיע האָט געהאַלטן אין אומברענגען דעם יידישן צענטער פון מזרח־אייראָפּע און מען האָט געמיינט, אַז אַלץ גייט ח״ו אונטער.

שוין אין 1942 האָט די שולע פאַרמאָגט 635 תל־מידים, כן ירבו, און אין די חינוך־קרייזן, וואָס זייַ־נען דאַן געווען געבונג שוואַך, האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויכוח וועגן דעם צי עס לוינט, צי עס איז כדאי צו בויען אַזעלכע גרויסע שולעס; מען איז ביי אונדז צו דעם נישט געוווינט געווען.

ווען די שולע איז אויסגעברייטערט געוואָרן אין די יאָרן 1946־47 און האָט אין 1948 געהאַט 1668 תלמידים, איז דער וויכוח געוואָרן נאָך שאַרפער. געווען „פּעדאַגאָגן״, וואָס האָבן באַצייכנט די גרויסע שולע ווי אַ „פאַבריק פאַר בילדונג״... ביי יידן האָט מען אַן אַלטן כלל, אַז „פאַבריטשנע״ סחורה און אַנדערע אויסאַרבעטונגען, האָבן ווייניק האַפט.

אַז דער דאָזיקער צוגאַנג איז געווען אַבסאָלוט אַ טעותדיקער, האָט מען באַגריפן ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען עס איז קלאָר געוואָרן פון דערפאַ־רונג, אַז די גרויסע שולעס האָבן באַשטימטע און גאַנץ גוטע פאָרצוגן. אין אַ גרויסער שולע קאָן זיין אַ בעסערע פאַרטיילונג פון די קלאַסן, מען קאָן דער־גרייכן צו אַ בעסערער ניוועלירונג פון די תלמידים לויט זייערע פעיִקייטן און וויסן.

מיט דער צייט האָט מען אָנגעהויבן נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון די שלום עליכם שולעס, עס זייַנען אויפגעקומען די ביאַליק־שולעס און גרעסערע שו־לעס מיט אַנדערע נעמען. הייַנט צו טאָג איז דאָס חינוך־פּראָבלעם אָפּהענגיק פון דעם ווי זאָל מען רעאָרגאַניזירן גרופּעס פון קלענערע שולעס און אַרי־בערגיין צו גרעסערע לערן־אַנשטאַלטן, וואָס גיבן בעסערע רעזולטאַטן.

דער וווּקס פון דער צענטראַלער שלום עליכם־שולע אין ווילאַ קרעספּאָ, וואָס איז דערגאַנגען ביז 2,000 שילערס, האָט געפירט צו דעם, אַז אין די יאָרן 1957־59, זאָל ביי דער שולע אויפגעבויט ווערן אַ בנין פאַר אַ מיטל־שולע, אין וועלכער די קינ־דער וואָס פאַרענדיקן די אָנפאַנג־שולע זאָלן קאָנען פאָרזעצן זייערע יידישע לימודים אויף אַ העכערער מדרגה, ווי אויך בכדי אויסצובילדן אייגענע לע־רערס.

די שלום עליכם־שולעס זייַנען אויך געווען פון די ערשטע אויסצוהאַלטן קינדער־גערטנער. די איינ־טיילונג איז אַזאַ: 3 יאָר קינדער־גאָרטן, 7 יאָר אָנ־פאַנג־שולע, 6 יאָר מיטל־שולע. צוזאַמען 16 לערן־יאָר, וואָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג, און קאָן געבן אַ יסוד דעם יידישן קינד, וואָס לערנט פון עלטער פון 3 יאָר (קינדער־גאָרטן) און ביז צו פאַרענדיקן די מיטל־שולע אין עלטער פון 18־19 יאָר.

דער ביישפּיל פון דער שלום עליכם מיטל־שולע האָט גלייך אָנגעהויבן צו ברענגען רעזולטאַטן. כמעט יעדע גרעסערע שולע ביי אונדז האָט אויך אַ מיטל־שולע; אַ סך מיטל־שולעס זייַנען אמתע סעמינאַרן פון וואַנען עס גראַדויִרן זיך יונגע לערערס, וואָס זייַנען אַקטיוו אין די לערן־אַנשטאַלטן פון וועלכע זיי האָבן גראַדויִרט.

דער ביישפּיל פון דער שלום עליכם־שולע האָט אויך באַאיינפלוסט דעם נאָענטן ישוב פון אורוגוויי, וואָס האָט אין מאָנטעווידעאָ אָרגאַניזירט אַ גרויסע

שולע לויטן מאָדעל פון די שלום עליכם־שולעס.

היינט צו טאָג לערנען אין דער צענטראַלער שלום עליכם־שולע העכער 2.000 תלמידים, כן ירבו, אין 75 קלאַסן, וואָס זיינען פאַרטיילט אַזוי:

18 אָפּטיילונגען פון קינדער־גאָרטן,

39 קלאַסן פון אָנפאַנג־שולע,

10 קלאַסן פון מיטל־שולע,

8 קלאַסן פאַר דערוואַקסענע אין וועלכע מען לערנט עברית, ייִדיש, געשיכטע. פאַראַן אויך ספּעציעלע קורסן פאַר קינדער און יוגנט.

די שלום עליכם־שולעס זיינען אויך געווען די ערשטע צו אָרגאַניזירן זומער־קאָלאָניעס, ווו קליינוואַרג קאָן פאַרווילן די זומער־חדשים אין לערנען און שפּילן.

אין 1953 איז געגרינדעט געוואָרן „קינדערלאַנד“, וואָס נעמט אויף יערלעך אַרום 700 תלמידים.

אַ סך אַנדערע גרעסערע שולעס האָבן נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל און נישטאָ כמעט קיין וויכטיקע שולע וואָס זאָל נישט האָבן איר אייגענעם זומער־רעסאָרט.

* * *

אין דער צענטראַלער שלום עליכם־שולע אַרבעטן 108 לערערס, אין דער אַדמיניסטראַציע זיינען פאַרנומען 48 פּערזאָן. דער חודשלעכער ביודזשעט באַטרעפט היינט צו טאָג פיל מיליאָנען פּעזעס.

אַ באַזונדער גרויסאַרטיקער אויפטו איז די אינטעגראַלע שולע און קינדער־קאָלאָניע פאַר קינדער פון די פונקטן ווו עס זיינען נישטאָ קיין ייִדישע שולעס, וואָס די שלום עליכם־שולע האָט אויפגעבויט אין ראַמאָן מעכיאַ א״נ רמת שלום. ביז היינט זיינען פאַרטאָן געוואָרן אויף די בנינים פון רמת שלום אַרום דרייסיק מיליאָן פּעזעס.

רמת שלום פאַרמאָגט:

אַ פּאַרק פון 2 קוואַרטאַלן די גרויס.

ספּעציעלער בנין פאַר קינדער־גאָרטן.

אָנפאַנג־שולע.

בית־תרבות.

ביבליאָטעק.

מוזיק־זאַל

עסזאַל און קיך

צוויי שווים־באַסיינען

געדעקטע און אָפענע ספּאָרט־פּלעצער

אַמפיטעאַטער.

אַ ריי אַנדערע איינריכטונגען, וואָס אַ גוטע אינטעגראַלע שולע דאַרף האָבן.

„רמת שלום“ האָט אַ ספּעציעלע וויכטיקייט פאַר קינדער פון ווייטע פאַרוואָפענע פּלעצער, ווו עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן אַ ייִדישע שולע, זיי וועלן קאָנען לערנען אין רמת שלום, וואָס איז אויך אַ גוטער און באַקוועמער פּענסיאָנאַט.

מען מוז מודה זיין, אַז די שלום עליכם־שולעס מיט זייער דירעקטאָר חיים פינקעלשטיין, האָבן געגעבן אַ היפשן שטויס דער ייִדישער דערציִונג אין אונדזער ישוב. דרייסיק יאָר דערפאָלג אויפן חינוך־געביט, האָט אַרויסגערופן דעם אינטערעס נאָכצוטאָן דאָס גראַנדיעזע ווערק, און אַנדערע שולעס האָבן זיך אַראָנפגענומען אַ ביישפּיל וואָס האָט באַווירקט אונדזער חינוך־וועזן.

עס איז צו האָפן און צו ווינטשן, אַז די שלום לעיכם־שולעס זאָלן פאַרזעצן זייער טריומפירנדיקע טעטיקייט און דערמיט דערוועקן אינטערעס אין די ייִדישע קרייזן וואָס האַלטן זיך נאָך דערווייל מן הצד פון ייִדישן לימוד פאַר זייערע קינדער. אויב מיר רעכענען, אַז קוים אַ צוואַנציק פּראָצענט פון די קינדער אין שול־עלטער באַזוכן ייִדישע שולן, איז צו האָפן, אַז אונטער דער השפּעה פון די אויפטוען פון די שלום עליכם שולעס זאָל דער פּראָצענט שטייגן, אַנדערע שולעס וועלן ווי ביז אַהער נאָכטאָן דעם ביישפּיל און אונדזער חינוך־וועזן וועט אַרויף אויף ברייטערע שליאַכן.

זיינען די דרייסיק יאָר שלום עליכם־שולעס אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר אין דער קולטור־אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב. און לאָמיר האָפן, אַז אונדזער חינוך וועט פּראָפיטירן פון זייער דערפאַרונג.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# אויף אַ באַזוך אין דער זומער־קאָלאָניע „קינדערלאַנד“

ווען איך האָב זיך אַריינגעזעצט אינעם אויטאָ פון פריינד יאַקובאָוויטש, כדי צו פאָרן אין דער זומער־קאָלאָניע „קינדערלאַנד“, האָב איך זיך אַליין גע־פרעגט: צוליב וואָס אייגנטלעך פאָר איך? וואָס אַזוינס רעכן איך, דאָרט צו זען נאָך דעם ווי איך האָב שוין באַזוכט אַ ריי אינסטיטוציעס פון דעם זעלביקן מין און קען שוין, מער וויניקער, זייערע אַלע מעלות און חסרונות? — אמת, איך האָב די זומער־קאָלאָניע „קינדערלאַנד“ געזען גאַנץ אויבנ־אויפיק מיט אַ וואָסערע ניין יאָר צוריק און דורך דער דאָזיקער צייט איז זי זיך געוויס פונאַנדערגע־וואַקסן און האָט זיך זיכער אַנטוויקלט. אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס אַלץ מיט דעם עיקר־פּראָ־בלעם, וואָס מיך אינטערעסירט אין פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע אינסטיטוציעס? וואָס פאַר אַן ענטפער וועל איך קריגן אויף דער פראַגע וועגן דער המשכ־דיקייט פון דער יידישער דערציִונג מחוץ די שול־ווענט, וואָס נאָר אין איר ליגט די אַנטשיידונג וועגן דעם זכות הקיום פון די זומער־קאָלאָניעס אַלס אינ־סטרומענט פון יידישן חינוך?

איך קען אַ ביסל די היגע זומער־קאָלאָניעס און איך קען זייערע דערגרייכונגען אויפן געביט פון פאַרשאַפן אַן אָנגענעמען אָפּרו פאַר יידישע קינדער. איך קען דאָס אַלץ, וואָס אין זיי ווערט געטאָן, אַז די דאָזיקע קינדער זאָלן בעתן אָפּרו נישט פאַרגעסן דאָס אַלץ וואָס מען לערנט מיט זיי אַ גאַנץ יאָר אין דער שולע און איך ווייס אויך, אַז פאַר אַ סך פון זיי וואָס באַזוכן אין גאַנצן נישט קיין יידישן שול־אַנ־שטאַלט, איז דער קאָלאָניע־חודש דער איינציקער זמן צו קומען אין קאָנטאַקט מיט יידישקייט, וואָס פאַרפלאַנצט זיך אין זיי, אַ מאָל מיט שטאַרקערע און אַ מאָל מיט שוואַכערע וואָרצלען...געוויס איז דאָך אַלץ זייער וויכטיק. איך קען אָבער נישט וויניקער די ספּעציפישע שוועריקייטן פון די דאָזיקע קאָלאָ־ניעס און ווייס ווי שווער עס איז פון זיי צו דער־וואַרטן, אַז זיי זאָלן דערפילן די דאָזיקע באַשטימונ־גען וואָס ליגן אין יסוד פון זייער עקסיסטענץ מחמת... וואַקאַציעס זיינען וואַקאַציעס און וואַקאַ־ציעס פאַר אַ קינד מיינען: פריקת עול און די פריי־הייט נישט צו טאָן „דאָס וואָס פרומע און גוטע לייט“ הייסן טאָן. וואָרעם יידישע דערציִונג אין אַלע פאַר־מען און לויט אַלע מעטאָדן איז פאָרט עול און עס באַגרענעצט פאָרט די קינדערשע פרייהייט... ווייס איך, בכן, ווי אַזוי מען ראַנגלט זיך אין די יידישע זומער־קאָלאָניעס כדי צו פאַרבינדן דיביידע קעגנ־זעצלעכע עקן און איך ווייס אויך וואָסערע קאָנצע־סיעס דער חינוך־טייל מוז מאַכן דעם וואַקאַציע־טייל. וועל איך נישט טרעפן דאָס זעלביקע פּראָבלעם אויך אין „קינדערלאַנד“? וועל איך נישט זען אויך דאָרט די זעלביקע ראַנגלענישן און די זעלביקע קאָנצע־סיעס? און אויב יאָ, טאָ וואָס וועל איך דאָרט האָבן אויפגעטאָן? וואָס וועט זיין מיין שכר הנסיעה?

***

דער קאָלומביאַנער פריינד, וואָס פאָרט צוזאַמען מיט אונדז אין אויטאָ און דערציילט זיך אָן הרים וגבעות וועגן דער שנאה צום „פרעמדן“ אין דעם לאַנד פון וועלכן ער איז אַוועק, האָט נישט מיינע דאגות און ער האָט אַ ווילדע הנאה אי פון דעם שיינעם פרימאָרגן און פון דעם עצם־פאָרן גופא צו אַ לאַנד פון קינדער און דערצו נאָך פון יידישע קינדער... דאָס אַליין וואָס צוויי שעה פאָרן פון בוע־נאָס איירעס געפינט זיך אַ יידיש קינדערלאַנד, זעט פאַר אים, דעם געקומענעם מיט אַ צוויי יאָר צוריק פון קאָלומביע קיין אַרגענטינע, אויס ווי אַ שטיק נס און אַ נס פאָדערט נישט קיין פירושים און פאַר־לאַנגט אויך נישט קיין שום גריבלענישן.

אויך די חברטע לידיאַ פעמאָוו, וואָס באַגלייט אונדז אין דער נסיעה, האָט נישט דעם מינדסטן חשד וועגן מיינע מחשבות און ספיקות. עס איז אפשר אַ שטריך, וואָס איז אייגן אַלע טוערס פון דער שלום עליכם־שול: זיי ליידן נישט פון דער דאָזיקער מחלה וואָס הייסט: ספק. צו פיל זיינען זיי אַריינגעטאָן אין זייער אַרבעט און דער עיקר — צו פיל האָבן זיי ליב זייער אַרבעט, אַז זיי זאָלן דער־לאָזן אַ שאָטן פון צווייפל אויף איר ווערט און באַ־דייטונג... אין אַ געוויסן זין הייבט מען אָן פאַר־שטיין פאַר וואָס די שלום עליכמניקעס זיינען אין אַ ריי פּרטים אויפן שולגעביט געווען ביי אונדז די ערשטע און פאַר וואָס זייער פאַרנעם איז נאָך דורך קיינעם נישט איבערגעשטיגן געוואָרן. מען דער־ציילט, אַז חסידים זיינען אַ מאָל געקומען צו אַ רבין,

כדי אים צו בעטן, אַז ער זאָל מתפּלל זיין אין אַ צייט פון טרוקעניש אויף רעגן. האָט דער רבי זיי געענטפערט: איך קען פאַר אייך גאָר נישט טאָן, ווייל איך זע אַרויס, אַז איר ספק אין מיינע יכולתן. וואָס הייסט — פרעגן די חסידים — פון וואַנען נעמט דאָס דער רבי? ווייל — ענטפערט ער — ווען איר וואָלט נישט געצווייפלט אין מיין כוח אויסצובעטן ביים הימל רעגן, וואָלט איר געקומען צו מיר מיט שירעמס... דער אַנעקדאָט דערציילט, אַז דער אמתער גלויבן דערלאָזט נישט קיין צווייפל און דער גלויבן פון די שלום עליכם-טוערס אין דער אַרבעט וואָס זיי טוען, הערט זיך אַרויס אין די דרך אגבדיקע רייד פון דער חברטע לידיאַ, פאַר וועלכער עס איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז „קינדערלאַנד" דערפילט איר אויפגאַבע בשלמות און וועדליק איך הער זיך איין אין אירע רייד, איז די דאָזיקע אויפגאַבע טאַקע די דאָזיקע וואָס איר לייזונג רופט ביי מיר אַרויס אַלערליי פראַגן.

איז דאָס בלויז די פאַרליבטקייט אין די אייגענע טוונגען? איז דאָס בלויז די אַריינגעטוענקייט אין דעם קרייז פון די אייגענע טעטיקייטן? איז דאָס דער עכאָ פון יענעם „כי טוב" נאָך דעם ווי מען באַטראַכט די יצירה?

**
*

צום גליק קען איך זאָגן, שוין אין עטלעכע שעה אַרום בעת מיין זיין אין „קינדערלאַנד", אַז די צופרידנקייט מיט דער אַרבעט וואָס דאָרט ווערט געטאָן, איז נישט קיין נאַרציסיזם, נישט קיין שפּיגלען זיך אין די אייגענע אויפטוען. עס איז אַ צופרידנקייט וואָס קומט פון אַ זייער באַוווסטזיניקן אַנאַליז פון די דערגרייכונגען, וועלכע ווערן תמיד געמאָסטן מיט די צילן און אויב די צילן זיינען וויכטיקע זיינען די דערגרייכונגען אויך זייער וויכטיקע.

באַוווסטזיניקייט... דאָס איז דאָס וואָרט, וואָס איז אפשר צום מערסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אָנפירונג פון „קינדערלאַנד"... מיר מאַכן אַ לאַנגן רונד־שפּאַציר איבער דער טעריטאָריע פון דער קאָלאָניע און איבער אירע אַלע בנינים. שווער אַלץ צו באַשרייבן און שווער אפשר אויך איבערצוגעבן דעם איינדרוק וואָס דאָס אַלץ מאַכט. אָבער איין זאַך ווערט קלאָר און קלאָרער מיט יעדער מינוט: אין יעדער דערקלערונג און אויפקלערונג, וואָס מיר באַקומען פון חיים פינקעלשטיינען, הערט מען אַרויס די באַוווסטזיניקייט, אָדער בעסער געזאָגט: די לכתחילהדיקע ציל־באַוווסטקייט פון יעדן אָביעקט, פון יעדער זאַך, פון יעדער איינריכטונג, וואָס געפינט זיך אין דער קאָלאָניע. נישטאָ פאַר חיים פינקעלשטיינען קיין שום זאַך וואָס זאָל זיין סתם אַזוי, וואָס זאָל האָבן געבויט געוואָרן גלאַט אין דער וועלט אַריין, וואָס זאָל האָבן איינגעאָרדנט געוואָרן אָן אַ מיין און אָן אַ ציל. אַלץ וואָס דאָ געפינט זיך — פון די בנינים ביז צו דער איינריכטונג פון די שלאָפצימערן; אַלץ וואָס דאָ ווערט געטאָן — פון אויפשטיין אין דער פרי ביז צום לייגן זיך שלאָפן אין אָוונט — איז גוט אויסגעפּלאַנירט, באַוווסטזיניק אויסגערעכנט אין הסכם מיט אַ ציל, און דער ציל איז איינער: יידישע דערציִונג דורך אַלע מיטלען און מעגלעכקייטן, וואָס עס גיט די זומער־קאָלאָניע, ווו די דאָזיקע דערציִונג מוז זיך באַנוצן מיט גאַנץ אַנדערע מיטלען און מעטאָדן, וועלכע עס באַנוצט די שול, וועלכע מען באַנוצט אין קלאַס.

דער ציל גופא? נו, וועגן אים וווּנדער איך זיך נישט. געוויס דאַרף ער זיין אַזאַ ווי ער איז. וואָס מיך פאַרוווּנדערט, וואָס מיך דערשטוינט און וואָס מיך ברענגט צו דער אָנגענעמסטער איבעראַשונג, איז דער אופן ווי אַזוי דער דאָזיקער ציל ווערט דערגרייכט. אָן קיין הויכער ציל־באַוווסטקייט, אָן קיין הויכן גראַד פון וויסן ווי אַזוי דעם ציל צו דערגרייכן ביז די קלענסטע פּרטים, אָן קיין קענטשאַפט און טאַלאַנט צו באַוועגן דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן מעכאַניזם, אַזוי אַז עס זאָל אויסזען ווי ער וואָלט זיך אַליין באַוועגט, וואָלט קיין שום זאַך נישט אויפגעטאָן געוואָרן...

**
*

מיט ניין יאָר צוריק, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געווען אין „קינדערלאַנד", זענען ביימער געוואַקסן אויף די פּעריפעריעס, אַזוי צו זאָגן, פון דער קאָלאָניע. קיין בלומען־בייטן געדענק איך בכלל נישט. אפשר זענען זיי שוין יאָ געווען, אָבער אין זכרון האָבן זיי זיך נישט איינגעקריצט.

איצט שטייט „קינדערלאַנד" ממש אין אַ וואַלד, אַז מע זעט שוין שיער נישט אַרויס די בנינים. איצט שפּרייטן זיך בלומען־שטחים פון אַלע זייטן. גייסט און גייסט אויף אַ גרינעם טעפּיך פון גראָז און הינטער אַ שאָטנדיקן געפלעכט פון גרינע צווייגן וואָס שאַפן אַ קילע פרישקייט בעת די זון באַקט און ברענט. גייסט און גייסט און ווייסט נישט וואָס פריִער צו באַוווּנדערן: די אַלייען און סקווערן פון קולטיווירטן פּאַרק, אָדער די ערטער, וווּ עס אַנטפּלעקט זיך די נאַטור אין איר פּרימיטיווער סטיכיע? מען דאַרף אָבער קיין טעות נישט מאַכן. ווען מען זעט די אַרבעטער וואָס פאַרנעמען זיך כסדר און כסדר מיט דער אויפזיכט איבערן גאַנצן נאַטורפּרעכטיקן שטח, הייבט מען אָן פאַרשטיין, אַז די פּרימיטיווע נאַטור־סטיכיע פאָדערט נישט ווייניקער אַרבעט און השגחה ווי דער קולטיווירטער פּאַרק. אויך אין דעם איז פאַראַן אַ טייל פון פּלאַן, פון ציל־באַוווסטזיין.

„קינדערלאַנד“ פאַרמאָגט עלף העקטאַר לאַנד, אָבער דער שטח זעט אויס פיל גרעסער טאַקע מחמת זיין געפלעגטער פאַרשיידנאַרטיקייט. איז דאָס בלויז אויסערלעכע דעקאָראַטיווקייט? עסטעטיק? יאָ און ניין! עטעטיק שפּילט נאַטירלעך אַ גרויסע ראָל אין דער דערציִונג, בפרט אין אַזאַ דערציִונג וואָס מוז געפירט ווערן דורך פאַרווײַלונג און אָפּרו... חוץ דעם אָבער האָט די פאַרשיידנאַרטיקייט נאָך אַ פונקציע: זי שאַפט פאַר די קינדער אינטערעסאַנט־קייט, — מיידט אויס מאָנאָטאָנישקייט, — אַ זאַך, וואָס לויערט אויף יעדן איינעם — וואָס דאַרף זיך באַוועגן אין משך פון אַ חודש צייט אין אַן אָפּגע־שלאָסענעם קרייז, ער מעג טאַקע האָבן עלף העק־טאַר.

און ווער זאָגט עס אַז צוויי שעה פאָרן פון בוענאָס איירעס איז נישטאָ קיין חילוק אין דער לופט? אין „קינדערלאַנד“ דערפילט מען ווי מען וואָלט אַוועק פון בוענאָס איירעס נישט אויף צוויי שעה, נאָר אויף צוויי מעת־לעת. די זון באַקט טאַקע גאַנץ געשמאַק, אָבער עס איז טרוקן און עס איז פריש. די מאַמע ערד טוט דאָ איר אַרבעט מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז עס איז איצט סעזאָן־צייט אין איר בראַנזשע און זי אַרבעט אייבער־שעהען. זי גרינט און בליט מיט כלערליי פאַרבן. זי פאַרשמעקט דעם אַרום מיט כל־ערליי אָנגענעמע ריחות. זי גיט דיר אַלץ אין אַ ברייטן אויסוואַל: זון זיך אָפּצוברענען און שאָטן זיך אָפּצוקילן... אַלץ, אַלץ מיט אַ ברייטער האַנט...

***

מיט אַ ברייטער האַנט ווערט אויף סערווירט דער מיטיק אינעם עסצימער. שייך צו זאָגן מיט אַ ברייטער האַנט! האכילה והשתיה כדת, אין אונס. ניין, דאָ דאַרף מען די קינדער נישט בייטן צו עסן און זיי עסן ברוך השם מיט אַ וועלפּישן אַפּעטיט. מסתם האָט דאָ אַ ווירקונג, סיי די נאַטור, סיי דאָס עסן בחברותא און סיי די געשמאַקע קיך. קוקנדיק אויף דער חברה ביי די טישן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז רש״י טייטשט דעם „ויאכלו“ פון די מלאכים ביי אַברהם אָבינו, אַז זיי האָבן זיך געמאַכט עסן. ניין, אָט די חברה, קיין עין־הרע, ביי די טישן, זענען טאַ־קע שוין גאָר קיין מלאכים נישט: זיי מאַכן זיך נישט — זיי עסן...

און ווי זיי זענען אַריינגעטאָן אין דער אכילה, אַזוי האָבן זיי צייט צו זינגען העברעיִשע, יידישע און שפּאַנישע לידער און סתם קאָלאָניע־געזאַנגען. און אַז זיי נעמען זיך אַרום, האַנט אויף אַקסל, ביי די טישן זיצנדיק, און הייבן זיך אָן ריטמיש וויגן אַהין און צוריק צום טאַקט פונעם געזאַנג, זעט עס אויס ווי אַרום די טישן וואָלטן געגאַנגען דביקותדיקע קאַראַהאָדן. זעט מען אָט די צעוויגטע קאַראַהאָדן פון פרייד און פון חברשאַפט און מען דערמאָנט זיך אין גורל פון אַנדערע ייִדישע קינדער, קומען טרערן אין די אויגן און מען בעט צו גאָט אָן ווערטער אַ תפילה, אַז דאָס מאָל זאָל ער שוין מער אונדזער נחת נישט פאַרשטערן...

דאָס מיטיק איז פאַרענדיקט, די קינדער גייען רוען. האָבן מיר צייט די חברטע פאַני קאַרדונער זאָל אונדז ווייזן די אַרבעטן וואָס די קינדער גרייטן צו צו דער וועכנטלעכער אויסשטעלונג. אויפן ער־שטן אויגנבליק פאַרלאַנגען נישט די אַרבעטן קיין באַזונדערע אויפקלערונגען. אַלץ איז קלאָר: קינדער־שער איינפאַל, קינדישע פאַנטאַזיע, קינדישע גע־שיקטקייט און טאַלאַנט. דאָך הערן מיר די אויפ־קלערונגען פון דער חברטע פאַני און גאָר גיך ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס וואָס עס זעט אונדז אויס פשוט, איז שוין גאָרנישט אַזוי איינפאַך. יעדע פאָרעם, יע־דע פאַרב, יעדער איינפאַל אין דער האַנטאַרבעט פון די קינדער לאָזט זיך טייטשן שיִעור נישט ווי ר׳ עקיבא האָט געטייטשט יעדן אות פון דער תורה. בנאמנות, די פעדאַגאָגיק קומט מיר אויס עפּעס ווי אַ ים און אַז פינקעלשטיין, פאַני און לידיאַ לאָזן זיך אין אים אַריין מיט אויפקלערונגען, בלייב איך שטיין ביים ברעג און הייב ערשט אָן באַגרייפן זיין טיפ־קייט...

***

אַ קורצער שפּאַציר איבער די בנינים: שלאָפצי־מערן, וואַשצימערן, ספּאָרטזאַל, מוזיקזאַל, קיך, מאַ־גאַזינען... אַלץ רחבותדיק און דערביי אויסגערעכנט אויף אַ באַשטימטער פונקציע. נישט אומזיסט קו־מען דאָ גרופּעס נישט־ייִדישע לערערס, אינספּעק־טאָרן און אַרכיטעקטן כסדר און כסדר אויף באַזוך: זיי האָבן דאָ אין דער אמתן אַ סך צו לערנען.

ביי דעם ריזיקן שווים־באַסיין מאַכט אויף מיר אַן איינדרוק דאָס וואָס מען טאָר צו אים ניט צוגיין אין די שיך, מחמת היגיעניש טעמים. גייען מיר טאַקע פון דער זייט, אויסער דער פאַרצוימונג, און די וואָס גייען אַריין אין גדר פון דער פאַרצוימונג טוען אויס די שיך. אַ נייער: של נעליך מעל רגליך...

כ׳האָב נאָר וואָס דערמאָנט די כלערליי נישט־ייִדישע געסט וואָס קומען וויזיטירן „קינדערלאַנד“. אָט קומט טאַקע אָן, געפירט פונעם קאָלאָניע־דאָק־טער, דער נייער אינטענדענט פון שטעטל מערסע־דעס מיט זיין גאַנצער סוויטע. די געסט באַקענען זיך מיט דער קאָלאָניע, מיט אירע איינריכטונגען, בלייבן איבער אויף דער רעפּעטיציע פון די קינדער צום מאָרגנדיקן יום־טוב און זייערע מיילער זענען פול מיט לויב און אַנטציקונג... זייערע הערצער? מסתמא אויך אַזוי... הווי דן כל אָדם לכף זכות...

דער מיטיק־אָפּרו איז פאַרענדיקט. אַלע צוועלף

קבוצות (כנגד די צוועלף שבטי ישראל) גייען מיט זייערע מדריכים צו זייערע פאַרנעמונגען. עס איז אמת: עס איז פאַראַן אַן אייזערנע דיסציפּלין אין „קינדערלאַנד“. עס איז אָבער נישט אמת, אַז מען פילט זי, אַז זי לייגט זיך שווער אויף די קינדער. עס איז ווי אין דער ייִדישער פילאָסאָפיע: הכל צפוי והרשות נתינה. אַלץ איז געענוי אויסגעפּלאַנירט און עס באַקומט זיך דאָך דער איינדרוק, אַז די קינדער אימפּראָוויזירן. אַגב האָט מיר טאַקע חיים פּינקעלשטיין דערציילט וועגן אַ טשעקאַוון פּרט פון אַן אימפּראָוויזאַציע, וואָס ווערט גוט צוגעגרייט. בקיצור איז די היסטאָריע פון דער געשיכטע אַזאַ: צוויי קבוצות מאַכן אַקוראַט אַ שפּאַציר אויסער די גרענעצן פון „קינדערלאַנד“. כדי זיי זאָלן האָבן אמתע עמאָציעס טרעפן זיי אויפן וועג אַ „צופעליקן“ וואָגן וואָס נעמט זיי אויף און פירט זיי אַ שטיק וועג... פאַר קינדער איז עס נאַטירלעך אַוואַנטורע, איבערלעבונג. די קינדער פאַלט אָבער נישט איין צו טראַכטן פאַר וואָס יעדעס מאָל טרעפט זיך זיי אויפן וועג אַ גוייִשער אליהו הנביא וואָס נעמט זיי אַזוי גוטוויליק אַרויף אויפן וואָגן... די דירעקציע ווייס עפּעס וועגן דעם, אָבער זי שווייגט.

כדי צו זען אַלץ וואָס עס ווערט געטאָן אין „קינדערלאַנד“, כדי זיך צו באַקענען מיט אַלע פּראָבלעמען און אויפטוען, וואָלט מען דאָרט געדאַרפט פאַרברענגען אַ סך לענגערע צייט ווי איך האָב אין מיין רשות. כדי אַלץ צו באַשרייבן וואָלט מען אַוודאי געדאַרפט ווידמען דעם אַלעם מער ווי דעם איינעם מאמר. אָבער סיי ווי, אַלץ אויסדערציילן לאָזט זיך נישט. איז לאָמיר זאָגן בקיצור נמרץ: די פילאָסאָפן ספקן צי עס איז פאַראַן אַ גן־עדן אויף יענער וועלט.

איינס איז אָבער זיכער: „קינדערלאַנד“ איז אַ שטיק גן־עדן פאַר ייִדישע קינדער אויף דער וועלט.

* * *

מיר זעען נאָך די רעפּעטיציעס צום יום־טוב, וואָס ווערט געגרייט לכבוד דריי לערערינס, וועלכע זענען עולה קיין ישראל. מיר כאַפּן נאָך אין דער לעצטער מינוט אַריין אַן אומגעריכטן קאָנצערט פון אַן אמת־וווּנדערקינד, דעם 6יעריקן לעיק (דאַכט זיך אַז אַזוי הייסט ער), וואָס שפּילט פּיאַנע מיט אַזאַ זיכערקייט און אַבסאָלוטן געהער, אַז עס איז ממש צו שטוינען; מען הערט נאָך וועגן די חניכים פון קינדערלאַנד, וואָס זענען שוין היינט דערוואַקסענע מענטשן מיט באַרימטע נעמען אויף פאַרשיידענע געביטן פון וויסנשאַפט און קונסט, און שוין... מיר לאָזן זיך שוין צוריק אין וועג אַריין קיין בוענאָס־איירעס. מיר געזעגענען זיך מיט מלכהלען וואָס אָט איז זי ערשט אַליין געווען אַ חניכה אין די זומער־קאָלאָניעס פון פראַנקרייך און איצט איז זי שוין אַ מדריכה אין „קינדערלאַנד“... ווי די צייט לויפט! מיר געזעגענען זיך מיט אונדזערע גאַסטגעבערס, מיר דאַנקען זיי פאַר דער וואַרעמער און פריינדלעכער אויפנאַמע און דער אויטאָ־מאָטאָר נעמט רוישן אַן אומגעדולדיקער. דער באַזוך איז פאַרענדיקט. ער האָט אַ סך פראַגעס פאַרענטפערט. דער דאָזיקער באַזוך. אַ סך ספיקות צוגענומען, אַ סך האָפענונגען דערוועקט. יאָ, ער האָט געלוינט, דער באַזוך. עס איז כדאַי געווען צו זען וואָס פאַר אַ וווּנדער מען קען דערגרייכן מיט גלויבן, מיט קענטשאַפט און דער עיקר — מיט וויסן וואָס מען וויל . . .

# קינדערלאַנד

(פֿאַרן „קינדערלאַנד" פֿון דער „צווישאַ")



קינדערלאַנד און קינדערלענדער,
בוך מיט בוים און אות מיט גראָז, —
אונטער הימלען — בלויער, בלענדער,
זון מיט מילך — אַ פֿולע גלאָז.

יעדע זילב איז ווי אַ בלימל —
אויפֿגעשפּראָצט און אויפֿגעגרינט;
און אַ שלאַנקס, אַזש ביז צום הימל —
וואַקסט אַביימל אויס דאָס קינד.

אַ זיסן ביסן יִדיש וויסן,
ברויט מיט פֿרייד — אַ היפּשן שטיק, —
זאָלן קינדער דאָ געניסן
זייערע טעג — באַשמירט מיט גליק.

ווי אַ ביימל פֿרילינג־צווייטן —
פֿול מיט קנאָספּן אויפֿגעבליט, —
גוטע מידות, שיינע זייטן —
ווי אַ גאַנצער מענטש און ייִד.

וואָרט ווי טאָרט, אין פּשט געטונקען,
פּשט ווי שמאַנט — געזונט און פֿריש,
פֿאַר די יונגע קינדער־לונגען
אויפֿן פֿעלד — דעם גרינעם טיש.

ייִד ווי שמשון, ר' עקיבא,
גייסט און מוסקל — שווונג און קראַפֿט, —
פֿון דער שטראַלנדיקער סביבה
צו אַ וועלט, וואָס קעמפֿט און שאַפֿט.

אַלף־ביתן — שוואַלבן ווייסע —
און אויך טויבן, אַז איר ווילט, —
צירקלען אויס אַ צויבער־מעשה,
ליכט באַהעלט און זון באַגילדט.

טאָ, קומט זשע זען, ווי דאָ בליִען
מיט אַ רחבות און פֿאַרמעסט,
פֿאַר די תּפֿוצות און פֿאַר ציון —
ייִדן־שטאַמען — הויך און פֿעסט.

ס'איז די מעשה ייִד און ייִדיש —
אייביק יונג און אייביק שיין, —
און מיט חידוש מאַכט דאָ קידוש
יעדעס קינד מיט שפּראַך און חן.

קינדערלאַנד און קינדערלענדער,
בוך מיט צווייגל, אות מיט צוויט, —
קינדערוועלטן בלויען בלענדער,
ווייל זיי זיינען טאַנץ און ליד.

קעהאָס קליגער

# המשך

(מאַרש־ליד פון צווישאָ)

מיר, יונגע יידן, קוקט אונדז אָן —
מיט גלויבן קומען מיר באַזעלט,
ווייל אונדזער בוך איז אונדזער פאָן
און די שול — איז אונדזער וועלט.

רעפריין:

פון המשך זענען מיר די קייט,
דער דור פון אויסגעפּרוווטן ייד, —
אַליין די שפּינער פון דער פרייד,
אַליין די פרייד פון אונדזער ליד.

מיר טראָגן זון אין אונדזער בלוט,
דעם גרויסן נס אין אונדזער בליק;
די קראַפט פון עבר גיט אונדז מוט —
אַליין צו שמידן אונדזער גליק.

רעפריין:

פון לאַנד צו לאַנד, פון פאָרט צו פאָרט,
ווו צפון קאַלט איז, דרום — הייס, —
קלינגט ווידער שטאָלץ דאָס יידיש וואָרט
פון וווּנדערלעכן אַלף־בית.

רעפריין:

די מעם איז מוט, די פּיי — איז פרייד,
די פרייד אין מוט פון אונדזער וואָר, —
מאַכט אַ וואַרע, דער המשך גייט,
דאָס גייט דער נייער יונגער דור.

רעפריין:

*) דאָס ליד ווערט געזונגען, מיט דער מחיק פון ל. דרייצעל, אין אונדזער שול.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

# אַ טאָג אין קינדערלאַנד

ביי די הונדערט קילאָמעטער פון בוענאָס איירעס, אין אַ שטילן און גרינעם טאָל, אָפּגערוקט פון ברייטן שליאַך און באַהאַלטן פון נייגעריקן אויג פון דורכפאָרער, ליגט אויסגעשפּרייט ווי אַ שמייכל אויפן פּנים פון באַגראָזטן פעלד, אַ קליין גן־עדן־ווינקעלע.

פון צווישן די שטאַמען פון באַיאָרטע ביימער, פילפאַרביקע בלומען און גראָזן, קוקן ליכטיק אַרויס ווייסע ווענט פון בנינים, רויטע דעכער ווינקען צעגליט צום בלויען הימל און איבער אַלעמען האָט פאַרריסן, שטאָלץ זיין פירקאַנטיקן קאָפּ אַ הויכער טורעם, וואָס וואַרפט זיין שאָטן אויפן טונקל־גרין פון אַרומיקן וואַסער...

אַ פאַרכישופטער שלאָס פון אַ קינדער־מעשהלע איינגעהילט אין אַ שפע פון לעבעדיקע פרילינגס־קאָלירן, וואָס פירן אַ פריידיקן קאַראַהאָד אין דער לופטן און פאַרשפּרייטן זיסע מחיהדיקע דופטן.

באַהאַלטן אין שאָטן פון ביימער, אויף אַ טעפּיך פון בלומען און גראָז, שטייען אויסגעשטעלט אייזערנע טרעפּ ווי רושטאָוואָניעס, ווענט ווי לייטערס צום קלעטערן, אויסטערלישע קאָנסטרוקציעס, הוידעלקעס, אַפּאַראַטן... אַ שלאָס פון אַ פאַרצייטיקן ריטער, אָדער גאָר אַ נייער בבל־טורעם צו זוכן גאָט אין הימל?...

נישט קיין בבל־טורעם, נישט קיין שלאָס און נישט קיין מעשהלע, נאָר אַ לעבעדיקע און ממשותדיקע ווירקלעכקייט. דאָס איז די זומער־קאָלאָניע פון דער „צווישאָ" שלום עליכם־שולן — קינדערלאַנד! אויף אַ שטח פון צען העקטאַר באָדן, וועלכן עס פאַרנעמט די קאָלאָניע, זענען אויפגעבויט פינף גרויסע בנינים, אַ גאָרטן, אַ סאָד, אַ שווים־באַסיין, שפּילפּלעצער, אַרבעט־ווינקלען, אָפּרו־ערטער, וועלכע זענען אַלע באַזאָרגט מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען און מיט די גרעסטע באַקוועמלעכקייטן.

יעדער בנין איז ווי אַ מין לאַבאָראַטאָריע — אַ לאַבאָראַטאָריע פון אָפּרו און פון... לערנען — ווו יעדער שפּאַן איז אויסגעפּלאַנט און אויסגערעכנט צו דינען אַ ספּעציפישן ציל און דערפילט אַ באַשטימטע פונקציע. בנינים פון אַ מאָדערנעם אַרכיטעקטאָנישן סטיל, מיט גערוימע שלאָפצימערן, קלאַסן צום לערנען, אַ האָל צום פאַרווײַלן זיך און געדעקטע וועראַנדעס צום אָפּרו.

„קינדערלאַנד" איז נישט קיין שול, וואָס איז אונטערגעוואָרפן אַ באַשטימטן פּלאַן פון לימודים. ס'איז אַ זומער־קאָלאָניע, ווו דאָס קינד פאַרברענגט אַ מאָנאַט צייט און דאַרף אין פאַרלויף פון דעם חודש באַקומען דעם מאַקסימום אָפּרו. אָבער פאַר אַ קינד איז נישט פאַראַן קיין אָפּרו אָן שפּיל, ווערט אויסגענוצט די איינגעבוירענע שפּיל־לוסט פון די קינדער אויף צו דערציִען און לערנען. שפּילנדיק ווערן זיי דערצויגן ווי ייִדן. זיי זינגען ייִדישע און העברעיִשע לידער, טאַנצן ישראלדיקע טענץ, זענען איינגעטיילט אין גרופּעס מיט היסטאָריש־ייִדישע נעמען, באַאַרבעטן די ערד ווי אין די קבוצות...

טייל קינדער הייבן אָן מיט „קינדערלאַנד" און גייען שוין נאָך דעם פּערמאַנענט אין אַ ייִדישער שול. אין דער ייִדישער קינדער־מלוכה האָבן אַזעלכע קינדער צום ערשטן מאָל זיך דערפילט ווי ייִדן און דער עיקר איז, וואָס זייערע עלטערן האָבן באַנומען, אַז די ייִדישע שול איז אַ דערציִונגס־אַנשטאַלט פון אַ הויכער מדרגה און אַז זיי דאַרפן זייערע קינדער דערציִען ווי ייִדן.

„קינדערלאַנד" איז אויך אַ בריק צו אַ געוויסן שוין אָפּגעפרעמדטן און אַסימילירטן שיכט ייִדן, וועלכע וואָלטן מיט קיין אַנדערע וועגן נישט געקומען צו קיין ייִדישע אינסטיטוציעס און נישט געגעבן זייערע קינדער קיין ייִדישע דערציִונג. דער שיכט ייִדן דערמעגלעכט אויך טיילוויז, אַז די זומער־קאָלאָניע זאָל באַזוכן אויך אַ באַדייטנדיקע צאָל אומפאַרמעגלעכע קינדער, פאַר וועלכע אַגב עס גיט אויך איר צושטייער דער וועד־החינוך ביי דער היגער קהילה.

בלויז איין מאָל אין מאָנאַט ווערט דערלויבט די עלטערן צו באַזוכן זייערע קינדער אין דער זומער־קאָלאָניע. דאָס אַליין איז אַ פאַקטאָר פון גרויסער דערציִערישער באַדייטונג. אַ קינד נאָך די פינף יאָר (אין קאָלאָניע ווערן אָנגענומען קינדער פון 6 ביז 12 יאָר) דאַרף שוין קענען אַ געוויסע צייט אויסקומען אויסער דער היים און אָן די עלטערן. אייניקע קינדער קומט עס אָן נישט לייכט, אָבער זיי זענען דאָך גובר די בענקשאַפט און אָפּהענגיקייט פון דער היים, און דאָס איז זייער גינציק פאַר דער אויסבילדונג פון זייער כאַראַקטער.

אין אַזאַ אָפּיציעלן וויזיט־טאָג האָב איך באַזוכט „קידערלאַנד". צוויי הונדערט פופציק „דאַטשניקעס"

האָבן זיך געפֿינען אין דער קאָלאָניע, אָבער באַזוכערס זענען אַוודאי געווען צוויי אָדער דריי מאָל אַזוי פיל. די קינדער האָבן אויסגעפירט אַ „פּראָגראַם“, וואָס האָט געדויערט ביי די דריי שעה צייט, און די טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס האָבן געקוואָלן פון נחת, און נישט מיד געוואָרן צו אַפּלאָדירן די קליינע „אַרטיסטן“. יעדע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון אירע לערערס, האָט אָנטייל גענומען אין דער פאָרשטעלונג. די קינדער האָבן געזונגען, געטאַנצט, אויסגעפירט אַ פּאָר סצענקעס, אין יידיש און העברעיש, און פאַרענדיקט מיט פיזישע גענִיטונגען.

און אַזעלכע פאָרשטעלונגען זענען דאָך אַזוי אומיטלבאַר עכט און פול מיט קינדישן חן. עס דאַרף אַנערקענט ווערן די ווונדערבאַרע אָרגאַניזאַציע און פּעדאַגאָגישע דערפאַרונג פון פּערסאָנאַל, וואָס האָט באַוויזן צו דערגרייכן אַזאַ האַרמאָניע אין דער אויפפירונג און געבן אַזוי פיל גליק מיט דער „דאַטשע“. פרייד האָט אַרויסגעשיינט פון די אָפּגעבריענטע פּנימלעך פון די קינדער און געלעגן אויסגעגאָסן אינעם צופרידענעם שמייכל פון די דערוואַקסענע באַזוכערס... נישט איינער האָט געטראַכט — ואני בתוכם — אַז עס וואָלט געווען נישט מער ווי רעכט די „צווישאָ“ זאָל שאַפן אַזאַ גן־עדן־ווינקעלע אויך פאַר די אַלע, וועלכע זענען שוין אַרויס פונעם גליקלעכן קינדער־עלטער...

מען דאַרף נאָר זאָגן חיים פינקעלשטיינען... אַז ער וועט וועלן, וועט אויך ווערן אַ קינדערלאַנד פאַר דערוואַקסענע.



אַן „עלטערן־טאָג“ אין „קינדערלאַנד“

מ. מענאַכאָווסקי (קאַנאַדע)

# וועגן יידישן שולוועזן אין קאַנאַדע

אָפיציעלע פאַרשטייער פון די רעגירנדיקע קרייזן האָבן נישט איין מאָל אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז די קאַנאַדער באַפעלקערונג איז נישט און דאַרף נישט זיין האָמאָגען; אַז קאַנאַדע איז אַ מאָזאַיק פון פעלקער און אַז אין די אינטערעסן פון לאַנד זאָל יעדעס פאָלק אַנטוויקלען זיין אייגענע קולטור.

יעדעס פאָלק האָט דאָס רעכט צו דערציִען די קינדער אין זיין נאַציאָנאַלן גייסט. די שול דאַרף געבן די קינדער אַ נאַציאָנאַלע דערציִונג. מיינט עס קאָנקרעט, אַז יעדע נאַציאָנאַלע מינדערהייט האָט דאָס רעכט צו עפענען אייגענע טאָג־שולן, וואָס זאָלן אויסגעהאַלטן ווערן פון די מלוכה־שטייערן.

דאָס איז טיילווייז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. אַלע פּראָווינצן אין קאַנאַדע, אויסער מייניטאָבאַ און בריטיש־קאָלומביאַ, האָבן מער אָדער ווייניקער באַפרידיקט די פאָדערונגען פון די וויכטיקערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן; אין קוויבעק זענען דאָ באַזונדערע פּראָטעסטאַנטישע און באַזונדערע קאַטוילישע (פראַנצויזישע) שולן; אין אָנטעריאָ סאַסקאַטשעוואַן און אַלבערטאַ ווערן די קאַטוילישע שולן און סעפּאַראַטע פּראָטעסטאַנטישע פינאַנסירט דורך לאָקאַלע און פּראָווינציעלע פאָנדן פאַר שולן.

מיר, די יידן, האָבן אויך געקענט מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק באַקומען דאָס רעכט פון האָבן באַזונדערע טאָג־שולן אין דער קוויבעקער פּראָווינץ, ווו עס געפינען זיך די גרעסטע צאָל יידן פון קאַנאַדע.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט די קוויבעקער פּראָווינציעלע רעגירונג געוואָלט איינשטעלן דריי שול־סיסטעמען: אַ קאַטוילישע, פּראָטעסטאַנטישע און יידישע. צווישן די יידן האָט זיך אָנגעהויבן אַ הייסער וויכוח. די אַסימילאַטאָרישע יידן זענען אַרויסגעטרעטן קעגן דעם, אַז יידן זאָלן האָבן אַ באַזונדערן שול־סיסטעם. די נאַציאָנאַל־געשטימטע יידן, וואָס האָבן צו יענער צייט נישט געהאַט קיין צו גרויסע ווירקונג אינעם יידישן לעבן, האָבן קיין כוח נישט געהאַט דורכצוזעצן אַ באַשלוס, אַז מען זאָל דעם פאַרשלאַג פון דער רעגירונג אָננעמען.

ביי אַן ענלעכער געלעגנהייט שטייט איצט דאָס יידנטום אין מאַניטאָבער פּראָווינץ: דאָס לעצטע יאָר האָט אַ קעניגלעכע קאָמיסיע, באַשטימט פון דער מאַניטאָבער רעגירונג, אָנגענומען צוויי באַשלוסן בנוגע שולן: א) איינצופירן רעליגיע אין די שולן; ב) שטיצן פריוואַטע טאָג־שולן מיט 160 דאָלער פאַר יעדן קינד.

דאָס געבן שטיצע די פריוואַטע שולן ווערט מאָטיווירט: „אַלע עלטערן צאָלן שטייערן — לאָקאַלע, פּראָווינציעלע און פעדעראַלע, אויף צו פינאַנסירן די דערציִונג אין דער פּראָווינץ. דערפאַר האָבן אַלע עלטערן אַ רעכט צו באַנוצן זיך מיט די דערציִונג־מעגלעכקייטן פאַר זייערע קינדער. אָבער צוליב דעם, וואָס אַ באַדייטנדיקע מינאָריטעט עלטערן, — וועלכע זענען אומצופרידן מיט דער דערציִונג וואָס עס גיט די אַלגעמיינע שול, — עפענען אייגענע שולן, זענען זיי באַרעכטיקט צו אַ טייל פון זייערע שטייערן, כדי אויסצוהאַלטן זייערע אייגענע שולן“.

ס׳זענען אָבער דאָ אַזעלכע יידן (און צווישן זיי אויך אָנהענגער און טוער פון יידישע טאָג־שולן), וועלכע זענען קעגן אָננעמען דעם פאָרשלאַג פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע.

די פראַגע שטייט אויפן סדר־היום פון יידישן קאָנגרעס. די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון יידישן קאָנגרעס האָט נאָך דערווייל קיין ענדגילטיקן באַשלוס נישט אָנגענומען, אָבער די נאַציאָנאַלע „פּאַבליק רעליישאַן קאָמיטע“ האָט יאָ אָנגענומען אַ באַשלוס: נישט צו נעמען די סובסידיע. דעם באַשלוס האָט זי רעקאָמענדירט צו דער מערב־קאַנאַדער דיוויזיע פון קאָנגרעס.

שטעלט זיך קודם־כל די פראַגע: פאַר וואָס האָט דער נאַציאָנאַלער „פּאַבליק רעליישן קאָמיטע“ גענומען זיך דאָס רעכט צו רעקאָמענדירן דער מאַניטאָבער יידישער קהילה אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו דער רעזאָלוציע פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע, איידער די פראַגע איז געקומען אויף דעם פאָרום פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון יידישן קאָנגרעס?

וואָס זענען די מאָטיווע פון די קעגנער פון נעמען אַ רעגירונג־סובסידיע?

א. „אויב מען וועט נעמען די סובסידיע, וועט מען אויך מוזן מסכים זיין איינצופירן רעליגיע אין אַלע שולן; און אַזוי ווי פיל יידישע קינדער וועלן נאָך אַלץ מוזן גיין אין די פאָלקס־שולן, דאַרף מען שוין צוליב דעם אַליין זיך אָפּזאָגן פון נעמען די סובסידיעס“.

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער געדאַנק, אַז איינס איז אָפּהענגיק פון דאָס צווייטע, ווייסט נאָר גאָט אַליין. די קעניגלעכע קאָמיסיע מאַכט לחלוטין נישט אָפּהענגיק איינס פון דאָס צווייטע.

ב. „דאָס אָננעמען די סובסידיע וועט פירן דערצו, אַז די רעגירונג וועט זיך מישן אין אונדזערע פּראָגראַמען, וועט פאַרקלענערן די צאָל שעהן פון די ייִדישע לימודים און פאַרגרעסערן אויף דעם חשבון די צאָל שעהן פון די ענגלישע לימודים".

אויף וועלכן סמך מאַכט מען אַזעלכע באַהויפּטונגען? דעקן דען נישט אונדזערע טאָג־שולן דעם גאַנצן פּראָגראַם פון דער פאָלקס־שול?

די קעניגלעכע קאָמיסיע זאָגט קלאָר און דייטלעך (פּונקט 13):

„עס איז נייטיק צו געבן די פּריוואַטע טאָג־שולן מעטאָדן, דערגרייכונגען, צילן און סטאַנדאַרטן פון די גרעסטע פרייהייט צו עקספּערימענטירן בנוגע פאָלק־שולן. צוליב דעם רעקאָמענדירט די קעניגלעכע קאָמיסיע נישט צו שטעלן קיין גרעסערע פאָדערונגען די שולן ווי נאָר צו פאַרזיכערן, אַז זייער דערציִונג זאָל גרייכן צום אייגענעם סטאַנדאַרט פון די פאָלק־שולן.

ג. „דאָס וואָס אַלע טאָג־שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן וועלן זיין רעליגיעזע, וועט די פאָלק־שול אויך מוזן ווערן אַ רעליגיעזע, ד"ה אַ פּראָטעסטאַנטישע".

אָבער אויב די רעגירונג וועט וועלן איינפירן רעליגיע אין די מלוכהשע שולן, וועט זי עס סיי ווי טאָן, ווי עס איז דער פאַל אין אָנטאַריאָ

די קעניגלעכע קאָמיסיע לייגט פאָר איינצופירן רעליגיעזע לימודים און דערביי איז דאָ אַ בפירושער פונקט, אַז דאָס איז נישט קיין צוואַנג־לימוד צוליב דעם וועט מען עס לערנען אָדער ביים סאַמע אָנהייב פון די לימודים, אָדער ביים סוף פון די לימודים

וועגן ענין רעליגיע מוזן מיר — אַלס בירגער און נישט נאָר אַלס ייִדן — קעמפן קעגן איינפירן עס אין די שולן, ווייל דאָס שאַפט אַ פירוד צווישן בירגער און בירגער, ווען מען האָט אַפילו דאָס רעכט נישט צו באַזוכן די רעליגיעזע לימודים

ד. „מיר האַלטן איצט אויס אַליין אונדזערע טאָג־שולן איז צו וואָס ריזיקירן און צו וואָס אָפּגעווינען אונדזער עולם פון געבן באַשטייערונגען פאַר אונדזערע שול־אַנשטאַלטן"?

איז דאָס אַ מאָטיוו? באַדן מיר זיך אין גאָלד אין אונדזערע טאָג־שולן? — מען מאַטערט זיך מיט די בודזשעטן. מען איז פאַרבאָרגט איבערן קאָפּ. מען שטעלט אָפּ דאָס אָננעמען פון נייע קינדער, ווייל מען קאָן נישט (צוליב פינאַנסן) פאַרגרעסערן די צאָל קלאַסן.

און דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס איז דאָך נישט נאָר פאַר עלעמענטאַרע טאָג־שולן, נאָר אויך פאַר טאָג־שולן אויף דער העכערער שטופע.

די רעזאָלוציע, אָנגענומען אויף דער לעצטער פּלענאַרער סעסיע פון ייִדישן קאָנגרעס, לויטעט: „דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס באַטראַכט גינסטיק דעם וווּקס פון דער ייִדישער טאָג־שול און רופט די קהילות צו אַנטוויקלען דעם ייִדישן טאָג־שולן־סיסטעם, ווו נאָר ס'איז מעגלעך און פּראַקטיש; קהילות זאָלן דערמוטיקט ווערן איינצושטעלן ייִדישע טאָג־שולן אויף מיטלשול־שטופע און קהילות זאָלן אויך דערמוטיקט ווערן צו באַטראַכטן קעסט־מעגלעכקייטן אין אַזעלכע שולן אין גרעסערע צענטערן פון ייִדישע ישובים, אַזוי אַז אַן אויסגעקליבענע גרופּע פון קלענערע ישובים זאָל געגעבן ווערן די געלעגנהייט צו קריגן ייִדישע דערציִונג פון אַ העכערער שטופע".

די דיסקוסיעס אין דעם מערב־קאַנאַדער (וויניפּעג) ייִדישן קאָנגרעס זענען געווען זייער הייסע. אַלע זענען געקומען צו איין החלטה בנוגע רעליגיע אין די שולן (אַז מען זאָל אָננעמען אַ רעזאָלוציע קעגן דעם). וואָס שייך סובסידיעס, איז מען נישט געקומען צו קיין הסכם, די פאָרשטייער פון די שולן זענען געווען פאַר, און אַ טייל פון דער קהילה — קעגן. ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז די מערב־דיוויזיע פון ייִדישן קאָנגרעס נעמט נישט אָן דערווייל קיין שום רעזאָלוציע און וואַרט ביז דער מאַניטאָבער פאַרלאַמענט וועט באַשליסן.

איז אָננעמען סובסידיעס פאַר ייִדישע שולן אַן אַקט פון אַרויסרופן אומצופרידנקייט ביי דער נישט ייִדישער באַפעלקערונג? — פאַרקערט, נישט אָננעמען עס וועט אַנטאַגאָניזירן אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

צווישן די פּראָטעסטאַנטן זענען דאָ פיל קעגנער פון די באַשלוסן פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע. אָננעמען „אַ נישט אַהין — נישט אַהער" רעזאָלוציע מיינט: אַריינשפּילן אין די הענט פון די קעגנער און זיין קעגן אַ גערעכטער פאָדערונג פון דער הויפּט מינדערהייט. דאָס איז אַבסאָלוט קעגן פריינדלעכן צוזאַמענלעבן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

דאָס איז קעגן דעם דרך פון די אַנדערע פּראָווינצן, וועלכע האַלטן אויס די שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס וועט האָפנטלעך דעם טעות פאַרריכטן.

# אַ גרויסער פאָלקס־יום־טוב איז געווען דאָס דאַך־דעקן פון „רמת שלום“

**דער בוענאָס־איירעסער ייִדישער ישוב האָט מאַניפעסטירט זיין ווילן אויסצובריייטערן און פאַרוואָרצלען די ייִדישע קולטור און דערציִונג אויף ביידע שפּראַכן און פאַרבינדן די נייע דורות מיטן ייִדישן לעבן פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט — פאַר אַ גרויסער צוקונפט.**

דער אויפטו פון רמת שלום איז נישט בלויז וואָס דער ישוב וועט באַרייכערט ווערן מיט נאָך אַ גרויסער ייִדיש־העברעיִשער שול, נאָר וועגן דעם נייעם נוסח פון דעם חינוך־אַנשטאַלט אין דער דערציִונג פון גאַנצן ישוב און זיין באַדייטונג פאַר דער ייִדישער וועלט.

רמת שלום וועט אין דער פולער מאָס פאַרענט־פערן דאָס שווערע פּראָבלעם פון געבן דעם קינד אַ גאַנצע ייִדישע און אַלגעמיינע דערציִונג, נישט צו דאַרפן פאַרמינערן קיין איינעם פון זיי אויפן חשבון פון צווייטן, ווי ס'איז דער פאַל מיט טייל אינטעג־ראַלע שולן דאָ ביז איצט און אין אַנדערע לענדער.

וועגן דעם נייעם אויפטו פון רמת שלום ווייסן שוין איצט, נישט בלויז די צווישאָ־עסקנים, אָדער שול־עסקנים בכלל, נאָר עס איז דערגאַנגען צום פאָלק; צענדליקער אַרטיקלען אין די צייטונגען זע־נען וועגן דעם געשריבן געוואָרן פאַרן דאַך־דעקן; אַ ספּעציעלער סימפּאָזיום וועגן אינטעגראַלע שולן איז געווען; אויך דורך אַנדערע קאַנאַלן איז דאָס דערגאַנגען צום פאָלקס־מענטש.

איז דער גרויסער שטראָם מענטשן צום יום־טוב פון דאַך־דעקן געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר די בויער פון דעם דאָזיקן חינוך־היכל.

די גאַסן אַרום פאַרק האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט דער גרויסער צאָל פּריוואַטע אוי־טאָמאָבילן און שול־פּולמאַנס, וואָס האָבן געבראַכט דעם יום־טובֿדיקן עולם.

## פון גאַנץ פרי

די טויער פון די פאַרשיידענע קאָמיסיעס פאַרן יום־טוב זענען געווען די ערשטע צו קומען אויפן אָרט, כדי דער יום־טוב זאָל אין יעדן דעטאַל זיין צוגעגרייט באַקוועם און מיט געשמאַק. דער גרוי־סער עולם האָט נישט געוווסט, אַז דער גאַנצער יום־טוב־פּלאַן איז מיט אַלע זיינע שטריכן „אויס־גראַווירט“ געוואָרן צום לעצטן מאָל מיט אַ נאַכט פריִער פאַרן אָנהייבן דעם יום־טוב. און דער פּלאַן איז פון די געטרייע צווישאָ־„זעלנער“ פּינקטלעך דורכגעפירט געוואָרן.

דער עולם האָט זיך קעגנזייטיק באַגריסט מיטן טראַדיציאָנעלן „גוט יום־טוב“, וואָס האָט דאָס מאָל געהאַט אַ פרישן אויסקלאַנג, ווייל דער יום־טוב איז געווען פאַר דעם שוין אויפגעטוענעם און פאַר דעם, וואָס דאַרף ערשט זיין...

זעלטן ווען קומען זיך אויף אַ יום־טוב צונויף אַזוי פיל הדרת־פּנימדיקע מענטשן: זשורנאַליסטן, שריפטשטעלערס, פירער פון געשריבענעם און גע־רעדטן וואָרט; מענטשן וואָס גיבן דעם טאָן פון זייער „אָבסערוואַציע־טורעם“ און אין דער טעגלעכער אַר־בעט. פילן זיי זיך דעריבער היימיש אויף דער דאָ־זיקער שמחה. עס זענען געקומען אַ גרויסע צאָל דעלעגאַציעס פון די צענטראַלע און נישט צענטראַ־לע אינסטיטוציעס פון שטאָט, פון דער פּראָווינץ און פון שכנותדיקן מאָנטעווידעאָ. שוין אָפּגערעדט פון דער גרויסער צווישאָ־משפּחה, פון איר האָט קיינער נישט געפעלט, אַפילו נישט אַזעלכע וואָס האָבן יענעם טאָג געהאַט שוועריקייטן צו פאַרלאָזן זייערע היימען.

## דער באַפליגלטער בנין

פאַר די וואָס באַזוכן דאָס ערשטע מאָל רמת שלום איז געווען אַן איבעררגאַשונג צו זען אַ באַפליגלטן בנין, אין דער פולער פלי־פּאָזע... מיר איז נישט באַקאַנט צי די אינזשעניערן און אַרכיטעקטן מיטן גייסטיקן אַרכיטעקט, חיים פינקעלשטיין בראש, האָבן אין זינען געהאַט צו געבן דער קאָנסטרוקציע דעם דאָזיקן סימבאָלישן צייכן, ווי עס האָט זיך באַקומען. אַרכיטעקטור איז קונסט און יעדער קונסט קען זיך באַקומען אַנדערש און אַפילו מער, ווי זי ווערט לכתחילה געפּלאַנט. דער דאַך איבער דעם גלעזער־נעם עס־זאַל, וואָס וועט האָבן פּלאַץ פאַר עטלעכע הונדערט קינדער, איז געמאַכט אין אַ פאָרעם פון פליגל אין זייער פלי־באַוועגונג. און דאָס איז זייער

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער גאַנצער קולטור־שעפֿערישקייט אונדזערער; אָן אַט־די פֿליגל וואָלט קיין שום אויפֿטו נישט מעגלעך געווען; אויך אַ בנין פֿון צעמענט און גלאָז מוז האָבן פֿליגל, כדי ער זאָל קענען שטיין פֿעסט אויף דער ערד...

## די צוקונפֿט מאַרשירט אַריין

דער פֿלאַץ פֿון אַמפֿיטעאַטער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ סימבאָלישן באַריער און געוואָרט אויף זיינע באַזוכער. דאָס זענען הונדערטער תלמידים פֿון דער צענטראַלער שלום עליכם־שול. די אימפּראָוויזירטע בינע איז שוין פֿאַרנומען פֿון די אָנפֿירער פֿון אַקטן און פֿון פֿאַרבעטענע געסט, צווישן וועלכע עס געפֿינט זיך דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר גענעראַל י. אַבידר און זיין פֿרוי די שריפֿטשטעלערין ימימה טשערנאָוויץ. פֿון ביידע זייטן בינע — די אַרגענטינער און די ישראל פֿאָן, וועמענס ענלעכע ווייס־בלויע קאָלירן סימבאָליזירן דעם פֿרילינג און דעם פֿרידן, וואָס יעדער אָרנטלעכער מענטש טראָגט אין האַרצן און וועגן וועלכן עס האָבן נביאות געזאָגט אונדזערע פֿאַרגייער מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

אין אַט הערן זיך די שוועבנדיקע טריט פֿון די שול־קינדער, וועלכע ווערן צוגעגרייט פֿאַרן שלום־דיקן מאַרגן; הונדערטער פֿאַר טריט, הונדערטער ווייס־„אוניפֿאָרמירטע" קינדער אין אַ ריטמישן גאַנג, אָנגעפֿירט פֿון זייערע יונגע לערערס, מאַרשירן אַריין אין דעם פֿלאַץ וואָס וואַרט אויף זיי פֿון גאַנץ פֿרי אָן. אַ שטורעם פֿון אָוואַציעס נעמט אויף זייער מאַרש. דאָס זענען דאָך אונדזערע אַלעמענס קינדער. פֿאַר זיי בויען מיר דאָך דאָס, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט... דאָס, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן אַפֿילו נישט געקענט בויען. און עלטערן זענען גליקלעך, אַז זיי קענען געבן זייערע קינדער וואָס זיי אַליין האָט געפֿעלט.

די קינדער זינגען צוזאַמען מיטן גרויסן עולם דעם אַרגענטינער הימן, די התקוה, דעם שול־הימן און נאָך אייניקע יידישע און העברעישע לידער. די לערערס, וואָס שטייען ביי זייערע קלאַסן מאַכן אויף דעם איינדרוק פֿון גרעסערע שול־קינדער... האָבן זיי דאָך אויך „ערשט" אָנגעהויבן גיין אין שול אַריין.

אין דער זעלבער אָרדענונג, וואָס די קינדער זענען צוגעקומען מאַרשירן זיי אַרויס אונטערן ריטם פֿון געזאַנג, מיט וועלכן עס פֿירט אָן די איבערגעגעבענע מוזיק־לערערין שרה אַלטער.

## דער „עקזאַמען" פֿון די דערוואַקסענע

די קינדער האָבן זייער חלק צום יום־טוב ביי־געטראָגן און זייער עקזאַמען אויסגעהאַלטן, איצט הייבט זיך אָן דער „עקזאַמען" פֿון די גרויסע.

מיטן אָפֿיציעלן טייל פֿון אַקט פֿירט אָן דער באַקאַנטער שול־טוער גרעגאַריאָ זשעלאַזני. ער באַגריסט דעם עולם, די דעלעגאַטן און צווישן זיי די אָנגעזעענע דעלעגאַציע פֿון דער מוניציפּאַליטעט פֿון מאָראָן, וועמען ער באַגריסט אין שפּאַניש.

אין זיין וואָרט רעדט זשעלאַזני וועגן דער ייִדישער קולטור, וועמעס קייט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַזוי פֿיל דורות; וועגן דער פּיאָנערישער אַרבעט פֿון דער צווישאַ, וואָס האָט געוויזן און געפּלאַסטערט דעם וועג צו דער דערציִונג דאָ און הייבט איצט אָן אַ ניי קאַפּיטל אין איר שול־טעטיקייט.

נאָך זיין קורצן עפֿענונגס־וואָרט גיט ער איבער דאָס וואָרט דעם פֿאָרזיצער פֿון דער צווישאַ, דעם בעלי ציון־וועטעראַן, ח' חיים טשאַלקאָוו. ער באַגריסט די דעלעגאַציעס און די געסט, די הונדערטער מיטבויער פֿון די צווישאַ־אַנשטאַלטן, די איבערגעגעבענע לערערס, וואָס זענען שוין אַליין דער פּראָדוקט פֿון דער צווישאַ־דערציִונג און ער ווייזט אָן אויף דעם מהלך, וואָס די צווישאַ איז אָפּגעגאַנגען פֿון דעם קינדער־גאָרטן, דורך דער פֿאָלקשול, מיטלשול — ביז רמת שלום. ער גיט זיך חשבון אין וועלכער שווערער צייט עס קומט אונדז אָן צו בויען, גבער, זאָגט דער ח' טשאַלקאָף, אויך די ערשטע שלום עליכם־שול האָבן מיר געבויט אין אַ צייט פֿון עקאָנאָמישן קריזיס. די אויפֿגאַבע פֿון פּיאָנערן איז נישט די לייכטע אַרבעט, נאָר די שווערע. און באַלאָדן מיט דער וויזיע, אַז אונדזער אַרבעט איז פֿאַרן גאַנצן יידישן פֿאָלק, זענען מיר גובר אַלע שוועריקייטן און קומען נאָך אַרויס געשטאַרקט.

## דער עיקר איז דער דאָך...

דער אָנפֿירער פֿון אַקט גיט איבער דאָס וואָרט דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר, גענעראַל אַבידר, וועלכער ווערט אויפֿגענומען פֿון עולם מיט אַפּלאָדיסמענטן.

דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר גענעראַל אַבידר באַגריסט די אָנוועזנדיקע אויף העברעיִש און גייט איבער אויף מאַמע־לשון. דער יום־טוב פֿון דעקן דעם דאַך ברענגט אים אויף אַן אינטערעסאַנטער אַסאָציאַציע פֿון פּיאָנערישן גייסט:

אין דער צייט פֿון דער טערקישער הערשאַפֿט איבער ארץ ישראל האָט געהערשט אַ געזעץ, ווען אַ בנין איז שוין געשטאַנען אונטער אַ דאַך האָט מען אים נישט געקענט אַראָפּוואַרפֿן, כאָטש די בויונג איז נישט געווען פֿון פֿריִער דערלויבט פֿון דער מאַכט. דער דאָזיקער געזעץ איז אויך חל געווען שפּעטער, אונטערן ענגלישן מאַנדאַט. וואָס זשע האָבן געטאָן די חלוצים ביים בויען קיבוצים, וועלכע די מאַכט האָט נישט דערלויבט? אָנהייבן פֿון פֿונדאַ־

מענט וואָלט קיין מאָל ביזן דאַך נישט דערגאַנגען, די מאַכט וואָלט אַראָפּגעוואָרפן; פלעגט מען צו־גרייטן פון פאָרויס די דעכער פון די בנינים און אונטערן שוץ פון דער נאַכט פלעגט מען די דעכער אויף די באַשטימטע ערטער אויפשטעלן און דאָס איבעריקע האָט מען שפּעטער דערבויט. מען האָט, הייסט עס, געבויט פון אויבן אַראָפּ... די זיכערקייט איז געווען דער דאַך... דערפאַר, פירט אויס דער אַמבאַסאַדאָר, איז אויך רמת שלום פאַרזיכערט מיטן דערגרייכן איר געשטעלטן ציל, ווייל דער דאַך איז שוין פאַראַן. ער דערמאָנט דעם וויכוח וועגן אינ־טעגראַלע שולן בכלל און, אַז רמת שלום שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסנאַם צווישן זיי. ער דערמאָנט אויך זיין באַזוך מיט אַ וואָך צוריק אין דער צענ־טראַלער שלום עליכם־שול און דעם גוטן איינדרוק, וואָס דער דאָזיקער חינוך־אַנשטאַלט האָט אויף אים געמאַכט.

## אונדזער ערד איז אויך אייערע!

עס באַקומט אַ וואָרט אין נאָמען פון דער מאָראָנער מוניציפּאַליטעט, צו וועמעס יוריסדיקציע עס גע־הערט ראַמאָס מעכיאַ, ווו עס בויט זיך רמת שלום, דער פאָרשטייער פון דער דאָזיקער מוניציפּאַליטעט, איגנאַסיאָ ראָדריגעז אַרכיבעל. ער דריקט אויס זיין צופרידנקייט, וואָס עס איז באַשטימט געוואָרן דאָס דאָזיקע אָרט פאַר אַזאַ גרויסן דערציִונגס־אַנשטאַלט. ער לויבט דעם ייִדישן בייטראַג אין לאַנד צום פּראָ־גרעס פון זעלבן אויף אַלע געביטן פון היגן לעבן און ער זאָגט: אונדזער ערד איז אויך אייערע!

## דער דאַך וועט דערגרייכן צו די הויכקייטן פון ייִדישן פאָלק

עס באַקומט אַ וואָרט אין נאָמען פון דער קהילה און פון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס דער ראש־הקהל, ד״ר טוביה קאַמענשיין.

ייִדישקייט איז אונדזער לעבן — זאָגט דער רעד־נער — אַז די ייִדישקייט הייבט זיך אָן פון באַרג סיני. ער ווייזט אָן אויפן חילוק פון אָנהאַלטן ייִדיש־קייט אַמאָל, אין די אייראָפּעיִשע ישובים און היינט, אויף אונדזער קאָנטינענט און דריקט אויס זיין אי־בערצייגונג, אַז: דער דאַך, וואָס מען דעקט היינט וועט דערגרייכן צו די הויכקייטן פון ייִדישן פאָלק.

## מיר האָבן געזען ווי די שול וואַקסט...

עס באַגריסט אין נאָמען פון אַלע תלמידים פון די שלום עליכם־שולן דער תלמיד אַהרן ערליך, אין העברעיִש און אין ייִדיש. ער רעדט, ווי דער סאַמע באַגלייבטער עדות וועגן די דערגרייכונגען פון דער שול, וועלכער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער שול און ער זאָגט: מיר, תלמידים, האָבן געזען, ווי די שול וואַקסט... און דער עולם האָט אים געענטפערט מיט אַפּלאָדיסמענטן, ווייל זיינע רייד זענען באַ־שטעטיקט געוואָרן סיי דורכן וווּקס פון די שולן און סיי דורכן וווּקס פון די תלמידים פון וועלכע ער איז איינער.

## מיר וועלן ניש בלייבן אין מיטן וועג!

דער פאָרזיצער ח׳ זשעלאַזני שטעלט פאָר דעם לעצטן רעדנער פון היינטיקן יום־טוב, דעם דירעק־טאָר היים פינקעלשטיין און ער באַצייכנט אים טרעפ־לעך: דער „מנחם מענדל״, וואָס רעאַליזירט זיינע חלומות...

ה׳ ח. פינקעלשטיין הייבט אָן זיין רעדע מיטן דערמאָנען, אַז ביים לייגן דעם גרונטשטיין איז גע־ווען שווער, ווייל אַ גרויסער טייל האָט געצווייפלט אין דעם, צי עס וועט מעגלעך זיין צו רעאַליזירן אַזאַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג; היינט — זאָגט דער רעדנער — האָבן מיר שוין אַ גרויסן טייל רעאַלי־זירט און „מיר וועלן נישט בלייבן שטיין אין מיטן וועג!״ — פאַרזיכערט ער. דאָס וועט זיין דער קאָמפּלעטסטער חינוך־אַנשטאַלט, וואָס איז ביז איצט באַקאַנט.

רמת שלום באַקומט נאָך מער באַדייטונג דווקא ווייל עס ווערט געבויט נישט אין קיין לייכטער צייט; דער אויפטו איז דאָך נישט צו פאַרלייגן די הענט אין שווערע צייטן; אַ סך רעדן וועגן דער־האַלטן בלויז די פאַראַנענע קולטור־פּאָזיציעס און דער רעדנער האַלט, אַז בלויז דערהאַלטן דאָס פון פריער מיינט אַ צוריקגאַנג, ווייל דאָס וואָלט גע־מיינט בלייבן הינטערשטעליק לגבי דעם וווּקס פון ישוב.

בויען נייע פּאָזיציעס אין אונדזער צייט האָט אַ זייער וויכטיקע סטימולירנדיקע באַדייטונג; ווייל דער ישוב איז צוליב די באַקאַנטע געשעענישן דע־פּרימירט, איז יעדער נייער געזעלשאַפטלעכער אויפ־טו עלול צו סטימולירן דעם ייִדישן מענטש.

מיר זענען פּיאָנערן פון ישוב; מיר האָבן גאָרנישט געירשנט, אַלץ אַליין געבויט, אַזוי אין דער קאָלאָ־ניזאַציע, ווי אין דער קולטור. דאָס מאָל בויען מיר אַן אינטעגראַלע שול, אָבער נישט ווי אַ טייל שוין פאַראַנענע אינטעגראַלע שולן, ווו ייִדישע דערציִונג איז אַ צוגאָב אויפן שפּיץ־מעסער; מיר בויען אַזאַ אינטעגראַלע שול, ווו אינטעגראַלקייט וועט אָנגע־ווענדט ווערן אין פולשטענדיקער האַרמאָניע פון ייִדישער און אַרגענטינער דערציִונג; אינטעגראַל־קייט מיינט גאַנצקייט; די באַזע פון אונדזער ייִדי־שער דערציִונג — איז ליבע צום ייִדישן פאָלק און צו דער מדינה, וואָס איז דאָס זעלבע, ווי ייִדיש פאָלק.

ח׳ פינקעלשטיין דערמאָנט, אַז צום דאַך־דעקן זע־נען געקומען אַ סך אַלטע, איבערגעגעבענע טוער פון צווישאָ און רעכנט אויס ווער זיי זענען, ביי אַפּ־לויזן פון פובליקום; ער דערמאָנט, אַז עס געפינט זיך אַ גרויסע צאָל שרייבערס, וועמעס אידענטי־פיצירן זיך מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז אַ סימן פון זייער אייגענער רייפקייט און פאַר־וואָרצלטקייט; ער שטעלט פאַר דעם „קוואַטער" פון דאַך־דעקן, דעם ח׳ נח קאַצאָוויטש און פרוי, וועמעס פאַרדינסטן פאַר דער צווישאָ זענען פון אַ סך יאָרן פריִער.

נאָך דער יום־טובדיקער קאָנדענסירטער רעדע פון דעם צווישאָ־דירעקטאָר און דעם מאַרך פון אַלע בויונגען, חיים פינקעלשטיין, ווערט אָפיציעל געלייענט דער אַקט פון דאַך־דעקן: אין שפּאַניש לייענט אים דער סעקרעטאַר פון בוי־קאָמיטעט, ד״ר וואַקס און אין ייִדיש לייענט אים דער לערער פון מיטלשול, זלמן הירשפעלד.

מיטן אַרויפציִען די פּאַלמע (דער סימבאָלישער דאַך־דעקן) ווערט דער אָפיציעלער טייל פאַרענדיקט און דער עולם לאָזט זיך צום אָנגעגרייטן מיטיק מיט עטלעכע בלאָקן ווייטער.

## דער מיטיק אָן רעדעס...

דער מיטיק איז געווען באַשטעלט פאַר 500 מענטשן, אָבער אויפן אָרט האָט מען געמוזט צו־שטעלן טישן פאַר נאָך אַ 200 און ערשט האָבן אַ סך פון די צווישאָ־טוער, אויף דער ווענדונג פון חיים פינקעלשטיין, אָפּגעטרעטן זייערע ערטער פאַר די געסט.

אין פּלאַן איז געווען, אַז ביים מיטיק וועלן טייל פאַרבעטענע טוער און שרייבער קומען צום וואָרט, אויפן אָרט האָט מען דעם פּלאַן געענדערט, צוליב דער פאַרצויגענער שעה און דער היץ, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז די וואָס דאַרפן קומען צום וואָרט וועלן מוחל זיין אויף זייער כבוד און דער עולם וועט אַוודאי זיין צופרידן...

איז טאַקע דער מיטיק געווען פייערלעך אָן רע־דעס און דער עולם האָט דעם איבעריקן טאָג פאַר־בראַכט אין די פּאַרקן פון רמת שלום.

## באַגריסונגען און אָנשליסונגען

אַז דער ישוב און די ייִדישע וועלט בכלל האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון דעם אַקט פון דאַך־דעקונג פון רמת שלום, באַווייזט די גרויסע צאָל דעלעגאַציעס, וואָס זענען געקומען פון שטאָט, פון פּראָווינץ און פון מאָנטעווידעאָ, אַ חוץ די טעלעג־ראַפישע און בריוולעכע אָנשליסונגען פון וויכטיקע קערפּערשאַפטן און פּערזענלעכקייטן פון ישראל, נאָרד־אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

די ערשטע אָנשליסונג וואָס איז געלייענט געוואָרן איז געווען פון דעם פּרעזידענט פון ישראל, בן־צבי. נאָך אייניקע אָנשליסונגען זענען געלייענט געוואָרן אויפן אַקט: פון פאַרבאַנד־ביוראָ פון אַחדות־העבודה — פּועלי־ציון (אין ישראל); פון הסתדרות, פון קיבוץ המאוחד א״אַ. צוליב זייער גרויסער צאָל (עס זענען אַריינגעקומען 98 אָנשליסונגען פון לאַנד און פון אויסלאַנד) איז אוממעגלעך געווען אַלע אי־בערצולייענען.

דערפאַר ברענגען מיר דאָ בלויז די נעמען פון די צענטראַלע קערפּערשאַפטן און טייל פּערזענ־לעכע אָנשליסונגען.

אַ ר ג ע נ ט י נ ע:

קהילה
ד. אַ. י. אַ.
ציוניסטישער צענטראַל־ראַט
ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע
פּיאָנערן פרויען־אָרגאַניזאַציע
פרויען־אָרגאַניזאַציע „חנה סענעש"
„אָרט"
ליגע קעגן טובערקולאָז
ייִדישער שפּיטאָל.
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
העבראַיקאַ אין קאָרדאָבאַ

י ש ר א ל:

נשיא המדינה
פּרעמיער בן־גוריון (דורכן ישראל־אַמבאַסאַדאָר)
אחדות־העבודה—פּועלי־ציון (פאַרבאַנד־ביוראָ)
הסתדרות
קיבוץ המאוחד
המחלקה לחינוך ותרבות
בר יהודה
משה כרמל
יגאל אלון (אַרבעטס־מיניסטער)
זרבבל
צבי לוריא
זלמן שזר
א. ציזלינג
ל. ח. שמעוני
דרך
יעקב צור
ד״ר אַריה טאַרטאַקאָווער
אַריה שמרי

נ י ו ־ י אָ ר ק:

אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס
נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ישראל
ייִוואָ

ועד־החינוך
נ. כאַנין — אַרבעטער־רינג.
פאַרלאַג „מתנות״
ל. סעגאַל — יידיש־נאַציאָנאַלער אַרב׳־פאַרבאַנד
ד״ר שלמה ביקל
ד״ר שלמה סיימאָן
יודל מאַרק
א. אַלמי
ה. איאַלטי

קאַנאַדע:

„באָראָכאָוו״־שולן און קינדער־גאָרטן
אין טאָראָנטאָ
מלך ראַוויטש
מ. מענאַכאָווסקי

פאַרשידענע:

שלום עליכם־שול אין מאָנטעווידעאָ
(דעלעגאַציע: ליבעסקינד, מיגדאַל,
מינקע מיאַדאָווניק)

„פרץ״־שול אין מעקסיקע (סאַלאָמאָן קאָהאַן
„די שטימע״ — מעקסיקע)
ועד־החינוך אין טשילע
סירקולאָ איזראַעליטאַ אין לאַ פּאַז (באָליוויע)
אחדות־העבודה—פועלי־ציון אין בראַזיל.



אונדזערע קינדער — אויפן שויס פון דער נאַטור




מאָזאַיִק אין האָל פון דער מיטלשול פון מאָלער לעאָן פּאַך

**אלתר ראָזנפּאַרב**, מחלקה ד׳
ערשטע פּרעמיע ביים קאָנקורס פון קולטור־קאָנגרעס.

# טביהס גײַסטיקער העראָיִזם

אין טאָג־טעגלעכן לעבן באַגעגענען מיר זיך מיט אַלערליי טיפּן מענטשן. אייניקע פון זיי האַלטן, אַז זיי זענען גליקלעך, אַנדערע פילן פּונקט דאָס פאַרקערטע.

איך, ווי אַ פּשוטער צוקוקער פון יענעמס לעבן וויל באַשטעטיקן איין זאַך, כדי צו קענען בעסער און ריכטיקער פאַרשטיין די מענטשן אַרום מיר, און אויך בעסער קענען זיך אַליין.

איך וויל פּרוּוון פעסטשטעלן וואָס דאָס איז אַזוינס גליק. אין דעם פּרט בין איך געקומען צום אויספיר, אַז ס׳איז בלויז דאָ איין באַגריף פאַר פילן גליקלעכקייט, און דאָס איז: **האָבן בטחון, האָפענונג, ליבע צום לעבן, גלויבן אין דער צוקונפט.**

אַ לעבעדיקער מענטש, וואָס האָט נישט קיין אידעאַל, קיין ציל אין לעבן, וואָס פאַרמאָגט נישט דעם גייסטיקן מוט און כוח אויף צו דערגרייכן זיין ציל, קען פאַרגליכן ווערן צו אַ לעבעדיקן מת, וואָס האָט נישט קיין אָרט צווישן די מענטשן.

אַ סך שרייבערס ווערן באַרימט, ווייל זייערע פּערסאָנאַזשן זענען שטענדיק אומגליקלעכע. די דאָזיקע שרייבערס פאַרנעמען זיך שטענדיק מיט באַשרייבן די צרות און ווייטיקן פון זייערע ליטעראַרישע העלדן.

שלום עליכם האָט, פאַרקערט, דערגרייכט זיין נצחון אין דער ליטעראַרישער וועלט אויף אַ לגמרי אַנדערן אופן פון שרייבן און דענקען. ער נעמט די זעלביקע אומגליקלעכע מענטשן פון פאָלק, מיט זייערע דאגות און פּראָבלעמען און ער באַלייכט זיי מיט הומאָר, מיט זיין אָפּטימיזם און ער פאַרוואַנדלט זיי אַזוי אַרום אין פּסיכיש געזונטע מענטשן, וואָס זענען גאָר־נישט פאַרביטערט, הגם זיי ליידן צרות.

אַזאַ מין מענטש איז אונדזער באַקאַנטער טביה דער מילכיקער. ער איז אַ פּשוטער ייִד, אַן אָרעמאַן מיט אַן אומבאַגרענעצטער ליבשאַפט און צוטרוי צו מענטשן. אַלע אומגליקן וואָס טרעפן אים נעמט ער אויף מיט אַ שמייכל אויפן פּנים און ער לעבט ווייטער.

טביה זאָגט: „געוואַלד, גאָטעניו הארציקער, ליבער, ווי קומט דאָס אַז דו זאָלסט איינעם געבן גאָר און דעם צווייטן גאָרנישט. איינעם פּוטער־בולקעס, דעם אַנדערן מכות? טביה — זאָגט ער צו זיך אַליין — וואָס איז שייך, דו ווילסט אים זאָגן אַ דעה ווי אַזוי צו פירן די וועלט? אויב ער הייסט אַזוי, באַדאַרף ,עס אַזוי זיין״.

זיין טיפער גלויבן אין גאָט דערלויבט אים נישט צו גיין קעגן אים, אַפילו ווען ער ווערט געשטראָפט מיט הונגער און מיט ליידן. ער ווייסט און פאַרשטייט, אַז די אומגערעכטיקייט הערשט איבער דער גאַנצער וועלט און ער פילט זיך נישט בכוח זי צו ענדערן.

טביהס גרויסע ליבע צו קינדער ווירקט, אַז ער זאָל אויסהאַלטן אַלע יסורים, וואָס זיינע טעכטער האָבן אים פאַרשאַפט. ער העלפט זיי נאָך אין דער מאָס פון זיינע מעגלעכקייטן.

טביה איז זייער אַרבעטזאַם. אין יעדן מאָמענט זוכט ער דעם מקור צו קענען מפרנס זיין זיין משפחה.

ער איז אַ טיפּיש־ייִדישע געשטאַלט פון יענע אַמאָליקע צייטן, ווען ייִדן האָבן געלעבט אין געדיכטע מאַסן. ייִדישקייט איז זיי נאָכגעגאַנגען דערפאַר. ווּ טביה זאָל נישט זיין האָט ער שטענדיק אין זינען אַ תנכישן פּסוק און ער טייטשט אים אויס צו יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט. אין דעם איז טביהס באַזונדערקייט.

טביה צייכנט זיך טאַקע אויס פון צווישן שלום עליכמדיקע קאָסרילעווקער פּערסאָנאַזשן. ער איז נישט קיין אויסגעטראַכטע פיגור. ער איז אַזאַ ווי די וואָס זענען געווען און וועלן נאָך זיין אַ סך. טביה איז פרום, פּשוט, גוט, אַרבעטוויליק און איבער אַלץ אָפּטימיסטיש, מיט האָפענונג, מיט גלויבן און ליבשאַפט. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ טיפּ פון אַ ייִד וואָס איז באַשטראַלט פון אַ גייסטיקן העראָיִזם.

שלום עליכם האָט מיט טביה דעם מילכיקן און מיט מנחם מענדלען געוווּנען אונדזערע הערצער און דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה אין דער ליטעראַרישער וועלט.

מלאך גרומער

ערשטע פרעמיע אין תלמידים־קאָנקורס פאַר מיטלשולן ביים קולטור־קאָנגרעס

# אַ שמועס מיט מנחם־מענדלען

איר וועט נישט דאַרפן צו פיל טראַכטן. איר וועט גלייך טרעפן וועמען איך מיין. דאָס ערשטע, נאָך פאַרן אָפּשאַצן זיינע פיזישע אייגנשאַפטן, וועט איר ביי אים זען איילעניש. נאָך דעם, צעקנייטשטע הויזן, דאָס רעקל שלעכט צוגעקנעפּלט, אַ בערדעלע וואָס קוקט אויף אַ זייט, איין וואָנצע אַראָפּ, איינע אַרויף, אַ הוט וואָס דראָעט אָט־אָט אַוועקצופליען פון זיין קאָפּ. ער האָט אַ פּאָר נערוועזע, פאַרטראַכטע אויגן וואָס קוקן העט אויבן, אפשר אויפן הימל. כדאי צו באַמערקן, אַז אָט די אויגן דערלויבן אים אַ פּלי צו טאָן אין די העכסטע הויכקייטן, באַזינגענדיק דעם רוים און די צייט, אָבער זיי זענען נישט גענוג פעיִק צו פאַרמיידן אַ צוזאַמענשטויס צווישן אַ וואַנט און זיין שטערן, נו, איר ווייסט נאָך ניט ווער דאָס איז... וועל איך אייך אויסזאָגן: ס'איז מנחם...

— אוי! נאָך אַ מאָל איז מען געקומען לעסטערן מיינע טרוימען, איר, ערדישע פּאַסקודנע, מאַטעריאַליסטן?... אפילו אין גן־עדן לאָזט איר מיר ניט צורו! פאַרוואָס עפּעס שטענדיק צו מיר? פאַרוואָס גייט איר ניט צו יאָסעלען, צו בערעלען, צו איוואַנען! איר זעט ניט, אַז איך בין אַ פאַרנומענער מענטש?

— אָ, אַנטשולדיקט, הער מנחם מענדל, וואָס איך האָב אייך געשטערט פּונקט אין מיטן בויען אייערע שלעסער אין דער לופטן, אָבער איך קאָן עס נישט פאַרמיידן. מיר גייען ניט צו יאָסעלען, ניט צו איוואַנען, ווייל זיי זענען מער נישט ווי זיי גופא; אָבער מיט אייך איז אַנדערש, איר זענט די פאַרקערפּערונג פון דער ביז איצט גרעסטער טייל פון אַ פאָלק וואָס לעבט אין גלות. מיר זעען אייך יעדן טאָג, אין יעדן אָרט, אין גאַס, אין שטוב, אין געשעפט און אויף אַ שמחה. איר רופט אַרויס צופיל די אויפמערקזאַמקייט און איר ווייסט דאָך, אַז וואָס מער מען זעט אַ זאַך, אַלץ מער גיט מען זיך אָפּ מיט איר. און, איך קלער אַ סך פון אייך, אין אייער ביטער, אויסגעמוטשעט, נעוונדיש לעבן.

— וואָס רעדט איר נאַרישקייטן! ס'איז נישט גוט צופיל אַריינצוקוקן אין יענעמס טאָפּ, אויב עס קאָכט זיך דאָרטן קאָנט איר זיך אָפּברען! מיר איז זייער גוט ווו איך בין, ס'איז מיר זייער אָנגענעם! אַבי איר זאָלט מיר ניט דולן קיין ספּאָדעק, בין איך אין זיבעטן הימל.

— אפילו ווען אייער ווייב און קינדער לעבן אין דחקות?

— איין זאַך קער זיך גאָרנישט אָן מיט דער אַנדערער. איך וואָלט אויף גאָרנישט געביטן מיין פאַך, איך וויל זיין אַ לופט־מענטש, ס'איז אַ חיות אָט די באַשעפטיקונג: מען פּראָיעקטירט, מ'פליט. מיין טעמפּעראַמענט דערלויבט מיר ניט צו שטיין רואיק אַ מינוט... אוודאי וואָלט איך געוואָלט געבן אַ בעסערע פּרנסה מיין משפחה... אוי, איך זען אַז איך בין אַריינגעפאַלן. איר צווינגט מיך צו זאָגן נאַרישקייטן.

— נישט קיין נאַרישקייטן, ר' מנחם־מענדל. עס פריידט מיר זייער צו זען, אַז איר רעדט נאָך אַ ביסל צו דער זאַך. דאָס איז אַ סימן, אַז דעם געטאָ אין וועלכן די גויים האָבן אייך אַריינגעצוימט זייט יאָרהונדערטער, האָט זיך נישט איינגעגעבן אין גאַנצן אויסצופירן זיין אַרבעט. איר זענט פאָרט נאָך אַ ביסל רעאַליסטיש. איר וועט נישט גיין אויף קדוש השם אַזוי סתם, איר זענט נישט הונדערט פּראָצענט מיסטיש. דאָס איז אַ גליק.

— אוי! גענוג וואָס איך האָב אַ שיינע שיינדל, וואָס פאַרקירצט מיר די יאָרן! אויך איר ווילט מיך צעטומלען?

— — איר רעדט אַזוי, ווייל איר האָט פאַרטעמפּט אייערע אַספּיראַציע־קוואַלן. איר גייט נאָר פון דער בערזע אין שטוב און פון שטוב אויף דער בערזע. אָט נאָר דאָס חלומט איר. פאַרוואָס נעמט איר נישט קיין שיף און איר פאָרט אייך אַוועק אין אַן אַנדער מקום ווו דאָס לעבן איז אַנדערש?...

— משוגע זייט איר? ווי וועל איך פאַרלאָזן מיין היים?

— אייער היים?

— אוודאי, מיין היים! אָט דאָ בין איך געבוירן און דאָ וויל איך שטאַרבן. דאָס יאָ: מיין געביין וויל איך זאָל באַגראָבן ווערן אין ישראל.

— דאָס הייסט, אַז איר וועט ניט מיטבויען מיט אונדז דאָס נייע ישראל?

— איר וואָלט מיר עס געדאַרפט געבן צו וויסן אַ פּאָר צענדליק יאָרן פריער! איך בין שוין צו אַלט אויף צו בייטן מיין שטייגער אויף עפּעס אַנדערש. (מנחם מענדל הייבט זיך אָן צו דערוויטערן). וואָס געשעט? עפּעס אַ קראַפט טרייבט מיך צוריק. איך קאָן זיך ניט אָפּשטעלן! איך גיי צוריק!

— איך וועל אייך זאָגן אַ זאַך, הגם ס׳איז נישט אָריגינעל: איר גייט ניט צוריק, נאָר איר זענט געבליבן שטיין אויפן זעלביקן אָרט. דערפאַר זעט איר נישט, אַז באמת בין איך דער וואָס איז אַוועק פון אייך.

— אוי! איך זע אייך כמעט ניט! איר גיט מיר אפילו קיין צייט נישט צו זאָגן מיין עיקר שכחתי...

— אַ גליק, עס וועט מיר איינשפּאָרן יסורים. איך האָב דיך ליב, מיין טייערער מנחם־מענדל, מיטן גאַנצן האַרצן און עס קלעמט מיר אויף דיין צושטאַנד.

— אוי! איך זע שוין גאָרנישט...

— זיי געזונט!... צום נישט ווידערזען. מיר דאַנקען דיר דערפאַר וואָס דו האָסט אונדז דערהאַלטן פאַר יידן, אָבער איך קאָן ניט צו־פיל טראַכטן פון דעם. אויך איך האָב נישט קיין צייט. פאַר מיר שטייט אַ וויסטעניש און אויך פרוכטבאַרע אָאַזיסן וואָס בעטן זיך ממש, מען זאָל קומען עס באַוווינען און בויען. אַהין גיי איך. שלום, מנחם־מענדל, און ווידעראַמאָל שלום! זאָלסט האָבן דיין אייביקע רו...

---

שושנה זאַרגען

פּרעמירט ביים שילער־קאָנקורס פון קולטור־קאָנגרעס

# ביאַליקס „שחיטה־שטאָט“

וואָס פאַר אַ ווערק פון דער יידישער ליטעראַ־טור געפעלט מיר צום בעסטן און פאַר וואָס?

די פראַגע האָב איך מיך אַליין געפרעגט אַ סך מאָל און איצט האָב איך שוין דעם ענט־פער! וואָס פאַר אַ ווערק איז פאַר מיר דאָס שענסטע און בעסטע? — ביאַליקס פּאָעמע „די שחיטה־שטאָט“.

איך זע אין איר באַהאַלטן דאָס פיינלעכע געשריי פון טויזנטער יידישע הערצער, וואָס ווילן זיך פאַרטיידיקן, וואָס ווילן נעמען נקמה פאַר אַלע אומשולדיקע קרבנות. עס שרייט פון ביאַליקס ווולקאַנישע פערזן: „אַ פּויסט ווו איז, ווו איז אַ גרויסער דונער“...

ביאַליק רופט דאָס פאָלק צו רעאַגירן, נישט צו לאָזן אַז אין אַ פרילינג־טאָג, אַ ליכ־טיקן פרילינג־מאָרגן, ווען די זון שיינט, זאָל דער מערדער אויסשעכטן ווי שאָף די אומשול־דיקע יידן; און ביאַליק שרייבט מיט איראָני־שע ווערטער: דיין גאָט האָט דיר געשענקט אַ צווילינג — אַ שחיטה מיט אַ פרילינג“.

און דאַן ווייַנט זיין האַרץ מיט בושה־טרערן: „וואָס בעטן זיי, וואָס שטרעקן זיי די הענט?“ די חרפה איז צו גרויס, ביאַליק קען דאָס נישט זען, פאַרליידן; ס׳איז צו שווער נאָך די הונ־דערטער פּאָגראָמען אין קעשענעוו, נעמיראָוו און נאָך אַנדערע קהילות.

מיך האָט די פּאָעמע דערשיטערט. איך הער אין ביאַליקס שורות דעם געשריי פון גאַנצן פאָלק, וואָס וויל זיך פאַרטיידיקן, אין ביאַליקס בושה־שורות ווייַנט אויך מיין האַרץ צוזאַמען און זאָגט: „גאָט האָט דאָס אַלץ געזען און דאָס געלאָזט מאַכן, און די נאַטור האָט ווייטער ממשיך געווען איר ריטעם, די ערד האָט גע־בליט, „די זון האָט געלויכטן און דער שוחט האָט געשאָכטן“. בלוט האָט באַשפּריצט די ערד און די ליכטיקייט, אָבער די נאַטור איז פאַרויס־געגאַנגען, שמעקעדיקע בלומען געגע־בן, עס טרילן די פייגל, עס גיסן זיך שטראַלן פון דער זון...

איך זע ביאַליקן ווי ער שרייבט די פּאָעמע. די טינט איז פון אַ רויטן קאָליר און די ווער־טער פליסן ווי טרערן, ווי בלוט, זיין שטערן איז באַנעצט מיט טראָפּנס שווייס און ער שרייבט ווייטער, ער שרייבט...

„די שחיטה־שטאָט“, מיין איך, איז איינע פון אונדזערע בעסטע ליטעראַרישע ווערק און פאַר מיר די בעסטע און שענסטע פּאָעמע וואָס האָט מיך איבערראַשט און אַנטציקט.

רבקה גלאַגאָווסקי

צווייטע פּרעמיע אין קאָנקורס פון מיטלשולן

# שלום עליכמס הומאָר

שלום עליכמס הומאָר דריקט אויס די פּסיכאָלאָגישע סטרוקטור פון ייִדישן פאָלק. ער ברענגט אַרויס אין קינסטלערישע בילדער דעם גייסטיקן מהות פון ייִדישן מענטשן.

דער ייִד האָט געהאַט אַ שוואַכע עקאָנאָמישע באַזע אונטער זיינע פיס, האָט ער דעריבער זיך געמוזט אָנשפּאַרן אין דער לופטן. ער האָט געדאַרפט לאָזן אין גאַנג זיין פאַנטאַזיע און אָנווענדן אַ סך גייסטיקע כוחות.

צו קאָמפּענסירן דעם אָרעמען באָדן, האָט זיך ביים ייִדן אַנטוויקלט די פאַרשטעלונגס־קראַפט און ער האָט זיך אַלץ אויסגעמאָלט אין ראָזע פאַרבן, פול מיט בטחון.

צום ביישפּיל: ווען אליהו מאַכט טינט, גרייט ער צו אַ פולע פאַס, אָבער די פאַרברויך־מעגלעכקייטן זענען אַזעלכע קליינע, אַז ער מוז אויסגיסן די גאַנצע פאַס טינט.

די דיספּראָפּאָרץ צווישן דער ווירקלעכקייט און דער פאַנטאַזיע איז זייער כאַראַקטעריסטיש ביים ייִדן.

זיינע האָפענונגען און פאַנטאַזיעס פאַרבן אַלצדינג מיט האָפערדיקע פאַרבן, וואָס נאָך דעם פאַרוואַנדלען זיי זיך אין טרויעריקער ווירקלעכקייט.

שלום עליכם האָט באַנוצט די גוזמא צו שאַפן זיין געלעכטער.

נאָך אַזוי פיל שווערקייטן און מרה־שחורה־דיקע גלות־יאָרן האָט דער ייִד באַקומען אַ סך פיזישע און מאַטעריעלע קלעפּ, וואָס ביי אייניקע האָבן זיי דערגרייכט צו דער סאַמע נשמה.

די וועלט האָט דעם ייִדן אַרומגערינגלט מיט קאַלטער שנאה און ער האָט זיך געוואַרעמט מיט האָפענונגען, מיטן פריידיקן געדאַנק פון „אויסדערוויילטקייט", „אתה בחרתנו" און די תורה.

ס'איז אַ שטאָלץ וואָס האָט דערהויבן דעם ייִדן און אים געגעבן די זעלטענע פעיִקייט צו קענען זיך אַרויסהייבן פון זיינע פאַרגרעבטע און בלוטדורשטיקע שכנים און אים דערלויבט צו לאַכן, מאַכן לאַכן און אויסלאַכן.

כמעט אַלע העלדן פון שלום עליכמען זענען עפּעס קאָמיש. קאָמיש ווייל עס זענען אויס לעכערלעך זייערע האַנדלונגען, ווי צום ביישפּיל:

מנחם מענדל, וואָס וואַרפט זיך פון איין פּרנסה צו דער צווייטער. די גרונט־שטימונג, וואָס איז מער כאַראַקטעריסטיש אין אים איז זיין אָפּטימיזם, זיין ירושהדיקער ייִדישער בטחון, וואָס צווינגט אים זען שלעכט זיין פאַרגאַנגענהייט, כדי ליכטיק צו זען זיין איצטיקייט און זיין צוקונפט.

דער איינציקער וואָס איז נישט קאָמיש אין שלום עליכמס ווערק איז מאָטל פּייסי דעם חזנס. ער לאַכט פון אַלעמען, ער שטעלט אַלעמען אין אַ קאָמישער שיין. ער איז הומאָריסטיש.

זיין הומאָר דערגרייכט אַ הויכן פלאַן, ווען ער לאַכט פון זיך אַליין, פון זיינע אייגענע ליידן, ווען ער געפינט פאַרגעניגן אין זיין אייגענער סיטואַציע.

אין זיין: „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום" דערגרייכט ער דעם פיינסטן הומאָר; ער דערהייבט זיך דאָ צו דער העכסטער מאָראַלישער מדרגה: ווען דער מענטש באַטראַכט זיין אייגענעם אומגליק פון אַ געוויסער פּערספּעקטיוו, גלייך ער זאָל זיין אַן אַנדער באַשעפעניש אויף דער וועלט.

ווי עס ווייזט אויס האָט מאָטל פּערסאָניפיצירט דעם מחבר אַליין, שלום עליכמען.

דאָס האָט שלום עליכם אַליין אַזוי געקוקט אויף דער וועלט: מיט מאָטלס קינדערשע אויגן, מיט מאָטלס קינדישן וועלט־באַנעם, וואָס זעט אַלץ מיט קינדערשער תמימות און גוטהאַרציקייט.

**חנה סוכודולסקי** — מחלקה ד׳

# נ ח מ ו נ י

(לשאול טשרניכובסקי)

— מדוע היה נחמוני שונה מכל הילדים? כאשר שאלו אותו:

— נחמוני, טפשוני, לאן? — היה עונה:

— לראות בפרחי הדגן.

ומה אם הוא אהב לראות בפרחי הדגן? — דבר כזה היה מוזר בימים הקודמים — הילדים היו צריכים רק ללמוד ולהתפלל, ולא לטיל בשדה ולהביט בפרחים, כי איזו „תכלית" יש בזה?

אביו בעצמו אמר כי „רוח שטות נכנסה בו", כי איפה ראיתם שיהודי ידאג לאוכל בשביל היונים, ולשאר העופות?

נחמוני היה לא רק ילד אחד כזה, אלא שהוא מסמל אלפים של ילדים בגלות — אירופה, הדאגה היחידה של הוריהם היתה לא שהילד יהיה את ילדותו, אלא שיהיה כמו יהודי קטן וישישא את העול של הדורות הקודמים.

המשורר טשרניחובסקי מראה לנו בפואימה זו ילד אחד של הטיפוס הזה. אביו של נחמוני חוזר מבית־הקברות ובדרך הוא פוגש חבר — שניהם מדברים ביניהם ור׳ שמחה, האב, מספר לו על נחמוני, על חייו ועל מיתתו:

— מן הרגע הראשון ראינו שהוא לא ילד ככל הילדים, כאחיו; עלה לו בקושי דבורו וכל הדברים שאחיו בגילו כבר עשו ולמדו, בשבילו היו דברים מוזרים; הדברים היחידים שעלו למוחו לעשות היו:

לטיל בשדה, ולראות בפרחי הדגן, דאג למזונות הצפרים ובפרט ליונים.

מפני זה חבריו ואחיו כנוהו „נחמוני־טפשוני" והוא מעולם לא אמר דבר, ברר לו פנה ושם ישב כל היום.

כשהגיע הזמן ללמד „בעשרים וארבעה" אז הוא התעמק כולו לתוך חלומות בהקיץ; הכל מה שלמד בחדר הוא ראה במציאות, למשל:

הצוענים שבאו לכפר — הם המצריים.
האלומות שבשדה — אלומותיו של יוסף.
עלו המים, הרי זהו הים־סוף.
הכהן הגדול — אביו.
גבעה, זה הר סיני.

בפורים בא לביתו משולח מארץ ישראל, וספר נפלאות על הארץ, על קברי האבות והקדושים, על הכתל המערבי, ועל קברה של רחל אמנו.

שלשתם ישבו בחדר: האב, המשולח, ונחמוני. ונחמוני הביט עליו בעינים תמהות ובלע כל מלה ומלה שיצאה מפיו.

ביום שהשליח שב למקומותיו, נחמוני נעלם; כלם חשבו שהוא בשדה או בין היונים; הגעגועים לארץ־אבות התגברו עליו והוא החליט לעזב את הגלות ולעלות לארץ ישראל... והוא נפל בדרך... ופה קברו של נחמוני... ורי שמחה קוטף כמה פרחים ומניח אותם על קברו... נחמוני אהב כל כך את הפרחים...

מאיר וואַסערמאַן — מחלקה ה׳

# „די גאָלדענע קייט“ פון י. ל. פּרץ

ווער עס פילט אַ גוטן ריח, דער דערמאָנט זיך באַלד אין אַ בלום, ווער עס זעט אַ קאָליר, טראַכט באַלד וועגן אַ זאַך, וואָס זאָל אַזאַ קאָליר פאַרמאָגן. ווער עס רעדט וועגן פּרצן, דערמאָנט זיך באַלד אין „די גאָלדענע קייט“. ווער עס טראַכט וועגן „די גאָלדענע קייט“ — דערזעט באַלד פּרצן און דאָס לעצטע איז גאָר וויכטיק: ווען דאָס ווערק פאַרמאָגט דעם כח צו דערמאָנען אינעם קינסטלער וואָס האָט עס געשאַפן, האָט דער קינסטלער געוווּנען די אייביקייט.

„די גאָלדענע קייט“ איז אָן שום צווייפל אַ קונסט־ווערק; כדי דאָס דאָזיקע פעסטצושטעלן וועל איך דערמאָנען בלויז אייניקע מאָמענטן:

1) אויב אַ זאַך שטרעבט צו זיין אַ קונסט־ווערק, דאַרף זי פאַרמאָגן אַ ספּעציעלע פאַרב; „די גאָלדענע קייט“ האָט עס — עס איז טעאַטער!

2) אַ קונסט־ווערק דאַרף זיין טיף אין זיין זין, קינסטלעריש אויסגעדריקט אין וואָרט און גאַנץ אידייִיש. ווער קען דען זאָגן, אַז „די גאָלדענע קייט“ איז צו אָט דער גאַנצייט נישט דערגאַנגען?

3) מיר ווייסן וווּל, אַז אַ קונסט־ווערק ווערט דערגרייכט, ווען דאָרט איז קיין שום איבעריקע זאַך נישטאָ. ווער קען פון „די גאָלדענע קייט“ איין וואָרט אַראָפּנעמען?

4) אַ קונסט־ווערק דאַרף געשריבן ווערן, ווי אַ פּאַרטיזאַנער־ליד, — מיט בלוט!

דאָס אַלץ פאַרמאָגט „די גאָלדענע קייט“ און דערפאַר קען מען זאָגן, אַז עס איז אַ קונסט־ווערק.

אָבער, נאָר אַ קונסט־ווערק איז „די גאָלדענע קייט“?

מיר דאַכט זיך, אַז זי איז ווי אַ בלאַט לעבעדיקע געשיכטע, אַרויסגעריסן פון דעם לעבן פון יידישן פאָלק און אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בינע, ווי אַ טייל פון אַ וואַרעם־לעבעדיקן גוף, וואָס וועט אייביק לעבן.

אָבער אָט דער פּרק געשיכטע פון יידישן פאָלק איז נישט נאָר אַ געשיכטע פון לעבעדיקע, עס איז אויך אַ געשיכטע פון געשטאָרבענע, עס איז נישט נאָר אַ געשיכטע פון דער וועלט, נאָר עס איז אויך אַ געשיכטע פון יענער וועלט.

און דאָס דערפילט מען אויף דער בינע. נישט נאָר לעבעדיקע באַוועגן זיך און רעדן; אין צווייטן און דריטן אַקט פילט מען שלמהס נשמה באַוועגן זיך אויף דער סצענע, אויך פּנחס לעבט אין דריטן אַקט; און אַ גאַנצע אומבאַקאַנטע וועלט צאַפּלט, מורמלט, רעדט און באַוועגט זיך.

פּרץ דערגרייכט אין „די גאָלדענע קייט“ אַ ווונדערלעכע שפּיל צווישן פאַנטאַזיע און רעאַליטעט. די פאַנטאַזיע רעדט דורך שלמהן אין ערשטן אַקט, דורך יהונתן אין צווייטן, דורך משהן — אין דריטן...

אָבער נישט שטענדיק דערגרייכט די פאַנטאַזיע איר ציל, ווייל די רעאַליטעט שפּאַלט זי ווי אַ מעסער... און וואָס העכער מען איז געשטיגן, אַלץ נידעריקער פאַלט מען... ביז צום צווייפלען — אָבער איז דען דער צווייפל שלעכט? געדענק! נאָר די טויטע צווייפלען נישט!

דער צווייפל אויף משהס ליפּן איז ווי אַ פלאַם פון לעבן, פון וועלן גלויבן, וואָס איז נאָך מער ווי גלויבן.

איך מיין, אַז אין משהס צווייפלען איז דאָ דאָס אייביקע לעבן פון יידישן פאָלק. דאָס יידישע פאָלק פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס ווי אַ קאָנסטרוקטיוון צווייפל, וואָס הייסט אים גלויבן און פּרווון... פּרווון און גלויבן... גלויבן...

איך מיין, אַז משה איז אַן אמתער אויפהאַלטער פון „די גאָלדענע קייט“ און דער ווירקלעכער פאַרטרעט פון יידישן לעבן פון יידישן מענטשן אין אַלע צייטן, וואָס שטרעבט שטענדיק צו גאָט און אַלעמאָל צו גאָט מיט אַן אַנדער נאָמען.

מיכאל לוי — מחלקה ה׳

# „אין פּײַער־וואָגן" פון אַברהם סוצקעווער

דאָס בוך „אין פייער-וואָגן" גיט אַ קלאָר בילד פון אויסערגעוויינטלעכן פּאָעטישן טאַלאַנט פון אברהם סוצקעווער. דאָס בוך באַשטייט פון אַ גאַנצע ריי לידער אויף פאַרשיידענע טעמעס, איבערהויפּט לירישע; אפילו די לידער וואָס זענען נישט קיין לירישע (זייער ווייניקע), זענען אָבער דורכגעדרונגען מיט ליריזם. סוצקעווערס ליריזם איז נישט אויסגעליידיקט פון אינהאַלט, ווי עס געשעט אַ סך מאָל, שיין אין אויסזען אָבער ליידיק אין תוך, נאָר פאַרקערט: ער פאַראייניקט שיינקייט, געפיל און תוכן.

ס׳איז אומבאַדינגט נויטיק זיך אָפּצושטעלן, אויף יעדן ליד, כמעט ווי אויף יעדן וואָרט, ווייל אַלץ האָט אַ באַטייט, אַלץ האָט אַ טיפן אינהאַלט. אפילו פּאָר אָן איבערפלעכלעכן לייענער איז זייער גרויס דער קוואַל פון ריין פּאָעטישער שיינקייט.

זיין סטיל איז אַ ספּעציפישער, אָן אייגנאַרטיקער. ער איז כמעט ווי אינגאַנצן אָפּגעריסן פון צייט; די אַקציע קומט נישט פאָר אין אַ באַשטימטן מאָמענט, ווייל די גרעסטע טייל איז זי ווייט פון רעאַליטעט, און הגם מען קען זי אַוועקשטעלן אין אַ באַשטימטער עפּאָכע, איז דער תחום-הזמן זייער אימפּרעציז.

סוצקעווער דריקט אויס אין ליד זיינע געפילן און געדאַנקען, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז ער גיט די געלעגנהייט דעם לייענער אַליין צו טראַכטן, און שאַפן זיך אַליין זיין בילד. צו דעם העלפט נאָך צו דער פרייער פערז, די אָפּגעריסנקייט פון אַלע באַדינגונגען פון מעטריק און גראַם, און דעם סטיל באַנוצט סוצקעווער זייער אָפט. די מעטריק, דער ריטם, הגם אויבערפלעכלעך גיבן זיי צו ריטם דער פּאָעזיע, לאָזן זיי אָפט נישט קומען דעם געדאַנק צום אויסדרוק. סוצקעווער שרייבט די מערסטע פון זיינע לידער אינעם נייעם סטיל.

דער דיכטער באַנוצט אַ זייער רייכן וואָקאַבולאַר; דאָס קומט אַרויס פון זיין גרויסער קענטעניש פון דער יידישער שפּראַך. דער טאָן פון זיין גאַנצער פּאָעזיע איז בכלל, אַן אומעטיקער, אפילו אין די לידער פון גרעסטער האָפענונג, איז שטענדיק פאַראַן דער טראָפּן פאַרביטערונג, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון זיינע ליידן אין דער מלחמה; ער האָט אָנגעשריבן די׳אַלע לידער אַ קורצע צייט נאָכן סוף פון קריג, און די וווּנדן זענען נאָך געוועזן אינגאַנצן אָפן, וווּנדן וואָס שליסן זיך נישט קיינמאָל אין גאַנצן.

אָפט מאָל הייבט ער אָן ביי אַ רעאַלן פאַקט, און דאַן לאָזט ער פריי זיין רייכע פאַנטאַזיע, און ברענגט אַרויס אירע פּראָדוקטן ווי כלומרשט ווירקלעכע; אַזוי שאַפט זיך אַ קאָמפּלעקס פון רעאַליטעט און איראַעליטעט, דורך וועלכן ער ברענגט אַרויס זיינע געפילן און געדאַנקען.

איך וואָלט צעטיילט די לידער פון „אין פייער-וואָגן" אין פיר גרויסע גרופּעס:

א) זכרונות וועגן דעם קריג;
ב) וועגן קריג, אָבער אין פאַרבינדונג מיט ישראל;
ג) לידער געווידמעט מדינת ישראל, און
ד) וועגן פאַרשיידענע טעמעס:

די ערשטע טייל, זכרונות וועגן קריג, באַשטייט פון דער אָפּטיילונג: „אין קארש פון דערמאָנונג". ער ברענגט דאָ אַרויס אַ טייל פון זיינע דערפאַרונגען בשעת דער מלחמה. כ׳האָב באַמערקט אין דער טייל, אַז ביי קיין שום געלעגנהייט רופט ער נישט אָן די מערדער, נישט דירעקט און אויך נישט אומדירעקט; אָבער מאָדנע איז, אַז אין קיין שום מאָמענט באַשולדיקט ער זיי נישט, שרייט נישט אַרויס קעגן זיי, ווי עס וואָלט געוועזן צו דערוואַרטן פון אַ מענטשן וואָס האָט אַלע שחיטות דורכגעלעבט; פאַרקערט, עס זעט אויס ווי די מערדער וואָלטן ניט עקזיסטירט; ער דערמאָנט בלויז די ליידן פונעם פאָלק, נישט זייערע פייניקער; עס זעט אויס ווי ער וואָלט עס אָנגענומען ווי אַ גאָטירלעכע און אומפאַרמיידלעכע זאַך, מיט אַ גרויסן סטאָאיציזם.

דאָס ערשטע ליד פון דער טייל „אויטאָפּאָרטרעט", איז באמת וואָס זיין טיטל זאָגט, אָבער נישט בלויז זיינס אַ פערזענלעכער אויטאָפּאָרטרעט, נאָר ס׳איז אַ קורצע שילדערונג פון דער גאַנצער סיטואַציע בעת דער מלחמה, און די ליידן וואָס זי האָט פאַרשאַפט.

ספּעציעל אינטערעסאַנט, און פון די שענסטע פּאָעזיעס פון דער אָפּטיילונג איז „דער זילבערנער שליסל". ער שילדערט דאָרט קורץ

אַבער קלאָר און דייטלעך, פֿאַרשיידענע טיפֿן, צוזאַמענגענומען אין אַ קליינער סביבה און אין דער זעלבער סיטואַציע. ער שילדערט די רעאַקציע פֿון יעדן איינעם. די אַקציע גייט אין אַ שטאַרקן „קרעשענדאָ", צוזאַמען מיט דעם אָפּטימיזם און באַגייסטערונג פֿון די ייִדן ביי דער האָפֿענונג; אָבער סוף כּל סוף, אין אַ אָפּגעהאַקטן סוף, לאָזט זיך אויס, אַז אַלע האָפֿענונגען זענען בלויז געווען אַ חלום, און זיי פֿאַלן אין אַ טיפֿערן יאוש. די דראַמאַטישקייט פֿון סוף איז נישט באַשריבן, אָבער עס ווערט געגעבן צו פֿאַרשטיין.

סוצקעווער שרייבט מיט אַזוי פֿיל געפֿיל, אַז הגם ער טוט עס נישט מיט קיין שאַרפֿע ווערטער און אויסדרוקן, נאָר מיט בילדער, וואָס מאַכן אַ שטאַרקן רושם. אַ ביישפּיל פֿון דעם איז: „אויפֿן וואַסער שווימט אַ קאָפּ", וווּ ער דערציילט אין אַ כּלומרשט אָביעקטיוון אופֿן ווי דערנידעריקט די מענטשהייט איז (ער דערמאָנט נישט ספּעציעל קיין ייִדן), אַז דער אייגענער קאָפּ, דאָס געטלעכע וואָס אין מענטשן איז פֿאַראַן, וויל גאָרנישט וויסן פֿון זיין קערפּער, און זידלט אים; ס'איז באמת שוידערלעך.

דאָס צענטראַלע בילד פֿון דער אָפּטיילונג איז: „אין קאַרש פֿון דערמאָנונג", וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען וואָס די אָפּטיילונג; דאָרט שילדערט ער, צווישן רעאַליטעט און פֿאַנטאַזיע, צווישן זיינע פּערזענלעכע געפֿילן און אַלגעמיינע ליידן, די סיטואַציע פֿונעם גערודפֿטן און געפּייניקטן ייִדישן פֿאָלק.

די צווייטע אָפּטיילונג לידער וועגן קריג אין שייכות מיט ישראל, פֿאַרנעמט די ערשטע טייל פֿון בוך, „שהחיינו". די גרופּע איז אַזוי ווי אַן איבערגאַנג פֿון דער פֿריערדיקער טייל ביז דער קומענדיקער, מען דערשפּירט שוין די פֿרייד, די האָפֿענונג פֿון אַ ניי לעבן אין ישראל, אָבער אַלץ איז דורכגעדרונגען מיטן זכר פֿון די ליידן פֿון דער מלחמה. דער טיטל פֿון דער אָפּטיילונג פֿאַראייניקט אין איין וואָרט די אַלע געפֿילן.

„אין פֿעלדשפּיטאָל" האָט אַזוי פֿיל דראַמאַטיזם אין זיין פּשוטקייט, ספּעציעל אין די צוויי לעצטע שורות, צוליב דעם קינדערישן וואָס דער געדאַנק פֿאַרמאָגט; תּמימות מיט דראַמאַטיזם פֿאַרגרעסערט שטענדיק די שפּאַנונג, צוליבן קאָנטראַסט וואָס צווישן די צוויי געפֿילן איז פֿאַראַן.

אין „שהחיינו", הגם דער מאָטיוו איז זייער אַ פֿריילעכער, פֿעלט קיינמאָל נישט אַ טרויעריקער טראָפּן: דאָס געוויין פֿונעם קינד, און צום סוף דאָס וואָרט שהחיינו, וואָס דערמאָנט די פֿריערדיקע אומגליקלעכע צייט.

„אַ זעונג", איז אַ פֿאַנטאַסטישע שילדערונג אויך בשייכות די אויסגעהרגעטע, אָבער עס ענדיקט זיך מיט אַן אָפּטימיסטישן טאָן, מיט דער ברכה פֿון די קרבנות צו די לעבעדיקע.

„אייזלען אין רעגן" איז די איינציקע ריין הומאָריסטישע פּאָעזיע פֿון גאַנצן בוך. ס'איז געשריבן מיט אַן איראָנישן טאָן, און ס'האָט אַ כאַראַקטער פֿון סאַטירע. איך מיין, אַז זי פּאַסט זיך נישט צו אין דעם טייל, ווייל די אַלגעמיינע טעמע איז אַ צווייטע.

אין „ייִדיש", פֿאַרטיידיקט ער די שפּראַך, קעגן די וואָס זאָגן, אַז ייִדיש וועט אונטערגיין.

און „אויף קינס קבר" ברענגט ער אַרויס זיין פֿאַרביטערונג, ווייל די גאַנצע וועלט קניט זיך פֿאַר קינען (סימבאָליש); זי גייט נאָך זיינע וועגן, און הבל, דעם סימבאָל פֿון גוטסקייט, האַלטן זיי פֿאַר אַ פּחדן.

די דריטע טייל באַשטייט אין לויב און שילדערונגס געזאַנג פֿון ישראל, אירע פֿאַרשיידענע טיילן. עס נעמט אַרום די „לידער פֿון נגב" און „ירושלים".

„די לידער פֿון „נגב" באַשטייען פֿון אַ גרופּע לידער געווידמעט די דרום טיילן פֿון ישראל. אין יעדער פּאָעזיע באַשרייבט ער אַ צווייטן פּלאַץ, אָדער אַ צווייטע כאַראַקטעריסטיק פֿון נגב: „מעלה עקרבים", „די פֿוקסן פֿון נגב", „אָדלערס", „אילת", אאַז"וו. „קליינע הימנען צו סדום" איז אַ גרופּע פֿון פֿינף פּאָעזיעס געווידמעט סדום; זיי זענען געשריבן אין אופֿן פֿון אַן אָדע.

„ירושלים" איז אַ גרופּע פּאָעמען געווידמעט דער שטאָט, אירע פֿלעצער, אירע טיפֿן. אין „דיכטונג" וויל ער, אין אַ רעגנדיקן טאָג אויפֿן הר ציון, געפֿינען אַן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע: וואָס איז דיכטונג?

„די צוואה פֿון נסים לאַניאַדאָ" באַשטייט אין דער צוואה פֿון אַן אַלטן ספֿרדישן ייִד צו זיינע קינדער אויף נאָך זיין טויט. ס'איז זייער אַן אינטערעסאַנטער טיפּ דער אַלטער לאַניאַדאָ.

אין דער פֿערטער אָפּטיילונג זענען צונויפֿזאַמלונגען פֿון פֿאַרשיידענע פּאָעזיעס אויף פֿאַרשיידענע טעמעס: „די בענקשאַפֿט פֿון יהודה הלוי", רעדט וועגן דער דערמאָנונג וואָס ברענגט דער ים דעם דיכטער וועגן יהודה הלוי; „אַ רעגן אויפֿן ים" איז אַ שיינע באַ־

שרייבונג פון די איינדרוקן, וואָס אַזאַ געשעעניש מאַכט אינעם דיכטער; „מיט אַרכעאָלאָגן" אונטערשטרייכט זיין חלוקי־דעות מיט די אַרכעאָלאָגן, ווייל זיי זוכן בלויז דאָס מאַטעריעלע, און נישט דאָס אמתע, דעם חלום, דאָס לעבן.

אין „אַקאָרדן פון שטאָלצן וואַלד" זענען פאַראַן לייכטע מאָטיוון. „דענקמאָל נאָך אַ פערד", „גליקעלע", אין וועלכע סוצקעווער פּאָרטיפּט זיך זייער גוט אינעם קליינעם פּערסאָנאַזש, און דריקט אויס זייער גוט אירע געפילן, מיט אַ לשון פול מיט תמימות; „דאָקטאָר אַטלאַס" שילדערט די פּערזענלעכקייט פון אַ דאָקטער וואָס האָט אין דער היץ פון שלאַכט ליבערשט פאַרענדיקט זיין אָפּעראַציע איידער געלאָפן זיך ראַטעווען.

„אַ בריוו צו די גראָזן" באַשטייט פון פערצן קליינע לידער וואָס באַהאַנדלען פאַרשידענע טעמעס, מער אָדער ווייניקער פאַרבונדן צווישן זיך, פון פילאָסאָפישן כאַראַקטער.

דערפאַר איז אין „פייער־וואָגן", לויט מיין מיינונג, אַ וווּנדערבאַר בוך, טאַקע דערפאַר ווייל עס איז שווער, און סוצקעווער באַווייזט אין אים זיין גרויסע דיכטערישע קראַפט.

---

חיה לאה גאַלסטער

# „קידוש השם" פון שלום אַש

דורך „קידוש השם" האָב איך געקריגן מער ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור און צו די יידישע שרייבערס. אַ בוך ווי „קידוש השם" לערנט אונדז אַ סך און האָט אין זיך מער ווי אַלע אַנדערע ביכער, וועלכע איך האָב געלייענט ביז היינט.

אַ דאַנק „קידוש השם" און שלום אַשן הייב איך ערשט אָן זיך צו דערוויסן וואָס עס איז אַזוינס ליטעראַטור. גוטע ליטעראַטור לערנט אונדז דאָס לעבן פון פעלקער און פון מענטשן. נישט בלויז מענטשן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל, נאָר עס קען אויך זיין אַ געוויסע זאַך זאָל סימבאָליש שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע, ווי די „גאָלדענע שיכעלעך", וואָס שלום אַש באַשרייבט אין זיין בוך.

ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז אָט די פּאָר אַלטע גאָלדענע שיכעלעך זאָלן קענען זיין די אילוזיע במשך פון זיבן יאָר אין אַ האַרץ פון אַזאַ יונג מיידל ווי דבורהלע איז געווען, און אַז זיי זאָלן דערנאָך קענען אַריינברענגען אין איר האַרץ אַזוי פיל פרייד, איבערגעגעבנקייט, טרויער, בענקעניש און אַפילו קרבנות־גרייטקייט פאַר איר ליבן מאַן און פאַר יידישקייט. צוליב אָט די פּאָר גאָלדענע שיכעלעך האָט דבורהלע געהייסן זיך שיסן פון קאָזאַק אַבי נישט צו ווערן זיין ווייב.

דורך גוטער ליטעראַטור זעט מען, אַז ליבשאַפט און גוטסקייט שפּילן אַ גרויסע ראָל אין לעבן, נישט בלויז אמונה. ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז די אַלטע קאָזאַטשקע מאַרושאַ וועט זיין גרייט צו געבן איר לעבן, כדי צו ראַטעווען די לעבנס פון אירע בעלי־בתים. דורך ליטעראַטור באַקענט מען זיך מיט לענדער, מיט פּייזאַזשן ווי אין פאַל פון „קידוש השם" מיטן באַשרייבן דעם סטעפּ.

לייענענדיק דאָס בוך דערוויסט מען זיך, אַז דער גלויבן אין גאָט איז געווען שטאַרקער פאַר אַלע זאַכן אַפילו פאַר דער מורא פון טויט. ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אויב מע וואָלט נישט געלייענט „קידוש השם", אַז די יידן פון נעמיראָוו, פון טולטשין און זלאָטשעוו וועלן העלדיש קעמפן און זיין גרייט אַוועקצוגעבן זייער לעבן, זיך לאָזן אומברענגען פון די קאָזאַקן פאַר יידישקייט און פאַר זייער אמונה.

בלויז דורך ליטעראַטור קען מען זיך דערוויסן, וואָס פאַר אַ צרות האָבן אַנדערע פעלקער, צוליב זייער ברוטאַלישער איגנאָראַנץ, אָנגעטאָן אונדזער פאָלק בלויז ווייל מיר האָבן אַן אַנדער אמונה.

איך מיין, אַז דער וואָס האָט געשריבן אַז ביכער זענען די בעסטע חברים, איז זיכער געווען אַ קלוגער מענטש.

שולמית דייטש מחלקה ד׳

# „לעצטע שריפטן" פון ישראל אַשענדאָרף

דאָס בוך „לעצטע שריפטן" פון ישראל אַשענדאָרף באַשטייט פון אַ גאַנצער ריי דערציילונגען. יעדע איינע האָט זיך איר אַרגומענט, מיט אירע פערסאָנאַזשן, וועלכע אונטערשיידן זיך מיט זייערע לעבנס־געשיכטעס, באַשעפטיקונגען און כאַראַקטער.

די אַרגומענטן פון די דערציילונגען האָבן אין זייער אַנטוויקלונג אַ שטופנווייזן אויפשטייג, וואָס פאַרכאַפּן דעם לייענער און פאַראינטריגירן אים מיטן לעבן פון די העלדן. אין די ערשטע דערציילונגען הערשט נאָך דער גייסט פון פרידן אויף דער וועלט. די טעמעס אַזעלכע ליבלעכע און האַרציקע. די קינדער געניסן פון אַ סך פרייהייטן. זיי לערנען אין חדר, שפּילן זיך, שטיפן. דאָס יִדישע לעבן אין די שטעט און שטעטלעך פליסט רויִק, די געפאַר פון דער מלחמה איז נאָך ווייט.

אין די ווייטערדיקע דערציילונגען רייסט זיך אַריין די מלחמה. אַשענדאָרף איז אַן אָנגעליטענער מענטש. ער שלעפּט די ליידן פון דער מלחמה אויף זיינע פּלייצעס און שילדערט זיי אין זיינע דערציילונגען. אַלע יִדן וואָס ער ברענגט אַרויס, אָרעם און רייך, פילן דעם אומגליק אויף זיך און שרייען אַרויס — מלחמה!..

אין אַ דערציילונג „אויף דער שיף" פאָרן צווישן אַ גרופּע פּאַסאַזשירן אויך עטלעכע יִדן קיין אַמעריקע. ס׳איז ביים סוף פון דער מלחמה און די שיף דערנענטערט זיך צום עקוואַטאָר. די מאַנשאַפט און די פּאַסאַזשירן גרייטן זיך צום יום־טוב. אַלע זענען אַרויס פון זייערע קאַבינעס אויפן דעק, אָנגעטאָן יום־טובדיק מיט פּאַפּירענע מיצלעך אויף די קעפּ. עס פאָרן מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. אין אַ ווינקל אויף אַ באַנק זיצן צוויי מענער און רעדן שטיל יִדיש. זיי זענען אַנטלאָפן פון אַ געטאָ און פאָרן פאַרשטעלט ווי גויִם. די פּאַספּאָרטן האָט מען ביי זיי צוגענומען און זיי האָבן מורא מען זאָל זיי נישט דערקענען...

באַטראַכטנדיק דעם פריילעכן עולם, וואָס האָט זיך פאַרווילט אויף דער דעק, האָבן די יִדן דערזען אַ באַקענטן פּנים, אַ דייטשן מערדער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער, שולקע, וואָס פלעגט פאַרשמייסן יִדן צום טויט... וואָס זאָל מען טאָן? מאַכן קיין סקאַנדאַל קען מען נישט, שולקע פאָרט זיכער מיט אַ לעגאַלן פּאַספּאָרט און זיי פאָרן מיט פאַלשע פּעסער...

צום סוף פון יום־טוב האָט מען, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, אויסגעקליבן אַ שיינהייטס־קעניגין, אַ יִדיש מיידל מיטן נאָמען ראָזאַ ברענער. אַ מאַטראָס איז מודיע הויך אויפן קול, אַז דער חשובער פּאַסאַזשיר פון דער ערשטער קלאַס, פראַנץ שולקע, וועט קושן די האַנט פון דער קעניגין און איר אָנטאָן די קרוין. און אַזוי טוט ער...

און נאָך דער דערציילונג בלייבט אַ ביטערער פאַרדרוס פאַר וואָס אַט דער שולקע, און נאָך אַזעלכע שולקעס, בלייבן אומבאַשטראָפט און פאַר וואָס די יִדן שווייגן...

דאַקעגן אין אַ צווייטער דערציילונג זעען מיר שוין אַנדערע יִדן. מענדל קצב האָט געקויפט אַ מגילה און פורים לייענט ער זי פאַר פאַר די שכנים. איין מאָל ביים לייענען די מגילה רייסט זיך אַריין אַ בחור מיט אַ געשריי: — מענדל, הינט האָבן זיך אַריינגעריסן אין אייער יאַטקע און צעשלעפּן דאָס פלייש!... מענדל האָט אָבער געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש, עס זאָלן זיין שטיל, און האָט ווי פריִער בנעימות פאָרגעזעצט לייענען די מגילה.

מאיר נאַפּטשאַן
מחלקה ה׳

# „מאָטקע גנב“ פון שלום אַש

דאָס איז איינס פון די שענסטע אַשס ווערק. די העלדן און די געשעענישן וויקלען זיך דאָ אויס אַזוי נאַטירלעך און לאָגיש, אַז דער לייענער פילט, אַז אַזוי האָט עס געמוזט זיין, עס האָט גאָר אַנדערש נישט געטאָרט זיין. מאָטקעס פאָטער איז אַ פּוילעניצער און אַנלייגער. ער וויל נישט אַרבעטן און די פרוי מוז אויסהאַלטן די משפחה. אַז מאָטקע ווערט געבוירן פאַרקויפט זי איר קינדס מילך און פאַרדינגט זיך פאַר אַן אַם אין אַ רייכן הויז.

מאָטקע שטעלט זיך קעגן דעם אומרעכט וואָס מען טוט אים, ער שטעלט זיך קעגן דער וועלט וואָס נעמט ביי אים צו דער מאַמעס מילך, און וויל נישט נעמען די נאַסע שמאַטקע וואָס מען שטופּ אים אין מויל. ער שרייט מיט באַנומענע קולות ביז די מוטער גיט אים וואָס איז זיינס...

ווען ער קען שוין אַרומקרוכן אויף אַלע פיר, הייבט ער אָן אַ „זעלבסטשטענדיק“ לעבן און אויף נישט צו שטאַרבן פון הונגער גנבעט ער דאָס עסן ביי אַנדערע קינדער. ווען ער האָט נישט ווי צו גנבענען הונגערט ער. צו פיר יאָר שיקט מען מאָטקען אין חדר. ס׳איז אים שווער צו זיצן אַ הונגעריקער און דעם קאַנטשיק קען ער נישט פאַרטראָגן, אַנטלויפט ער און די מאַמע באַשיצט אים. ווען אין אַ פּאָר יאָר אַרום אַנטלויפט ער פון שוסטער, ביי וועלכן ער האָט געגנבעט אַ פּאָר קאָפּיקעס, ווערט ער מוראדיק געשלאָגן. אָבער ער אַנטלויפט שוין נישט צו דער מאַמען, נאָר אין אַ בודע צו אַ גרויסן הונט...

ער חברט זיך נאָך דעם צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע ווי ער און פירט דורך צוזאַמען מיט זיי אויך גרעסערע גנבות. די פּאָליציי זוכט אים און ער מוז פאַרלאָזן זיין געבורטס-שטעטל. דערמיט ענדיקט זיך דער ערשטער טייל אין וועלכן שלום אַש שילדערט אַזוי מייסטערהאַפט די סביבה, די סאָציאַלע באַציִונגען, די היים וואָס האָבן געפירט מאָטקען אויפן וועג פון זיין אומקום.

מיטן גוטן אָנדענק פון דער מאַמען, און אַ טיפער שנאה צום טאַטן און צו דער גאַנצער וועלט, הייבט אָן מאָטקע אַ ניי לעבן. ער פּרוּווט זיך גיין אויף אַן ערלעכן וועג און גייט אַריין אַרבעטן אין אַ גלאָז-פאַבריק. אָבער אין יענער צייט האָבן געהערשט אין אַזעלכע פאַבריקן זייער שווערע באַדינגונגען. ס׳איז געווען אַן אומגעזונטע אַרבעט, אָבער ער האַלט זיך אין פאַבריק, ווייל ער האָט רחמנות און העלפט אַרויס אַ קאַליקע מיידעלע.

אָבער מאָטקע קאָן נישט זיין פאַרשפּאַרט. זיין האַרץ איז טאַקע פול מיט ליבשאַפט צום אומגליקלעכן מיידעלע, ער נעמט זי אַרויס שפּאַצירן, ער זאָרגט פאַר איר. אָבער ער לאָזט זי איבער און אַנטלויפט ווידער מיט אַ גרופּע קונצנמאַכער. דאָ פאַלט ער אַריין אין אַ סביבה פון אונטערוועלט און ווערט דערפירט ביז מאָרד. און אַזוי זינקט ער אין יענער סביבה, ווו ער דערשלאָגט זיך צו אַ פאַרמעגן.

מאָטקע פאַרליבט זיך נאָכדעם אין אַן ערלעך מיידל און וויל מיט איר חתונה האָבן. ער רייסט איבער מיט זיינע פריִערדיקע שלעכטע חברים, נעמט זיך צו אַן ערלעכער פּרנסה און באַשטימט אויך ברענגען די מאַמע צו דער חתונה. און ווען אַלץ איז שוין געווען אָפּגעמאַכט, דערציילט מאָטקע זיין סוד דער כלה. ער האָט געוואָלט זיין געליבטע פרוי זאָל וויסן דעם גאַנצן אמת, אַז ער האָט געהרגעט אַ מענטשן, אָבער דאָס איז געווען אַ מענטש וואָס האָט אים אַ סך שלעכטס געטאָן. די כלה דערציילט עס אירע עלטערן און די עלטערן פאַרמסרן אים דער פּאָליציי... אין אַן איבערשיסונג מיט דער פּאָליציי ווערט מאָטקע דערשאָסן...

דאָס בוך איז אַ לעבעדיקער דאָקומענט פון אַ געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס ווייזט ווי אַ שלעכטע דערציִונג און שלעכטע סאָציאַלע באַדינגונגען, שאַפן דעם באָדן אויף וועלכן עס שפּילן זיך אָפּ אַזעלכע געשעענישן.

דבורה דייטש

# די פערסאָנאַזשן פון „קידוש השם"

צווישן די פערסאָנאַזשן וואָס באַטייליקן זיך אין דער דראַמע פון שלום אַשס „קידוש השם" געפינט זיך דאָס הייליקע שניידערל.

דאָס שניידערל באַטייליקט זיך אין דעם גאַנצן אַרגומענט, מיט וועלכן דער דיכטער האָט זיך פּערזאָניפיצירט.

דאָס שניידערל איז אפשר אַן אירעאַלע באַשעפעניש, וואָס דער דיכטער האָט עס פאַרגעשטעלט, כדי צו מאַכן פון אים אַן אידעאַל, אַן עמיצער, וואָס גיט אַריין כוח אין די מענטשן; ער טרייסט די ייִדן אין זייער אומגליקלעכן מצב. ער גיט אַריין בטחון די ייִדן, אַז גאָט וועט זיי אַרויסנעמען פון דער שלעכטער סיטואַציע, אין וועלכער זיי געפינען זיך צוליב כמעלניצקים אָנפאַלן.

ער פאַרקויפט ביטחון, ער פאַרקויפט צידקות. ער גיט אַריין אַ גייסטיקן מוט אין אַלע הערצער.

דאָס שניידערל איז אַ נביא, ער איז אַ ירמיהו, וואָס באַוויינט די טראַגעדיע פון ייִדן.

צווישן די אַנדערע פערסאָנאַזשן געפינט זיך מענדל.

מענדל פערזאָניפיצירט דעם גלות־ייִד, מיט זיינע צרות און זיינע שמחות. ער באַווייזט אַז אַפילו אין גלות דאַרף מען נישט פאַרגעסן גאָט; אַז אַפילו אין וויטן סטעפּ, אין אַלע עקן וועלט, איז דאָ גאָט, וועמענס גייסט ער האָט נישט פאַרלאָזט קיין מאָל, אַפילו ווען ער וווינט צווישן נישטייִדן. ער איז יעדע ימים־נוראים געפאָרן אין גרויסע ייִדישע צענטערס אָנזאַפּן זיך מיט ייִדישקייט ביז דעם אַנדערן יאָר. ער האָט געטראָגן אַ סך צרות אויף זיך. ער איז דער גלות־ייִד. אין זיין קרעטשמע דאַרף ער פאַרטראָגן אַלע צרות און חרפּות, וואָס נאָר מיט אַ ייִדן צווישן גוייִם קען עס געשען.

זיין גרייסע צרה איז סיי די צערקווע־צינז, סיי זיין איינזאַמקייט. ער האָט אַלץ געטאָן, כדי צו קריגן אַ דערלויבעניש אויף אַ שול און אַ בית־עולם, כדי צו מאַכן פון זלאָטשעוו אַ ייִדישן מקום.

ער האָט זיין חרפּה ביים בערן־טאַנץ פאַרוואַנדלט אין קידוש־השם. אין זיין באַקומען די שול, אין זיין לויפן אין קרעטשמע אַריין שרייענדיק — אַ שול. אַ שול! באַווייזט ער די גאַנצע ייִדישקייט מיט וואָס זיין האַרץ איז פול.

דבורהלע איז די אמתע ייִדישע פרומע פרוי. זי ברענגט אַרויס לויטערקייט, ריינקייט און שטאָלץ. זי היט אָפּ איר קערפּער און איר נשמה פון די שיכורע קאָזאַקן און זי נאַרט זיי אָפּ מיט איר שכל געווינענדיק דאָס וואָס זי האָט געוואָלט: דעם טויט אויף קידוש השם און בלייבן ריין, אומבאַפלעקט.

דבורהלעס מאַן, שלמהלע, ווייזט אין זיין יוגנט זיין גרויס נאַיִוויטעט סיי מיט זיין אַראָפּנעמען דבורהלעס הויב און אין זיין שיטן זאַמד און שרייען אויף איר, אַז זי איז נישט קיין פרומע פרוי און אויך דערהויפּט אין זיין אָפּווישן מיטן אַרבל דער מאַמעס קושן, ווען ער פאָרט אַוועק אין ישיבה אַריין. אָבער ער איז אויך זיס. ער באַווייזט זיין זיסקייט אין זיין געזעגענען זיך מיט דבורהלען, ווען ער האָט נישט געוואָלט אַז זיין פרוי זאָל וויינען.

נאָך דער ישיבה קומט שלמהלע צוריק אַ באמת ייִדישער מאַן, אין זיין געבן מוט טאַטע־מאַמע און זיי פרוי אַז זיי דאַרפן נישט האָבן קיין מורא פאַרן טויט, ווייל שטאַרבן אויף קידוש השם געפעלט גאָט און ס'איז בעסער צו שטאַרבן אויף צידקות און טהרה איידער וווינען צווישן קאָזאַקן און זיך שמדן, כדי צו געווינען דאָס לעבן. ער איז דער איינציקער וואָס איז געבליבן לעבן פון דער גאַנצער משפחה און ער האָט דערפילט דעם טעם פון איינזאַמקייט.

קידוש השם איז איין רינגל פון דער גרויסער גאָלדענער קייט פון דער ייִדישער געשיכטע.

●

גאָלדעלע ליבערמאַן

ערשטע פרעמיע אין קאָנקורס פון אָנהייב־שולן ביים קולטור־קאָנגרעס

# חנה סענעשס תנ״ך

יצחק לייבוש פרץ האָט אַ פּך פּרעכטיקע דערציילונגען, וואָס רופן אַרויס ביי אונדז אַ ווילן צו ווערן בעסערע מענטשן און גוטע ייִדן. אַז מיר לייענען זיינע דערציילונגען ווילן מיר נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון זיינע שיינע, שטאָלצע ייִדן, וואָס זענען גרייט אויף מסירת נפש פאַרן פאָלק.

למשל, די „דריי מתנות״. אַזעלכע שיינע דריי ייִדן, וואָס יעדער איינער פון זיי גיט זיין לעבן פאַר אידעאַלן, פאַר ייִדישע אידעאַלן; די נשמה האָט גענומען פאַר אַן ערשטער מתנה אַ זעקעלע ארץ ישראל ערד; די צווייטע מתנה איז געווען אַ יאַרמלקע, וואָס אַ ייִד האָט פאַרטיידיקט אין נאָמען פון זיין רעליגיע. און די שפּילקעס פון דעם מיידל, פון דער שיינער, שטאָלצער ייִדישער טאָכטער, וואָס מיט זיי האָט זי באַשיצט איר ייִדישער פרומקייט און צניעות.

איך וואָלט צוגעגעבן ווי אַ פערטע מתנה דעם תנ״ך פון חנה סענעש.

זי איז געווען פאַרשפּאַרט אין תפיסה און אַפילו ווען זי האָט שוין געדאַרפט שטאַרבן, האָט זי נישט אויסגעזאָגט די נעמען פון אירע חברים, נאָר זיך געהאַלטן שטאַרק און שטאָלץ און זיי נישט פאַראַטן.

חנה סענעש איז געשטאָרבן מיט אַ תנ״ך אין דער האַנט. און איך מיין, אַז דער תנ״ך וואָלט אויך געווען אַ וואונדערבאַרע מתנה.

---

חנה בנט מחלקה ב׳

# מחשבות וועגן העראָיִזם און קידוש השם

מיר לייענען וועגן „קידוש השם״ און מיר רעדן און דיסקוטירן וועגן ייִדישן העראָיִזם. און איך פרעג זיך אָפט מאָל:

— פאַר וואָס געדענקען מענטשן נאָר די העלדן וועלכע שטאַרבן?

איך מיין, אַז מען דאַרף אַלץ אָפּגעבן פאַר דער געזעלשאַפט, און אויך אַפילו דאָס לעבן, דאָס וויל זאָגן: אַז אַ טאַט איז פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו.

דער מענטש וואָס לאָזט זיך הרגענען, דערפאַר ווייל ער וויל נישט אָננעמען קיין פרעמדן גלויבן, אַזאַ מענטש איז אַ העלד. אָבער אויב ער קעמפט נישט פאַר זיין גלויבן ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן איז ער אַ פּחדן.

דער העלד דאַרף נישט, לויט מיין מיינונג, זיין אַ גבור, שטאַרק פיזיש, נאָר שטאַרק אין גייסט, אין מאָראַל, ווייל דער העראָיִזם איז אַ קאָנסעקווענץ פון אַלע אַקטן פריערדיקע פון דעם מענטשן, און אויב דער מענטש איז אַ ליידיקער און אַ שוואַכער אין מאָראַל, אין גייסט, וועט קיין העראָיִזם ביי אים נישט קענען זיין, ווייל דער רעזולטאַט פון זיינע פריערדיקע שלעכטע מעשים וועלן צו דעם נישט דערלאָזן.

דער וועג פון העראָיִזם איז שטענדיק אַ וועג פון פראָגרעס. עס איז נישטאָ קיין צוריק־וועג. דערפאַר מיין איך, אַז מענדל איז אַ העלד, נישט מיט זיין פיזישער גבורה, וואָס מיר ווייסן נישט וועגן דעם, נאָר מיט זיין גייסטיקער גבורה, וואָס מיר קענען זי יאָ.

נישט נאָר מענדל איז אַ גבור, נאָר כמעט אַלע ייִדישע העלדן זענען העלדן פון א מאָראַליש און גייסטיק לעבן. יעדער גוטער ייִדישער שרייבער האָט געגעבן און גיט מיט זיינע ביכער אַ ביישפּיל פון ייִדישער העלדישקייט.

דעריבער לאָמיר געדענקען אַלע העלדן פון דער ייִדישער געשיכטע, די וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף און דער עיקר די געפאַלענע העלדן אויף קידוש השם, און לאָמיר זיכער און שטאַרק קעמפן, אַזוי ווי אונדזערע אָבות צו דערגרייכן אַלע הויכע ייִדישע אידעאַלן דורך דעם וועג פון גייסטיקער גבורה.

●

חנה קאַול

# בנימין און סענדערל

בנימין ווערט באַטראַכט אין אונדזער ליטעראַטור ווי דער ייִדישער דאָן קיכאָט, און סענדערל אין קעגנטייל, ווי דער ייִדישער סאַנטשאָ פּאַנסאָ.

אַז מען הייבט אָן צו לייענען „מסעות בנימין השלישי" קענען מיר מיינען אַז דאָס איז סתם אַ נאָוועלע און מיר טראַכטן בשעתן לייענען, וואָס האָט מענדעלע געוואָלט מיט זיינע ביידע פּערסאָנאַזשן בנימין און סענדערל, מיט זייער נסיעה? ס'איז דאָך פּשוט אַ נאַרישע מעשה!

אָבער ווען מיר פאַרטיפן זיך אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אָט די ביידע פּערסאָנאַזשן זעען מיר, אַז שטענדיק, אין אַלע צייטן, ביי אַלע פעלקער זיינען אַזעלכע פּערסאָנאַזשן אַ פּראָדוקט פון לעבן: איינער איז אַן אידעאַליסט, און איינער אַ מאַטעריאַליסט.

דאָס זיינען די שטריכן פון אונדזערע ביידע העלדן, בנימין און סענדערל. בנימין איז דער אידעאַליסט, ער לעבט נאָר אין אַ וועלט פון ביכער און פאַנטאַזיעס וואָס ער האָט זיך אויסגעחלומט.

בנימין וויל אויפטאָן אַ גרויסע זאַך. ער האָט גענומען אַ הייליקע מיסיע: ער מוז אָנקומען צו די רויטע ייִדעלעך וואָס לעבן אויף יענער זייט פון סמבטיון. אַ מענטש מיט אַזעלכע אידעען, וואָלט אַ פּסיכאָלאָג געזאָגט, איז אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס ער איז שוין מיד פון זיין טאָג טעגלעכער רוטין, עס איז אים שוין דערעסן דאָס לעבן אין דעם קליינעם אָרעמען שטעטל, ער וויל אַרויסגיין פון דאָרט כדי צו זוכן אַ נייע וועלט, וואָס זאָל אים ברענגען דאָס גליק וואָס ער קען נישט געפינען אין זיין שטעטל.

בנימינס מוח איז פול מיט חלומות, ער פליט, ער טראַכט כסדר ווי צו מאַכן די נסיעה, ער טראַכט וווּנדערלעכע זאַכן. אַלע זיינען זיי פון אַ הויכן ניוואָ פון גייסטיקייט. די מענטשן ווידער, באַטראַכטן אים ווי אַ חסר דעה.

אָבער דער אמת איז אַז נישט מיט גייסטיקייט אַליין לעבט דער מענטש, דער מענטש מוז זיך דאָך אָנטרעפן אין זיין טאָג טעגלעכן לעבן מיט פאַרשיידענע פּראָבלעמען. אַפילו דאָס רעאַליזירן זיין וווּנדערלעכע נסיעה איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן: הוצאות, עסן, בגדים און אַנדערע זאַכן.

צו דעם טויג זיך בנימין נישט אויס און חוץ דעם, האָט ער בכלל נישט קיין צייט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע „קליינקייטן". האָט ער צו דעם פּלאַן צוגעצויגן סענדערלען.

און סענדערל, פונקט דער היפוך פון בנימינען. ער איז די פּראַקטישע זייט פון דער מטבע.

ער טראַכט וועגן די אַלע זאַכן, פּשוט ווי אַ ייִדענע. דערפאַר רופט מען אים טאַקע: סענדערל, די „ייִדענע". אויך סענדערל האָט גענוג מאָטיוון צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. ערשטנס זיין פרוי, אַזאַ מין פרוי האָט ער, אַז זי איז דער מאַן אין הויז, און ער דאָס ווייב. ער קאָכט און ראַמט. דאָס מוז ער טאָן צוליב דער מורא פאַר איר. און אפשר וואָלט ער דאָס סיי ווי געטאָן, ווייל ער וויל דאָך זיין גוט מיט אַלעמען. און דערצו האָט ער דאָך, ווי זיין שטייגער איז געווען, ליב צו זאָגן דאָס ווערטעלע: „וואָס אַרט עס מיך? וואָס פאַר אַ דאגה איך האָב? דו ווילסט דווקא אַזוי, נו זאָל זיין אַזוי."

אין ערשטן מאָמענט קען מען וועגן סענדערל טראַכטן אַז ער איז אַ מאַזאָכיסט, ער טוט דאָס וואָס מען הייסט אים.

דערפאַר זיינען סענדערל און בנימין אַ גלייך פּאָרל, אָדער ווי בנימין אַליין זאָגט: אַ זיווג מן השמים. סענדערל זאָרגט וועגן צוגרייטן דאָס עסן. באַלד ווי זיי קומען אָן אין אַ ניי שטעטל, זאָרגט ער וועגן וועטשערע און אַן אַכסניה.

אין שטריך איז יאָ פאַראַן ביי זיי ביידן: ביידע זיינען גרויסע פּחדנים. אָבער יעדער איינער פון זיי רעאַגירט אויף אַן אַנדער אופן. בנימין אויף אַן אינטעלעקטועלן אופן, איך מיין מיט דעם צו זאָגן אַז אַזוי ווי ער האָט אַן אידעע, ער וויל עפּעס דורכפירן, איז פונדעסטוועגן וויל ער זיך נישט צוריקציִען פון זיין פּלאַן אפילו דעמאָלט ווען עס באַפאַלט אים אַ מורא פאַר די שוועריקייטן וואָס עס שטייט זיי פאָר ביי דער נסיעה; סענדערל דאַקעגן, ביי יעדער שוועריקייט וויל ער זיך צוריקציִען פון דעם פּלאַן.

און דאָך זעען מיר אַז סענדערל מיט זיין פּראַקטישקייט קען זיך גיכער אַן עצה געבן איידער בנימין. אָן סענדערלס פּראַקטישקייט קען בנימין קיין איין טריט נישט מאַכן. דערפאַר פאַרשטייען מיר פאַרוואָס זיי זיינען „אַ זיווג מן השמים", ביידע צוזאַמען קענען עפּעס אויפטאָן, אָבער איינער אָן דעם אַנדערן ווערט פּשוט פאַרלוירן.

און דערפאַר שפּיגלען זיך אָפּ זייערע קאָנצעפּציעס אויף אַלע זייערע האַנדלונגען און פירונגען. אַז סענדערל זעט אַז די זאַך איז אוממעגלעך צו דערגרייכן און אַז עס איז פאַראַן אַ סכנה אויף זייע־

רע לעבנס, ווײל ער זיך אומקערן און גײן אַהײם. בנימין אָבער שרײַט אויס מיט זײַן אידעאַליסטי־שער עקשנות: „און וואָס וועט זאָגן די וועלט?"

סענדערל ענטפערט אים מיט זײַן פּראַקטישקײט: „די וועלט? די וועלט האָט דען דיך געבעטן צו מאַכן די נסיעה? האָט דען די וועלט דיר געגעבן אויף הוצאות?"

ביי אַ סך פֿאַלן אַזעלכע זעען מיר אַז סענדערל פֿאַרשטייט די זאַכן אַ סך בעסער ווי בנימין, ווייל ער איז אַ פּראַקטישער מענטש און דאָך פונעם שטאַנדפּונקט פון ווערט־פּולקייט און ווערטן בכלל איז בנימינס אויפּפירונג און זײַנע האַנדלונגען אונדז אַ סך נענטער און ליבער, ווי די פּראַקטיש־קייט פון אַ סענדערל. די וועלט קען נישט לעבן אָן די בנימינס. פאַר אונדז איז קלאָר אַז מענטשן קע־נען נישט לעבן אָן אידעאַלן.

פאַר אונדז איז נישט וויכטיק צי בנימין וועט קענען דערגרייכן זײַן ציל, צי עס זײַנען בכלל פאַ־ראַן רויטע ייִדעלעך אויף יענער זייט סמבטיון, וויכטיק איז פאַר אונדז אַז ער האָט זיך געשטעלט אַ ציל, דאָס וואָס ער האָט פאַר זיך אַן אידעע. וואָ־רעם, מענטשן מיט אידעאַלן רופן ביי אונדז אַרויס רעספּעקט, זיי קוקן שטענדיק פאָראויס, און אויב זיי קוקן אַמאָל אויף צוריק, איז עס נאָר כדי צו לערנען ביי די פריערדיקע העלדן ווי צו גײן פאַ־רויס און זיך נישט אָפּשטעלן אויף קיינע שוועריי־קייטן.

פאַר בנימינען איז אלכסנדר מוקדון אַ וועג־ווייַ־זער. ביי אים ווייל ער לערנען ווי אַזוי מען דאַרף באַזייטיקן שוועריקייטן וואָס מען טרעפט אָן אין וועג. דעריבער דערמאָנט אים בנימין אַזוי אָפט.

בנימין וויל אַרויסגײן פון זײַן טאָג־טעגלעכער רו־טין. ער וויל מער נישט זיך דרייען אין דעם זעלבן רעדל ווי עס דרייען זיך די מענטשן פון זײַן שטעטל. ער וויל וואָס גיכער אַוועק פון דאָרטן. דערפאַר האָט ער נישט קיין צייט צו טראַכטן וועגן מאַטעריעלע ענינים. דאָס גיט ער איבער סענדער־לען. בנימין שטייט אויף אַ העכערן ניוואָ פון סענ־דערל.

סענדערל איז געגליכן צו די טיפּן מענטשן, וואָס לעבן ניט אין דער וועלט, נאָר וואָס גייען אַדורך די וועלט, זיי לעבן מיט דאָס נייטיקסטע וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן. קיין הויכע אידעאַלן האָבן זיי נישט.

אַז עס קומט אַ מאָמענט פון סכנה ווילן זיי זיך באַלד צוריקציִען. סענדערלס ווערטל „וואָס איז מיין דאגה? דו ווילסט אַזוי, זאָל זײַן אַזוי", באַווייזט אונדז אַז מיט זײַן אייגענעם קאָפּ טראַכט ער נישט, נאָר מיט יענעמס קאָפּ, ער זוכט נישט קיין נייע זאַכן, קיין נייע געדאַנקען, ווייל דאָס קען אים קאָמ־פּליצירן דאָס לעבן.

אָט די מענטשן ווי סענדערל, זײַנען אָן כאַראַק־טער, זיי טראַכטן נישט קיין סך, דערפאַר זעען זיי אין אַלץ נאָר דאָס פּראַקטישע, נאָר דאָס קאָנקרעטע, ווייל אויף אַבסטראַקטע ענינים דאַרפן זיי דאָך טראַכטן, און די פונקציע גייט נישט אַריין אין דער רוטין פון זייער לעבן.

די וועלט צעטיילט זיך אויף צוויי טיפּן מענטשן: אויף אַזעלכע וואָס האָבן אידעאַלן, און ווילן עפּעס דערגרייכן ווי אונדזער בנימין למשל, און אויף אַזעלכע וואָס לעבן אַדורך דאָס לעבן, מיטן מיני־מאַלסטן, זיי האָבן נישט קיין ווילן צו עפּעס הע־כערס, זיי זײַנען אַזוי ווי אונדזער סענדערל.

„מסעות בנימין השלישי" איז אַ ווונדערלעכע נאָ־וועלע. אירע פּערסאָנאַזשן זײַנען אויסטערליש און גוט געשילדערט, מען זעט אַז אונדזער זיידע מענ־דעלע האָט זיך שטאַרק אַרײַנגעטראַכט אין זיי, ווייל זייערע רעאַקציעס אין יעדן מאָמענט זענען די ריכ־טיקע רעאַקציעס פון די טיפּן מענטשן וואָס זיי רע־פּרעזענטירן.



ש. עפּשטיין — מחלקה ה׳

# פאַר וואָס לערנען מיר יידישע געשיכטע?

כדי צו אַנטוויקלען די דאָזיקע טעמע, מוזן מיר פריער ענטפערן אויף אַ ריי פראַגעס, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט.

די ערשטע פון זיי איז:

— וואָס באַטייט געשיכטע?

פון דער רגע אָן ווען דער מענטש ווערט געבוירן, הייבט ער אָן צו זיין דער פאַקטאָר פון אַ ריי געשעענישן; ער ווערט דער צענטער פון פאַרשיידענע פּאַסירונגען, וואָס ווען צוזאַמען ווירקן אויף דעם מענטשנס פערזענלעכקייט און אייגנאַרטיקע שטריכן.

דאָס זעלבע געשעעט מיט אַ פאָלק. באַטראַכטנדיק פאַרשיידענע פעלקער, וועלן מיר זען, אַז יעדעס פאָלק, יעדע אומה טראָגט אויף אירע פּלייצעס אַ לאַנגע קייט פון געשעענישן, וואָס האָבן זיך אויסגעוויקלט און אַנטוויקלט במשך דער עקזיסטענץ פון דעם פאָלק.

די אַלע געשעענישן פון אַ פאָלק שפּיגלען אָפּ פּונקט ווי אין אַ מענטשן זיין כאַראַקטעריסטיק און אייגנאַרטיקייט, וואָס ווען צוזאַמען מיט דער קולטור בילדן די געשיכטע פון דעם פאָלק. די געשיכטעס פון אַלע פעלקער שטעלן צונויף דעם ריזיקן בנין פון דער לאַנגער און קאָמפּליצירטער וועלט־געשיכטע.

פון דעם וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן, קען מען גרינטלעך פאַרשטיין, אַז יעדעס פאָלק, וואָס וויל האָבן אין זיין קעגנוואַרט און צוקונפט אַ פעסטן יסוד, וואָס זאָל דינען פאַר זיין זעלבסטשטענדיקייט, מוז טיף פאַרשטיין די סיבות, וואָס האָבן באַווירקט זיין קיום און עקזיסטענץ. פון דעם קומען מיר צום הסכם, אַז: יעדעס פאָלק מוז קענען זיין פאַרגאַנגענהייט, כדי גרינטלעך צו פאַרשטיין זיין קעגנוואַרט און וויסן וועלכע דאַרף זיין זיין האַלטונג אין דער צוקונפט. איצט, אַז מיר ווייסן שוין וואָס עס הייסט אַזוינס געשיכטע, לאָמיר באַטראַכטן דעם עצם פּונקט פון דער טעמע:

וואָס פאַר אַ שייכות האָט יידישע געשיכטע מיט דער וועלט־געשיכטע?

אַנאַליזירנדיק אונדזער געשיכטע פון חורבן בית־ראשון ביז אונדזערע צייטן, וועלן מיר זען, אַז דאָס יידישע פאָלק איז געווען שטענדיק צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַלע פעלקער; און כדי צו פאַרשטיין די געשיכטע פון אונדזער פאָלק, מוזן מיר פאַרשטיין די געשיכטע פון די פעלקער, צווישן וועלכע יידן האָבן געלעבט.

אין דעם דאָזיקן צוזאַמענלעבן פון אונדזער פאָלק מיט די אַנדערע פעלקער, איז די יידישע קולטור באַאיינפלוסט געוואָרן פון די פרעמדע קולטורן און גלייכצייטיק האָט די יידישע קולטור געהאַט אַ גרויסע השפּעה, אין פאַרשיידענע אַספּעקטן, אויף די קולטורן פון די פעלקער.

אמת איז, אַז כדי צו פאַרשטיין יידישע געשיכטע, מוזן מיר קענען די אַלגעמיינע געשיכטע, מוזן מיר אויך וויסן, אַז זי אונטערשיידט זיך אין גרונט פון די געשיכטעס פון אַנדערע פעלקער.

וועלכער איז דער דאָזיקער אונטערשייד?

יעדעס פאָלק אַנטוויקלט זיך אויף אַ באַשטימטן באָדן, און אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע אַנטוויקלט זיך גלייכצייטיק זיין געשיכטע.

דאָס יידישע פאָלק דאַקעגן האָט פון זינט דעם חורבן בית־שני, געשאַפן זיין געשיכטע איבער דער גאַנצער וועלט, ווי אַ פּועל־יוצא פון גלות, ווייל די מערהייט פון פאָלק האָט געלעבט אויסער זיין אייגן לאַנד. ווי אַ קאָנסעקווענץ פון דעם, האָבן יידן נישט געקענט לעבן קיין איינהייטלעכן לעבן.

אַזוי קענען מיר זען אין אַלע תקופות, אַז בעת אין איין לאַנד איז יידן גוט, מען שטערט זיי נישט אין זייער קולטורעלער און גייסטיקער אַנטוויקלונג, ווערן יידן אין אַ צווייט לאַנד פאַרפאָלגט, פאַרניכטעט און אויסגעראָטן; מען צווינגט זיי צו שמד, אָדער מען פּייניקט זיי אויף די שייטער־הויפנס.

ווי אַ ביישפּיל האָבן מיר די „גאָלדענע תקופה" פון יידן אין שפּאַניע, אין וועלכער דאָס יידישע לעבן שטייגט אַרויף אין יעדער הינזיכט צו אַ הויכער מדרגה, און מיר האָבן גלייכצייטיק דעם פינצטערן מזל פון יידן אין מערב־ און צענטראַל־אייראָפּע, וואָס שטייען אויס כל המינים פּיינען און פאַרפאָלגונגען פון די קרייצצוגן.

דעם זעלביקן ביישפּיל האָבן מיר אויך אין אונדזערע צייטן. בעת אין אייראָפּע האָבן די דייטשן אומברחמנותדיק אומגעבראַכט כמעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק — די גרויזאַמסטע שחיטה אין אונדזער געשיכטע — האָבן

ייִדן דאָ אין אַמעריקע, געפֿירט אַ כמעט־נאָרמאַלן לעבן.

באַטראַכטנדיק אונדזער געשיכטע פֿון די אוראַלטע צייטן אָן, וועלן מיר זיך אויף יעדן טריט און שריט באַגעגענען מיט אַ געוויסן שטריך, וואָס כאַראַקטעריזירט די ייִדישע געשיכטע.

וועלכער איז דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטישער שטריך?

אין בראשית לייענען מיר, אַז גאָט האָט געזאָגט צו אברהמען: „קח נא את בנך את יחידך אשר אהבת"... אברהם האָט זיך נישט געקווענקלט און געפֿירט יצחקן, זיין ליבן זון, צו דער עקדה.

פֿון זינט יענע אוראַלטע צייטן חזרט זיך דער דאָזיקער שטריך איבער אין אַלע עפּאָכעס.

מיר באַגעגענען זיך מיט אים ביי דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, בעת די פּאָגראָמען פֿון כמעלניצקי הרשע, אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, און וואָס פֿאַר אַ בלאַט פֿון דער געשיכטע מיר זאָלן נישט אויפֿמישן, וועט מען מיט בלוט פֿון קדושים טרעפֿן פֿאַרחתתמעט אויף דור־דורות די געשיכטע פֿון זייער גאַנג על קידוש השם.

טויזנטער זענען די קדושים און מאַרטירער, וואָס זענען געגאַנגען אויף מסירת־נפש און־השם, פֿאַרהייליקנדיק אַזוי דעם נאָמען פֿון פֿאָלק, פֿון גאָט און פֿון דער אמונה.

אַ דאַנק דער דאָזיקער גייסטיקער גבורה, אָט דעם פֿעסטן גלויבן און דער כסדרדיקער האָפֿענונג פֿון ייִדן אויף אַ באַפֿרייטער וועלט און אַ בעסערן מאָרגן, האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק אויפֿגעהאַלטן זיין קיום, טראָץ אַלע ירידות, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געליטן במשך זיין גלאָרייכער געשיכטע.

נאָך דעם וואָלטן מיר זיך געקענט שטעלן די פֿראַגע: וואָס לערנען אונדז די אַלע געשעענישן און פֿאַר וואָס מוזן מיר זיי לערנען?

ווי אַן ענטפֿער אויף דער ערשטער פֿראַגע קענען מיר זאָגן, אַז די אַלע געשעענישן שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן פֿון פֿאָלק, וואָס איז גובר אין אַלע צייטן און עפּאָכעס אַלערליי פּיינען און יסורים, און דאָס איז לסוף זוכה געווען צו קענען ווידער האָבן זיין אייגענע מדינה אויף זיין אייגענעם באָדן.

מיר מוזן לערנען די דאָזיקע פֿאַרגאַנגענע געשעענישן, ערשטנס: אַלס פּועל־יוצא פֿון דעם וואָס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן, און צווייטנס: וואָלטן מיר דען געקענט פֿאַרשטיין דעם אויפֿקום פֿון דער מדינה, היינטיקן קיבוץ־גלויות און דעם תוכן פֿון חלוציזם, נישט פֿאַרשטייענדיק די פֿאַקטאָרן וואָס האָבן דאָס באַווירקט, און זענען דער זין פֿון צוויי טויזנט יאָר געשיכטע? דער ענטפֿער איז אַ פּשוטער: מיר וואָלטן עס נישט געקענט פֿאַרשטיין, ווייל מען פֿאַרשטייט בלויז געשעענישן, ווען מען קען די סיבות, וואָס האָבן צו זיי געבראַכט. און ווען מיר אַנאַליזירן נישט נאָר די ייִדישע געשיכטע, נאָר די גאַנצע וועלט־געשיכטע, וואָלטן מיר זיך געקענט שטעלן די פֿראַגע: איז געשיכטע אַ ריי געשעענישן וואָס חזרן זיך איבער?

אויב אין דער געשיכטע פֿון די פֿעלקער זענען פֿאָרגעקומען במשך דער צייט ענלעכע פּאַסירונגען און אַפֿילו די זעלביקע געשעענישן, קענען מיר נישט זאָגן, אַז זיי חזרן זיך איבער, ווייל יעדע געשעעניש איז פֿאָרגעקומען אין באַזונדערע צייטן, ווי אַ רעזולטאַט פֿון באַזונדערע סיבות, און זי איז געקומען צום אויסדרוק דורך אַנדערע מענטשן, וואָס זענען געווען אין יענער צייט די טרעגערס פֿון פֿאַרשיידענע אידייען און די רעאַליזירערס פֿון פֿאַרשיידענע טאַטן.

**יואל סלאפאק** — מחלקה ה׳

# בראשית

## מבוא

מנקודת מבט הספרותי, ישנן בתנ"ך הרבה חולשות, ובפרט בספר בראשית. רואים כרגע שהוא לא נכתב באותה היד, באותו הזמן, אלא שהוא קובץ ספורים ואגדות עממיים מן התקופה הזאת. הספר בראשית, מורכב מאורעות רבים שיש בהם כל מיני מנהגים, אמונות־הבל, דינים, ובהם הכח הצעיר של העם הצעיר.

בכלל, התרבות הפרימיטיבית, הרוח של המזרח הנצחי והתת־הכרה האוניברסלית, חודרים בספר פה ושם, ונותנים לו רבגוניות יחידה בספרות העולם.

גם לספור יש אותה הצורה. תוספות ודלוגים, הגזמות וסתירות; אבל בעיקר אי אפשר להתנכר על אף כל הרצון הטוב של המחבר והקורא, שהספר לא ספור אחד הוא, אלא שהם מקרים בודדים, אשר נאספו כדי להרכיב ספר הסטוריה.

למה זה הכל? אולי הכל אגדה, ואין אמת בכל זה? ואולי הכל אמת? לא אֲני ולא אתה נדע את זה באופן בטוח...

לא בידי לעשות נתוח עמוק מהנושא.. עשיתי רק מה שנתנו כוחותי: אספתי ובדקתי חומר, וממנו הוצאתי מה שהיה בעיני טוב ונחוץ. לזה הוספתי את ידיעותי הדלות.

אם כן, אל נא תביטו על זה כמו על חקר מדויק, אלא כעבודת תלמיד ולא מהיותר טובות. תודה!

... והאדם מלא את העולם, ודורות אחרי דורות גללו.

... ולכל דור אלים אחרים, ולכל אל — דור.

... והאדם עבד את אלהיו, והאלים אהבו את האדם...

בערך 2300 שנה לפני כריסטוס, באותה התקופה של המלך חמורבי 1) נולד באור כשדים 2) — אברם, אבי העם היהודי, אבי הישמעאלים ואב מוסרי לנוצרים.

הדת הרגילה באור־כשדים היתה עבודת האליל מרדוק, אדון השמש; אבל בימי חמורבי היתה רפורמה, והמלך חדש את עבודת האליל שין, בעל הלבנה. בין הלא־מרוצים ברפורמה, היה אברם 3).

לפי שמסופר בספר יהודית (ה׳ 23), אברם מאן לעבוד לאלילים כלדיים וללכת בדרך אבותיו, אלא שהוא עבד רק לאל היחיד והאמיתי (לא קוראים בשמו). מפני זה, אברם סבל יסורים וענויים עד סכנת מות 4).

כל הגורמים האלה עשו שאברם יעזוב את מקום מולדתו יחד עם אביו תרח (מן הצאצאים של שם) ואשתו שרי 5) יחד עם כל משפחתם, ויפנו צפון־מערבה, עד חרן, בדרך המסחרי בין הים התיכון והמפרץ הפרסי, 1100 קמ׳ר. מאור כשדים ו־100 קמ׳ר מזרחה לנהר פרת 6).

שם בחרן, נשתקעו אברם וכל משפחתו, וכעבר זמן, נתעשרו מאד (בראשית, י"ב־5). כנראה, שם חיו בשלום ושלוה, עד ששוב פעם, הבעיות הדתיות 7) שמים אותו במצב בלתי נעים. ואברם צריך לעזוב במהירות את מקום מגוריו, ולחפש מקום מנוחה (כאן יש מין נבואה, לא כך?), ללא בעיות דתיות וללא סכנת הדבקות במנהגים האליליים, אף על פי ש„אין יראת אלהים במקום הזה" (בראשית, כ׳־11).

בראשית — י"ב, 1: ויאמר יהוה 8) אל אברם: לך לך מארצך ומבית אביך... במלים אחרות: ה׳ מוציא אותו ממולדתו בבל (אור) ומבית אביו (חרן), כדי להציל אותו מההתבוללות; אבל התורה מראה לנו שאברם, בהתלהבותו, לא יודע ולא שואל למקום איפה ימצא מנוחה; הוא הולך אחרי ה׳ אל „הארץ אשר אראך".

„באמת, קשה היתה הפקודה אשר קבל אברם ועוד יותר מפני כל הזכויות שאברם צריך לעזוב (עושר ודרגה חברתית). מפני זה ממהר ה׳ להודיע לו השכר שיקבל בזכות מסירותו: „ואעשך לגוי גדול, ואברכך ואגדל שמך, והיה ברכה" 9).

בשמעו את דבר ה׳, לקח אברם עוד הפעם את אשתו, ואת כל משפחתו ועבדיו אשר „עשה לו" בחרן, ויצא מחרן בגיל 75. הוא הולך 750 קמ׳ עד שבא לשכם, איפה ה׳ מדבר אליו ומבטיחו: „לזרעך אתן את הארץ הזאת" (י"ב־7). אברם, כבטוי רגיל בזמנו, בונה שם מזבח 10) לשם תודה, להקריב קרבן לאלהיו, ולזכר לדורות שאחריו.

וישב אברהם בארץ עד שבא לבית אל 11); „ויהי רעב בארץ, וירד אברם מצרימה..." ההגירות למצרים בזמני רעב היו רגילות בזמן ההוא; נזכר שמצרים היתה בתקופה הזאת

ארץ פוריה ועשירה בסביבה. אם כן, אברם לא עשה שום דבר יוצא מן הכלל.

אנו יכולים להיות בטוחים, שהמסורת הישר־אלית העתיקה התפארה מאד ביופי של שרי; הנשים המצריות „נבלו” בגיל צעיר מאד 12), והיא בת 65, עוד היתה „יפת מראה” (י״ב־11). הגיוני היה שיקחו אותה לבית פרעה.

ומה שנוגע לאברם במקרה זה, הוא לא מראה אמיצות לב יתרה...

מנקודת מבט מודרנית קשה להצדיק את התנהגותו של אברם, אבל לעם ישראל הפרי־מיטיבי היה מצחיק מאד איך אביו רימה בהצלחה כה מרובה את פרעה התקיף, עד שלבסוף הסכנות הביאו לו רוח רב 13).

וישב אברם לכנען, דרך החבל הדרומי, ויט את אהלו, ויבן מזבח, גם לוט התעשר מאד, עד שהשטח לא היה, די להם, ולמקנה עוד, כי „הכנעני אז בארץ” (י״ב־6) 14) וכן צריך היה, שיפרץ ריב בין לוט ודודו אברם.

---

הערות

1) אפשר שאותו חמורבי הוא המלך אמרפל הנמצא בבראשית. חמורבי חי בין 2200 — 2100 שה לפסה״צ׳. ובימיו היתה הרפורמה ממנה נדבר אחרכך; מכאן סוב־רים שהוא בן דור אברם.

2) אור כשדים: עיר 300 קמ׳ר דרומה לבבל, בצד הימני לנהר פרת, בה חיו הכשדים (או כלדיים) בני שם.

פרוש המלה אור:־עיר (בארמית); בעברית — אור, אש. העיר אור היתה מרכז עבודת האליל מרדוק, בעל השמש והאש.

3) אברם: אב־רם, אב גדול; בכתובים הכוניפורמיים נמצא כמו אבירמו: אבי גדול, וגם כמו אבורמה: אביו הגדיל אותו.

4) יוסף פלויוס מביא את האגדה הזאת, בכל הפרטים.

5) שרי: שרה, בעלה, חשובה. היא היתה אחותה של אברם מצד אביהם תרח.

6) הם לא יכלו לעשות את הדרך הישרה לכנען, ולעבר את כל המדבר; אם כן, הם סבבו את המדבר, דרך קשת האדמות הפוריות.

7) המאבק הדתי באור ובחרן היה בין עובדי מרדוק (אל השמש) ועובדי שין (אל הירח). חוץ מהם היו בבבל יותר אלילים לא כל כך חשובים.

„הדת היהודית עשתה מיזוג בין המגמות הדתיות והדריכה אותן בדרך מוסרית”.

8) בספור הזה נותנים לאלהים את השמות: אל: בלי שום הסברה; אל עולם; כמו האל הפרימיטיבי, או האל הקים לנצח; אל שרי: (אל העשר והשפע) ואל עליון בפי מלכי־צדק. „השמות הללו לא נוצרו

הם נחים על ירושה היסטורית, שצריכה להיות לקוחה בחשבון

9) זה נורא איך שהמפרשים הנוצרים מחליפים את תוכן החלק הזה: במקום לפרש: „כלם יברכו בשמך”, הם אומרים: „כלם יהיו מבורכים בזכותך”, כאלו הם רואים שם הכרזה לישו הנוצרי

10) כאן התרבות הכנענית [כי „הכנעני אז בארץ” (י״ב, ע׳) ], נכנסה לספור: ידוע שהאלון היה אל־אליל מהכנענים; לא מפרטים את המזבחות האחרים, אבל מקו־מות אחרים היו נכבדים מאד בעם, על זכות שאברם הקריב בהם בדרכו.

11) אפשר לחשוב שכאן יש שגיאה בזמן: אולי כבר היתה עיר במקום הזה, אבל השם בית־אל נתן מפי יעקב (בראשית, כ״ח — 22).

14) הכנענים נכנסו לארץ מצד דרום, באו מים והשתקעו בארץ כנען בזוף ובשפלה.

Stern Krude ...in Babel)
.(Erkt — Die Hebraën; Krugler:
.(Erkt — Die Hebraën; Kugler:
(Histoire des Juifs — Renan)
(Revue Biblique - 1908 : 105)
reiches; König)
Geschichte des Gottes
;a posteriori
.(Die bybl und babyl Gotteside - Hehn)
son - Kingdon : 170)
(Robin-
(Schuster - Holzbaum - 174 - IV)
12 (Howard Fast: Moisés, Príncipe de Egipto)
13 (Comentarios bíblicos de Abingdon, T. 1, 171, sic).

Herodoto
Kananäer und Hebräer — 1811)
(Böhl:



**שמואל קאַוואַן**

2טע פּרעמיע אויפן שילער־קאָנקורס פון קולטור־קאָנגרעס 1961.

# מדינת ישראל

אַ ייִדיש לאַנד איז אויפֿגעקומען!

נאָך אַזוי פֿיל יאָרן פון טרויער איז געקומען די מדינה.

מיר האָבן פאַרלוירן די גרעסטע פּערזענלעכקייטן אין דעם טויזנטיאָריקן קאַמף, אָבער מיר האָבן געוווּנען דאָס ייִדישע לאַנד.

מיר דאַרפן זיך אָפּגעבן רעכענונג דערפון און דערמאָנען די גרויסע צאָל אומשולדיקע ייִדן, וואָס האָבן ביז זייערע לעצטע מינוטן זיך געראַנגלט צו בלייבן ייִדן, און אַזוי זיינען זיי אויסגעגאַנגען.

אַ שטראָם פון הייסן בלוט איז אַרויס פון זייערע הערצער, ווען זיי זיינען געפאַלן... זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי שטאַרבן פאַר זייער פאָלק, פאַר דעם פאָלק וואָס וואָגלט אַרום און געפינט נישט אין ערגעץ קיין רו.

די געווינענע ערד, דאָס ייִדישע לאַנד האָבן די ייִדן באַאַרבעט מיט ליבשאַפט און די חלוצים האָבן עס באַפרוכטיקט מיט זייערע הענט — קעמפנדיק, און טייל פון זיי האָבן דערביי אויך פאַרלוירן זייערע לעבנס.

מיר ייִדן קענען נישט פאַרגעסן די חלוצים, וואָס האָבן זייערע לעבנס מקריב געווען פאַרן ייִדישן פאָלק.

מיין פאָרשטעלונג וועגן די חלוצים איז, אַז זיי פאַרקערפּערן מיט זיך אַ ביקס, אַ פעדער, אַן אַקער און אַ וואָרט.

אַ ביקס, ווייל זיי האָבן געקעמפט און נישט פאַרשפּילט מיט זייער ביקס;

אַ פעדער — ווייל מיט די הענט האָט די פעדער געשריבן בלעטער פאַרן כבוד פון דעם ייִדישן פאָלק;

אַן אַקער — אויף צו באַאַרבעטן דעם באָדן פון לאַנד.

אַ וואָרט — ווייל די קעמפערס און טרוימערס פון דער ייִדישער מדינה האָבן געהאַלטן וואָרט, וואָס זיי האָבן געגעבן דעם פאָלק, וואָס איז ווידער יונג און עס שטאַרקט זיך. צו די דרייצן יאָר פון דער באַנייטער ייִדישער מלוכה שטאַרקט זיך דאָס פאָלק צו ווערן גרויס און שטאַרק.

מיט די הענט האָט די פעדער געשריבן בלעטער פאַרן כבוד פון ייִדישן פאָלק; די קעמפערס און אידעאַליסטן פון דער ייִדישער מדינה.

עס האָט דער רבונו של עולם אויך געהערט דעם ווילן פון פאָלק און ער האָט צוגעהאָלפן.

איך בין היינטיקס יאָר געוואָרן בר־מצווה און איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל זיין אַ שטאָלצער ייִד צום פאָלק ישראל, און איך גלויב, אַז ישראל וועט ווערן גרעסער.

אונדזערע נביאים האָבן געזאָגט, אַז צוויי מאָל איז יהודה געוואָרן צעשטערט, אָבער צום דריטן מאָל וועט זי שטיין אייביק, וועט נישט צעשטערט ווערן. און אַזוי איז געשען. מיר האָבן געוווּנען די מלחמה, און די נעמען פון אונדזערע העלדן וועלן זיין אויסגעקריצט אין טיפן האַרצן אויף יאָרן און לאַנגע תקופות.



דבורהלע דייטש

3טע פרעמיע אין שילער־קאָנקורס ביים קולטור־קאָנגרעס

# די מלחמה פאַר דער באַפרייונג פון ישראל

איך האָב געלערנט ייִדישע געשיכטע. איך האָט אויסצושטיין אין פאַרשידענע צייטן. בבל, רוים, די גריכן, עליזאַבעט די קאַטוילישע, היט־לער ימח שמו — אַלע האָבן געוואָלט פאַרטי־ליקן די ייִדן. ווער עס האָט געברענט ייִדן אויפן אויטאָ־דאַ־פע; ווער עס האָט זיי דערשטיקט אין די גאַז־קאַמערן, ווער עס האָט געוואָלט, אַז די ייִדן זאָלן סתם זיך אַסימילירן — אויסמישן זיך מיט אַנדערע פעלקער, אָבער קיינעם פון די רודפערס האָט זיך נישט איינגעגעבן אומצו־ברענגען, ליקווידירן די ייִדן.

די ייִדן האָבן אַריבערגעטראָגן אַלע ליידן, אַלע חרפּות. מיט שטאָלץ האָבן זיי געטראָגן די געלע לאַטע און דעם געלן מגן־דוד. דעם בטחון האָבן זיי נישט פאַרלוירן אַפילו אין די ערגסטע צייטן. אין די תפילות און אין די לי־דער האָבן זיי באַוויינט זייערע טויטע ברידער און אין די לעבן־געבליבענע האָבן זיי אַריינגע־געבן נייעם מוט און נייעם גלויבן, אַז גוטע ציי־טן מוזן קומען פאַר די ייִדן, אַז זיי וועלן זיך נאָך אַ מאָל צוריקקערן קיין ארץ־ישראל און דאָרט לעבן ווי אַ פרייַ פאָלק פונקט ווי אין די צייטן פון פון דוד און שלמה.

און זייער גלויבן איז מקוים געוואָרן אין די יאָרן 1947 און 1948.

אין 1947, ווען די „און" האָט אָנערקענט די רעכט פון די ייִדן צו שאַפן זייער אייגענע מלו־כה און אין 1948, ווען אַראַבישע שונאים זענען אָנגעפאַלן אויף דער נייַ־געשאַפענער מדינה ישראל און די ייִדן האָבן מיט זייער בלוט אויס־געקעמפט זייער זעלבסטשטענדיקייט. אָט די שלאַכט איז געווען זייער אַ בלוטיקע. די ייִדן, וואָס זענען אין יענער צייט געווען אַ קליין פאָלק אָבער אַ מוטיקס, האָבן געקעמפט מיט אַלע זייערע כוחות קעגן דעם שטאַרקן שונא, די אַראַבער. אונדזער פאָלק האָט נישט געהאַט קיין סך געווער. מיט וואָס עס האָט נאָר גע־קענט, האָט עס זיך פאַרטיידיקט קעגן דעם פיינד.

געזען אַז זייער פּלאַן אָפּצומעקן די ייִדן פון דער מאַפּע האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן האָבן די אַראַבער זיך אונטערגעגעבן. די ייִדן האָבן געוווּנען דעם קאַמף. אין ה' אייר פון יאָר 1948 האָבן זיי פּראָקלאַמירט די אומאָפּ־הענגיקייט פון דער ייִדישער מדינה.

דעריבער איז דער שנת העשור זייער אַ גרוי־סע פרייד פאַר אַלע ייִדן און נאָך גרעסער איז ביי אונדז די פרייד, ווען מיר זעען וואָס די ייִדישע מדינה האָט אויפגעטאָן אין די יאָרן פון איר זעלבסטשטענדיקייט.

דערפאַר פאַרשטייען מיר פאַר וואָס מדינת ישראל האָט פּראָקלאַמירט דאָס גאַנצע יאָר פון שנת העשור ווי אַ יום־טוב פאַר אַלע ייִדן אין דער וועלט.

---

יעקב שטינברג — כיתה ה'

# בסימן העשור

„זה היום נכספנו לו עוד יעל ויבוא" — בא ויהי. לפני 10 שנים קרה־הנס־לא נס הזה. רובנו ככלנו תלמידי הסמינר הזה — עוד ילדים, תינוקות של בית־רבן היינו — כשׁ־הוזקנו לקול פעמי הגאולה. אז לא הבינונו פרוש עצמאות מהו? — היום אנו רק השכלנו לתפוס שבזכות אותו יום נכסף אנו חיים כיום. אם עלה עלינו בקרב הגויים בהם אנו יושבים בזכות אותו יום זה קרה. אם התישר גוום של הורינו בגולה, קבעו בדבר שתי מלות הקסם „עצמאות ישראל". ששחררו אותם בבת אחת מאותה הרגשת גולה ונכר שרבצה עליהם והנחיתות שלוותה אותם אלפים שנה, עם ללא מולדת ועשאום עם ככל הגויים. ואם יש דבר שהפך לציר מרכזי ולמטרה בכל חינוכנו וישו־תנו בגולה — הרי זו מדינת ישראל. כלום היינו יכולים לחיות כיום בגולה בלי המדינה? ובימינו קרה הנס. אכן הצלחנו להיות בנים

לדור גדול שלאו כל דור זוכה לכך. זה מטיל חובות, תפקידים ואחריות.

וכששם שלימדונו להיות לא רק נאה דורשים כי אם גם נאה מקיימים יש לשאוף להתור אליה על מנת להצטרף אל לוחמיה — חולמיה ובוניה. לא רק לשיר על גבורה כי אם להימנות על הגיבורים. לא רק לפאר ולשבח את החלוצים המשנים „מעשה בראשית" אלא להצטרף אל מחנה המגשימים. לא רק לדקלם ולהתרפק מרחוק על הנגב ועל הגליל ועל ירושלים ועל אילת — אלא לדחוק את הקץ כדי להצטרף אל כובשי המדבר, אל מנצחי השממה ובוני הישובים למען כל העם שיקובץ במולדת.

שנת העשור מחייבת למעשים — מי יתן ונעמוד במבחן ולא נאכזב את המורים ואת התורה שספגנו במוסדנו היקר, במשך כל שנות עצמאות-ישראל.

---

**מלאך גרומער** — מחלקה ה׳

# װעגן מהות פון אונדזער שול

מיט אַ קורצער צייט צוריק, איז צו מיר געקומען אַ חבר פון מחלקה „א" און האָט מיך געפרעגט בזו הלשון: זאָג מיר, חבר גרומער, פאַר וואָס לערנסטו „אייגנטלעך" אין דער מיטלשול, צי בלויז דערפאַר ווייל דו ווילסט זיין אַ ייִדישער לערער, אָדער צוליבן דראַנג צו דערווערבן נאָך אַ ביסל ייִדישע קענטענישן? ס'איז מיר שווער געווען אים גלייך צו געבן אַן ענטפער, ווייל די שאלה איז אַ גאַנץ האַרבע, טראָץ איר אויסערלעכער פּשוטקייט; ווייל לויט מיין מיינונג איז נישט מעגלעך פונאַנדערצוטיילן אונדזערע צילן אין קעסטעלעך. ביידע צילן זענען מיר טייער און אומצעטיילבאַר. על כל פנים איז נישט מעגלעך אפילו צו חלומען וועגן זיין אַ ייִדישער לערער און נישט דערווערבן קיין גרינטלעכע ידיעות פון ייִדישן וויסן און נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן. איך בין זיכער, אַז מען וועט מיר ענטפערן: יאָ, אָבער עס זענען אפשר פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן נישט קיין באַרוף צו זיין קיין לערער, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין באַציונג, אָדער קיין פעיקייטן און ליבשאַפט צו זייער קומענדיקער אַרבעט.

קען דען אַ שול אַרויפצווינגען אַ ליניע און פאַרפליכטן לויט איר צו ריכטן דעם לעבנסוועג, איינשטעלונג און נייגונגען פונעם שילער? מוז איך זיך מודה זיין, אַז די פראַגע עגבערט מיך און איך האַלט נאָך אין זוכן אַן ענטפער.

ראשית וואָלט איך געזאָגט, אַז נישט אַלע וואָס ענדיקן אונדזער מיטלשול מוזן ווערן לערער. דער געבוי פון אונדזער מיטלשול איז אַזאַ, אַז זי נעמט אַרום אַלע הומאַניסטישע געביטן פון ייִדישן וויסן, נישט דווקא געריכטעט מיט פּעדאַגאָגישע טענדענצן. צווייטנס מוזן מיר אין ליכט פון די אויפגאַבן אין ייִדישן לעבן פאַרברייטערן דעם באַגריף „לערער־דערציער" און נישט באַגרענעצן אים צו אַ מחלקה, צו אַ גראַד, צו אַ שול.

איך מיין, למשל, אַז זיין אַ מדריך אין אַ יוגנט־באַוועגונג מיינט אויך זיין אַ לערער, אָדער זיין אַן אינסטרוקטאָר, אַן עסקן אין אַ געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע, אָדער אַ וועלכער עס איז טוער אין אַ צענטער. אַלע זיי זענען שומרים פון נאַציאָנאַלע ווערטן, וועלכע מען קולטיווירט אין אונדזער מיטלשול. דריטנס, האָט דאָך אונדזער שול אויפגעשריבן אויף איר פאַן, אַז זי אידענטיפיצירט זיך אידעיִש מיט דער חלוצישער פאַרווירקלעכונג אין ישראל, דאַרפן מיר דאָך זאָרגן איבערצוזעצן די ווערטער אויף מעשים. איך האַלט, למשל, אַז עס וועט זיין געזונט פאַר דער שול ווען זי וועט שליסן אַ מין „אַליאַנס" מיט דער אידעיִש נאָענט - שטייענדיקער יוגנט - באַוועגונג בכדי אַרויסצופירן די תלמידים אויף ברייטע שליאַכן פון זעלבסטפאַרווירקלעכונג.

וואָס מער שילער עס וועלן, לויט מיין מיינונג, געהערן צו דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג, אַלץ געזינטער וועט זיין די שול. וואָס מער אַביטוריענטן עס וועלן עולה זיין קיין ישראל, אַלץ גרעסער וועט זיין די דערציִערישע השפעה פון דער שול אויף אירע תלמידים.

און צום סוף, ווי זאָגט מען ביי אונדז אין אַרגענטינע, ס'איז שוין די העכסטע צייט מיר זאָלן זיך אַלע אָנטאָן „לאַנגע הויזן" און זיך אויפהערן אין אַלץ צו פאַרלאָזן אויף „אונדזערע שפּייזער", ווי חשוב און טייער זיי זאָלן נישט זיין אין אונדזערע אויגן.

אַריה בלינדער — כיתה ג׳

# לחג העשור

חג חדש בתולדותינו
הניפו דגל ברינה,
היום חג עצמאותנו
חג עשור למדינה.

חג גבורה לחלוצינו
חג כבוד לזה העם,

זכר נזכר את גבורינו
דם ויזע־עצמאותם.

יוד אביבים מאז עברו
שמחה ודמע, אור וצל,
חרשו סקלו, נטעו, זרעו,
קבעו עתיד לישראל.

---

א. בלינדער מחלקה ד׳

# לא נפקיר!...

(על פי שירו של דוד שמעודי)

„לא! את דמנו לא נפקיר ..."

הפקר היה דמו של עם ישראל בארצות נכרי תמיד במשך גלותו הארוכה והמרה.

דמם של בני ישראל נשפך כמים על כל צעד ושעל על כדור־הארץ.

מיום שהעם הגלה מארצו — היה נע־ונד ולא מצא מנוח לכף רגלו: גרושים, ענויים, גזרות, ורדיפות עד אין־סוף.

לבני ישראל לא נתנה אפילו היכולת להגן על עצמם; כמו שמובילים צאן לטבח, כך הובילו את אנשיו — נשיו וטפו להרג.

עד שקם דור חדש: חלוצים, לוחמים ומגינים שנשבעו:

— מהיום והלאה לא נפקיר את דמנו! שידעו אויבינו שאין אנו מפחדים מפני סכינים וחצים, כי לנו נשארה רק ברירה אחת — להגאל בארצנו ולחיות חיי עם חפשי ועצמאי! פה — על אדמת המולדת נהיה תמיד מוכנים לעמד על נפשנו ולהגן על חיינו. חזרנו למולדתנו הישנה לעבוד וליצור בה חיים של שלום וחרות, ואם שונאינו יעיזו להפריע לנו — נקיים את הצו: „— הבא להרגך, השכם להרגו"... „פה לא כצאן נפגש את המות" אלא נעמוד על המשמר יומם וליל מזויינים, כי יש לנו רק ברירה אחת: „בארצנו להגאל"!

---

יענטעלע — מחלקה ג׳

# חסיד און חלוץ

צווישן די גרויע שטיינער פון אַ קרום געסל, הינטער שטעכעדיקע דראָטן פון שפּאָט און שאַנד, האָט זיך אויסגעפורעמט דאָס לייכטע שמייכעלע פונעם חסידישן ייִדן.

זיין לוסטיק געלעכטער, דער האַסטיקער טאַנץ פון זיינע אויגן, דער פייערדיקער בליץ פון זיין ווערטל, און אין התלהבות פון זיין ליד פלעגט זיך אויסגיסן זיין גלויבן...

צווישן פאַרמעט פון צייט און געשיכטע האָט זיך חסידישע פרייד געגאָסן. דאָס חסידישע ליד האָט ווי רויטער ווין אויפגעשוימט אין אַ סימפאָניע פון טרויער און פרייד.

קליין־שטעטלדיק, פּשוט, האָט ער זיך אויפגעהויבן אַלס סימבאָל פון ייִדישן באַוווסטזיין...

און היינט בליט ווידער אויף אונטער אַ

ברייט־אויפגעעפנטן הימל די התלהבות פון זיין ליד...

איבער פלייצעס געבויגענע, איבער שטאַ־לענע אַקסלען, אונטער שאַרף אויסגעשניצטע אָרעמס, שפּילט אַרויס זיין פרייד...

די קייט האָט זיך אין פייער־פעלדז אויס־געהאַקט, איינע אין דער צווייטער האָבן זיך אירע רינגען צונויפגעגאָסן...

שטייף צוזאַמענגעפלאָכטן האָט זיך מכביי־ערס גבורה מיט העלדישן מאַרש פון זעלאָט, און פעסט האָבן זיך אין איינציקער לעבנס - געשיכטע אַרומגענומען חסיד און חלוץ...

דערפאַר, ווייל שטאָלץ איז דער היינט מיטן נעכטן, ווייל דער מאָרגן וועט זיך דורך זיי ביידן אַנטפּלעקן, דערפאַר...

שטייט היינט אונטער אַ הימל, אַ ברייט צעעפנטן, ווי אין דער ערד איינגעגראָבן, די שטיינערנע געשאַלט פונעם ייִד פונעם אויפסניי געבוירענעם...

זיין בליק איז שטאָלץ, פון פייער זיין קוק, פון ווילדגראָז זיינע האָר...

אין זיין האַנט אַ פלייט און אַרום אים ווי אין נעפלען אויסגעוועבט אַ וואָלקן פון שאָף...

און אין זיינע אויערן ווען נאָך לאַנג הילכן־ווי אין אַן אַלט באַקאַנטן אָבער שוין פאַר־געסענעם אָפקלאַנג, צעריסענע טענער, פון אַ חסידישן ניגון...

---

**רות פּוֹך** — מחלקה ד׳

# מכתב לחבר

רוצה אני להגיב על מכתבך ולעלות במקצת מהשגותי. כבת הארץ הזאת נפגעתי במקצת באופן כתיבתך על הישוב היהודי כאן. כתבת בלעג שנון, וכסימן היכר ליהודיה כאן, לא מצאת ביטוי אחר, מלבד זה, שהיהודים כאן שמנים מאכילת בשר למכביר — ותו לא „ציו־נים” אחרים ותכונות אחרות לא מצאתי במכ־תבך על אבותינו. אולי צדקת במקצת אבל אתה תסכים עמדי שחצי האמת אינה האמת כלה. כלום נסתר ממך, כי יש פה בגלות ארגנ־טינה גם חיים אחרים, מעניינים, מלאי תוכן־ מלבד הזולילה שהעלית אותה על נס. צריך רק לדעת לחפשם. אין דבר מסוכן לדעתי יותר מאשר להסתכל דרך זוית ראיה אחת.

העיר בואנוס אירס היא עיר גדולה ויש בה סביבות שונות; יש קלות דעת, התנכרות, חיי הפקר והוללות מצד אחד, ומצד שני קיימות תנועות צבוריות עם שאיפות ואידיאות, הלו־חמות נגד ההתבוללות, הקשורות בכל נימי הנפש למדינת ישראל, ומפתחות את תרבותנו הלאומית על שתי לשונותיה; בתי ספר, מכו־נים ואולפנים, הרצאות, תיאטראות וספרויות — עליך לדעת כי המלחמה עם הרחוב הנכרי היא גדולה ורבת מכשולים.

אני רואה מרחוק את תגובת הלעג שלך לכתיבתי זו — אבל זוהי המציאות ובה יש ליצור, לחיות ולהלחם.

אני לכשעצמי כמובן מתכוננת לעליה ליש־ראל, ועוד לפני העליה הסופית אבוא תחלה לשנת השתלמות אחת לסמינריון ע״ש חיים גרינברג ע״ה בירושלים. הראש שלי סחרחר ממחשבות על עתידי הקרוב ועל החוויות שעומדות לפני.

אני מחכה למכתבך ואל תגיד „לכשאתפנה” — שמא לא תתפנה.



ורדה שניידלעדער — מחלקה ב׳

# פאַר וואָס לערן איך אין אַ יידישער מיטלשול?

אַ יידישע שול! איך בלייב פאַרטראַכט; אין מיין זכרון דרייען זיך די צוויי ווערטער: „יידישע שול"; איר זעט, אָט דעם בנין; יאָ, דער פּרעכטיקער בנין, דאָס איז די שלום־עליכם מיטלשול; איר ווייסט וואָס ס'איז דאָרט אינעווייניק? איר ווייסט נישט? — וועל איך אייך דערציילן.

אַן אוצר איז דאָס; אָבער אַן אוצר פון לע־רער און קינדער. איך פאַרבעט אייך אַריינ־צוגיין קומט אָן מורא, — דאָרט וועט איר טרעפן די יוגנט פון דער צוקונפט, וואָס וועט קעמפן פאַר ישראל; וואָס ווייס, און איז גרייט אין יעדן מאָמענט צו זאָגן: — איך בין אַ ייד!.

און מען גייט אריין, מ'גייט אַרויף די ער־שטע טרעפ, מען פילט אַ לופט פון ציון; אַ סביבה פון קינדער פון פאָלק ישראל, מיט אַ גייסט פון יידישקייט, פון תורה און ליבשאַפט צו מדינת ישראל.

איר גייט אַריין אין אַ קלאַס; איר זעצט זיך אַוועק, איר ווערט פאַרטראַכט; און איך ווייס וואָס איר טראַכט, אַז אָט די יידישע קינדער־לעך פאַרבינדן זיך מיטן יידישן לעבן און מיטן גורל פון יידישן פאָלק, וואָס בויט זיינע האָ־פענונגען אויף דער יוגנט. איר גייט אַרויס פון דער שול און איר שטעלט מיר אַ פראַגע: פאַר וואָס גייסטו אין אַ יידישער מיטלשול?

— ס'איז אַ שווערע פראַגע, — נאָר איך וועל אייך ענטפערן: ווען איך גיי אַריין אַהין, אין שול, אין מיין שול, אין מיין צווייטער היים, פיל איך, אַזוי ווי מיין צווייטער „איך" זאָגט מיר: יאָ, טוסט גוט מיין קינד, גייסט אויף אַ גוטן וועג... און יאָ, ער איז גערעכט; דאָרט געפין איך, דאָס וואָס מיינע עלטערן ווילן מיר געבן; איך געפין ליבשאַפט, איך געפין וויסן, ווייל איך ווייס נישט אויב איר ווייסט, איך האָב צוגעזאָגט, אַז איך וועל שטענדיק זיין אַ יידישע טאָכטער, ביז מיינע לעצטע מאָמענטן. אַ ייד איז שטענדיק אַ ייד, און נאָך מער: אויב מען גייט אין אַ יידישער מיטלשול, ווי אין דער שלום־עליכם; און אַזוי אַרום גיב איך די האַנט, פון וויטנס, צו די קינדער פון ישראל; און איך שווער אייך, אַז ווען איך וועל פאַרענדיקן די מיטלשול וועל איך עולה זיין אַהין וווּהין דאָס לאַנד רופט מיך.

# מתוך אגרת

כבר מזמן שלא כתבתי אליך, ותצטרכי לסלוח לי. סוף סוף הולך ומתקרב כבר השליש האחרון של השנה האחרונה בסמינר והעבודה היא מרובה. רוצה אני לדעת מה נשמע אצל־כם, איך עברתם את הימים הקשים. אנחנו צפינו במתיחות יום יום אחר כל ידיעה מכם ואחר כל הגה, קראנו בקוצר רוח את העתונים, האזנו לרדיו, כדי לקלוט כל פרט על המתרחש. לא אכחיש כי באופן מיוחד דאגתי לך. הרי ידעתי שהנך בצבא — שם הסכנה יותר אור־בת. אבל בטחתי בך כי אני מכירה את אומץ־רוחך וזהירותך כאחד.

עכשיו לאחר שהמערכה הזאת עברה בשלום־טוב שתדעי את ותמסרי זאת גם לאחרים שאינכם בודדים. דעי שבגולת ארגנטינה מת־חשל המשך. פה „במדינה" בית הספר שלום עליכם נעשית פעולת הכשרה וחינוך, יסודות לקראת המטרה הנשגבה. הפעולה נעשית דרך גן־הילדים, בית הספר היסודי, התיכוני ותנועות הנוער, השליחים מקרבים לנו את הארץ, כך שלא נהיה יותר „ירוקים" כשנבוא לארץ.

כל מחשבותינו והרגשותינו אתכם תמיד.

רחל לשנר

**י. א.** — מחלקה ד׳

# אַ בריוו פון ישׂראל

עס איז שבת און אַלץ אַרום איז רויִק, שטיל. אַלץ שוועבט אין שבתדיקער שטילקייט.

האַלט איך אין מיין האַנט אַ פען און... אַ שטיקל פּאַפּיר און איך וואָלט צופעליק געוואָלט מיט עמיצן אַ שמועס טאָן און איך ווייס נישט מיט וועמען און איך וואָלט געוואָלט זיין אַליין און טראָץ דעם פילן טיף אין מיר די פרייד פון זיין באַגלייט.

און איך האָב אָנגעהויבן גיין, גיין לאַנגזאַם איבער די ירושלימער גאַסן, גיין ווייט, ווייטער, נאָענט צו עפּעס אומבאַקאַנטע, אומבאַגרייפלעכע, נאָר איך ווייס נישט צו וואָס...

און דאָ זיץ איך אַצינד לעבן אַ בוים, צווישן שטיינער, ווייט, ווייט פון אַלץ, גליקלעך... איך ווייס נישט דעם וועג אויף צוריק, אַ פאַרגעסענער ליגט ער אויסגעצויגן אונטערן שטויב פון דער פרימאָרגנדיקער זון. אין מיין האַנט טאַנצט אין רויטע פלאַמען אַ נאָר-וואָס אויסגעריסענע כלניה. איבערן גרינעם, עטוואָס געלבלעכן גראָז צעקייקלט זיך אין צעהאַקטע טענער דאָס מילדע געזאַנג פון אַן אַראַבישער מעלאָדיע.

צופעליק האַלט איך אין מיין האַנט אַ פען און... אַ שטיקל פּאַפּיר און איך וואָלט מיט עמיצן אַ שמועס טאָן, און איך ווייס נישט מיט וועמען. און איך פיל אין מיר דעם גאַנצן שטורעם פון פרייד און איינגעהאַלטענעם כוח... און עס פליסט דאָס ליד... און איבער די וועגן די שטילע, די שבתדיק-שטומע, הילכט מיין געשריי.

און איך וואַקס, איך וואַקס.

איך וואַקס אַרויס פון צווישן די פליגן וואָס זשומען אָן אויפהער אַרום מיר, פון צווישן די מוראַשקעס וואָס קלעטערן אויסגעשטעלט שורותווייז צו די הויכקייטן, פון איבער די שלאַנקע, אויסגעצויגענע געוויקסן, וואָס הוידען זיך ריטמיש צום ווינט — אָט דאָ איז געשטאַנען ישעיה, אויף דעם אָרט האָט זיין שמייכל זיך צעגאָסן מיט פּאָעטישן גלאַנץ, איבער דעם טאָל האָבן רויִק און שאַרף זיינע ווערטער גערעדט צו דער וועלט. אונטער יענעם פעלדז האָט אַ פעסטער זעלאָט צעריסן זיין ברוסט אין שאַרפקייט פון גבורה און העלדישן קאַמף.

אָט דאָ האָט דער פּאַסטוך געפירט זיין שאָף און דאָס הילכן פון זיין פלייט האָט דורות-לאַנג אויפגעוועקט די פאַרשלאָפענע ערד.

אָט דאָ האָט שלמהס חכמה געלויכטן און יענער בערגל איז געוואָרן דער קבר פונעם פאַרחלומט-פייערדיקן חלוץ.

אַ ייִדישער קעמפער איז געשטאַנען שטיל אין דער נאַכט און זיין אויג האָט טיף אַריינגעקוקט אין שאָטנס פון פינצטערער שוואַרצקייט. און לאַנגזאַם האָט אַ טראָפּן שווייס זיך אַראָפּגעקייקלט פון דעם זון - פאַרברענטן שטערן צו דער ערד פון גאָטס וואָרט.

אָבער מיר אַרט נישט אַצינד דער פאַרגעלטער פאַרמעט פון אַ יאָרן-אַלטער געשיכטע, איך דאַרף זיי ניט אַצינדער די געשטאַלטן פונעם נעכטן; פאַר מיר איז גענוג די פעסטקייט די ברייטע פונעם היינט.

איצט זיץ איך אויף אַ שטיין און איצט שמייכל איך צום הימל און איצט וויל איך ליב האָבן די ערד ווייל זי איז שיין, ווייל זי איז אויסטערליש, ווייל זי איז מיינע...

איצט גלעט איך דאָס גרעזל נישט אין זכות פונעם נעכטן, נישט אפילו צוליבן צוזאָג פון דער צוקונפט, איצט לאַך איך צו דער בלום ווייל זי איז רויט. צו דער זון ווייל זי ברענט...

איצט בין איך גליקלעך, פול מיט ליבע און געזאַנג.



רבקה גלאַגאָווסקי (מחלקה ד׳. צהרים)

# די ראָל פון ייִדישן לערער אין די תפוצות

דער ייִדישער לערער שפּילט, לויט מיין מיינונג, איינע פון די וויכטיקסטע ראָלן אין די לענדער פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווייל ער דאַרף דערציִען און אויספאָרמירן נייע שטאָלצע ייִדן, וועלכע זאָלן ממשיך זיין די קייט פון נאַציאָנאַלן לעבן פון דער געמיינדע. אָן דער אַרבעט פון ייִדישן לערער לויערט די געפאַר פון וועגעטירונג, פון ירידה.

די שוועריקייטן פאַרן ייִדישן לערער אין גלות זענען פיל גרעסער ווי פאַרן שטאַטס־לערער. דעריבער דאַרף באַטראַכט ווערן די דאָזיקע פּראָפעסיע מער ווי סתם אַ פאַך, ווייל דאָס איז אַ נאַציאָנאַלע מיסיע.

די ספּעציעלע דערציִונגס־שוועריקייטן ליגן אין דער סביבה, אין קעגנזאַץ צו די מלוכהשע שולן.

דער ייִדישער לערער פאַרמאָגט נישט אין גלות די פאַסיקע סביבה וואָס זאָל אים צוהעלפן. דאָס קינד אַליין פילט זיך אין גרעסטן טייל פרעמד צו דעם אַלעם, צו דער ייִדישער אייגנאַרטיקייט.

דער ייִדישער לערער דאַרף דעם קינד געבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז גלייכצייטיק אַ ייִד, אַז ער האָט אַן אייגן לאַנד, וואָס הייסט ישראל, אויסער דעם לאַנד ווו ער איז געבוירן געוואָרן. ער דאַרף זען, אַז דאָס קינד זאָל ליב האָבן זיין געשיכטע, מיט אירע גוטע און שלעכטע צייטן און גלייכצייטיק אים באַקענען מיט אַלע ייִדישע העלדן, קעמפערס און בויערס.

דער ייִדישער לערער אין גלות האָט די אויפגאַבע פון אַ גייסטיקן פירער, פון אַ וועגווייזער, וואָס דאַרף באַקענען דעם ייִדישן קינד מיט אַלץ וואָס איז אים פרעמד.

און דעריבער האָב איך אויסגעקליבן פאַר זיך אין לעבן דעם דאָזיקן געבענטשן באַרוף.

---

דוד וואַסערשפּרונג כתה ג׳

# מיין באַגעגעניש מיט ישראל

אין מיין לעבן האָב איך דורכגעלעבט פיל אינטערעסאַנטע מאָמענטן, אָבער דאָס וואָס איז מיר צום מיינסטן געפעלן געוואָרן איז געווען מיין אָנקומען מיט דער שיף „פיליפּאַ גרימאַני” אין חיפהר פּאָרט. דער פרימאָרגן איז געווען אַ זוניקער און אין פּאָרט זענען די מענטשן געווען פאַרהאַוועט ביי די פאַרשידענע פּאָרט־אַרבעטן. ביים פּאָרט זענען אויך געשטאַנען מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעוואַרט די אָנגעקומענע עולים, טוריסטן און משפּחה־מיטגלידער.

ווען איך בין פון דער קאַיוטע אַרויף אויף דער דעק האָב איך געקוקט אין אַלע זייטן און געזוכט מיין שוועסטער און שוואָגער, וועלכע לעבן אין אַ קיבוץ. אויפן ערשטן מאָמענט האָב איך קיינעם נישט געזען. מיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עפּעס אַ זאַך, וואָס איך האָב נישט געקענט אונטערשיידן. ווען איך האָב זיך צוגעקוקט צום פלויט לענגויס דעם פּאָרט, האָב איך באַמערקט אַ פּרוי וואָס האָט מיך געגריסט מיט דער האַנט. איך האָב נישט געוווּסט ווער עס איז. מיין שוועסטער? ניין, עס קען נישט זיין, די איז נישט ענלעך צו איר...

און דאָך איז עס געווען מיין שוועסטער. אַזוי האָט איר די צייט און דאָס לאַנד פאַרענדערט.

ווען מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון פּאָרט האָט די שוועסטער מיינע, כמעט אויף יעדן טריט, מיר דערקלערט וואָס יעדע זאַך באַדייט און מיט יעדער זאַך, וואָס איז אַנטקעגן געקומען האָט זי זיך געפריידט, ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען איר אייגנס, איר פּריוואַט אייגנטום.

אויך איך בין ביסלעכווייז געוואָרן אין אַלץ

אַריינגעצויגן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז אַלצדינג איז מיינס, פּונקט ווי איך וואָלט געווען אַ בירגער אין לאַנד.

פון דאַן אָן בין איך אַרומגעפאָרן, געוווינט און געאַרבעט אין פאַרשידענע קיבוצים געציילטע טעג. אויך איך האָב אַליין באַוווּנדערט און אויך זיך אַליין, וואָס איך האָב אַזוי שנעל צו אַלץ זיך צוגעוווינט און זיך איינגעבירגערט. דאָס איז פאַר מיר געווען צוליב אָט די שטאַרקע עמאָציעס, דער שענסטער און אינטערעסאַנטסטער עפּיזאָד אין מיין לעבן. צום באַדויערן איז דאָס געווען נישט מער ווי אַ קורצער עפּיזאָד.

מ. גרומער ג. — כיתה ה׳

# אַ בריוו דער מדינה

מיין טייערע מדינה:

ראשית, אַנטשולדיק וואָס כ'בין אַזוי היימיש מיט דיר און רוף דיך „טייערע". ס'איז ווייל כ'האָב דיך ליב...

כ'ווייס, אפשר וועט דיר ניט זיין אַזוי באַקוועם זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אַן אומבאַקאַנטן ליבהאָבער, וועל איך זיך פּרוּוון, ראשית כל, פאַר די פאָרשטעלן און דיר דערציילן ווער איך בין.

ניין! ס'איז אפשר אומנויטיק. אַלס יחיד קענסטו מיך סיי ווי סיי ניט, אָבער אַלס כלל בין איך דיר גוט באַקאַנט. דאָס בין איך „דער גלות מיט גאולה־דורשט" אַליין. וועגן מיר, אייגנטלעך, אַמפּערט איר זיך אויף אייערע קאָנגרעסן. פיל פון אייער מחנה דערקלערן זיך מיר אין ליבע און טריישאַפט, ניט פרעגנדיק כלל מיין פאַרלאַנג, ווילן און באַציונג. אַה! זעסט, עס האַנדלט זיך נישט אין קיין פּנים חדשות! מיר טרעפן זיך דאָך יעדן טאָג! חיפהער פּאָרט איז אונדזער שטענדיקער טרעפונגס־פּלאַץ! און מיר קענען זיך אַזוי ווינציק.

כ'האָב צו דיר ביז איצט נישט געשריבן, ווייל ערשט היינט צו טאָג האָב איך אָנגעהויבן אָפּשאַצן דיין אמתן ווערט און אָנגעהויבן פאַרשטיין וויפל איך נויטיק זיך אין דיר. אַזוי ווי ליבע פאָדערט קעגנזייטיקייט. קום איך, פאַרלייגנדיק מיינע, און דיך בעטן צו געבן די זעלבע דאָזע פאַר מיר. אפשר בעט איך צו פיל. אפשר טרייב איך איבער, רעאַל זייענדיק, האַלט איך אויך, אַז די פּראָפאָרציע קען נישט זיין פיפטי־פיפטי. דו האָסט מיך ליב, אָבער אפשר נישט אין אַ געוויסער מאָס. איך פיל עס אַרויס אין דיינע מעשים און נאָך מער אין דיינע רייד.

גלייב מיר, אַז איך וויל זיך אַרויסרייסן פון מיין סביבה. זי שטיקט מיך. איך קען דאָ נישט זיין. נישט קיין גאַנצער ייד און נישט קיין גאַנצער גוי... איך וויל אַרויס!...

מיינסט, אַז ס'איז אַזוי גרינג? ס'איז שווער! דאַרפסט צולייגן אַ האַנט! אַנישט איז פאַראַן די סכנה אַז איך וועל בלייבן שטעקן אין דער בלאָטע! און אויב איך וועל נישט אַרויס, וועסטו אויך אַ ביסל שולדיק זיין. ווייסט, דאָ רעדט מען רכילות אויף דיר, אַז דו גייסט אַרום און האַלטסט אין איין דעקלאַמירן: „אני ואפסי עוד!"

אָבער איך, אייגנטלעך, גלייב נישט, אַז דו זאָלסט האָבן אַזוינס געזאָגט. עפּעס האָסט וואַרשיינלעך יאָ געזאָגט. אָבער זיכער נישט דאָס. ווייל דו פאַרשטייסט דאָך זיכער אַליין ווי דו וואָלסט אויסגעזען אָן מיר. דו דאַרפסט דאָך מיך האָבן פּונקט ווי איך דיך. דיין באַציונג צו מיר נעמט זיך זיכער דערפון וואָס דו מיינסט, אַז דאָס איז אַלץ נאָר פאַרלאָשענע יידישקייט, אַ דאָרנבוים וואָס זינקט אין אינגאַנצן, און ווילסט נישט פאַרשטיין, אַז כל זמן עס וועט נאָך זיין אפילו איין קאַנדידאַט וואָס וועט וועלן אַרויס פון דער בלאָטע און נעמען די שיף, איז נאָך כדאי דיין מי. זיי ניט שפּאָרזאַם, עס וועט זיך אָפּצאָלן. שטרעק־אויס דעריבער אַ האַנט!

ממני עבדך

דער גלות וואָס וויל זיך ענדיקן.

# מכתב מישראל

(מהסמינר ע"ש חיים גרינבערג ז"ל בירושלים)

„בחודש הנסיעה לישראל התבגרנו קצת, נעשינו יותר עצמאיים והעיקר, הכרנו קצת „עולם".

אין צורך שאגיד לך כמה זה מוסיף לעולמו הפנימי של האדם, כמה זה מעשירו, בפרט כשהזדמנות כזאת נתנת בגילנו, ויש עוד כל כך הרבה ללמוד ולדעת. השתדלתי לראות בעין טובה, להבין, וביחוד, לבלות בנעימים ולהנות מהחיים.

מהרגע שהגעתי ארצה השתנה קצב חיי. אפקים חדשים נתגלו לעיני. בתחילה לא ידעתי מה לעשות ואיך לכוון את מעשי. את התורה של התאקלמות במקום חדש, תפסנו חיש מהר. בקשר ללמודים: יש לנו מורים טובים. כמובן לא חסרים כאלה ששעוריהם מבקשים רק שינה. למזלנו הם במיעוט. יש כמה מקצועות שרצוי היה לדעתי להוציאם. קימים יחסים פשוטים בין מורה לתלמיד. אפשר לקום ולצאת כששעור לא מענין (מסוכן!) ולדרוש שעות נוספות מאלה שמושכים את לבנו, ואני חושבת שכך צריך להיות. זה לטובת הלימוד והלומד. מדי פעם בפעם, אמנם לא באותה התדירות מכפי שהיינו רוצים, מארגנים טיולים, ההוויות הן בלתי נשכחות. טיולנו הראשון היה לאילת. חיינו ימים שפשוט קשה לספר עליהם. הכרנו כמובן את כל הנגב, ומה שבאמת חשוב, נתחזקו הקשרים החברותיים בינינו באופן יוצא מהכלל. הקבוצה היא די גדולה, וטבעי שהיו תמיד חבורות וחיכוכים. אבל ההבנה ההדדית ניצחה ועתה היא מצוינת.

לא חסרה גם פעולה תרבותית, כגון הרצאות, קונצרטים, סיורים בעיר וכו' „מפטמים" בה אותנו במידה די גדושה.

קשה לנו לקבל את כל האיסורים של קדושת יום השבת, הנשמר כאן בקפדנות עקב החברים הדתיים שלא יפגעו וגם בשל סיבות פוליטיות של היישוב. תאמין לי שצריך להתאמץ ולהתגבר על היצרים, כל פעם שעוברים על יד הרדיו, ויודעים שאי אפשר לשמוע אותו... האם זה צורק? חבל שחסרה לנו קצת יוזמה וקצת עזות, אלמלא זה היינו מורדים כבר מזמן. את החגים בילינו באופן נהדר את חג הפסח חגג כל אחד לחוד, ואילו את יום־העצמאות בחברותא.

מצב הרוח היה מרומם. זוהי התרגשות בלתי שיגרתית, לצאת לרחובות, להתמזג עם ההמון החוגג בשיר ובריקוד, להיות חלק פעיל ובלתי־אמצעי של הדור שכבש את העצמאות. באיזו זכות זכינו לכך ודוקא בחג העשור ! ?

אני תקוה שמתוך דברי תבין עד כמה אני פה מאושרת, „ומבסוטה" —

שלכם:

**רות פוך**

---

מרים אפרון מחלקה א'

# ספור אמתי

אתמול ספרו לי דבר כזה:

בבקר עלו הפועלים על האדמה החדשה, בגבול ארץ ישראל, בגליל. הרים מסביב לה, אין שם לא בית ולא נפש חיה, כי אם אבנים וסלעים. כארבע מאות איש באו, חלק מהם לשבת פה, וחלק — לעזור בעבדה. הם הביאו אתם את כל חמרי הבינין. הפועלים נחלקו לחבורות, חבורות. אלה קצצו את הקוצים ואלה העמידו מגדל גבוה, ואלה הקימו צריפים, ואה־לים, אלה הכינו עמודי השמל ואלה בנו חומה מסביב.

הבחורות אשר באו הביאו מזון ובצהרים העמידו בחצר שלחנות וספסלים אשר הכינו הנגרים והעובדים ישבו ואכלו ארוחתם.

בעת אשר עבדו הפועלים את עבודתם עמדו שומרים מסביב ורובים בידיהם להגן על העוב־דים, אם יבאו להפריע את העבודה.

בשעה שלש אחר הצהרים נשלמה המלאכה והאורחים אשר באו לעזור לבנות, שבו איש למקומו השמש ירדה ומחצר הישוב נשמע שיר של עבודה.

**שושנה פוך** — מחלקה ג׳

# חויה בחיי שלא תשכח

(פרס מנשה קונסטנטינובסקי ע"ה)

אולי אתם, מבוגרים, תחשבו שספורי הוא בדוי. נכון שאתם חושבים שאי־אפשר שעין ידבר, או פרח ידבר? אינני מסכימה! אני דברתי עם פרח, וזה לא הכל, הוא אפילו ענה לי! כן, אתם מחייכים וחושבים: ׳מסכנה! יש לה דמיון עשיר מאד ורוצה היא שאנו נאמין בשטויות כאלו. לא כך הוא הדבר; אתם, מבוגרים, מאמינים רק בדברים שאתם רואים בדברים ממשים ונדמה לכם שפרח לא יכול לדבר.

הו, אתם, אתם המסכנים..!!

זה קרה לפני שנה או שנתים, תקופה קשה היתה זו בשבילי. סבלתי הרבה מחסר־ידיד. הייתי זקוקה לחבר ולא מצאתיו. כל בן־אָדם זקוק לידיד. כל אחד רוצה וצריך למישהו שיעזר לו, שיאהב אותו ושיבין אותו. חבר כזה לא מצאתי עד היום, אבל בתקופה הזאת עברתי משבר קשה ולא היה מי שיבין אותי. החלטתי לחפש אותו. התחלתי ללכת. לאן? לא איכפת. העקר, ללכת, לחפש...

הלכתי שעה, אולי פחות, אולי יותר. מי שם לב לשעה במצב רוח כזה? ! עיפתי וישבתי על יד הדרך. שמעתי קול. לא התפלאתי. חכיתי לזה. ידעתי, דבר כזה צריך לבוא, הרגשתי שזה יבוא.

היה פרח. שכחתי מה שמו. עוד פעם אתם מחייכים! תתאמצו ותגמרו את הקריאה, אולי, מי יודע, אוכל לשכנע אתכם שזה קרה באמת...

התחלתי לשוחח אתו. הוא היה נחמד עד בלי סוף. שאל אותי מאין אני, מה אני אוהבת לקרוא, איזה מין מוסיקה אני מעדיפה, מה אני לומדת, אך לא שאל אותי מה שמי, או מה שם משפחתי, או כמה אחיות יש לי, במה מתעסק אבא, בת כמה אני וכו׳. לא, לא שאל אף אחת מהשאלות שרגילים לשאול המבוגרים. הוא היה נחמד מאד...

כפי שאמרתי, עברתי משבר קשה מאד. אבדה לי האמונה בכל, ובפרט בבן אדם. לא האמנתי בו, לא רציתי להאמין בו.

הסברתי לו, לפרח, שלא יכולתי להאמין בבן אדם. הוא רמאי. כשאדם הורג את אחיו, כשיש מלחמות ביניהם, כששני עמים לוחמים בגלל חלק קטן של אדמה, כשחושבים רק על מלחמה, הרס, חורבן, יכולים להאמין בו? האוכל למצוא ביניהם את האיש השלם, בלי חסרונות, שאני מחפשת? כבר התיאשתי.

הפעם היתה לי עזרה. מישהו ענה לי, ודבריו היו מלאי רגש, מלאי הבנה. בין האנשים לא מצאתי חבר, מצאתיו בטבע, בין הפרחים, בין הדברים שאינם חיים, שאינם מדברים... כפי שאתם חושבים.

הוא הסביר לי שהאיש לא שכח את חובותיו כבן אדם, שאני לא יכולה לשפוט אותו, אני צעירה יותר מדי. אמר לי שאם אני זקוקה לחבר, שאחפש אותו ואקבל אותו עם כל החסרונות וכל המעלות. דרך איש אחד יכולים לאהוב את כל האנושות.

תאמינו לי או לא, לא חשוב. לפחות תתאמצו ותשתדלו להבין אותי. זה הכל מה שאני מבקשת מכם...

יענטעלע וואַקסמאַן
ערשטע פּרעמיע ביים ליטעראַרישן קאָנגרעס פאַר יוגנטלעכע א״נ פון ש. קאַטשערגינסקי

# אין באַן

איך האָב שטייף פאַרמאַכט מיין האַנט אויף דער גלאַטיקער אייזערנער שטאַנג, ווען דער צוג האָט מיט זיין ערשטן פייף אונדז אַלעמען אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק.

מיין קערפּער האָט זיך נאָר צעוואַקלט און סוף־כל־סוף צוריק באַקומען זיין גלייכעוויכט.

אַ נייער ריר פון לאָקאָמאָטיוו האָט מיך אַרויפגעוואָרפן אויף אַ באַנק און אין אַ דריי מינוט שפּעטער בין איך שוין באַקוועם געזעסן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן קאַלטן גלאָז פון פענצטער און מיט די הענט און פיס זיך געזוכט אַן אייגן אָרט. דער לאָקאָמאָטיוו־ריטעם האָט מיט זיין מאָנאָטאָנקייט איינגעוויגט מיינע געדאַנקען און יעדעס וואָרט האָט אין מוח זיך איבערגעחזרט שטום, פּוסט —

טאָק, טאָק, טאָק — טאָק, טאָק, טאָק.

עס דרייען זיך די רעדער, די רעלסן זיי לויפן צוריק. עס צעגייען זיך די פּאַרמען און ס'שווינדלט שנעל דער קאָליר. עס צעשניידט זיך דער הימל אין פירקאַנטיקן רעמל פון פענצטער און דעם ריטעם שפּרינגט־נאָך אַ וועלט וואָס יאָגט אויף צוריק.

אויף די רעלסן פליט די צייט, מיין קערפּער דרימלט אין רו, נאָר דער בליק שפּרינגט נאָך אַליין שטיפעריש, און נאָך אים — איך.

אַנטקעגן מיר — אויף אַ האַלדז וואָס האָט זיך צעקנייטשט אַריינגעשטופּט צווישן צוויי אָרעמס וואָרפט זיך אַ קאָפּ אויף רעכטס, אויף לינקס און ווידער אויף רעכטס. דער ריטעם פון באַן פאַרשלעפערט; די האָר זענען פון אַ קאָליר וואָס פאַרשווינדט אינעם שטויב. די שיינקייט פון בוים וואָס איז אַלט און צעקנייטשט, וואָס איז האַרט און איז ווייך, האָט אַרומגעשוועבט איבער יעדער האָר פון זיין ברייט פאַרגעלטער באָרד.

איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַר וואָס האָט זיך מיין בליק, אַ פאַרשלעפערטער, אָפּגעשטעלט אויף דעם מאָדנעם מאַנטל וואָס איז לעכערלעך אַרונטערגעהאַנגען פון אַ קערפּער וואָס איז כמעט ווי נישט געווען.

אין זיין פּנים האָב איך עפּעס געזוכט, אָבער עס גליטשט זיך אַ שמייכל איבער די אָפּגעקראָכענע האָר. אַ פאַרביטערטער קנייטש אויפן ברייטן שטערן, אַ צייכן פון אַנטוישונג איבער זיינע ליפּן.

און ווייל איך האָב גאָר נישט געפונען — בלויז אַ קאָפּ וואָס וואָרפט זיך צוזאַמען מיט דער מאַשין, בלויז קערפּער איינגעהילט אין מאָדנעם מאַנטל, האָב איך זיך אַריינגעגנבעט צווישן זיינע האָר און אויף די פאַרטריקנטע באַקן געלייענט די היעראָגליפן פון זיינע קנייטשן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

...די זון האָט דערוואָרעמט זיין פרייד, צערטלעך געקושט די צוויי קינדערשע פּיסעלעך וואָס האָבן אומזיכער געטראָטן די שטיינער פון הויף.

די גלאַטיקע שטיינער פון פּאָל האָבן שטיפעריש פאַרפּלאָנטערט זיינע ערשטע טריט — און כאָטש ער האָט געזען דעם הויף אומענדלעך גרויס, האָט ער מיטן באַוווסטזיין פונעם נישט פאַרשטיין געוווּסט, אַז גרעסער איז ער. דער אייביקער עפּל וואָס רייצט, האָט פונעם טיש אַראָפּגעוווּנקען צום קינד.

ער האָט זיך דערפרייט מיט זיין אייגענער האַנט; געפרייט זיך מיט די פינף קליינע פינגערלעך, וואָס פאַרמאַכן זיך האַסטיק אַרום אַ געשטאַלט און זיי ברענגען אים די זאַך ווי אַ צייכן פון זיג.

אַ בלאַסער קינדער־שטראַל פון דער זון האָט זיך צעשפּילט מיט זיין האַנט, פאַרנאַרט אים אין געפירט אַהין... אַהין ווו פון טיש האָט גערייצט דער שטענדיקער עפּל.

די אייגעלעך קלאָר, צעצויגן דער שטערן. עס צווייפלט נישט זיין קינדהייט, זי ציט זיך פאַרויס. —

... נאָר האַרט איז דער טיש — נישט פון זון איז ער, נאָר פון האָלץ. און ווייט איז דער עפּל, און קורץ איז די האַנט.

דאָס קינד האָט זיך צעקלאַפּט און צעוויינט.

עס גליטשט זיך און שפּילט זיך צווישן טרערן דער זון־שטראַל. דער עפּל האָט זיך פאַרקייקלט ווייט.

אויף גלאַטיקע שטיינער ציטערט אַ קינד אין געוויין, און אַ פינגער — אַ גלאַטער — באַפוילט צו זיין שטום.

ווייל עס ווינט נישט אַ מענטש דערפאַר ווייל ער שווייגט.

דער טוי אויפן גרעזעלע מעג זיך גלאַנצן און ס'מעגן טראָפּנס פון טייך זיך גליטשן אויף שטיינער. נאָר דו, קנאָסף פונעם מענטש, לערן זיך: דו מוזסט שווייגן, זיין טרוקן.

דער שטראַל האָט זיך לאַנגזאַם פאַרצויגן אַרויף און אַוועק צו זיין וועלט: ער האָט בלויז געלאָזן אויפן שטערן פון קינד די דין־גרויע שפּורן פאַר זיין ערשטן קנייטש.

— — — — — — — — — — — — — — —

... פּריש איז די לופט אין דער נאַכט, עס איז געשמאַק אַנצופּולן מיט איר די יונגע ברוסט. אין פריילעכן ריטעם פון אָטעם צע־שפּרייט זיך דאָס העמד, אַלץ לעבט.

שמייכלענדיק שטייען ביימער אונטערן שיין פון ציטערדיקע לאָמפּן.

פול מיט ענערגיע, פול מיט פייעד איז זיין יוגנט, דעמאָלט ווערט אים ליב זיין קערפּער. די פינף פינגער פון דער האַנט ווערן שיין, און זיין טראָט ווערט זיכער. דורשטיק שלינ־גען די אויגן די שוואַרצע פליסיקייט פון הימל און נאַכט, און די גאַסן ציִען זיך אונטער זיי־נע פיס, ביז צום אין־סוף.

דעמאָלט פאַרשווינדן גרענעץ און ווירק־לעכקייט; און פון גרויען פנים פונעם מענטשן וואָס לויפט מיט גרויער פייכטקייט אין די אויגן ווערט אַ ליכטיקער פלעק.

איצט קען ער שוין זינגען הויך אויפן קול און עס פייפט אין האַרצן דאָס וואָרט פון אַ ליד. איצט פאַרשווינדט שוין פון אים דער באַ־האַלטענער שמייכל וואָס חוזקט פון הינטערן בלאַט.

איצט איז ער ווינט, ער פליט און ער רייסט און ער גלעט.

... און ער גלעט.

קאַלט איז די נאַכט. זיין דאַרע געשטאַלט שטייט איצט ביים ראַנד פון דער פינצטער. די גאַס צעשניידט זיך, ס'טריפט שוין פאַמע־לעך דער ערשטער זון־טראָפּ פון בלוט.

ס'האָט זיך אויסגעלאָזן דער אין־סוף.

עס ווינקען און לאַכן די לאָמפּן פון הינטער אַ מויער; די בלעטער פון ביימער פאַרשווייגן דעם בלאָף. נישט גענוג איז די לופט, נישט גענוג איז דער הימל. דורשטיקער כוח פון יונגקייט פאַרקלאַמערט די הענט אַרום שטאַם פון בוים. נאָר דער שטאַם איז צו גראָב און זיין הויט איז צו האַרט. עס בענקען די הענט נאָך אַ צאַרטערן בליק, עס קושן די אויגן די געשטאַלטן פון חלום. זיינע פינגער זוכן די נאַכט אין געשטאַלט פון דער פרוי און פּאַוואַ־ליע, זיס גלעטן נעפּלען אַ האַלדז און אַ ברוסט.

נאָר ליבע איז אַ וואָרט און אַ טרוים, נאָר ליבע איז דער דורשט. און ווידער צעגייען זיך אויף צוריק לאַנג־לאַנגע גאַסן, ציִען אַהין ווו עס קוקן שוין ווידער פון צווישן דער גרוי־קייט די פלעקן פון מויער און פנים. און די שיך טרעטן יענע טרוקענע בלעטער, וואָס ליגן אויף שטיינער.

פאַרענדיקט דער טאַנץ און ווייט, ווו עס רוען די סודות, שווייגט איצט דער ווינט — אַ פאַרשעמטער.

— — — — — — — — — — — — — — —

... ווי אַ טונקעלער נעפּל האָט זיך דער ריח פון זופּ אויסגעגאָסן איבער דער שויב פון אַ פאַרקלאַפּטן פענצטער.

דער הייסער אָטעם פון וואַסער וואָס קאָכט, פונעם עסן וואָס ווערט געגרייט, פון זיין פרויס געשריייען, האָט לאַנגזאַם זיך געלייגט אויף זיין געמיט. שטייף, שטייפער, אַרומגעבונדן, פעסטער געצוימט. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן אַרום. אין מיטן וואָלקן פון ריחות און קולות האָט ער זיך גופא נישט דערקענט. דאָרט, אויף אַ ווייס בענקל, אונטער אַ ווייסן פירקאַנטיקן דאַך, לעבן אַ פרעמדער פירקאַנ־ווייב . . .

אַ שפּרונג אויף.

אַ קלאַפּ — צו דער נאַכט...

... אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים האָבן ציטערדי־קע פינגער אָנגעצונדן דעם ציגאַר, מיט שנעלן פלאַם פון שוועבעלע באַלויכטן די גרוי געוואָ־רענע האָר.

די ברוסט האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעווינט איינצוזאַפּן די לופט טיף ביז אין איר אָפּגרונט.

ער איז שווער און מיד און די נאַכט איז פריש. און ער שפּירט זיך אַליין. ווייל טיפער עלנט לאָזט זיך נישט פאַרקויפן, ווייל אַ שטוב קען גיך פול ווערן מיט געשריי און מיט רויך און מיט אַ שאַפע מיט קליידער —

ווייל אַלע טאָג איז דאָס בלאַט פול מיט אותיות גאָר גרויס, ווייל ווייס ווערט דער טיש פיר מאָל אין מעת־לעת. ווייל די מינוטן פליט־נאָך אַ געפּאַקטער מ'ראַמוויי, ווייל נאָך יעדע פינף טעג קומען דער שבת און דער זונטיק.

... נאָך אַ סך בלעטער זענען שוין אַראָפּגע־פאַלן פון בוים, אַ סך ווינטן האָבן זיינע צווייגן צעבראָכן. איז ער שוין צעקנייטשט.

ער האָט זיך פּאַמעלעך אַריינגעגליטשט אין שטוב.

הינטער אים — ווי אַ דענקמאָל — איז פאַר־בליבן די נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — —

— טאָק, טאָק, טאָק, — טאָק, טאָק, טאָק, —

פון בילדער ווערן קנייטשן, פון קנייטשן ווערט אַ פּנים.

און ס'שאָקלט נאָך אַ קאָפּ ביי מוזיק פון באַנען און רעלצן. לאַנג־לאַנג זיך געגליטשט איבערן שאָלעכץ פון לעבן, לאַנג, לאַנג. לאַנג־לאַנג...

דער קלאַנג! אַ מונדיר, אַ ווייס־גלאַנציק בלעכל, די וואַליזע אין האַנט. די פיס דערגייען אויטאָמאַטיש דעם וועג.

איך ווייס נישט ווי אַזוי. איך ווייס אויך נישט ווען.

איך האָב זיך פּלוצעם געזען שטיין און די באַן — פאָרט אַוועק.

לאַנג בין איך געשטאַנען אַזוי, אַליין.

אין די ווייטן האָט אַ באַן פאָרגעזעצט איר שטענדיקן פאָרן אין הימל און ערד האָבן זיך פאַרשלונגען אין זייער קוש.

נאָך אויף אַ קורצער צייט האָט דער רויך געזאָגט עדות אויף אייביקער באַוועגונג.

און איך אַליין, אין מיטן פעלד, די וואַליזע אין האַנט, האָב זיך געלאָזט גיין — ווייט פון רעלסן — מיין וועג.

---

**מאיר וו.** (מחלקה ה׳)

# צוויי לידער

## מוטער־כוואַליע

פון הייסע ליבע מילך —
דער ים;
און כוואַליע־מוטער
פון האַרבסט און נעפּל־גאָלד —
דער טאָג...

דער ווינט —
פון טויטע בלומען בלוט,
באַוועגט אונדזערע ירושה־ביימער,
וועקט דעם שטיין...

צו די ווייטסטע שפּיצן,
גרייכט די צייט,
דער קאַמף...

דער וועג —
לויפט מיט דער זון,
וויכערט די ווייכע האָר פון לעבן...
און איך מיט זיי
נישט פאַרקעמט.

די נאַכט —
צייט פון צופלוס און גורל
פון דער לבנה שוועסטער,
פון לעצטן ווייַן און גאָט זיידע
פון תהום, און ערשטע טראָפּנס
פון הייסע ליבע מילך —
דער שטראָם...

דער ים,
די כוואַליע־מוטער.

## טרויעריק און פריילעך

טרויעריק האָבן זיך מיינע טריט דורך די גאַסן געשלעפּט
און די גאַסן האָבן זיך פון מיר דערווייטערט.

טרויעריק האָבן זיך מיינע אויגן צו די שפּיגלען געווענדט,
און די שפּיגלען האָבן מיינע אויגן נישט אָנגענומען.

טרויעריק האָבן זיך מיינע הענט צו די שטערן געצויגן,
און מיד האָבן זיי זיך צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט.

טרויעריק האָב איך אין פרילינג אויף די ביימער געקוקט;
קיין איינאיינציקער בוים האָט נישט געבליט,
און אויף מיין בוים האָבן זיך קיין בלעטער נישט באַוויזן.

די אויגן זעען נאָר, וואָס די נשמה זעט,
און די זאַכן ענדערן זיך מיט יעדנס אויגן־בליק.



פריילעך בין איך דורך די גאַסן געגאַנגען
און די גאַסן זענען צו מיר געקומען און מיך געפירט.

פריילעך האָב איך מיינע אויגן צום שפּיגל געווענדט
און דער שפּיגל האָט מיר זיי צוריקגעבן נישט געוואָלט.

פריילעך האָב איך מיינע הענט די שטערן געגעבן,
און די שטערן זענען מיט מיינע הענט געבליבן.

פריילעך האָב איך צו די ביימער געקוקט;
אַלע ביימער בליִען שוין,
און אויף אַ בוים באַווייזן זיך שוין בלעטער.

שרעק זיך נישט דאַן, ווען דיין חבר זעט
אין זומער — נישט קיין בלעטער;
... ווייל אויגן זעען נאָר וואָס די נשמה זעט
און די זאַכן האָבן נישט קיין אייגן איינציק פּנים.

---

אַנשל מאיראָוויטש — מחלקה ה׳

# מנורוצ׳נה עד גורוצ׳נה

(נדודי התיכון שלנו...)

הראיתם פעם בית על גלגלים? בוודאי שכן!... או במציאות או בקולנוע, אבל ראה ראיתם אותו. — ונכה רגלים על גלגלים? בודאי שכן. אבל מעולם לא ראיתם ואף לא חלמתם לראות בית-ספר על גלגלים. — מה? אתם צוהקים? אל תצחקו ואל תלעגו לי, לא השתגעתי ולא סרתי מדעתי הטובה שהלואי וימשיך כך לאורך ימים בלי עין הרע עד מאה ועשרים שנה, אמן; כי בית ספר על גלגלים קיים לעינינו, הוא ישנו במציאות. ואצל מי הוא קיים? הא, הא...! כלנו עדים לכך, רק אצלנו־תלמידי הסמינריון, „שלום- עליכם" — הוא קים. רק אנחנו זכינו לכך שבמשך 7 שנים תמימות אנו נהנה מכליל שלמות הטכניקה המובילית. נעים ונדים ממקום למקום. מטילים, מסיירים,

מכירים, סופגים עושר תרבויות וריחות... כורתים בריתות, מגלים עתיקות...

מן הארמון העתיק אשד „בגורוצה׳גה״, עם הנמלים על הקירות, כשכל מיני בעלי חיים זוחלים ויונקים ובעלי כנף לוקחים חבל פעיל בלמודיך. כשמים־חיים חודרים לחדרים — רק בימי גשם, שרק אז לצערנו בלבד, ניתן להחליף את הגלגלים בסירות־גומי. אחר כך עברנו לבנין בזשטאי, בנין חדש לבלי פגם; אך שם תם החופש והחלה „הגלות״. קמו לפתע לתחיה „האימרות המפורסמות״ שחשבנו, כי כבר עבר עליהם הכלח. — „זה מותר לעשות, וזה אסור לעשות״... גזירות, איסורים והשבעות. כעבור שנה, באנו לבית „התנועה״ „באסודו״, שם בילינו, ועוד איזה בילויים! והיה והלמודים נמאסו עליך — והלכת ל„ורשבר״ — למועדון יוצאי וורשה או למצודת „בורוכוב״, שאת תורתו ספגנו עד גמירא, או למזנון או לקופה שעל דלת הברזל שלה כתוב לאמור כי היא נותנת הלוואות לנצרכים, ומי מאתנו אינו נצרך?...

בקיצור, טעם „הגלות״ כבר לא היה כל כך נורא שבית ספרנו היסודי היה קרוב מאד. רק כמה „קוודרם״ בלע׳ז — לשם אפשר להמלט בזמן הבחינות. אך כאשר בשנה הזאת שלחו אותנו עם ה„אטפ״ עד „לדיאז־וולז״, למוזאון החדש, נתבדו תקוותינו, והיינו המומים. למען האמת: בימים הראשונים נהנינו מברק־אוסף הגביעים שקבלו שחקני כדור־רגל של „קדימה״ (מקודם „אודיסה״) עוד מימי ניקולאי הראשון. ומהחושך הרומנטי של החדרים, אבל לאט לאט עלתה חלודה על הגביעים וכהו העינים, ורוח הפרצים הפיל הללים בינינו — והגיעו ימי יאוש וגברו היסוסים בביאת הגואל — נתבדו התקוות המשיחיות. כי זמן ביאת המשיח נדחה מחודש לחודש: ממרץ למאי וממאי לאויגוסט ומאויגוסט לספטמבר. זמן הגאולה נקבע ל7 בספטמבר. אפשר כי בעזרת השם עוד נזכה לגאולה השלמה. בבית הספר לומדים כי אסור לאבד את התקווה ואסור להתיאש בכל התנאים, משום כך אנו בטוחים כי סוף סוף נגיע לגורוצ׳גה לבניננו החדש, בודאי שנגיע...

גלגלי בית הספר צריכים להיות מוכנים לדהירה יחד עם הרוח ללא להסתבך באיזה שהוא מכשול ולחכות שוב למוזאום אחר, כי איך אמר „קהלת״ : „אין חדש תחת השמש״ — את כל בתי הנכות כבר הכרנו. ועתה הגיע הזמן לשוב הביתה — נעלינו כבר נקרעו — קדימה, בעוז, ובטחון!

---

**צבי וועקסלער** — מחלקה ה׳

# שול און לערערס

נאָכמיטיק. דריי מיט אַ פערטל... הייס, זייער הייס...

אַ האַלבער מנין זיצט אין צימער. איינער פון זיי (וואָס הייסט „בבקשה, מורה״) האַלט אַ רעדע:

— ... כאשר הנביא אמר: **„שובה ישראל עד ד׳״** — הוא רצה לאמר שעם ישראל... מי מכם יודע?

— שלום, מורה!

— שב בבקשה... טוב... ובכן, כאשר הנביא... איפה אנו עומדים? — תודה... כאשר הנביא אמר **„שובה ישראל עד״...**

— שלו־ו־ום!

— שב!

שטיל...

... ועם ישראל, זאת אומרת, הנביא, כאשר הוא אמר **„שובה ישראל״... „כי כשלת בעוונך״**

— רצה להגיד... שהנביא... לא... זאת אומרת שעם ישראל...

—שלום, מורה!

— מה זה כאן באמת? קולנוע או סמינריון? בחורים בני שבע־עשרה כבר צריכים לדעת... איני רוצה להטיף מוסר, אבל...

— שלום, מורה!

שטיל... זייער שטיל...

— צבי, אל תצחק! (איך שווייג...).

... — וכאשר למדנו ישעיהו, ראינו כי...

ישעיהו... פלוצעם דערמאָן איך זיך אַ פּרק ישעיהו: **„והיה באחרית הימים״** — „און די שווערדן וועלן זיך פאַרוואַנדלען אין אַקער־אייזנס... און די אַקעראייזנס אין שווערדן... און אַ לערער וועט זיך פּאַשען צוזאַמען מיט אַ תלמיד — דאָס הייסט „לא ישא גוי אל גוי חרב״...

— צבי, תקרא הלאה, בבקשה!

ס׳איז הייס, זייער הייס... איך לייען... און דער גלאָק שווייגט לכבוד מיין לייענען.

רות פּאָך

# דער ישיבה־בחור

דאָס לעבן איז שיין. דאָס לעבן בליט. עס זינגט דער פויגל, עס שיינט די זון; עס גרינט די וועלט... דאָס אַלץ באַמערקט ער אפילו נישט, דער ישיבה־בחור. פאַרשפּאַרט אין חדר, זיצט ער און לערנט, און עס פאַרגייט אַזוי זיין יוגנט, און ער האָט דעם טעם פון לעבן נאָך נישט פאַרזוכט.

דער חדר איז טונקל, ענג, שפּינוועבס אויף די ווענט. די שיין פון דער זון, דער טריל פון אַ פויגל, דאָס אַלץ קומט צו אים נישט צו. און אַזוי לעבט ער אין אַ תפיסה פון אומזעבאַרע ווענט. אַליין, ווייט פון אַ נאָענטן פּנים, וואָס זאָל צו אים שמייכלען און אים אַ מאָל מוטיקן, ווייט פון אַ בליק, וואָס זאָל אויסדריקן ליבשאַפט, הברשאַפט; און עסן מוז ער ביי פרעמדע טישן; אָרעמע נעמען אים פריינדלעך אויף, דערפרייען זיך מיט זיין קומען, טיילן זיך מיט אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן, זענען מקיים מיטן גאַנצן האַרצן אברהם אבינוס מצווה, און ער, דער אָרעמער בחור, וואָס שעמט זיך, וואָס פילט זיך פרעמד, איז פאַר זיי גאָט אַליין. דאָרט, ווו די נשמות זענען גוט און ריין, דאָרטן רוט די שכינה. דער ישיבה־בחור, דער אָרעמער אורחה האָט זי מיטגעבראַכט; רייכע לייט פאַרמאַכן פאַר אים די טיר. משרתים דערלאַנגען אים דאָס עסן, וואָס ער שלינגט מיט טרערן פון בושה. אין דווקא זיי, דינסט און משרת גייען גאָט אַנטקעגן, דעם גאָט וואָס ער ברענגט מיט זיך מיט.

און שלאָפן שלאָפט ער אין קלויז אויף אַ האַרטער באַנק, מיט דער פּויסט צוקאָפּנס, און זיין נשמה דורשט נאָך וויסן, וויל אַנטפּלעקן די סודות וואָס פייניקן זיין מוח, און דאָס ליכט פון זיין לעבן צאַנקט, ווערט שוואַכער און טונקעלער און זיין יוגנט פאַרגייט פאַר דער צייט.

ער פרעגט זיך אַליין, דער ישיבה־בחור, דער מתמיד: אין וואָס איז מיין לעבן פאַרגאַנגען? אין וואָס איז מיין יוגנט אַוועק? —מאי קא משמע לן, מיין לעבן?

---

גיטעלע געלווערעך — מחלקה א׳

# מײַן בעסטער חבר

ער איז דער בעסטער, דער פאַמע ערנסטער. ער הערט אויס אַלע מיינע מעשיות, ער פאַרשטייט אַלע מיינע פּראָבלעמען; ער טריקנט אויס מיינע טרערן; ער זאַפּט איין מיין געלעכטער; קיין וואָרט האָב איך פון אים נישט געהערט. ער איז דער איינציקער, וואָס פאַרשטייט מיך; ער איז דער איינציקער וועמען איך קען גלייבן; ער וועט קיינמאָל מיינע סודות ניט דערציילן; ער וועט מיך קיינמאָל ניט פאַרראַטן; ער איז מיין איין־און־איינציקער חבר. אַ סך, אויסער אים, האָב איך געהאַט, און אַלע האָבן מיך פאַרראַטן. ווען איך וואָלט געהאַט ווייטער חברים, וואָלטן זיי נאָר געשאַפן פאַר מיר פּראָבלעמען. אין לעבעדיקן מענטשן איז שווער צו גלייבן, אַזוי ווי אין זאַכן.

מיין קישן איז מיין בעסטער חבר, מיין אמתער חבר אין די קאַלטע נעכט, ווען מיין טרויער דערגרייכט ביז געוויין, איז ער דער איינציקער, וועמען איך קען גלייבן. אין די נעכט, ווען איך ליג אין בעט, וויל איך נישט, אַז מיינע נאָענטע זאָלן הערן מיין געלעכטער, דעק איך איין מיין קאָפּ מיט מיין קישן, און איך לאַך!

כ׳האָב געלייענט דאָס בוך, כ׳האָב געקראָגן אַ זעראָ אין שול, דער און דער לערער איז זייער אַ בייזער. יענץ מיידל וואָלט געדאַרפט אַ גוטן חתן, אַלץ ווייסט ער. ער שלאָגט קיינמאָל נישט איבער מיינע רייד. ער איז דער איינציקער, וואָס ווערט פון מיר קיינמאָל נישט מיד...

◈

פישעלע אסטראוויטש — מחלקה ד׳

# די טעלעוויזיע

דין... דין... דאן... עס קלינגען די גלעקלעך... דין... דין... דאן... עס קומט אן דער צירק, די קינדער לויפן פון אלע עקן, קוקן ווי עס קומט דער צירק.

פארנט גייט א העלפאנט און אויף אים זיצט א פרוי מיט בלאנדע האר און אויף אירע האר פינקלען קליינע שטיקעלעך גלאז, וואס זעען אויס ווי ברענענדיקע שטערנדלעך. נאכן העלפאנט קומען א פאר קונצנמאכערס, וואס זענען אנגעטאן אין לאנגע, קאלירטע קליידער. איינער טראגט א גרין קלייד מיט רויטע פינטעלעך, אויף זיין קאפ טאנצט א שווארצער הוט און אויף זיינע הענט שפילט זיך א הינטעלע מיט קאלירטע פילקעלעך, און כמעט אזוי זענען אנגעטאן אלע קונצנמאכערס. נאך זיי הערט זיך א גערויש:

דין... דאן... עס קומט א קאפעליע קלעזמערס. בום... דין... באם... דאן... נאך די קלעזמערס קומען פאיאצן, מיט געפארבטע פנימער, רויטע באקן, א גרויסע נאז, א לאכעדיק מויל און וויינענדיקע אויגן... אבער די וויינענדיקע אויגן זענען נישט קיין געפארבטע...

און די קינדער טאנצן און שפרינגען ארום די קונצנמאכערס... לאכן מיט פריילעכע פנימער קוקנדיק אויף די פאיאצן...

אבער קינדער זאלן לאכן און זיך פארווילן מיט צירק זענען שוין כמעט היינט נישטא. היינטיקע קינדער! און פאר וואס נישט? ווייל קליין און גרוים זעען נאר טעלעוויזיע...

מ׳שטעלט אן די טעלעוויזיע און פים... פום... פום... מ׳שלאגט זיך, מ׳שרייט, מ׳לויפט, א גאנצע מלחמה אין דער טעלעוויזיע... און די קינדער לאכן, די קינדער זענען צופרידן...

— קינדער, עסן! — שרייט די מאמע.

— ניין! — ענטפערן די קינדער — איצט קוקן מיר טעלעוויזיע.

— קינדער, לערנען! — שרייט די מאמע.

— ניין! — זאגן די קינדער... מיר קוקן טעלעוויזיע.

— שלאפן, עסן, לערנען — ניין! היינטיקע קינדער דארפן נישט טאן אזעלכע אלטמאדישע זאכן... היינט קוקט מען טעלעוויזיע...

נו, מילא, אפשר זענען די קינדער גערעכט, אבער פארוואס טוען מיר אזא זאך? פארוואס פרעגן מיר נישט די גדולים פון אונדזער ליטעראטור, ביי די אבות, וואס טראכטן זיי וועגן דער לעצטער דערפינדונג פון אונדזער דור — די טעלעוויזיע...

— אבער ווער וועט גיין? גוט, איך וועל גיין. און איך גיי ארויף אויף א הויכן, הויכן לייטער... און איך גיי ארויף א טרעפל, און נאך א טרעפל, און נאך א טרעפל...

ביז איך קום צו צו דער וועלט פון די חלומות... פריער וועל איך רעדן מיטן זיידן פון דער יידישער ליטעראטור — מענדעלע מוכר ספרים. איך גיי צו צו אים און זאג צו אים אזוי:

— הערט ר׳ מענדעלע, איך וועל אייך עפעס פרעגן, וואס טראכט איר וועגן טעלעוויזיע?

זאגט מענדעלע: — טעלע... וואס?

זאג איך:— איר ווייסט נישט וואס איז טעלעוויזיע? די גרעסטע דערפינדונג פון אונדזער דור?!

זאגט מענדעלע: — און איך בין דען פון איצטיקן דור?... א סך יארן זענען שוין דורכגעגאנגען נאך מיין טויט.

איך: — איך וועל אייך דערקלערן וואס איז טעלעוויזיע...

ר׳ מענדעלע: — א פראגע: עס קאסט טייער?

איך: — יא, אוודאי קאסט עס טייער...

ר׳ מענדעלע: — אלע שיינע יידן, אלע פיינע בריות האבן א טעלעוויזיע...

איך: — אבער וואס טראכט איר וועגן טעלעוויזיע אין שייכות מיט די קינדער?

ר׳ מענדעלע: — נו, מען דארף א טראכט טאן... איך דארף לערנען וואס איז טעלע... טעלע... טעלעוויזיע. קום, יינגעלע א פאר דורות שפעטער וועל איך דיר ענטפערן...

איך גיי אוועק און איך דארף זוכן על פי דין דעם טאטן פון דער יידישער ליטעראטור. אבער איך קען אים נישט געפינען. עס שטייט א וואך, היט זי, לאזט מיך נישט דורכגיין. וואס טו איך? אויב מען וועט מיך לאזן אדורכגיין וועלן זיין „ניסים אויפן ים". אבער איך גיב דעם שומר „דריי מתנות" און ער לאזט מיך דורכגיין...

פרץ זיצט, זיינע אויגן פינקלען, אבער איך ווייס נישט וואס דאס באדייט זיין קוקן. איך

פרעג אים, וואָס טראַכט ער וועגן טעלעוויזיע און שייכות מיט די קינדער?

פריץ: — ערשטנס, וואָס איז טעלעוויזיע, און צווייטנס פאַרוואָס פרעגט איר עס מיך?

איך: — טעלעווייזיע איז אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס מ'הערט און מ'זעט פון דער ווייטנס און איך פרעג אייך, ווייל איר זענט דער טאַטע פון דער יידישער ליטעראַטור...

פריץ: — און וואָס ווייזט מען אין טעלעוויזיע?

איך: — זאַכן וואָס מאַכן פאַרלירן צייט די קינדער...

פריץ: — אַז מען מאַכט פאַרלירן צייט די קינדער, און מסתמא אויך די גרויסע, פרעגט איר מיך וואָס איך טראַכט? איר קאָנט זיך אַליין נישט אָנשטויסן.

איך: יאָ... איך וויל אָבער וויסן אייער מיינונג...

פריץ: — טראַכט אַליין... עס וועט זיין גוט פאַר אייך.

וואָס קען איך טאָן. גיי איך אַוועק אויפזוכן שלום עליכמען, דאָס אייניקל פון אונדזער ליטעראַטור, אפשר וועל איך פון אים יאָ אַרויסנעמען אַן ענטפער וועגן טעלעוויזיע, ווייל פון מענדעלען און פרצן האָב איך דעם ענין נישט קלאָר...

שלום עליכם שטייט און אַרום אים שוועבן מלאכימלעך און זיי לאַכן. ער דערציילט זיי וווּנדערלעכע מעשיות. איך גיי צו און פרעג אים: — וואָס טראַכט איר וועגן טעלעוויזיע? און איך גיב צו: עס איז אַזאַ אַפּאַראַט וואָס מען זעט פון דער ווייטנס, אַלע קינדער זעען עס, אָבער עס ברענגט נישט קיין גרויסע נוצן...

שלום עליכם: — אָבער די קינדער געפעלט עס?

איך: — יאָ!

— גוט — ענטפערט שלום עליכם — אויב די קינדער קוקן און זענען צופרידן פון דער טעלעוויזיע, איז עס אַ גוטע דערפינדונג! און ער זעצט פאָר דערציילן מעשיות די מלאכימלעך...

— נו, און איר קינדער, וואָס טראַכט איר?

---

**יואל** — מחלקה ג׳

# לא נהיה כחומר ביד היוצר

בלילה בגיטו
חושך ושממה
התריסים רועדים
מהלמות יריה.

יריות ברחוב
ההדף גדול,
מתקרב האויב
שומעים את הקול.

עלו חברים
אחזו ברובים,
לא נהיה כחומר
ביד היוצר.

יהודים אנחנו
זה לנו כבוד,
נלחם כלנו
בגבורה ובהוד.

**פייגע ברעסלער** — מחלקה א׳

# ווער וואָלט געקענט זײַן מײַן בעסטער חבר

ווער וואָלט געקענט זיין מיין בעסטער חבר? אַ פראַגע אַ ביסל אַ שווערע, אויב איך טראַכט וועגן אמתע גוטע חברים, דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב נישט קיין חברים. ס'איז זייער שווער צו האָבן גוטע חברים. איך האָב געהאַט אַ סך, נאָר מיט דער צייט האָב איך זיך דער־ווייטערט פון זיי און זיי אויך פון מיר. דער־פאַר איז מיין מיינונג, אַז צו האָבן אמתע חב־רים איז זייער שווער.

נאָך איינעם האָב איך געהאַט און איך מיין, אַז איך וועל אים שטענדיק האָבן, און ער קען זיין מיין בעסטער חבר. און עס איז נישט גראָד אַ מיידל אָדער אַ יִינגל, נאָר אַ בוך. — יאָ, אַ בוך, — וואונדערט זיך נישט! אַ בוך קען אויך זיין אַ חבר און בעסער פון אַנדערע. דאָס בוך וועגן וועלכן איך רעד איז דורכגעגאַנגען דורך די הענט פון מיינע טאַטע־מאַמע און נאָך פריער פון מיין באָבע און זיידע; שפּעטער פון מיין ברודער און איצטער איז עס געקומען אין מיינע הענט. דאָס בוך איז אַ יִידיש בוך, און איך האָב אים ליב אַזוי ווי מיין בעסטן חבר; ווען ס'איז מיר לאַנגווייליק, גיי איך צו צו דער ביבליאָטעק און איך הייב אים אָן לייענען, כאָטש איך האָב אים שוין געלייענט צען מאָל אָדער מער. דאָס בוך האָט מיר מיין מאַמע געגעבן, ווען איך האָב ערשט אָנגעהויבן לייענען יִידיש, ווייל עס איז מעשיות פאַר קינדער; עס הייסט: „פון אַלע זיבן זאַכן". און ס'איז אַזוי געשמאַק צו לייענען עס; אַ סך מאָל ווען עס קומען מיינע קליינע קוזינען, נעם איך דאָס בוך און הייב אָן פאַרלייענען פאַר זיי, און זיי בלייבן שטיל און הערן מיך.

דאָס בוך איז שוין איצטער אַלט, עטלעכע בלעטער זענען צעריסן, נאָר איך היט עס אָפּ און עס וועט שטענדיק פאַרבלייבן אין מיינע הענט.

נו, וואָס זאָגט איר? קען אַ בוך יאָ אָדער נישט זיין דער בעסטער חבר פון אַ מענטשן?

---

**גיטעלע געלווערף** — מחלקה א׳

# ראיתי פעם...

הרוח נושבת בכוח. הגלים רוקדים ריקודים המשונה, השמים אפורים, מלאים עננים. היום כבר מתחיל ללכת. אניה גדולה מתנודדת על המים הרוגזים. הנוסעים המפחדים עומדים על המכסה, פניהם חורים, הילדים בוכים, נשים מתעלפות.

הלילה יורד. ברק מבריק על פני העננים. רעם רועם. הדקות נמשכות שעות. הגשם מת־חיל לרדת. הטפות גדולות וכבדות. הגלים דופקים על האניה. תפילה יוצאת מפי איש זקן. נשים וילדים בוכים. האנשים מתהלכים בצער. הקפיטן מצוה והספנים רצים.

פתאם שומעים רעש חזק מאד וקול ספן: — האניה בוערת! הכל נהפך לבהלה. אין איש יכול לעצר את האש. והאניה צוללת.

עברה שעה או שתי שעות והאניה לא נראתה יותר על פני המים.

בבוקר הכל היה שקט. הסערה נגמרה. השמש על השמים. מעשה נורא. לא כך? ואני ראיתי אותו אני, הקצף שעל הגלים.

ראובן לוטענבערג — מחלקה ג׳

# וואָס איז דאָס לעבן?

(הומאָריסטיש)

און אין חומש שטייט געשריבן, אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן פון שטויב און ער האָט אין אים אַריינגעבלאָזן אַ נשמה און פון דעמאָלט אָן לעבט ער; און די נשמה איז נישט קיין מאַטעריע, נאָר זי איז עפּעס אַזוינס, וואָס מען זעט נישט און מען הערט נישט... הייסט עס, אַז מיר לעבן פון גאָרנישט! ווייל אַ זאַך, וואָס מען זעט נישט און מען הערט נישט און מ׳קען עס אפילו נישט אָנטאַפּן, ווערט אָנגערופן גאָרנישט; און דער מענטש לעבט אַ דאַנק אָט אָ דעם גאָרנישט, וואָס גאָט האָט אים אַריינגעבלאָזן. — הייסט עס, אַז מענטשן זענען שטיקער גאָרנישט איינגעוויקלט אין ווענט פון שטויב.

— אויב אַ מענטש איז גאָרנישט, טאָ פון וואַנען קומט עס וואָס ער דאַרף טרינקען?

— נו, דאָס איז אַ פאַרשטענדלעכע זאַך: שטויב ווערט דאָך צעבלאָזן פון ווינט, דאַרף מען עס איינגנעצן, כדי עס זאָל נישט צעבלאָזן ווערן...

— פאַר וואָס־זשע עסט מען? — דאָס האָב איך ביז איצט נישט געקאָנט דערגיין, נאָר איין זאַך ווייס איך זיכער, אַז ביי דעם, וואָס עס נישט, פליט דאָס גאָרנישט אַוועק, און אַזוי ווי עס בלייבט נאָר דער שטויב — באַגראָבט מען אים.

— נו, וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס לעבן, אַז עס איז אָפּהענגיק פון אַ ביסל גאָרנישט?

אָט צוליב די אויסגערעכנטע סיבות, טאָר אַ מענטש נישט אָננעמען פאַר קיין באַליידיקונג, ווען מען זאָגט אים, אַז ער איז אַ שטיק גאָרנישט, ווייל עס איז נישט מער ווי דער ריינער אמת — דער אמתער ווערט פון זיין לעבן. — די נשמה איז אַלזאָ גאָרנישט. — ווען אַ מענטש שטאַרבט, גייט די נשמה אַרויף, אין הימל צו גאָט, וועלכער האָט זי אונדז אויסגעליען אויף די פאַר יאָר, בעת וועלכע מיר פירן זיך אויף ווי גאָרנישטן און מיר באַגייען אַלע נאַרישקייטן אין דער וועלט.

איצט בעט איך אייך, אַז נאָך דעם ווי איר וועט איבערלייענען מיין שרייבעכץ, זאָלט איר עס נישט מאַכן צו גאָרנישט, ווייל ווי איר האָט געזען, קאָן פון גאָרנישט אויך עפּעס ווערן...

---

ראובן לטנברג — כיתה ג׳

# הבנין החדש

מזל טוב! מזל טוב! נתבשרנו כי בעוד חודש נכנס כבר באמת לבנין החדש של הסמינריון.

— אוי, אוי, עוד אגדה מתממשת לעינינו! כבר מחכים כאלפים שנה על משיח והנה נתגשם חלום כל הדורות. מדינת ישראל קמה, וגם בנין חדש לסמינריון שלנו עמד ויהי. זה כמה שנים נרקם החלום הזה והנה היום מתגשם החלום ל„עינינו״.

לא, לא, הפעם אין זה חלום ולא דמיון, לא מלים בעלמא הן, כי התחילו את הבנין וגם יגמרו אותו. באמת המלים „בנין חדש של הסמינריון שלנו״, מצלצלות באזני כחלום. ואני חוזה כבר בהקיץ כי הנה אני עולה על המדרגות עשויות שיש, שהבנין כלו שלנו וללא שותפים — לא עם תנועת נוער ולא עם „רוסים״ („אודיסה״) ואיזה מזל של גוי יש לנו.

— אנו נהיה הראשונים שנתחיל ממחלקה א׳ בבנין החדש שלנו.

אבל הלב אינו רוצה להאמין, שמא מהתלים בנו. אולי. „חדש״ הכונה לשנה או לשנתים? גם בתורה שכתוב, ה׳ ברא את העולם בששה ימים, אולי הכונה שיום זה שנה או מאה שנים או אלפים שנה, מי יודע? והלב חרד — ואולי יגמרו חס ושלום רק ארבעה חדרים ואנחנו נשאר פה?

— די, די להיות פסימיסט, נכנס לבית הספר החדש שלנו ודי! למה נחשוב מחשבות נוגות? אולי זה? מדוע זאת? נהיה שמחים. הלוא אנהנו נהיה בבית הספר שלנו, ונהיה הראשונים — והבנין יעמוד לעד!

מיכאל לוי — מחלקה ד׳

# אַ ברייוול – ווי מען לייענט עס, אַ ניגון – ווי מען זינגט אים

(י. ל. פרץ) — לויט: „אַ גילגול פון אַ ניגון".

אויף דער וועלט איז קיין שום זאַך נישט סטאַטיש; אַלץ האַלט זיך אין איין בייטן: אַ גרויסער קאָנטינענט גנבעט צו, מיט דער צייט, אַ שטיק ערד פונעם ים; עס ווערט דער־טרונקען אַ געגנט אַרום אַ באַרג און פון דעם פעלדז ווערט אַן אינדזל, און דעם זעלבן קאָנ־טינענט איז נאָך אַ סך יאָרן שוין גאָר נישט צו דערקענען; אַ באַרג ווערט, מיט דער צייט, קלענער; אַ בוים — איינגעבויגן; אַ בוך — צע־רייסט זיך; און אַ מענטש, ווערט פון אַ יונגן בחור — אַן אַלטער, קראַנקער מאַן. נו, וואָס קען מען שוין זאָגן וועגן די וואָלקנס, וואָס צו יעדן בלאָז פונעם ווינט, בייטן זיי זייער פאָרם — פון אַ לייב ווערט אַ שיף, און פון שיף — באַלד אַ בוים?. „די מאַטעריע איז אייביק, די פאָרמע — נישט", האָט געזאָגט וויקטאָר הוגאָ.

און פאַר וואָס זאָל אַ ניגון זיין אַנדערש? אַ ניגון קען מגולגל ווערן, פאַרוואַנדלען זיך אין פאַרשיידענע געשטאַלטן: פון אַ „פריילעכס" קען ווערן אַ טרויער־מאַרש, און פון דעם — ביליקע טעאַטער־מוזיק. די נאָטן זענען ווי די אותיות: עס ווענדעט זיך נאָר, ווי מען שטעלט זיי צוזאַמען, ווי מען פאַסט זיי אַריין צווישן זיך. מיט די זעלבע אותיות קען מען שרייבן אַ תפילה און אַ קללה, אַ לירישע פאָעזיע און אַ קריגס־מאַרש. עס ווענדעט זיך נאָר אין דער נשמה פונעם ניגון, אין דער נשמה פון די צו־זאַמענגעשטעלטע אותיות.

און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע: די נשמה! עס איז נישט נויטיק, אין דעם ניגון, למשל, איבערצובייטן די טענער, אַריינצוגעבן נייע קלאַנגען; עס ווענדעט זיך נאָר אין דער נשמה, אין דעם רוח־החיים, וואָס מען גיט אין אים אַריין. אַ טרויעריקער געזאַנג נאָך אַ טויטן קען געשפילט ווערן אין אַ גיכערן טעמפּאָ און אין אַ לוסטיקער שטימונג, און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טאַנץ־לידעלע, און די טענער זענען דווקא די זעלבע. וואָס איז דאָ געשען? דער מענטש איז אַן אַנדערער, די נשמה איז אַנדערש — איז די מוזיק דעריבער אויך אינגאַנצן אַן אַנדערע. און נישט נאָר מיט אַ ניגון געשעט דאָס. דער אויסזען פון אַלץ אויף דער וועלט ווענדעט זיך אין דעם, ווי אַזוי מען קוקט אויף אים, אין וועלכן מצב־רוח מען באַטראַכט עס:

גייט אַרויס אַ מענטש אויף דער גאַס אין אַ פרילינג־טאָג, אומעטיק, צאָרנדיק, און אַלץ איז אים פרעמד און ווייט, מאָדנע מיאוס: די זון הייבט אים אָן צו דערקוטשען; די פייגעלעך מאַכן אָן אַ גערויש מיט זייער כסדרדיקן צוויטשערן — נישט אַריבערצוטראָגן; עס שפּראָצן אַרויס נייע בלעטער אויף די ביימער? אַך, וועט ווערן אַ שמוץ; און אַלץ וועט ער גע־פינען אַ פעלער, אָדער אַ מאָל אַ סך מער ווי אַ פעלער.

גייט זיך דערווייל אַ צווייטער מענטש, פריי־לעך, לוסטיק, און אַלץ איז פאַר אים שיין: די זון איז אונדז געקומען באַלייכטן די טעג — מזל טוב! די פייגעלעך זינגען אויף די ביימער אַ ליד פון שלום, פון פרייד; די ביימער לאָזן שוין אַרויס נייע בלעטער, און גאַס וועט ווערן פריש און אַנגענעם!

און וואָס איז דאָ דער חילוק? דער טאָג איז דער זעלבער, די זאַכן — אויך; אַלץ ענלעך; דאָס איינציקע, וואָס איז אַנדערש איז: די נשמה.

נישט אומזיסט האָט מיינער אַ חבר, אַ יונגער דיכטער, געשריבן:

... „ווייל אויגן זעען נאָר דאָס וואָס די
נשמה זעט,
און די זאַכן האָבן נישט קיין אייגן איינציק
פנים".

די זאַכן האָבן נישט קיין אייגענעם אויסזען, און דער מענטש, ווי אַ מאָלער, פאַרבט־צו אין יעדן פאַל דעם פנים, גיט אין די זאַכן אַריין זיין אייגענע נשמה.

דערפאַר, ווענדעט זיך, ווער און ווי אַזוי עס זינגט אַ ניגון; וועלכער מענטש און אויף וועלכן אופן ער לייענט אַ בריוו; וועלכן פנים ער מאָלט אויס, וועלכע צורה ער גיט צו דער זאַך. און אַלץ ווענדעט זיך אין דעם שעפערישן כוח, וואָס יעדער מענטש האָט, וואָס הייסט נשמה.

**רחלע שומירייי** — מחלקה א׳

# מײַן בעסטער חבר

עס איז זייער שווער צו קענען אויסקלייבן צווישן אַלע חברים איינעם, ווייל זאָגנדיק דעם אמת, זענען אַלע זייער גוטע, אָבער שטענדיק איז דאָ איינער וואָס איז באמת מער געפעלן אין אונדזערע אויגן. און דערפאַר וועל איך דאָ דערציילן וועגן מיין חברטע, וואָס איז מיר פון שטענדיק אָן געפעלן געוואָרן.

איך גיי מיט איר צוזאַמען אין דער יידישער און אין דער שפּאַנישער שול, און דערפאַר זע־נען מיר כמעט דעם גאַנצן טאָג צוזאַמען. דאָס האָט געבראַכט צו דעם, מיר זאָלן באמת זיך ליב האָבן און זיין באמת גוטע חברטעס.

זי איז זייער אַ גוטע, אַן איידעלע, און שטענ־דיק ווען איך, אָדער אַן אַנדערע, דאַרף איר הילף, סיי אין די שול־ענינים, און סיי אין אַנ־דערע זאַכן, איז זי גרייט צו העלפן.

קיינמאָל קריגן מיר זיך נישט, ווייל מיר פאַרשטייען זיך זייער גוט, ווייל זי איז אַן ערנ־סטע און פאַרשטייט שטענדיק אַלץ, וואָס מען זאָגט איר, און טיילמאָל גיט זי אויך עצות, ווען מען האָט אַ פּראָבלעם און מען קען אים ניט לייזן.

זי איז מער וויינעקער אַ הויכע, אירע האָר ברוינע, די ברענען שוואַרצע, זי האָט אַ זייער שיינעם פּנים; דאָס מויל איז אַ קליינס און אי־רע ציין גלאַנצן, און זענען אַזוי ווייס ווי קרעלן געמאַכט פון שיינע פּערל. די אויגן זענען גריי־נע און אין מאָמענט, וואָס מען איז מיט איר, פיל איך זיך גוט, ווייל זי איז שטענדיק פרייי־לעך, אפילו אין טרויעריקע מאָמענט מוז מען לאַכן ווען מען איז מיט איר.

עס איז אוממעגלעך צו דערציילן אַלע מע־לות. אָבער איך גלויב, אַז מיט דעם, וועט שוין יעדער מענטש קענען פאַרשטיין, פאַרוואָס איך האָב צווישן אַלע מיינע און גוטע חברים אויסגעקליבן זי, וואָס איז באמת אַזוי ווי אַ בלום, וועלכע באַווייזט, סיי אירע אויסערלעכע מעלות און שיינקייט, און סיי אירע אינעווייי־ניקסטע פיינקייט און גוטסקייט.

אפילו ווען דאָס לעבן וועט אונדז אַמאָל צע־טיילן, וועט זי שטענדיק בלייבן אין מיין האַרצן, ווי די בעסטע חברטע פון מייע ערשטע יאָרן פון לעבן.

---

**ר. פּ.** — מחלקה ה׳

# המטרה בחיים

(בעקבות הפסוק של הנביא „אכול ושתה כי מחר נמות")

— יש מי החושב: היות והחיים הם בלאוו הכי קצרים — הבה ונהנה מן העולם הזה; — נחיה ונשמח ונעשה מה שרק לבנו יחפץ, ואם בזה עלולים אנו לפגוע בחיי השני — או בשלישי — אין דבר. סוף סוף רק פעם אחת בלבד חיים בעולם הזה. נלך בצעדי עוז לקראת חיי התע־נוגות וההוללות. ידידינו הטובים ביותר הם המרפקים שלנו — אתן נכבוש לנו מעמד בחב־רה — עושר חמרי ואושר פרטי.

ויש החושב אחרת: החיים אמנם קצרים המה, עובדה זאת מטילה חובות דווקא ליתר מאמץ למען דלות את כל הניתן, למען העשרת עצמנו בנכסים רוחניים, שהורישו לנו הדורות שקידמונו. נשאב מכל מקורות התרבות, המדע, הדעת, האמנות עד לכדי רוויה. ואם מחר נמות ח"ו — הבה איפוא נאכל ונשתה היום מיפי החיים — מיצירותיהם הרוחניות...

ובל נשכח, כי אחרינו באים דורות הדשים וחובותינו כלפיהם הן — להשאיר להם ירושה שלא תביש אותנו בעיניהן — בה תשתקפנה כל שאיפותינו, השגותינו ומחשבותינו, למען ידעו הדורות הבאים שלהיינו היו מטרה, טעם וערך.

אליהו זיעלאַנקאַ — מחלקה ג׳

# איך קען אַ ייִדן...

**( אַ פּאָרטרעטל)**

איך קען אַ ייִדן... ניין, נישט נאָר אַ ייִד איז ער, נאָר אַ סך מער — ער איז אַ ייִדישער לערער! ווען מען דערזעט אים אין גאַס, דער־קענט מען אים שוין פון דער ווייטנס לויט צוויי כאַראַקטעריסטישע סימנים: זיין העל־גרויער, עלעגאַנטער און מאָדערנער הוט, און עפּעס אַ מאָדנע פיגור — נישט צו הויך, נישט צו קליין, נישט צו דיק און נישט צו דאַר, און — מיט דיקע בייזלעכע ברעמען. שטענדיק קומט ער אין קלאַס אַריין מיט אַ פול־געפּאַק־טער טעקע, וואָס נאָר גאָט אַליין ווייסט, וואָס ס׳איז אין איר באַהאַלטן. אָפט בייזערט ער זיך אויף אונדז צוליב אונדזער שטענדיקן לאַכן, גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָן אַ פאַר־וואָס, אָן אַ פאַרוואָן...

צווישן אונדז געשמועסט, איז זיין גאַנצער שרייען נישט מער ווי אָן אָנשטעל, — ער שפּילט טעאַטער, ער מאַכט זיך פאַר אַ בייזן!... ער וויל מיט זיין מכלומרשטן שרייען פאַרבאַהאַלטן זיין גוטסקייט, אַז מיר זאָלן פאַר אים כאָטש אַ ביסעלע מורא האָבן. אָבער אַ נעכטיקער טאָג!... ווער האָט פאַר אים מורא?... ער קען אָבער לאַנג נישט אָנהאַלטן די פּאָזע פון בייזקייט. נו, הייבט ער אָן מיט־אַמאָל צו דערציילן אַ וויץ, און מיר שיסן אויס מיט אַ געלעכטער, און ער אַליין לאַכט צוזאַ־מען מיט אונדז.

— נו, חברים, איר ווייסט שוין וועמען איך מיין?

— זיכער, אַז יאָ! איר קענט אים זייער גוט, ס׳איז אונדזער ליבער לערער... ה...

---

ורדה שניידלדר — מחלקה ג׳

# ליום הזכרון של אחינו היקרים הי״ד

היום כ״ז ניסן, כשקמתי ראיתי יום בהיר ויפה; השמש נתנה את כל האור שלה; הש־מים — טהורים; יום אביב היום; על השלחן היה עתון, ובעתון כתוב: היום, האזכרה ל־6.000.000 הקדושים שנהרגו. הרגשתי שב־קרבי עברה רעדה, פני היו עכשיו לבנים וחו־רים, והעינים שלי היו מלאות דמעות. הבנתי שדבר מה קורה אתי. ישבתי וחשבתי על זה; עלו במחשבתי הרבה מאורעות שקראתי עלי־הם וראיתי בתמונות; נזכרתי בסרט „היומן של אנא פרנק״.

נדמה היה לי, שאני הנני הבחורה אנא, שאני היה בשנים האלה בהולנד; נזכרתי במש־פחתה, ואז הבטתי בפני אמי, שהיתה מכינה לי לשתות, ונשארתי ככה, בלי שום תנועה. אחר כך בא אחי, ואז פרצו הדמעות מעיני; למה פרצו הדמעות כאשר ראיתי את אחי? — כי הרגשתי כמה מאושרים הם האנשים שיש להם אחים, ולא רק אחים, אלא גם הורים, ומה אומללים הם האנשים שאין להם בני־משפחה, כי הם מתו לא בדרך הטבע, אלא על ידי חיות בצורת אדם.

חשבתי איך אדם יכול לשיר כל השנה, איך הוא יכול לשמוח כל השנה, ורק יום, יום אחד, כ״ז ניסן, פעם אחת בשנה, שהיום הזה קדוש הוא מכל ימי השנה, בא העצב אליו, עצב שלא יכולים להביע אותו בדיבור, ולא לכתב עליו, עצב עמוק, פנימי, חרישי; נזכרתי בשירו של ביאליק „בעיר ההריגה״ — השוחט שחט, וביום השני השמש יצאה, והפרחים עוד פעם גדלו וצמחו... אבל העשב שנקצר איך יוכל עוד פעם לגדל? — כך הם גם אחינו. כל הקרבנות, טף, נשים, זקנים וצעירים, שנהרגו בידי החי־יות־הנצים; הם כבר לא יקומו, אבל הם יחיו בלבבותינו ובזכרוננו לעולם.

כבוד לאחים החביבים שלנו!

**זיסל ווײַנציער** — מחלקה ב׳

# ווי מײַנע אַ קרובה האָט געקעמפט קעגן די נאַציס

צום גליק האָט מיין פאַמיליע פון דער צווייטער וועלט-מלחמה נישט קיין סך געליטן. אָבער ווען איך הער ווי מיינע עלטערן דערציילן ווי די נאַציס האָבן אומגעבראַכט זייערע קרובים אין פוילן, וויינט אין מיר דאָס האַרץ. איך בין שוין גרויס און פאַרשטיי, וואָס די מערדער האָבן אָפּגעטאָן מיט אונדזערע ברידער אין אייראָפּע.

אונדזערע אַ קרובה, וואָס האָט על פּי נס זיך געראַטעוועט פון אומקום, דערציילט, אַז סוכות-צייט 1942, האָט אַ פּוילישער שכן פון זייער שטעטל סטאָצק, לעבן זשעלעכאָוו, זיי אַנגעזאָגט, אַז די נאַציס גרייטן זיך איבערפאַלן אַלע ייִדישע הייזער און אַוועקפירן אַלע ייִדן קיין טרעבלינקע; און אַז דער קאָנצענטראַציע-לאַגער פון טרעבלינקע הייסט זיכערער טויט, דאָס האָבן אַלע געוווּסט.

די קרובה, וואָס איז אין יענער צייט אַלט געווען 9 יאָר, האָט זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער ביי אַ פּאָליאַק און איר פאָטער און מוטער האָבן זיך באַהאַלטן ביי אַ פּויער אין דאָרף. דעם פּאָליאַק האָט מען פאַרמסרט; די נאַציס זענען געקומען צו אים זוכן באַהאַלטענע ייִדן, און אים דערשאָסן. דאָס מיידל האָט אָבער באַוויזן צו אַנטלויפן און זי איז אַוועק אין דאָרף, ווו עס האָבן זיך געפונען אירע עלטערן. פאַר אַ סך געלט האָט איר אַ פּויער אויסבאַהאַלטן אין אַ נאַסער גרוב, אָבער איר מוטער איז קראַנק געוואָרן און זיי האָבן געמוזט די גרוב פאַרלאָזן.

אָנהייב יאַנואַר 1943 זענען זיי אין אַ נאַכט אַוועק צו אַ פּויער, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער. דער טאַטע האָט מיטגענומען מיט זיך דעם טלית און תפילין. ביים פּויער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן איינצקע ייִדן. די נאַכט האָבן די נאַציס געמאַכט אַן אָנפאַל און דערמאָרדעט אַלע יידן; אויך איר פאָטער. בלויז דאָס מיידל מיט איר מוטער האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען, זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ סטויג שטרוי. זיי האָבן נאָך דעם באַוויזן זיך צו דערשלאָגן צו אַ פּאַרטיזאַנער-גרופּע, וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ וואַלד.

זיי האָבן זיך באַטייליקט אין קאַמף פון די פּאַרטיזאַנער קעגן די נאַצישע רוצחים. איין מאָל איז זי אַרויס אויפן וועג מיט אַ קוישל גראַנאַטן צוגעדעקט מיט קאַרטאָפל. פון דער ווייטנס האָט זי דערזען ווי עס פאָרט אַ לאַסט-אויטאָ מיט דייטשע סאָלדאַטן, האָט זי אַוועקגעלייגט אויפן וועג אַ פּאָר גראַנאַטן. די דייטשן האָבן געזען אַ פּויערטע גייט מיט אַ קוישל אין האַנט האָט עס ביי זיי קיין חשד נישט דערוועקט, און זיי זענען זיך ווייטער געפאָרן, אָבער דער אויטאָ איז אַרויף אויף אַ גראַנאַט און איז אויפגעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך. קיין איין נאַצישער מערדער איז נישט געבליבן לעבן.

אַזוי האָט דאָס מיידל געקעמפט קעגן די נאַציס ביז ס׳איז געקומען די מפלה פון דער דייטשישער אַרמיי. נאָך דער מלחמה איז זי מיט איר מוטער אַוועקגעפאָרן קיין אויסטראַליע, ווו זיי האָבן קרובים און מיר באַקומען פון זיי אָפטע בריוו.

משה דינגאָט — מחלקה ב׳

# כלבי

אם אתה נכנס פעם לבית אחד ושומע כל מיני קולות: ילד צוחק, כלב נובח, כדור דופק בקיר, אז תדע שזהו ביתי, הכדור הוא שלי, הצחוק שלי וגם הכלב — שלי הוא.

אותו אני רוצה להציג לפניך.

הוא שחור כולו, אבל קצה אפו וזנבו הם לבנים. הוא משחק עם זנבו כל היום ומנסה לאחוז אותו בשניו.

הוא נמוך ושמן, אבל יודע לרוץ מהר מאוד, ובאמת, מראהו מעורר צחוק, כדור שחור כמעט, רובץ על האדמה והנה בא אליך ומתי־שר כמו עמוד אבק שחור.

הוא גם חקרן גדול כדיוגנס בשעתו וסימן ברור לכך הוא שביתו היא חבית; שם הוא ישן, אוכל או מסתתר עם אוצרותיו.

כאשר יורד גשם הוא עצוב לגמרי, בא עד דלת החדר ועם רגליו היפות (אבל מלוכלכות בבוץ) דופק בה. אז אני יוצא ובכל אהבתי שם לו השרשרת. הוא מבין שהיום אינו עלול למש־חקים ועם פילוסופיה עמוקה הוא יושב ומביט על המטר בשנאה, אבל לא יוצא, כי יודע שהמים חזקים ממנו. מוציא עצם מאוספו ו... משחק. עד שעוד פעם נעשה היום בהיר והוא מתחיל ל... שחק אתי.

---

בתיה שטערמאַן

# גליק!

קום!... הייב אויף דיין קאָפּ... דו האָסט פאַר דיינע אויגן אַ לאַנגן וועג; אויף דעם וועג וועסטו געפינען פרייד און טרויער, געזאַנג און געוויין; דו וועסט גיין דורך דעם וועג און דיין שטימע וועט ווערן אַ געזאַנג, אַ געזאַנג, וואָס וועט זיך צוזאַמענגיסן מיטן צווישטשערן פון פייגעלעך, מיטן רויש פון ווינטן.

דו וועסט גיין און זינגען און אין יעדן ליד וועסטו געפינען אַ חבר. מער ווי איינמאָל, וועסטו זיך פאַרטראַכטן וועגן דיינע פאַרגאַנ־גענע יאָרן; וועגן דיינע חברים, וואָס דו האָסט צוזאַמען מיט זיי געלעבט יאָרן־לאַנג; און וועגן דיינע עלטערן, וואָס זיי טראַכטן איצט זיכער וועגן דיר; אָבער דו וועסט גיין ווייטער און זיך נישט אָפּשטעלן, וועסט קוקן צום הימל און די שטראַלן פון דער זון וועלן דיך באַלייכטן.

וועסט זיך פילן אַזוי גוט!... דיינע טריט וועלן זיין זיכערע און שטאָלצע... דו ביסט יונג, דו ביסט פול מיט געפילן... אָבער, אַ שאָד! קיינער וועט זיי נישט פאַרשטיין, נאָר דו אַליין וועסט וויסן, וואָס זיי באַדייטן...

פאַרמאַטערט וועסטו אָפּגיין דעם וועג, אָבער שטענדיק מוטיק, צופרידן. דו וועסט אַרויפקומען צום העכסטן שפּיץ באַרג, און פון דאָרטן וועסטו אַראָפּקוקן צום טאָל, וואָס וועט מיט גרינס בלומען זיין באַדעקט; פון פרייד וועלן זיך אין דיינע אויגן באַווייזן טרערן... און דאָס ערשטע מאָל וועסטו קענען אויסרעדן מיטן גאַנצן האַרצן:

— „ווינט! איך בין גליקלעך"... — „ווי שיין איז דאָס לעבן"!...

לויפנדיק וועסטו אַראָפּ פון באַרג, און אונטן וועלן שוין דיך אָפּוואַרטן דיינע אַלטע, ליבע חברים, און מיט טרערן אין די אויגן וועסטו זיך אַרומנעמען מיט זיי... און אויף שטענדיק, אויף שטענדיק וועט פון דיינע ליפּן שיינען דאָס אייביקע וואָרט: — „גליק"!...

ג. ווייס — מחלקה א׳

# מה ספר לי הרוח

אני אוהבת מאד את הטבע.

אני אוהבת לשבת על האבנים, על שפת הים, ולשמוע את רעש הגלים, ואת שריקת הרוח שמספר לי...

כמה דברים מספר לי הרוח! בקולו אני שומעת רעש של אנשים צועקים, בוכים וצוחקים, דברי תמימותם של ילדים, ואת רשרוש טפות הגשם, או אולי הן דמעות של מי שהוא?

הרוח מביא לי את הצער, הכאב והשמחה שיש בעולם. והוא עובר ושב, עובר ושב עם שירו המוזר והחדגוני, אבל שבו מוצאים תמיד צליל חדש.

ולמעלה משוטטים העננים, רוקדים בשמעם את לחש הרוח.

והגלים קמים בכוח אל השמים, דהופים גם הם על ידי הרוח.

עכשיו הוא כאן, בעוד רגע הוא יהיה שם, אבל בכל מקום הוא מביא את בשורת התקוה שלו.

---

זינדל־חיים גיטער — מחלקה א׳

# וואָס איך האָב ליב...

— וואָס איך האָב ליב? — איך וועל אייך זאָגן: איך האָב ליב דעם פרילינג, די בלומען, די פייגעלעך, זייערע געזאַנגען, זייערע קאַלירן...

עס געפעלן מיר די קינדער, זייער שפּילן, און זייער טאַנצן; איך האָב ליב די קינדער וואָס זענען פריילעך, וואָס האָבן ליב זייערע עלטערן און פאָלגן וואָס מען זאָגט זיי.

איך האָב ליב דעם אמת; אַלע וואָס זאָגן נישט קיין ליגן, אַלע וואָס וויינען נישט, און אַלע העלדן, וואָס האָבן נישט קיין מורא פאַר די שלעכטע מענטשן און זאַכן.

עס געפעלן מיר די ערלעכע מענטשן.

איך האָב ליב די לבנה מיט די שטערן אין הימל ביינאַכט, ווען די מאַמעס זינגען און וויגן איין זייערע קינדער צום שלאָף; אויך די זון, ווען זי שיינט אין הימל און די קינדער, וואָס שפּילן זיך אויף דער ערד.

איך האָב ליב די אַלע, וואָס קעמפן פאַר זייער פאָלק, און פאַרדינען די ליבע פון דער גאַנצער וועלט. איך האָב ליב הערצלען, ביאַליקן, ווייצמאַנען, און די אַלע העלדן פון דער יידישער־ און וועלט־געשיכטע.

איך האָב ליב... מיט איין וואָרט: איך האָב ליב אַלץ, וואָס איז גוט און שיין.





איטע ראַטשטיין — מחלקה ג׳

# מ ת י ? . . .

אדם שואל תמיד „מתי"... מתי יבוא היום של צדק, של שלום בין העמים ובין בני־האדם־

היהודי בגלות שאל תמיד „מתי", רצה לדעת מתי יבוא היום שיהיו בארצם, מתי יבוא היום שהאנשים, כלומר עמי התבל יתנהגו אתם כהוגן, מתי יבינו וישיגו את המקום החשוב שתופס העם היהודי בהיסטוריה של האנושות.

השאלה הקטנה הזאת נשאלה על ידי אנשים בכל הדורות, על ידי אנשים שסבלו הרבה בחייהם, וחכו ליום שמצבם יוטב.

והיהודים? הם יותר מכלם חכו וקוו, העם סבל אך לא נואש, גם לא ישב בידים חבוקות.

היהודים שאלו „מתי" אבל באותו זמן נלחמו כדי להשיג את המטרה: יגעת מצאת, יש לנו מדינה יהודית, עצמאית.

האם הוטב המצב? כן, המצב הוטב, היהודים נמצאים באותה הדרגה של העמים, אך לא באותו המצב. והשאלה נשאלת עדין.

עדין נשמעת בפי העם השאלה „מתי"; עדין יש אנשים שממשיכים מבלי להבין את מעמד היהודים בעולם.

ומתי יגיע היום שתעלם האנטישמיות מן העולם?

---

ראובן לוטנבערג — מחלקה ב׳

# וועלכע מעלות געפעלן מיר אין אַ מענטשן

מען זאָגט: נישטאָ קיין מענטש מיט אַלע מעלות; הייסט עס, אַז וויפל מען זאָל זוכן איז שווער צו געפינען אַ פּערפעקטן מענטשן.

אָבער, אויב מען גיט מיר אויסקלייבן אַ מענטשן מיט מעלות, וואָלט איך דאָס ערשטע געזוכט אַ מענטשן, וואָס זאָל זיין געטריי, מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזן אויף זיין וואָרט, און אויך ווי ס׳זאָגט זיך: „ואהבת לרעך כמוך", — אַ גוטן מענטשן.

און צווישן די וויכטיקע מעלות אין אַ מענטשן געפעלט מיר אַ מענטש אַ געלערנטער, אַז יעדעס וואָרט וואָס ער רעדט אַרויס זאָל זיין פאַר מיר אַ לערע; איך זאָל האָבן מיט וועמען צו פירן אַן אינטערעסאַנטן ויכוח, צוגיין צו אים מיט אַ שאלה, ער זאָל האָבן שכל, אַן איש אַ פּקח, ער זאָל שטענדיק האָבן דאָס צוגעפּאַסטע וואָרט אין יעדן פאַל.

פיזישע מעלות זיינען נישט וויכטיק.

מיר געפעלט אויך אַזאַ מענטש צו וועמען איך זאָל קענען דערציילן אַלע מיינע צרות, מיר זאָלן זיך פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן און מיר זאָלן זוכן יעדעס מאָל צו פאַרגרעסערן די חברשאַפט; מיר זאָלן זיין איינער צום אַנדערן ווי צוויי ברידער, ווי אַן אייגענער פון דער משפחה. ס׳זאָל אונדזער נאָמען „חברים" האָבן דעם טיפסטן געדאַנק: מיר זאָלן זיך נישט שעמען איינער מיטן אַנדערן.

און איך ווי אַ ייִד, געפעלט מיר אַ מענטש, וואָס זאָל זיין פאַרטיפט אין ייִדישקייט, איך זאָל זיך קענען דורכריידן מיט אים וועגן ייִדישע מנהגים; ער זאָל זיין אַ ציוניסט, אַ פּאַטריאָט, אַז אין איין גוטן טאָג זאָלן מיר קענען עולה זיין צוזאַמען און אַרבעטן אין אונדזער לאַנד ישראל.

עס געפֿעלט מיר אַ מענטש: קשה לכעוס ונוח לרצות, פֿאַרוואָס עפּעס אַזוי? אַז כּדי ווען איך וועל זיך טועה זיין, זאָל ער נישט אין כּעס ווערן נאָר מיר געבן צו פֿאַרשטיין און מיך פֿירן אין גלייכן וועג, און אויב איך פֿאַר־עקשן זיך, זאָל עס אים, אויב ער איז געוואָרן אין כּעס פֿאַר מיין איינגעשפּאַרטקייט, באַלד איבערגיין און ווידער זוכן מיך צו פֿאַרבעסערן און חבריש זיין מיט מיר.

אָבער אַ מענטש איז פֿאָרט אַ געזעלשאַפֿט־לעכע באַשעפֿעניש, ער לעבט דאָך אין געזעל־שאַפֿט, וועט ער זיך אַמאָל — ווי ער זאָל נישט זוכן אויסצומיידן — זיך טרעפֿן מיט מענטשן וואָס וועלן נישט זיין לויט זיין ווילן, דאַרף ער קענען צוזאַמענלעבן זיך מיט זיי און זוכן בעס־ער צו מאַכן די גאַנצע געזעלשאַפֿט: קולטור־רעלער, מאָראַלישער, פּאַטריאָטישער אאַז״וו, ווייל ווי גוט וואָלט געווען אַ וועלט ווי ס׳זאָגט זיך אין תנ״ך: „אַ וואָלף מיט אַ שעפּס וועלן זיין צוזאַמען און אַ קינד וועט זיי פֿירן, און די שווערדן וועלן איבערגעשמידט ווערן אין אַקעראייזנס״... אַ וועלט, ווו קולטור וועט אויפּבליען ווי מאַנדל־ביימער...

טאָ לאָמיר, מיר, די יוגנט, אָנהייבן צו לעבן; זאָל זיין כאָטש אַ טראָפּן פֿון דעם, ווי אין תנ״ך שטייט געשריבן.

---

**חנה זיסקרויט** — מחלקה ב׳

# מ אַ מ ע

ס׳זענען דאָ אויף דער וועלט פֿיר אותיות, וואָס באַטייטן אַ וואָרט וואָס האַלט אין זיך די גרויסקייט פֿון מענטשן, וואָס איז אַלץ אין לעבן פֿון קינד. דאָס וואָרט איז: מאַמע!

איך דערמאָן מיך אין מיינע קינדערשע יאָרן, ווען מיין מאַמע פֿלעגט מיר גלעטן די קליינטשיקע הענטעלעך און מיר געבן אַ קוש אין שטערן, אויך פֿלעגט זי מיך באַרויקן, איך זאָל נישט וויינען, ווייל מיין טרויער און מיין פֿרייד איז איר פֿרייד. עס קלינגען נאָך אין מיין זכרון די שיינע לידעלעך, מיט וועלכע איך פֿלעג אַנטשלאָפֿן ווערן הערנדיק איר זיסן ניגון.

די וואָס האָבן דאָס גליק צו האָבן אַ גוטע מאַמע, דאַרפֿן איר געבן גרויס ליבשאַפֿט, טריישאַפֿט און כּבוד אין אַלע שעהן פֿון טאָג.

גליקלעך איז דער מענטש, וואָס האָט אַ מאַמע, ווייל די וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק איר צו פֿאַרלירן — טרויערן זיי אייביק אויף דעם, ווייל דער מאַמעס לעבן איז אונדזער גליק, אונדזער פֿרייד.

מיר דאַרפֿן שטענדיק פֿאָלגן אונדזער מאַמען, ווייל ווען מיר האָבן זי נישט מער, וואָלטן מיר געגעבן אַ האַלב פֿון אונדזער לעבן, צו הערן אַן איינציק וואָרט פֿון אירע ליפּן, צו באַקומען אַן איינציקן גלעט פֿון אירע צאַרטע, ליבע הענט.

מיר דאַרפֿן שטענדיק הערן אירע עצות, ווייל זי איז שוין דורכגעגאַנגען דעם שווערן וועג פֿון לעבן, און זי פֿירט אונדז איצט אויפֿן גוטן דרך וואָס זי עפֿנט פֿאַר אונדזערע אויגן מיט אירע גוטע ביישפּילן.

פֿיר ליכטיקע אותיות זענען פֿאַראַן אין אַ נאָמען, און דער נאָמען איז: מאַמע! זי באַלייכט און באַפּלאַסטערט אונדזער דערנער־וועג.

מאַמע! דער העכסטער באַגריף אין לעבן, וואָס איך וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן, און וואָס וועט אייביק מיט גאָלדענע שטערן בלייבן אין מיין האַרץ.



רבקה־חיה קורטשיצער — מחלקה א׳

# מײַן ברודער און חבר

מענטשן זאָגן, אַז די בעסטע חברטע איז די מאַמע.

אָבער איך מיין, אַז די מאַמע איז מער ווי אַ חברטע. אויב איך דאַרף רעדן פון מיין בעסטער חברטע אָדער פון מיין בעסטן חבר, דאַרף איך דערציילן וועגן מיין ברודער.

כאָטש ער איז אַ יינגל און ער איז שוין אַ גרויסער, ווייל ער האָט שוין דריי און צוואַנציק יאָר, קען איך אים דערציילן אַליץ, בעטן אַ מיינונג איבער פאַרשיידענע זאַכן אָדער פּראָבלעמען.

ער איז זייער אַ קלוגער יינגל, אַ סימפּאַטישער און אַ געטרייער חבר מיינער.

ער איז אַ דאַרער, נישט קיין הויכער, האָט שוואַרצע האָר און די אויגן פון אַ מאָדנעם גרין, ער האָט גרויסע ברעמען און לאַנגע אויפגעהויבענע אויגן־דעקלעך.

זיין נאָמען איז שלמה דוד.

ער לערנט צו זיין אַן אינזשעניער, און ער איז אַן אָנפירער פון אַן אָרקעסטער.

ער האָט אין זיך אַ קוואַל פון אינטעליגענץ און לעבן.

אַ סך פאַרשטייען נישט, ווי אַזוי קען ער זיין מיין בעסטער חבר, אַז מיר שלאָגן זיך עטלעכע מאָל אין טאָג. אָבער איך דערמאָן זיך אין דעם ווערטל, וואָס זאָגט: „וואָס מער זיי שלאָגן זיך, אַליץ מער האָבן זיי זיך ליב". און אַזוי איז ער דער בעסטער חבר מיינער: פּשוט, גוט און קלוג, און איך האָב אים דערפאַר ליב.



# אינהאַלט

# PAGINAS ESCOLARES

## NUMERO ANIVERSARIO

## 30 AÑOS "ZWISCHO"



EDITADO POR LA

ORGANIZACION DE ESCUELAS ISRAELITAS SCHOLEM ALEIJEM

Buenos Aires, 1965

